# ליטעראַרישע זאַמלונגען

## IV

•

רעדאַקטירט:

מ. גיציס

שלמה שוואַרץ

•

שיקאַגע
1947



וויליאַם שוואַרץ　　　　　　　　　　פאָרטרעט פון אַ קינסטלער

מ. גיציס

# מאמע ערד

דער טיף־האַרבסטיקער טאָג האָט שוין געהאַלטן באַם פאַרגייען. די וואָלקנס האָבן געהאַנגען איבער דער ערד מיט גרויער טריבקייט. בערג איז געווען באַזאָרגט. וואָרן אין דעם שטילן פאַרנאַכט האָט די ראַדיאָ גע־בראַכט אַ בשורה, וואָס האָט אים ווי מיט קאַלטע פינגער אַ כאַפּ געטאָן באַם האַרצן.

ביוּלאַ איז געשלאָפן. זי איז געלעגן אָנגעטאָן, אַ פאַרדעקטע מיט אַ גרויסן וואַרעמען שאַל. בערג איז געזעסן אין ווייכן שטול באַם טישל. דער לאָמפּ אונטערן אַבאַזשור האָט געלויכטן מיט רויטלעכער שיין, ער האָט זיך צוגעהערט צו דער איינגעשטילטער שטימע וואָס איז געקומען פון דער ראַדיאָ מיט מאָנאָטאָנעם נאַראַטיוו . . .

אַ כוואַליע פון פאַרצווייפלונג און שרעק שפּרייט זיך איבערן לאַנד... דער קראַך אין "וואָל־סטריט" וועט אָפּהילכן איבער דער וועלט, פון איין עק ביזן צווייטן... די באַנקען געשלאָסן.. די פּאַניק צווישן דער באַפעלקערונג וואַקסט.. וואַקסט. דער פּרעזידענט הואָווער . . .

בערג האָט זיך צוגעהערט אַ פאַרטראַגענער צו אומהיימלעכע געדאַנקען. אָט איז דאָס ענדלעך געקומען דאָס, וועגן וואָס די געשיכטע און דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם לערנט.. דער אָנגעזאַמל־טער שמוץ, גנאַי, שוויס, בלוט און מאַטעריע האָט ענדלעך אָנגעריסן מיט טויזנטער בלאָטערס אויף דעם פעטן, אָנגעפּרעסענעם קערפּער, און די בלאָטערס האָבן ענדלעך געפּלאַצט... איצט... איצט... איצט...

די געדאַנקען האָבן אים אַ טראָג געטאָן צוריק צו די יאָרן פון דער רעוואָלוציע, צו די טעג און נעכט אין ווייטן רוסלאַנד פון וואַנען דער אָנ־זאָג פון די דאָזיקע אָנקומענדיקע טעג האָבן אַרויסגערופן בייזן, פאַרסאַמטן האַס און שרעק, שרעק פאַר דעם אָנקומענדיקן קראַך.

בערג האָט פאַרמאַכט די ראַדיאָ. עס האָט זיך אים געוואָלט צוזאַמענ־קלייבן זיינע געדאַנקען און אַריינדרינגען אין דעם אָנקומענדיקן כאַאָס און באַטראַכטן ווי אַזוי ער קען באַפעסטיקן און פאַרהיטן דעם בנין — די קאָ־לאָניע, פאַרהיטן זי, פון אָנקומענדיקן שטורם און מבול, וואָס קען אָוועק־טראָגן און אָפּווישן די גאַנצע מי, די גאַנצע אַרבעט און דערגרייכונגען פון די קאָלאָניסטן.

# I

לעאָן בערג איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליינעם שטעטל אין אוקראַי־נע. דער פאָטער זיינער, אַ תבואה־הענדלער און משכיל האָט זיך באַמיט צו געבן לעאָנען אַ יידישע און אַלגעמיינע דערציאונג און בילדונג. דער יינגערער דור אין דעם שטעטל איז אין יענע ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געווען ציוניסטיש געשטימט. אויך לעאָן, אַ פאַרכאַפּטער פון דעם אידעאַל האָט געטרוימט צו באַזעצן זיך אין ארץ ישראל און ווערן אַן ערד־אַרבעטער. דער פאָטער, וועלכער האָט אַלע זיינע יאָרן געוואָלט באַ־זעצן זיך אין אַ דאָרף און האָבן אַ שטיקל פאָסעסיע פאַר זיך, האָט ניט ענטמוטיקט לעאָנען אין זיינע שטרעבונגען. פאַרקערט, ער האָט זיך אפילו באַמיט אַריינצוגעבן לעאָנען אין אַן אַגראָנאָמישער שול, כדי צוצוגרייטן אים צו דעמדאָזיקן באַרוף, צי דאָס וועט זיין אין אַ דאָרף אין אוקראַינע, צי אין ארץ ישראל. אָבער מיט דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז לעאָן מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער צוגענומען געוואָרן אין דער אַרמיי, באַטייליקט זיך דערנאָך אין די שלאַכטן, פאַרוואונדעט געוואָרן אין אַ פוס און איז ענדלעך באַפרייט געוואָרן.

דערנאָך, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע, איז ער פאַר־כאַפּט געוואָרן פון דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט און ער האָט דערזען דאָס לאַנד און דאָס לעבן, ווי ער האָט עס נאָך ביז דעמאָלט קיינמאָל ניט געזען. די נשמה פון דעם אויפגעוואַכטן און דעם באַפרייטן פאָלק, דער גייסט פון דעם שטייגנדיקן אינטערנאַציאָנאַל, די פּראָפּאַגאַנדע און די לעקציעס אין יעדן ווינקעלע פון גרויסן רוסישן לאַנד, די אָפּפערווילִיקייט פון די אַרבע־טער און פירער, דער לעצטער קאַמף מיט די רעשטלעך פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע און דער גלויבן אין אַ בייער גערעכטער וועלט, — דאָס אַלעס האָט געעפנט אין לעאָנס נשמה קוואַלן פון נייע עמאָציעס און נייע געדאַנ־קען, פון אַ נייעם זין און ווערט פון לעבן.

דער פאָטער אָבער, אַן עלטערער מענטש שוין, אַן אַרויסגעשטויסע־נער פון דעם גלייכגעוויכטיקן באַלעבאַטישן לעבן זיינעם, האָט ניט גע־קאָנט באַנעמען די נייע בליקן און נייע וועגן פון לעאָנען. ער האָט ניט גע־קאָנט פאַרשטיין צוליב וואָס לעאָן טראָגט זיך פון איין שטעטל צום צווייטן, טראָגט זיך ווי אַ באַפליגלטער מיט געדאַנקען און מיט ווערטער און רעדט אין די פאַבריקן, אין די קלובן, און עסט ניט און שלאָפט ניט, און ווערט בלייכער פון טאָג צו טאָג, און בלויז די אויגן זיינע וואָס ברענען ביי אים, ווי אָנגעצונדענע מיט רויטע פונקען און דער צושויבערטער קאָפּ, און די נערוועזע פינגער זיינען עדות פון זיין צעשרויפטן און פיבערישן צו־

שטאַנד. און ווען דער הונגער און דער טיפוס האָבן אָנגעהויבן אומרחמנות־דיק שניידן דאָס לאַנד, איז אויך לעאָן קראַנק געוואָרן, אָפּגעלעגן עטלעכע וואָכן אין הויכן פיבער און ווען ער איז געקומען צו זיך, האָבן שוין סיי דער פאָטער און סיי די מוטער אָפּגעמאַכט בײַ זיך, אַז דאָס אונערטרעגלעכע לעבן איז ניט פאַר לעאָנען און ניט פאַר זיי. זיי האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד.

דאָרט אין דער ווייטער אַמעריקע האָט געלעבט דעם פאָטערס אַ ברודער, אַן אַלטער בחור, אָבער אַ רייכער, ווי מ׳האָט זיי אַמאָל איבערגע־געבן און ווי דער ברודער האָט אַליין אַ פּאָר מאָל געגעבן אָנצוהערן. און אָט צו דעמדאָזיקן רייכן ברודער דאַרף מען זיך דערשלאָגן.

לעאָן האָט ניט געוואָלט הערן פון דעם. דאָס רעוואָלוציאָנערע לעבן איז אים שוין אַרײַן אין בלוט. זיי קאָנען פאָרן אויב זיי ווילן, האָט ער זיי געזאָגט, ער אָבער וועט ניט פאַרלאָזן רוסלאַנד. עס האָט אים אָבער ניט געהאָלפן. דאָס געוויין און דאָס קלאָגן, און די שלאָפלאָזע נעכט פון די עלטערן, און די פאַרשידענע און אָפטע פיזישע און גייסטיקע מאַטערנישן און איבערלעבענישן, האָבן אָנגעהויבן צו ווירקן אויף אים און האָבן אונ־טערגעבראָכן זיין גוף און זיין גייסט. דער רויטער אַרעאָל אַרום דעם גלויבן אין דער נייער גערעכטער וועלט האָט זיך אָפט אָפּגעשפּיגלט אין רויטע טייכן בלוט; דער טרוים און גלויבן אין דעם קומענדיקן האָט זיך אָפט גע־טראָגן איבער שוואַרצע שאָטנס פון טויט, אין גערעכטן און אומגערעכטן מאָרד, געטראָגן זיך אין די טאָלן פון געוויין, אין אויסגעריסנקייט און אין הונגער, געטראָגן זיך אָפט איבער צעטראָטענע און פאַרשוועכטע מענטשלע־כע רעכט. די צייט האָט געפאָדערט צעשטערונג און געפאָדערט בלוט און לעאָן, אַ געטראָגענער אין שטראָם פון קאַמף, האָט מיטגעהאָלפן מיט זיין וואָרט און מיט זיין ענערגיע אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט.

אָט דער דאָזיקער צושטאַנד זיינער און דער טיפער געראַנגל האָט סוף כל סוף געפירט צו זיין צושטימונג צו פאַרלאָזן רוסלאַנד. ער האָט אָבער ניט געוואָלט מישן זיך אין דעם פאָטערס צוגרייטונגען — ער וועט פאָרן ווי אַ בלינדער, ווי אַ געפירטער, זיי, די עלטערן, קאָנען טון ווי זיי ווילן — ער וועט ברענגען דעם קרבן. די דאָזיקע אונטערוואַרפונג צום ווילן פון די עלטערן האָט פון דעמאָלט אָן נאָך מער פאַרשטאַרקט אין אים דעם אַנטאַגאָניזם צו אַרויפגעצוואונגענע בעציהונגען צווישן מענטש און מענטש און האָט אין אַ געוויסן זין געווירקט אויף דעם גאַנצן גאַנג פון זיין פּער־זענלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ער האָט צוזאַמען מיט די עלטערן געגנבעט די גרעניץ קיין רומעניע און חדשים לאַנג געוואָרט אין בוקאַרעשט אויף די וויזעס, ביז זיי האָבן זיך דערוואָרט און זיינען ענדלעך אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע.

עס איז ניט געווען לייכט פאַר בערגן איינצושטילן זיין געמיט און זיין ענטוישונג אין דעם נייעם לאַנד. אַלעס האָט אים אויסגעוויזן צו זיין פרעמד און פיינטלעך צו אים. אפילו זיין אָנקל סעמיועל בערג איז אים די ערשטע צייט געווען אָפּשטויסנד מיט זיין פלאַכקייט, מיט זיינע וויצן און מיט זיין איין און איינציקן אינטערעס צו פירן געשעפטן און צו מאַכן וואָס מער געלט. ווען ער האָט זיך אָבער צוגעוואוינט צו אים און גענומען צוהערן זיך צו זיינע פּראָסטע און אָפנהערציקע רייד וועגן זיך, און וועגן מענטשן, און וועגן לאַנד, אין אַלגעמיין, האָט ער אָנגעהויבן צו געפינען אין דעם אָנקל סעמיועל בערג אַזעלכע שטריכן, וואָס האָבן מיטאַמאָל גע־נומען אַרויסשיינען מיט פאַלקסטימליכן און מענטשלעכן הומאָר און האָבן אַנטפּלעקט פאַר אים די אינערלעכע גוטסקייט זיינע, וואָס איז געלעגן אונ־טער אַ באַרג פון ענגע, קליינלעכע און איין און איינציקע זאָרגן וועגן זיי־נע פונאַנדערגעוואַקסענע ריל־עסטייט ביזנעס.

דערנאָך, ווען בערג האָט אָנגעהויבן צו באַהערשן די שפּראַך און זיינע פאַרדינסטן אין דעם פוטער־שאָפּ וואו ער האָט געאַרבעט זיינען גע־וואָרן גרעסער און ווען ער האָט מיטאַמאָל ענדעקט אַ ברויזנדיקע יידישע אַרבעטער באַוועגונג, אַ באַוועגונג, וואָס האָט טיילוויז געאָטעמט און פּול־סירט מיט דעם גייסט פון סאָוועטישן רוסלאַנד, — ווען ער האָט געזען ווי עס וואַקסט און ווי עס פאַרמירט זיך פאַר זיינע אויגן דער פּראָצעס פון רע־וואָלוציאָנערער אויפוואַכונג און ער האָט דערפילט, אַז אויך דאָ הייבט אָן זיין געפּענטעט יידיש וואָרט צו ווירקן, הייבט אָן פאַרוואַנדלט צו ווערן אין טאַט, האָט זיין לעבן ווידער באַקומען אָן אינהאַלט. ווי אַ גרויסער נס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים די רייכקייט פון דער יידישער שפּראַך, פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור. די טויזנטקעפּיקע פאַרזאַמלונגען, וואו מ׳האָט גערעדט יידיש, די גרויסע רייכע צייטונגען, די מעכטיקע יוניאָנס, די פאַרבאַנדן, די שרייבער, די ביכער, און טעאַטערס—דאָס אַלעס האָט מיט אַמאָל אַרויסגערופן אין אים דעם ווילן אַרויסצוקומען אין דעם אוואַנגאַרד פון דעם שאַפענדן סאָציאַל־עקאָנאָמישן און קולטורעלן יידישן לעבן פון אַמעריקע. און זיין ווילן און זיין שטרעבונג האָט געפונען דעם דאַנקבאַרן באָדן. ער איז געוואָרן טעטיק אין דער יוניע און האָט פאַרעפנטלעכט אַ רייע פּובליציסטישע אַרטיקלען אין די אַרבעטער פּובליקאַציעס.

ער האָט אָבער אָנגעהויבן צו באַמערקן און די אַרבעטער אַליין האָבן אים געגעבן צו וויסן און צו פילן, אַז ערגעץ וואו אין זיינע רייד און אין זיינע אַרטיקלען איז פאַראַן אַזאַ צומיש, וואָס שטימט ניט מיט די אָנגענו־מענע פאָרמולעס און קרעדאָס פון דער יוניע. און אָפט בײַ זיינע אַרויס־טרעטונגען בײַ די מיטינגען האָט ער געזען און געהערט ווי עס שאַפן זיך שטערונגען און אָבסטרוקציעס צו זיינע פאָרשלאָגן. ער איז אָפט איבער־

גערים געוואָרן און אָפּט אַפילו פאַרשריגן געוואָרן פון אייניקע אַרבעטער
און די דאָזיקע פאַרטייאישע און אַרבעטער צעשפּאָלטענקייט האָט אים גע־
וואונדערט און אין דערזעלבער צייט געהאַלטן דעם פּלאַם פון זיין גייסט ווי
פאַרטונקלט אין דעם רויך און טשאַד פון ברענענדיקע קאָנפליקטן. עס האָט
זיך אים געוואָלט, אַז דאָ אין אַמעריקע, וואו דער וועג צו גערעכטיקייט
האָט ניט געפאָדערט אַזאַ בלוטיקע רעוואָלוציע און בירגער קריג, וואו
דער גייסט פון סאָציאַלע רעפאָרמען איז מער ווייניקער פאַרוואָרצלט אין
די אַרבעטער שיכטן, דאָ, האָט ער געטראַכט, וואָלט מען בעדאַרפט אויס־
מיידן די בלוטיקע אָפּעראַציעס און לאָזן די אַרבעטער דורכגיין דעם וועג
צו סאָציאַליזם דורך די שוין עקזיסטירנדע, סאָציאַל־באַוואוסטזיניקע יונ־
יאָנס. מ׳האָט אים פאַרשריגן מיט זיינע עטיש־סאָציאַלע און רעוואָלוציאָ־
נערע אידייען. פאַר די לינקע אולטראַ־רעוואָלוציאָנערע גרופּעס איז ער גע־
ווען אַ רעכטער, — פאַר די רעכטע גרופּעס איז ער פאָרט פאַרבליבן אַ לינ־
קער, ווייל ווי אויפריכטיק און ווי נייטראַל ער האָט ניט פּרובירט צו זיין אין
זיין אויפפאַסונג פון סאָציאַלע און רעוואָלוציאָנערע רעפאָרמען ,איז ער
דאָך געווען פאַרבונדן מיטדעם לינקן פליגל פון דער אַרבעטערשאַפט
און בלויז צו זיי האָט ער געטראָגן זיין וואָרט און זיין גלויבן אין אַגע־
מיינשאַפטלעכער, קאָאָרדינירטער און פריינטלעכער צוזאַמענאַרבעטונג אויף
דעם וועג צו אַ גערעכטער סאָציאַלער געזעלשאַפט און סאָציאַלן זיג.

צווישן זיינע פריינט האָט בערג אַממערסטן געשעצט דעם פאָריער
מענדל קרופּקין. מענדל קרופּקין איז געווען אַ ברייטפּלייציקער מאַן, אַ
געשטופּלטער, מיט קלוגע גרויע אויגן, מיט אַ גוטן, אָבער ענערגישן
אויסדריק אויף זיין פּנים. ער איז אַלט געווען פיר און דרייסיק יאָר, אָבער
אַ בחור נאָך. געבוירן געוואָרן איז ער אין וויניצע פאָדאָליע, —האָט ער
דערציילט בערגן, — באַ אַן אָרעמען פאָטער, אַ באַלעגאָלע. באַקומען אַביסל
בילדונג אין דער פירקלאַסיקער שטאָט־שול, אַנטייל גענומען אין דער
מלחמה, געווען אַ שטיק צייט אַ געפאַנגענער ביי די דייטשן און ווען ער
האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד און די ווייס־אַרמייער האָבן פאַרנומען
די שטאָט, איז ער אַנטלאָפן קיין רומעניע און פון דאָרט קיין אַמעריקע,
אָט כמעט מיט דעם זעלבן מאַרשרוט ווי בערג. ער איז אָנגעקומען קיין
ניו יאָרק, געוואָרן אַ פאָריער און אַ טעטיקער מיטגליד אין דעם לינקן
פליגל פון דער יוניע. אָט, אין דער יוניע, טאַקע, האָט זיך בערג באַקאַנט
מיט אים און האָט אים ליב באַקומען פאַר זיין אָפענעם בליק, פאַר זיין
אָפענעם שמייכל, פאַר זיינע אָפענע, אמתע און אין דערזעלבער צייט טאַק־
טישע רייד. זיי פלעגן זיך טרעפן באַ מיטינגען און ווען בערג האָט אים
איינמאָל געפרעגט פאַרוואָס ער, בערג, שלאָגט זיך אָן אויף אַזאַ שטאַרקער
אָבסטרוקציע, האָט אים קרופּקין געזאָגט :

— איר ווילט זיין אידעאַלער, ווי עס איז מעגלעך צו זיין אונטער די אומשטענדן, חבר בערג. ווען איינער קומט אייך אַנטקעגן מיט אַ מעסער, קאָנט איר אים ניט באַקעמפן מיט אַ פען אָדער מיט אַ וואָרט.

— אַמאָל קאָן מען. — האָט אים בערג געענטפערט.

— אַמאָל האָט מען שוין פּרובירט און מ'האָט זיך שוין איבערצייגט, אַז מ'קען ניט. — האָט קרופּקין געשמייכלט.

— וואָס זשע דאַרף מען טאָן אין אַזאַ פאַל, אויב איך גלייב ניט מער אין אַזאַ מיליטאַנטישער טאַקטיק, וואָס שרעקט אָפּ מיט בלוט? — האָט בערג געפרעגט.

— מ'טוט גאָרניט. — האָט אים קרופּקין געענטפערט. — איר זענט אין דער מינדערהייט דאַרפט איר שווייגן.

— אָבער, אַז איך קאָן ניט שווייגן?

— טויג ניט. — האָט קרופּקין רואיק געענטפערט. — ווען איר ווערט ווערן אַ קאָמוניסט, וועט איר עס פאַרשטיין.

— אָבער איר רייסט זיך אין אַן אָפענער טיר, חבר קרופּקין, — האָט בערג געלאַכט. — זעט איר דען ניט, אַז איך בין אַ קאָמוניסט. איך קום דאָך . . .

— איר זענט, אָבער עפּעס פעלט אייך צום... קאָמוניסט. — האָט אים קרופּקין איבערגעשלאָגן.

— וואָס פעלט מיר? — האָט זיך בערג פאַראינטערעסירט, נאָך אַלץ שמייכלענדיק.

— עס פעלט אייך די פונדאַמענטאַלנע גרינטלעכע איבערצייגונג אין דער מענטשלעכקייט פון דעם קאַמף, וואָלט איך געזאָגט. און פאַרשטייט מיך ניט שלעכט, חבר בערג. איך ווייס, אַז איר ווייסט, אַז קאָמוניזם איז די אידייע פון אַ סיסטעם, וואָס קעמפט פאַר מענטשלעכער גלייכבאַרעכטי־קונג, — איך ווייס אָבער אויך, אַז אייער גלויבן אין דער מענטשלעכקייט גייט טיפער און ווייטער פון דעם קאָמוניזם. אייער קאָנצעפּציע וועגן אַ פרייער מענטשהייט איז מער אַ פילאָזאָפישע, דאכט זיך מיר; אַ קאָנצעפּציע וואָס וויל ניט וויסן פון סטראַטעגיק, פון רעוואָלוציע און די אַלע אומפאַר־מיידלעכע פּראָצעסן און עקסצעסן, וואָס קאַמף פאָדערט. מיט איין וואָרט — איר זענט אַ קאָמוניסט, אָבער ניט אַ לעניניסטישער באָלשעוויק.

— און איך דאַרף דאָס אויסהערן... — האָט בערג געשמייכלט, — איך, וואָס קומט פון רוסלאַנד פון דער לאַבאָראַטאָריע פון קאָמוניזם, איך מוז דאָס אויסהערן פון אַן אַמעריקאַנעם קאָמוניסט, וואָס האָט נאָך קיין ברעקל קאָמוניזם ניט אָנגעזען אין זיינע אויגן.

— איר האָט דאָך אָבער יאָ געזען, חבר בערג, — האָט אויך קרופּ־קין געשמייכלט, — טאָ פאַרוואָס ווילט איר גראָדע דאָ אין אַמעריקע אַן

עכט־ראַפינירטן אידעאַליזם?

— טאַקע דערפאַר, ווייל איך האָב דאָרטן געלערנט, — האָט בערג געענטפערט. ער האָט אָבער אויך צוגעגעבן מיט אייניקע רעזערוואַציעס, אַז קרופקין איז דאָ און דאָרט גערעכט. אָבער אָט אַזאַ מענטש איז ער און אָט אַזאַ איז איצט זיין קאָנצעפציע וועגן רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

אָט אַזוי, אין די דאָזיקע דורכפאַלן, דעבאַטן, אָפטע ענטווישונגען און אָפטע מיספאַרשטענדענישן האָט אין בערגס מח אָנגעהויבן צו פאַר־מירן זיך געוויסע אימפּרעסיעס און איבערצייגונגען, וועלכע זיינען געווען פאַר אים פאָליטיש — שעדלעך, ער האָט עס געוואוסט. אָבער אין די מינוטן פון טיפערן אַנאַליז פון זיינע אייגענע טאַטן און רייד, איז ער שטענ־דיק געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אויב קרופקין און די איבעריקע זענען גערעכט, איז ער אָבער אויך ניט אומגערעכט. ווארן אַפילו אין קרופקינס פאַרטיידיקונג פון דער אָנגענומענער מיליטאַנטישער טאַקטיק, פילט ער דאָ און דאָרט שפּאַרונקעלעך דורך וועלכע עס בליצט קרופקינס אינעווייניקסטער און שטילער פּראָטעסט — דער פּראָטעסט געגן גוואַלד־טאַטן אין אַלגעמיין. ער איז אָבער אַ דיסציפּלינירטער מענטש, קרופקין — שווייגט ער.

די צייט איז געגאַנגען מיט זיגן און דורכפאַלן. בערג האָט פּרובירט ווי אויף סענסיטיווע וואָגשאָלן באַלאַנסירן זיינע אַנשויאונגען און שטימונגען. ער האָט ניט געוואָלט אַרויספאַלן פון דעם געזעלשאַפטליכן, אויב נישט פּאַרטייאישן קאַמף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשאַרפן און אַרויסשפּרייטן זיך פון די פּאַרטייאישע ברעגן .ער האָט אָבער אָנגעהויבן צו פאַרלירן דעם ענטוזיאַזם.

ער האָט אַלץ אָפטער און אָפטער אָנגעהויבן צו באַמערקען, אַז די געזעלשאַפטלעכקייט וואָס האָט געקאָנט ווירקן אויף די פּאַרטייאישע קאַמפן, די געזעלשאַפטליכקייט אַליין, אונטער דער ווירקונג פון דער ביז בלוט פאַראינטערעסירטער פּאַרטייאישער פּרעסע, ווערט אַלץ מער און מער פאַר־פירט פון פערזאָנען, וועמען עס גייט זייער ווייניק אָן דער אידעאַל פון אייניקייט. ער האָט דערזען, אַז אין דער שפּיץ פון די געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע באַוועגונגען שטייען אָפט קאַריעריסטן — דעמאַגאָגן און דאָס פערזענלעך קליינלעכע אין זיי האָט אים שאָקירט און אויפגעבראַכט ביז בייזן בלוט, ביז פאַראַכטונג.

ער האָט דערזען, ווי דאָ און דאָרט שפּאַלט זיך און עס קראַכט דער גאַנצער יסוד פון דער יידישער אייניקייט און דער תהום צווישן די פּאַר־טייען, די צעריסנקייט און כאַאָטישקייט אין דעם קולטור־לעבן, דאָס אַלעס האָט אים אָנגעהויבן אָנצעפילן מיט עפּעס אַ צווייפל און אָפט אַפילו מיט פאַרצווייפלונג. ער האָט דערזען, אַז אויף יעדן שריט און טריט ליגט אַ

טיפקייט, וועלכע ס'איז שווער אויסצומיידן און שווער איבערצושפּאַנען. דאָס יידישע לעבן, האָט ער דערזען ווערט צעטיילט אויף לאַגערן אויף מחנות, צווישן וועלכע עס איז שוין געווען שווער צו דערקאָנען דאָס פּנים פון קולטור. קולטור, אין אַלע אירע דערשיינונגען און מאַניפעסטאַציעס איז געוואָרן די באַדינערן פון די פּאַרטייען. יעדע פּאַרטיי, מיט איר אייגע־נעם געהאָרכזאַמען קולטור־אַפּאַראַט, וואָס האָט זיך גענערט מיט די פּאַ־סירונגען, געשעענישן און געשרייען פון טאָג. די שפּאַלטונגען די אידייאישע קריג און געגנסטערישע מעטאָדן אין די יוניעס האָבן נאָך צום איבעריקן פאַרשאַרפט זיין ענטוישונג און ווען זיין פאָטער איז פּלוצים געשטאָרבן און די מוטער, אַ קראַנקע, האָט געמוזט אויפגעבן דאָס הויז און נעמען פאַר זיך אַ צימער באַ אַ שכנה, האָט ער מיטאַמאָל דערפילט, אַז עפּעס רייסט זיך אין אים באַפרייט צו ווערן, אויסגעלייזט צו ווערן פון דעם צערודערטן, צעשפּליטערטן יידישן לעבן. ער האָט אויפגעגעבן דעם דזשאָב אין שאָפּ און האָט זיך דערווייטערט פון דער יוניע, פון באַקאַנטע און פון פריינט.

בערג האָט געפונען פאַר זיך אַ צימער אין אַ ווייטן געגנט אין די בראָנקס. ער האָט זיך איינגעשלאָסן אין זיין אייגענעם לעבן, אָפּגעגעבן זיך צום לייענען, און צום שרייבן. דאָס אינדיווידועל־ראָמאַנטישע אין זיך האָט ער פאַרבאַהאַלטן טיף אין האַרצן, ווי אַ באַזונדערן, אומבאַרירבאַרן טייל פון דער נשמה, וואָס וועט זיך אַנטפּלעקן מיט ספּאָנטאַנער, פּלוצימ־דיקן אינהאַלט, אַן אינהאַלט, וואָס איז אים געווען פרעמד. ווארן, ווען עס האָבן זיך אַפילו געטראָפן אויף זיין וועג פריינט און פרויען, וואָס האָבן אים מאָמענטענווייז פאַרכאַפּט מיט פערזענלעכן רייץ און חן, מיט אויפריכטיקער איבערגעגעבענער חברשאַפט און געטריישאַפט, זיינען זיי אָבער אין שטראָם פון אַרבעט, און טאָג־טעגלעכע שרייענדיקע און רופנדיקע אינטערעסן, פאַרטראָגן געוואָרן צו די ווייטערע ווינקלען פון זיין מח און זיינען געבליבן דאָרט, ווי עס בלייבן הענגען בילדער אין אַ צימער, בילדער מיט אויסדרוק און מיט שטימונג, וועלכע מ'באַמערקט שוין ניט מער.

דאָס צימער וואָס ער האָט גענומען איז געווען באַ אַן אלמנה, די פרוי פון אַ פאַרשטאָרבענעם יידישן אַקטיאָר. איר מאַן איז געווען פון דעם בעסערן קלאַס אַקטיאָרן. ער איז געווען געבילדעט, געקומען פון דער רוסישער בינע און געטרוימט אויסצולעבן זיך צווישן די בעסערע און ערנסטערע קינסטלער אין יידישן טעאַטער. ער האָט ליב געהאַט דעם יידישן טעאַטער און ער האָט ליב געהאַט די יידישע ליטעראַטור. זיינע טרוימען זיינען אָבער צערונען געוואָרן. ער האָט זיך ניט געקאָנט דער־הייבן צו זיין טרוים, ווייל אויך דער יידישער טעאַטער האָט זיך ניט גע־קאָנט דערהייבן. ער האָט פיינט געהאַט שונד און ניט געוואָלט שפּילן אין

די שונד פּיעסן. האָט זי, די פרוי זײַנע, געמוזט אַרבעטן — שטענדיק אַר־בעטן. זיי האָבן אָבער בײַדע, סיי ער און סיי זײַן פרוי אָפּגעגעבן זייערע גאַנצע מיה און אויפמערקזאַמקייט צו זייער טאָכטער ביולאַ. זיי האָבן גע־טרוימט, אַז זי וועט ווערן אַ טענצערן — די קונסט, וואָס פּאָדערט ניט דאָס וואָרט, די שפּראַך. זיי האָבן אָבער ניט פאַרנאַכלעסיקט איר בילדונג סיי אין ענגליש און סיי אין יידיש.

דאָס אַלעס איז ער געוואויר געוואָרן פון דער אַלמנה. זי האָט אים אַלץ דערציילט ווען ער איז געקומען דינגען דאָס צימער; און דערציילט דאָס אַלעס האָט זי אים, ווײַל זי האָט געהערט וועגן אים און געוואוסט ווער ער איז.

בערג האָט געזען, אַז זי איז אַ קלוגע פרוי. לויט אירע רייד האָט זי געמוזט זײַן אין די פערציקער. דאָס לעבן אָבער, וואָס האָט אַרויפגעוואָרפן דעם יאָך פון אַרבעט אויף אירע אַקסלען, האָט פאַרוואַנדלט זי אין אַן ענ־טוישטער פרוי. די אויגן אירע זײַנען געווען טונקל, און טרויעריק, אָבער דער שמייכל אירער איז געווען אַן אָנגענעמענער, פול מיט צוציענדן חן.

איר טאָכטער ביולאַ האָט אימפּאָנירט מיט איר ווירדיקער האַלטונג, שוין צו ווירדיק פאַר אירע יאָרן. זי איז געווען הויך און דין, אָבער גוט ענטוויקלט און פול מיט פרויעשן, ראַפינירטן חן.

בערג איז שוין געווען ניט דער ערשטער קוואַרטיראַנט בײַ זיי, ער איז אָבער געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיי, סיי די מוטער און סיי די טאָכטער, פאַראינטערעסירט סיי מיט זײַן אויסזען און סיי מיט זײַן איני־טעלעקטואַלקייט.

בערג איז די ערשטע צייט פון זײַן וואוינען בײַ זיי כמעט קיינמאָל ניט אַרויסגעגאַנגען פון די גרענעצן פון זײַן צימער. דאָס הויז איז באַ־שטאַנען פון אַן עס־צימער, צוויי שלאָף־צימערן און פון אַ קיך און צי־מערל. זײַן צימער האָט אַרויסגעקוקט צו אַ קליין פּאַרקל אין וועלכן עס האָבן ווי פאַרשטיינערטע גיגאַנטן אַרויסגעשטאַרצט גרויע סקאַלעס. ער האָט ליב געהאַט אַרויסצוקוקן פון דעם צימער און זוכן געדאַנקען, אי־דייען און אַפּט טרוימערישע אילוזיעס. אין עס־צימער איז געשטאַנען אַן אַלטע פּיאַנע און אַ שראַנק מיט ביכער — ענגלישע און יידישע. און ווײַל ער האָט שוין געוואוסט, אַז ביולאַ רעדט און לייענט יידיש (ווי די מוטער האָט אים מיט שטאָלץ דערציילט) האָט ער אַ פּאָר מאָל פאַרפירט מיט איר געשפּרעכן אויף יידיש. און דער פאַקט, וואָס אַ מיידל אַ טענצערן, אַ מיידל וואָס האָט אויסגעזען אין זײַנע אויגן מער קריסטלעך ווי יידיש און האָט דאָך געקראָגן אַזאַ גוטע יידישע דערציהונג פון איר אינטעליגענטן און אי־דעאַליסטישן פאָטער, דערדאָזיקער פאַקט האָט מיט עפּעס אַ באַזונדערן איני־האַלט און צויבער געווירקט אויף אים.

ביולא פלעגט דריי מאָל אין וואָך באַזוכן די טאַנץ־שול און אַמאָל פלעגט זי אויך אַנגאַזשירט ווערן צו טאַנצן אין אַ טעאַטער, ווען עס האָט זיך געפאָדערט אַ גרעסערער באַלעט. דאָס פלעגט האַלטן זי אַ געשפּאַנטע אין דער ספערע פון קונסט און עס פלעגט איר געבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרדינען און מיט דעם געלט אַרויסהעלפן דער מוטער און קליידן זיך ווי זי האָט געוואָלט און געמוזט.

ביולא פלעגט אָפט שפּילן אויף דער פּיאַנאָ קורצע קאָמפּאָזיציעס פון שאָפּען, בעטהאָווען, מאָצאַרט און פון מענדעלסאָן, אָבער אָפטער פלעגט זי זיך פאַרשטופּן אין אַ ווינקל אויף דער קאַנאַפּע, פאַרנעמען די פיס הינ־טער זיך, זיצן אַזוי שטונדנלאַנג און לייענען און צוהערן זיך צו דער שטילער מוזיק פון דער ראַדיאָ. ניט איינמאָל האָט שוין בערג געטראָפן זי אין דערדאָזיקער פּאָזע און יעדעס מאָל, איבערהויפּט אין די אָוונטן, פאַר־כאַפּט געוואָרן פון דעם בילד, ווי זי זיצט מיטן בוך אויף די קני, אויף דער נידעריקער קאַנאַפּע, אונטער דער רויטלעכער שיין פון דעם אַבאַזשור, און ווי זי באַגעגנט אים מיט אַ פאַרשענדן, אומבאַוועגלעכן בליק אין וועלכן עס איז געלעגן עפּעס אַ סוד.

זיי האָבן זעלטן גערעדט. אָבער ווען ער פלעגט אַהיים קומען, פלעגט ער זאָגן אַ „גוטן אָוונט" אין יידיש, און זי פלעגט ענטפערן „אַ גוטן אָוונט" אויך אין יידיש, ענטפערן מיט אַ קוים באַמערקבאַרן שמייכל. ער האָט אָבער ניט געוואוסט, צי דער שמייכל איז דער געוויינלעכער שמייכל פון העפלעכקייט, צי דער שמייכל איז די רעפלעקסיע פון דעם יידישן „גוטן אָוונט", וואָס האָט אפשר געקלונגען אַביסל קאָמיש צו אַן אַמערי־קאַנער מיידל, אפילו אַזאַ מיידל, וואָס רעדט גוט יידיש.

אָבער ביסלעכווייז איז די צוריקגעהאַלטנקייט און פרעמדקייט צעגאַנ־גען געוואָרן ווי רויך. די מוטער האָט מיט איר חוש, מיט איר קלוגער ראַ־פינירטקייט דערשפּירט דאָס מענטשלעכע און דאָס אידעאַלע. אַליין האָט זי שוין רעזיגנירט און האָט שלום געמאַכט מיט איר לעבן. אַזוי דאַרף עס שוין בלייבן מיט איר— אין שאַפּ, אין דער היים — ביז די עלטער וועט קומען. און אַז די עלטער וועט קומען, זאָל זיך גאָט זאָרגן. זי האָט שוין אָבער געטראַכט וועגן ביולאס צוקונפט. אַכטצן יאָר איז ניט, ווער ווייסט, וואָס פאַר אַן עלטער. אָבער אַז מ'האָט ניט אינזינען, אַז מ'פאַרנאַכלעסיקט, — גייט אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר, ביז עס ווערט אָפט צו שפּעט אויסצוקלייבן זיך דעם מאַן, ווי עס ווילט זיך. זי האָט געוואוסט, אַז בערג איז, זיכער, מיט צען, אָדער מיט צוועלף יאָר עלטער פון ביולאַן, אָבער געדאַנקען קריכן אין קאָפּ אַריין: עפּעס אַזאַ אינטערעסאַנטער מענטש איז ער, און געהערט האָט זי שוין וועגן אים אַזוי פיל גוטס, און אַ שטילער איז ער — דאָס קאָן זי זען, און קיין פרויען־פריינט, אויף וויפל זי האָט געהערט, האָט ער ניט...

איז... ווער ווייסט . . .

זי האָט אים אָנגעהויבן איינצולאָדן אָפט צו אַ גלאָז־טיי, אַמאָל צו אַ צובייס, ווען ביולאַ איז געווען אינדערהיים. און אין ביולאַס אָפּוועזנהייט באַמיט זיך אַרויסצושטעלן זי אין דעם שענסטן ליכט, ווי זי האָט נאָר געקאָנט, זי האָט זיך אָבער ניט באַדאַרפט באַמיען צופיל, ווייל בערג האָט געזען, אַז ביולאַ איז אינטערעסאַנט, ווי עס קאָן זיין אינטערעסאַנט אַ יונגע מיידל, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך דאָס בעסטע פון אירע אינטעליגענטע און פאַרגעשריטענע עלטערן, דאָס שענסטע פון דער קינסטלער סביבה און דאָס באַלערנדסטע פון די ביכער, וועלכע זי האָט געלייענט אָן אַ שיעור.

בערג האָט אָנגעהויבן אַרומטראָגן זיך מיט כאַאָטישע פּראָיעקטן. אין זיין געוואוינהייט צו אַרבעט, צו פּאַרשריט, צו געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, האָט ער ניט געקאָנט אויפגעבן דעם טיף איינגעוואָרצלטן דראַנג צו אַ העכערן גייסטיקן און סאָציאַלן לעבן. ער האָט אַ סך געלייענט, אַ סך געשריבן און געזוכט אין זיך די ענטפערס אויף די פּראָבלעמען, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר אים אין זיין וועג. מיט איין זאַך איז ער איצט געווען זיכער אין זיך: ער וועט זיך ניט פאַרבינדן מיט קיין שום פון די עקזיסטירענדע פּאַרטייען, וואָרן אַ יעדע פּאַרטיי, האָט ער שוין געזען און געוואוסט, לאָזט ניט זיין בויגיק, לאָזט ניט זיין קאָמפּראָמיספול, אינדיווידועל און עכט־עטיש אויסגעהאַלטן, אָט אַזוי ווי עס האָט אים אונטערגעזאָגט זיין אייגענער פילאָזאָפישער קוק אויף דעם לעבן. ער האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט גיין מיט די לאַבירינטיש־סאָציאַלע וועגן פון לעבן צו אַן אייגענעם ווינקל, מיטנעמענדיק מיט זיך, מיט זיין פּרייהייטלעכן סאָציאַליזם אַזוי פיל נאָכפאָלגער, וויפל עס וועלן זיך געפינען און וויפל עס וועט זיך לאָזן כדי אויסצולעבן זיך אין דער באַשרענקטער אָבער פּרייער געזעלשאַפט, ווי אַ פרייער מענטש, ווי אַ פרייער עטישער ייד.

ער האָט אָבער גוט געוואוסט און אפילו חוזק געמכט פון זיך אַליין, פאַרשטייענדיק, אַז די דאָזיקע קרעדאָס און באַשלוסן זיינען דערווייל בלויז גוטע וואונטשן אין זיין הארץ און אין זיין מח. ער האָט געוואוסט, אַז עס איז באַ אים דערווייל בלויז אַ טרוים אַזאַ, וועגן וועלכן ער קאָן רעדן און פּראָפּאַגאַנדירן, — צו פּראַקטישע און פאַקטישע טאָטן וועט עס ניט קו־מען„ ווייל ער האָט ניט געזען קיין איין וועג אפילו וואָס וואָלט געפירט צו דעם. דאָך האָט ער גענומען אָפט ריידן וועגן דעם צו זיינע בעקאַנטע, פּרובירט פאָרמולירן זיין באַשרענקטע אידייע אין לעקציעס און אין פּאַמפלעטן. ער האָט אָבער דערזען, אַז אויך איצט ווען ער איז געגאַנגען אַליין,

אַן אַ פּאַרטיי, און מיט זיין אינדיווידועלן פּרייהייטלעכן געדאַנקען־וועג, האָט ער זיך אויך אָנגעשטויסן אויף אָבסטרוקציעס און פאַרצוימונגען, ווי אויף שטעכיקע דראָטן. דאָ און דאָרט האָט מען אים אויסגעלאַכט און חוזק געמאַכט פון אים און דאָרט וואו מענטשן האָבן זיך צוגעהערט צו אים מיט מער פאַרשטענדעניש און טאָלעראַנץ, האָט מען אויך געפאָדערט פון אים אַן אָפענע דערקלערונג, דעם קלאָרן אָפענעם שטעמפּל אויף זיין שטערן: וואָס ביזטו און מיט וועמען גייסטו? ביזט אַ סאָציאַליסט? אַ ציוניסט? אַ קאָמוניסט? אַן אַנאַרכיסט? און אויף די דאָזיקע פראַגן האָט ער זיך אָנגעשטויסן אומעטום, ווען ער איז געקומען מיט זיין מינדלעכן, צי שריפטלעכן וואָרט. ער איז געוואָרן דער מאַן אָן אַ גייסטיקער און אָן אַ געזעלשאַפטלעכער פלאַטפאָרמע.

אַט אין די דאָזיקע טעג פון צעשויבערטע און בייזווינטיקע געדאַנקען און געפילן האָט ער דאָך געהאַלטן אייניקע לעקציעס באַ די אַנאַרכיסטיש געשטימטע גרופּעס. און איינמאָל אין אַ אָוונט האָט ער איינגעלאַדן ביולאַן מיטצוגיין מיט אים. זי האָט זיין איינלאַדונג אָנגענומען מיט גרויס פרייד. די טעמע פון דער לעקציע איז געווען פון זיינע דערפאָלגרייכסטע און באַליבסטע טעמעס. ווי ער האָט דערוואַרטעט, איז קיין גרויסער עולם ניט געקומען. די לעקציע האָט זיך אָנגעהויבן שפּעט און ווען ער האָט גערעדט, האָט ער זיך געווענדט כמעט די גאַנצע צייט צו ביולאַן. אין איר אויפמערקזאַמקייט און אין איר בליק האָט ער דאָס מאָל געפונען עפּעס אַ באַזונדערע אינספּיראַציע. ער האָט גערעדט, אַליין אַ פאַרכאַפּטער פון די אָנגעלאָפענע געדאַנקען און אימאַזשן, גערעדט ווי איינער, פאַר וועמען עס האָט זיך ענדלעך, אַנטפּלעקט אַ ברייטער ליכטיקער וועג נאָך אַ לאַנגען בלאָנדזשען אין אַ טונקלען וואַלד. אַזוי האָט ער געזאָגט ביולאַן נאָכדעם ווי זיי זיינען אַרויס פון האַלל, אַוועק פון עולם און בעקאַנטע און גענומען דעם סאָבוויי אַהיים צו פאָרן.

ווען זיי זיינען אַהיימגעקומען, איז שוין געווען גאַנץ שפּעט. די נאַכט איז געווען אַ ליכטיקע און די סקאַלעס אין דעם פּאַרקל האָבן אויסגעקוקט אויסטערליש־פאַנטאַסטיש.

איר ווילט שפּאַצירן אַביסל ביולאַ? — האָט ער זי געפרעגט, ווען זיי זיינען שוין געשטאַנען באַם הויז.

— איך וויל. — האָט זי געזאָגט.

זיי זיינען געגאַנגען שווייגענדיקע און ביולאַ האָט געקוקט אויף בערגס שאָטן וואָס האָט אויסגעקוקט גיגאַנטיש און פאַנטאַסטיש.

— ווי גרויס אייער שאָטן איז. — האָט זי געזאָגט.

— יעדע זאַך, און יעדער וואָרט, און יעדער געדאַנק אַפילו האָט אַ שאָטן... אז מ׳וויל זיך אַריינטראַכטן. — האָט ער געענטפערט. — מיר

איבערטרייבן אַפּט אַזוי פיל אונדזערע געפילן און אונדזערע געדאַנקען, אַט ווי איך האָב דאַכט זיך היינט געטאָן אין מיין רעדע.

— און איך דענק, אַז איר רעדט זייער שיין. — האָט זי געזאָגט. — איך האָב געשלונגען יעדעס וואָרט פון אייער לעקציע.

— יאַ, דאָס זאָג איך דאָך... — האָט ער געשמייכלט — אין לעקציעס און אין רייד קומט אַלעס אַרויס אַ סך שענער און לאָגישער אַפילו ווי עס איז אין דערווירקלעכקייט, אין לעבן. איך מיין ניט מיט מיינע ווערטער איצט אָפּלייקענען דאָס, וועגן וואָס איך האָב גערעדט אין מיין לעקציע, עס איז אָבער שטענדיק בעסער צו שטיין מיט די פיס אויף דער ערד, אַפילו ווען דער קאָפּ איז אין הימל.

— איר האָט גערעדט ווי אַ פּראָפעסאָר און איך האָב אַ סך געלערנט היינט.

— כ'האָב גערעדט ווי אַ פּראָפעסאָר אַ טרוימער. וואָרן, ווען איך וואָלט ניט געווען קיין טרוימער און קיין אידעאַליסט ווי מ'רופט דעם מין מענטשן, וואָלט איך זיך ניט אַרומגעטראָגן מיט אַזעלכע אוטאָפּישע קאָנצעפּציעס וועגן עטיק, וועגן מאָראַל, און פרייהייט און וועגן לעבן אין אַלגיימיין. טאָקע דערפאַר ווייל איך בין אַ טרוימער, לאָז איך זיך אויף אַזעלכע פּראָבלעמאַטישע אידעאַל־אוטאָפּיעס. און אפשר בין איך ניט דער איינציקער. מיר דאַכט זיך אַז אַלע גרויסע סאָציאַל־רעפאָרמאַטאָרס און רע־וואָלוציאָנערן און אַפילו וויסנשאַפטסלייט האָבן געמוזט זיין אָט אַזעלכע טרוימער... און ווי איר זעט איצט, האָב איך אַ גאַנץ הויכע מיינונג וועגן זיך.

— האָט ער זיך צעלאַכט

— פון היינט אָן וועל איך באַזוכן אַלע אייערע לעקציעס, ווען איך וועל נאָר האָבן אַ געלעגענהייט. — האָט זי געזאָגט.

— פון היינט אָן — האָט ער אויף איר אַ קוק געטאָן און ניט באַמערקנ־דיק אַליין ווי אַזוי, אַנגענומען איר האַנט און דערפילנדיק איר וואַרימקייט גלייך אָפּגעלאָזט אירע דינע פינגער.

זיי האָבן שפּאַצירט אַ ווײַלע אין פּאַרקל, און זי האָט מיט אַ שטילער, נאָטירלעכער שטים געגומען ריידן וועגן איר פאָטער, ווי דאַנקבאַר זי איז אים וואָס ער האָט זי ניט דערצויגן ווי אַ פרעמדע צו דער יידישער שפּראַך, צו דער יידישער קונסט און יידישע פּראָבלעמען. אָה, איר פאָטער וואָלט מיט אים, מיט בערגן, געהאַט אַ סך געמיינשאַפטלעכעס וועגן וואָס צו רעדן... וואָרן פונקט ווי ער בערג, איז איר פאָטער אויך געווען אַ טרוימער, און אידעאַליסט... איצט, ווען בערג וואוינט בײַ זיי, דערמאָנט זי נאָך מיט מער אַכטונג דעם פאָטער... און ס'איז אַזוי גוט, וואָס ער וואוינט ביי זיי, בערג... ער איז איצט דערדאָזיקער, וואָס האָט זי ווידער אַרויפגעפירט אויף דעם וועג פון יידישער קולטור... וואָרן... עס האָט שוין באַלד געקאָנט

האַלטן דערביי, אַז זי זאָל פּונקט ווי די איבעריקע, אָט אַזעלכע ווי זי, אָפּגעריסן ווערן סיי פון דער שפּראַך און סיי פון דעם יידישן לעבן. אַז מ'רייסט זיך אָפּ, — איז שווער צוריק צוקומען... כאַ־כאַ־כאַ! האָט זי זיך פּלוצים צעלאַכט און צוגעגעבן: עס ווערט איר אַזוי גוט אויפן האַרצן, ווען ער קומט אַריין און זאָגט "אַ גוטן אָוונט".

— אָה, ס'איז שוין אַזוי שפּעט, — האָט זי זיך פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן. — קומט, שוין צייט אַריינצוגיין . . .

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צום הויז.

אין דער דאָזיקער נאַכט האָט ביולא ניט געקאָנט איינשלאָפן און בערג איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען ביים אָפענעם פענצטער און האָט זיך צוגעהערט צום ווייטן מיסטעריעזן ברום, וואָס איז געקומען פון דער באַנאַכטיקער שטאָט.

בערג האָט אָנגעהויבן אָפט צו טראַכטן וועגן ביולאַן. זי האָט אים אָנגעהויבן אויסצופעלן. די טעג זיינען ביי אים געוואָרן אומגעדולדיקע, די אָוונטן — וואַרעמע און אנגענעמע. די טיר פון זיין צימער האָט ער אָנגעהויבן צו לאָזן אָפן און, זיצנדיק ביים טיש האָט אים געצויגן צו קוקן צו דער קאַנאַפּע, וואו ביולא פלעגט זיצן און ער האָט געזוכט אירע אויגן, וואָס האָבן אַלץ מער און מער גערעדט צו אים מיט וואַרעמע בליקן.

בערג איז געווען אַ שפּאָרעוודיקער. דאָס געלט וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פון זיין אַרבעט, האָט ער אויסגעגעבן מיט זין און מיט אויסרעכענונג. געגעבן דער מוטער יעדע וואָך אַ באַשטימטע סומע און פאַר זיך אַליין געלאָזט בלויז פאַר דעם נויטיקן. ער האָט געזען ווי פון זיין אָפּגעשפּאָרטן געלט ווערט אַלץ ווייניקער און ווייניקער. עס האָט זיך אים אָבער ניט געגלוסט צו גיין צוריק אין שאַפּ אַריין אַרבעטן, ווידער שניידן פעלכלעך, ווידער איינשפּאַנען זיך אין די באַשטימטע שטונדן, מיט באַשטימטער אַרבעט, מיט אַ באַשטימטן געהאַלט; די לעקציעס האָבן כמעט גאָרניט אַריינגעבראַכט און דערצו האָט אים אָנגעהויבן צו באַאומרואיקן די צוגעבונדנקייט צו ביולאַן, ווייל אין געדאַנק און אין זיינע טרוימען איז ער נאָך ניט געווען גרייט צו אַזאַ צוגעבונדנקייט.

זיין אַמאָליקער טרוים צו באַשעפטיקן זיך מיט לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט, האָט, ווידער אויפגעוואַכט אין אים. און געשען איז דאָס צוליב אַ צופעליקער באַגעגעניש מיט אַ יידישן פאַרמער.

דער פאַרמער איז געקומען פון ניו דזשוירזי קיין ניו יאָרק אַ קוק צו טאָן אויף אַמעריקע, ווי ער האָט געזאָגט. אין ניו יאָרק איז ער געווען נאָך מיט אַ פינף יאָר צוריק, איז וויפל איז דער שיער צו ליגן אויף אַ פאַרם און ניט זען די וועלט? האָט ער באַשלאָסן פאַר דעם שניט אַראָפּצוכאַפּן זיך קיין ניו יאָרק, אַ קוק טאָן אויף דער גרויסער יידישער שטאָט, וועגן וועל־

כער ער לייענט אַזוי פיל אין דער ידישער צייטונג, וואָס ער קריגט רעגל־מעסיק יאָר איין, יאָר אויס.

באַגעגנט האָט זיך בערג מיטן פאַרמער נאָוואַק (נאָוואַקאָווסקי, פון דער אַלטער היים, האָט זיך דער פאַרמער מודה געווען) אין אַ ייִדישן רעס־טאָראַן אויף דער פערצנטער גאַס און זיי האָבן שוין אַ גאַנצן טאָג פאַרבראַכט צוזאַמען. דער פאַרמער איז גראַד געווען אַ באַרעדעוודיקער און בערג האָט זיך צוגעהערט צו זיינע מיינונגען און מעשׂות וועגן פאַרמערישן לעבן, איי־בערהויפּט וועגן דעם ייִדישן פאַרמערישן לעבן. דער פאַרמער נאָוואַק, ווי בערג האָט פאַרשטאַנען, איז געווען גוט באַקאַנט מיטן צושטאַנד פון ייִדי־שער פאַרמעריי און מאַלנדיק פאַר בערגן די גוטע און שלעכטע זייטן פון אַמעריקאַנעם פאַרמערישן לעבן, האָט ער אַ סך גערעט וועגן אייגענעם פאַרם און אויך דערציילט וועגן זיינע צוויי זין, וואָס זיינען ניט בלויז אַט אַזוי זיך ייִדישע פאַרמער בחורים, — ניין, זיי זיינען באַ אים געלערנטע, גאַנצע פּראָפעסאָרן און פאַרנעמען זיך מיט אַן אַ שיער עקספּערימענטן דאָרט אויף זיין פאַרם.

דער סוף איז געווען אַז בערג האָט פאַרבראַכט מיט נאָוואַקן גאַנצע דריי טעג, געפירט אים אומעטום, געוויזן אים וואָס עס האָט זיך אים גע־גלוסט צו זען אין דער "קאָפּפּאַרדרייערישער" שטאָט ניו־יאָרק און באַם געזעגענען זיך האָבן זיי אָפּגעמאַכט, אַז בערג מוז אַמאָל אַריבערכאַפּן זיך צו אים, צו נאָוואַקס פאַרם און אויב ער, בערג, האָט דעם חשק צו ווערן אַ פאַרמער, קאָן ער דאָרט פאַרבלייבן באַ אים; ער וועט אַרויסהעלפן אין דער אַרבעט — וואָס עס וועט זיך לאָזן און וואָס עס וועט זיך מאַכן צו טאָן, צום ערשטן אויף אַ קליינעם געהאַלט און דערנאָך, אַז ער וועט ווערן אַ גוטע האַנט און ער וועט באַשליסן צו פאַרבלייבן דאָרט, וועט אים שוין ניט באַנג טאָן. מ'וועט שוין אויסקומען.

באַם באַן שוין האָט בערג פּלוצים דערמאָנט זיך אַ פרעג צו טאָן:

— האָט איר נאָך קינדער אין דער פאַמיליע... חוץ די צוויי זין, מיס־טער נאָוואַק.

— שרעקט זיך ניט, קיין טעכטער האָב איך ניט — האָט נאָוואַק אַ שמייכל געטאָן און אַ פינטל געטאָן מיטן אויג.

אין דעם אָוונט, ווען נאָוואַק איז אָוועקגעפאָרן, איז בערג אַהיימגע־קומען אַ פאַרטראַכטער און אין דערזעלבער צייט אַ באַרויִקטער מיט דעם באַשלוס, וואָס ער האָט שוין ביי זיך אָנגענומען. ער האָט שוין געוואוסט, אַז דער נייער באַשלוס זיינער וועט אים אפשר שטעלן די ערשטע צייט צו אַ שווערער פּראָבע — עס איז שוין אָבער געווען אַ באַשלוס.

אין דעמזעלבן אָוונט האָט ער געזאָגט ביולאַס מוטער, אַז אין אַ וואָך אַרום פאַרלאָזט ער דאָס צימער און... ס'טוט אים זייער לייד. זי האָט אַ קוק

געטאָן אויף אים מיט אַ טריבן, ענטוישטן, אָבער פֿאַרשטענדלעכן בליק און האָט געזאָגט:

— נו, מסתמא דאַרפֿט איר דאָך.

ביולאַ אָבער, ווען זי האָט דאָס דערהערט, האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ צעטומלטן בליק און אירע ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן. זי האָט זיך אָבער גלייך באַהערשט און מער אין דעם אָוונט ניט געקוקט אויף אים.

בערג איז געזעסן אין זיין צימער און פּרובירט צו לייענען, עס איז אים אָבער ניט געלונגען. עס איז אים אויך ניט געלונגען צו כאַפּן קיין בליק פֿון ביולאָן.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט בערג באַזוכט זיין מוטער און דער־ציילט איר וועגן זיין באַשלוס צו באַזעצן זיך אויף אַ פֿאַרם. האָט זי גע־שוויגן, ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. זי איז שוין צוגעוואוינט צו איר צי־מער, האָט זי געזאָגט, און ס'איז איר גוט בײַ אירע בייע פּריינט. דאָס געלט, וואָס ער, לעאָן, גיט איר און אויך וואָס דער אָנקל גיט איר, איז גאַנץ גע־נוג פֿאַר איר. בערג האָט זיך געזעגנט מיט איר און צוגעזאָגט צו שרייבן.

ווען עס איז געקומען דער לעצטער טאָג, איז ער אַרומגעפּאָרן צו זען זיך מיט אייניקע פֿון זיינע פּריינט. קרופּקין, וועמען ער האָט שוין אַ לאַנגע צייט ניט געזען, האָט זיך דערפֿרייט מיט אים און דערפֿרייט זיך אויך מיט בערגס פּלאַן, ווען ער האָט דערהערט, אַז ער פֿאָרט אַוועק באַזעצן זיך אויף אַ פֿאַרם.

— איך בין אייך מקנא בערג. — האָט ער אים געזאָגט, — דעם אמת זאָגנדיק, וואָלט איך אויך געוואָלט אַוועק ערגעץ. איך בין שוין אויך מיד פֿון דער בלוט־פֿאַרגיסונג, אפֿילו ווען קיין בלוט רינט ניט.

— נו, האָט בערג געזאָגט אָן ערנסטער. — אַז איר וועט האַלטן דער־ביי, וועל איך אייך האָבן אין זינען.

— אַ דאַנק, איך וועל וואַרטן מיט אומגעדולד אויף דער דערליי־זונג. — האָט קרופּקין געשפּאַסט. — אָך, ברודערל, ווען איר קאָנט עס דאַרט פֿאַרזייען אויף דעם באָדן, עפּעס אַזעלכעס, פֿון וואָס עס זאָל אויפֿ־גיין די אויסלייזונג ווי קאָרן, וואָלט איך געוועז דער ערשטער צו קומען שניידן.

— צו האָבן וואָס צו שניידן, מוז מען פֿריער אַקערן און פֿאַרזייען. קומען שניידן איז ניט גענוג. — האָט אים בערג אַ קיבעץ געטאָן און שוין ערנסטער צוגעגעבן: דער באָדן איז שטענדיק פֿאַראַן און די זריעה דאַכט זיך מיר, ליגט אָט דאָ און דאָ... — האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם האַרץ און אויף דעם מח.

אין דעם זעלבן אָוונט, נאָך דעם ווי ער האָט איינגעפּאַקט זיינע זאַכן, און נאָך דעם פּריינטלעכן אָבער ניט קלעפּנדיקן געשפּרעך מיט ביולאַס

מוטער, האָט ער דערפילט אַ באַגער צו בלייבן מיט ביולאַן אַליין.

— וועט איר אפשר גיין אויף אַ שפּאַציר, ביולאַ? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן.

— איך וועל גיין. — האָט זי געזאָגט און אַוועקלייגענדיק דעם בוך, אויפגעהויבן זיך, גרייט צו גיין.

די נאַכט איז געווען אַ פּאַרוואָלקנטע און אַ ווינטיקע. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צום פּאַרקל. און סיי דער ווינט און סיי די געגאַרטע נאָענטקייט האָט זיי געהאַלטן צוזאַמען, צוגעטוליעט מיט דעם געפיל פון עפּעס אַ פּאַר־בינדונג. זיי האָבן געשפּאַצירט אַ ווײַלע און דערנאָך זיך אָפּגעשטעלט הינ־טער אַ סקאַלע, וואו דער ווינט האָט ניט געבלאָזן. ער האָט אָבער נאָך אַלץ געהאַלטן איר אָרעם צוגעטוליעט נאָענט צו זיך און געשוויגן, ווי צוהערנ־דיק זיך צו דער וואַרעמקייט, צו דעם געפיל, וואָס האָט זי געכוואַליעט פון איר צו אים.

— פאַרוואָס פאַרט איר אַוועק, בערג... און דערצו נאָך אויף אַ פאַרם? — האָט ביולאַ געפרעגט.

— ס'איז דאַכט זיך שווער צו געבן אַ קלאָרן ענטפער אויף דעם. — האָט ער געקוקט אויף די שוועבנדע וואָלקנס. — איך קאָן בלויז זאָגן, אַז מיר דאַכט זיך... איך ווער געיאָגט פון מיינע שטרעבונגען, ווי די כמאַ־רעס ווערן דאָרט געיאָגט אויבן אין הימל. אָפּט דאַכט זיך מיר, אַז אויך אין מיין יאָגעניש נאָך דעם ערלעך־מענטשלעכן, איז ניטאָ קיין זין, כאָטש ווער ווייסט, אפשר איז יאָ פאַראַן אַ זין, אפילו דאָרט אין דער זילבערנער וואַנדערונג פון די כמאַרעס.

— וואָלט דען ניט בעסער געווען צו בלייבן דאָ אין ניו יאָרק און קלאָר מאַכן באַ זיך אַלעס וואָס איר ווילט און צו וואָס איר שטרעבט?

דאָ איז נאָך שווערער. — האָט ער געענטפערט. — ערשט דאָ, צווישן די מיליאָנען מענטשן און צווישן די טויזנטער פּראָבלעמען פיל איך מיין אומקלאָרקייט טיפער. אפשר דאָרט, אויף דעם שויס פון דער נאַטור, ווי מ'זאָגט, אינדערמיט פון ברייטע האָריזאָנטן, אפשר וועל איך דאָרט געפינען זיך און דעם וועג וואָס איך זוך.

— איר וועט ניט בענקען נאָך... ניו יאָרק?

— איך ווייס ניט. און חוץ דעם איז די פאַרם ניט אַזוי ווייט פון ניו־יאָרק.

— און איך וועל בענקען נאָך אייך. — האָט זי שטיל געזאָגט. — איך וועל בענקען נאָך אייער בליק... ווי איר קוקט אויף מיר, ווען איך זיץ און לייען, אָדער ווען איך שפּיל. איך האָב באַמערקט אייער בליק. אַ סאַך מאָל באַמערקט.

ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך און ניט געענטפערט. געשטאַנען אַזוי

מיט איר און געשוויגן.

— ווען פֿאָרט איר? — האָט זי געפֿרעגט.

— מאָרגן אינדערפֿרי.

זי האָט זיך לײַכט אײַנגעגראָבן מיט די נעגל אין זײַן האַנט, און אין דעם מאָמענט האָט בערג דערפֿילט אין איר די פֿרוי, די דערוואַקסענע פֿרוי, וואָס פֿאָדערט אַ לײַדנדע עפּעס אַ רעכט, וואָס די נאַטור באַווילליקט און באַרעכטיקט אין איר.

זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטיין און בערג האָט גענומען ריידן צו איר, ווי זוכנדיק די געלעגנהייט צו עפֿענען דעם קוואַל פֿון געדאַנקען, וואָס האָבן זיך געשפּאַרט אין זײַן מח. גערעדט וועגן זיך און וועגן די פֿאַרשיידענע באַוועגונגען און וועגן מענטשלעכע אידעאַלן אין אַלגעמיין; גערעדט וועגן זײַן באַשלוס צו באַזעצן זיך אויף אַ פֿאַרם, ווי וועגן דעם ערשטן טראָט זײַנעם, דעם ערשטן טראָט צו דעם באָדן, וואו ער דאַרף זיך, יאָ, צום ערשטן זיך זעלבסט צעאַקערן, פֿאַרזייען מיט זריעות און וואַרטן... ביז די צײַט וועט קומען. און די צײַט וועט קומען, יאָ, זי מעג איצט וויסן: אַ יידישע קאָלאָניע פֿאַר זיך און אָט אַזעלכע ווי ער איז איצט זײַן טרוים. ער ווייסט, ער איז ניט דער ערשטער בעל חלומות דאָ אין ניו יאָרק; עס זײַנען שוין דאָ געווען אַזעלכע ווי ער און עס זײַנען נאָך פֿאַראַן גענוג אַזעלכע און ניט נאָר בעלי חלומות, נאָר אויך אַזעלכע וואָס האָבן זייערע חלומות פֿאַרווירקלעכט און האָבן דערגרייכט פּראַקטישע רעזולטאַטן. איצט טראָגט עס אים . . .

ער האָט גערעדט לאַנג, ווי באַ אַ לעקציע, ווי וועלנדיק אויסהערן זיך אַליין און טאַקע איבערצייגן זיך אין דער גערעכטיקייט פֿון זײַנע רייד. אָבער ווען ער האָט דערפֿילט, אַז ס'איז שוין שפּעט, האָט ער זי אויפֿגעהויבן בײַ בײדע הענט און געבליבן שטיין לעבן איר, באַשיצנדיק זי מיט זײַן הויכע פֿיגור פֿון דעם ווינט. און ווי פֿון זיך אַליין, אַ ניט־צוגעגרייטער פֿון דעם געדאַנק, האָט ער זי אַרומגענומען און צוגעבויגן זיך צו איר קאָפּ. און מיטאַמאָל דערפֿילט אירע ליפּן; האָט ער זיך אײַנגעזאַפּט אין דער געעפֿנטער פֿײַכטקייט פֿון איר מויל און אויפֿגעציטערט מיט אַן אומבעקאַנטן אויפֿברויזנדן געפֿיל, ווען ער האָט דערפֿילט איר צוטרוילעכן און וואַרעמען קערפּער נאָענט צו זיך. און מיטאַמאָל האָט ער זי אָפּגעלאָזט, און געקוקט אויף איר ווי זי שטייט מיט אַ פֿאַרוואונדערטן בליק, מיט דעם צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקטן סוד אין אירע אויגן און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— ביולאַ... קום, קום . . .

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צום הויז.

*

בערג האָט זיך באַזעצט אויפן פאַרם.

ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער אַרבעט ווי אַ הונגעריקער. די טעג זיינען אַוועק מיט די שטראַלן, וואָס האָבן זיך געטונקען אין זיי־נע ברויבע, שוויצנדיקע מוסקולן, און די נעכט האָבן באַרואיקט און גע־גלעט מיט קילקייט. דער פאַרמער נאָוואַק און זיינע צוויי זין האָבן זיך, צו בערגס פרייד, אַרויסגעוויזן צו זיין ניט נאָר גוטע פאַרמערס, נאָר אויך אינטעליגענטע און גוטע יידן. זיי האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט רעספּעקט און ניט איינמאָל אין די אָוונטן זיינען זיי געזעסן און צוגעהערט זיך צו בערגן ווי ער רעדט, ווי ער דערציילט און ווי ער ענטוויקלט זיינע גע־דאַנקען וועגן די וועלט געשעענישן בכלל און וועגן דער יידישער וועלט בפרט. נאָוואַקס פרוי איז געווען אַ פּשוטע פרוי, וואָס האָט גערעדט אי אַ געבראָכענעם יידיש, אי אַ געבראָכענעם ענגליש און זי פלעגט זעלטן ווען אַריינמישן זיך אין די געשפּרעכן. דערפאַר פלעגט זי אָבער אָן אויפהער דערלאַנגען צום טיש איין געקעכץ נאָכן צווייטן. צום ערשטן האָט בערג ניט געקאָנט אַפּזאָגן און פאַרזוכט פון יעדן מאכל, אָבער דערנאָך איז ער צוגעוואוינט געוואָרן צו איר איבערטריבענער גאַסטפריינטלעכקייט און כמ־עט ניט באַמערקט זי מער.

בערג האָט ליב געהאַט די אַרבעט און זיין אינטערעס צו דער ערד און צו פאַרמעריי איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג. ער האָט ליב געהאַט אויפצו־שטיין פאַרטאָג מיט די קאַיאָרן און באָדן זיך אין לייק. אין די אָוונטן פלעגט ער אַמאָל צוהערן זיך צו דער ראַדיאָ, אַמאָל לייענען און אַמאָל שרייבן.

ער האָט זיך פאַרלאָזט אַ באָרד, ער איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ וועגע־טעריאַנער, ער האָט געזוכט צו לעבן און ער האָט טאַקע געלעבט אַ ריין גייסטיק און אַ ריין פּיזיש לעבן; און אַננעמענדיק דעם באַשלוס אויף אַזאַ לעבן, איז ער געווען איבערצייגט, אַז בלויז דורך דעם אייגענעם שטייגן אין גייסט, וועט ער זיך דערהייבן צו אָט דער פירערשאַפט איבער מענטשן, אַ פירערשאַפט, וואָס דאַרף אים ברענגען צום ציל. ער האָט אָפט געטראַכט וועגן זיך און וועגן דעם לעבן, געוואָלט באַנעמען עס מיט נייטראַלע אויגן און גערעדט צו זיך און געזאָגט צו זיך: ניין, איך בין אויפריכטיק. דאָס איז ניט אַ פּאָזע אַזאַ צוליב אָריגינאַליטעט און איך פּרעטענדיר ניט און וויל ניט ווערן אַ נזיר, אַן אָפּגעהיטער פון דער וועלטס גייסטיקע און פּיזישע תאוות און תענוגים. איך וויל אָבער זיי זאָלן קומען צו מיר נאַטירלעך, ווי עס קומט דער פרימאָרגן און די נאַכט, ווי עס קומט דער זומער און ווי עס קומט דער האַרבסט, ווי עס קומט דער קוואַל און ווי עס קומט די פרוכט . . .

ער איז געוואָרן שטאַרקער. מיט דער שוואַרצער באָרד, מיט דעם אָפּגעבריענטן פּנים און מיט זיינע ווייסע שטאַרקע ציין, האָט ער צווישן די

פאַרמער־אַרבעטער אויסגעקוקט ווי אַן עקזאָטישער פּיראַט. ווען ער פלעגט אָבער בלייבן אַליין, האָט ער געטראַכט וואָס ביוֹלאַ וואָלט געזאָגט ווען זיין אויסזען. געטראַכט וועגן איר, אָבער ניט געשריבן צו איר, ניט ווילנדיק אַליין וואָס עס האַלט אים אָפּ פון דעם.

אָפּטמאָל אין די פאַרנאַכטן, נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט, פלעגט ער גיין צום טייך באָדן זיך. ער האָט געפונען פאַר זיך אַ באַזונדער פּלאַץ צווישן די שטיינערנע סקאַלעס, וואו קיינער האָט אים ניט געקאָנט זען; דאָ פלעגט ער זיך אויסטאָן אַ נאַקעטער און אַוועקשווימענדיק ווייט פון ברעג, שניידן די כוואַליעס מיט זיינע לאַנגע שטאַרקע הענט און, אָפּגעבנדיק דעם קערפּער צו די טיפע וואַסערן, לאָזן זיך טראָגן פון זיי, ליגן אויף דעם רוקן און קוקן אויף די שטערן, אויף דעם מילך וועג און טראַכטן, ווי וואונ־דערבאַר, ווי אומבאַגרייפלעך מיסטעריעז די נאַטור איז. אָפט פלעגט ער זען ווי די זון גייט אויף פון דעם טייך, פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן אַ נאַ־קעטער אויף דער סקאַלע, זען די אָפּשפּיגלונג פון זיין קערפּער אין די גע־רונצלטע כוואַליעס; און, פונאַנדערשפּרייטנדיק זיינע הענט שטיין, ווי וואַר־טנדיק, אַז די זון זאָל אַ שמייכלנדיקע אַריינקומען אין זיינע אָרעמס; מיט הויך־אויסגעשטרעקטע הענט און מיט דעם שטייף־אָנגעצויגענעם קערפּער אַ לאָז טאָן זיך, ווי אַ פייל אין די כוואַליעס, און שווימען איר אַנקעגן, דער זון; און אַ פרישער, אַן אָנגעלאָדענער מיט ענערגיע גיין צוריק צו דער פאַרם און שפּילן זיך מיטן הונט, און דערנאָך לאָזן זיך אין פעלד צו דער אַרבעט.

ניט ווייט פון דער פאַרם איז געווען אַ זומער־רעזאָרט. אין דעם רעזאָרט פלעגן זיך באַזעצן די שטאָטישע פרויען, באָדן זיך, באַקן זיך אויף דער זון און שפּילן אין קאָרטן. דער איינציקער טאָג, ווען דער רע־זאָרט פלעגט אויפלעבן איז געווען זונטיק ווען די מענער פלעגן אַרויס־קומען מיט זייערע אויטאָמאָבילן אָפּצורוען זיך און פאַרברענגען מיט זייערע פרויען און קינדער.

אָפט פלעגן פון דעם רעזאָרט קומען צו דער פאַרם פרויען אין ני־קערס, פאַרברענטע און פריילעכע: פלעגן קומען איינקויפן אייער, און מילך, און פּוטער; און, דערזעענדיק בערגן, קוקן אויף אים פאַרגאַפטע, און טאַרען, און קנייפּן איינע די צווייטע, דורכריידנדיק זיך שטילערהייט און קאָקעטירנדיק מיט אים. פלעגט בערג אַריינוואַרפן אַ מאָל אַ וואָרט, אַ פראַזע, וואָס האָט איבעראַשט מיטן אינהאַלט און מיט דער שפּראַך, און זייער נייגעריקייט און אינטערעס צו אים פלעגט נאָך מער צערייצט ווערן. די פאַרם האָט אָנגעהויבן אָפט באַזוכט צו ווערן. דער פאַרמער פלעגט קי־בעצן בערגן, ראָטן אים אויסנוצן די געלעגנהייט. בערג האָט אָבער אַוועק־געמאַכט מיט דער האַנט.

פון די דאָזיקע פרויען האָט זיך איינע, איבערהויפּט, זייער פאַראינטערעסירט מיט אים. און עס איז געווען זיין אייגענע שולד, האָט ער געטראַכט. ער האָט באַדויערט, וואָס דערוויסנדיק זיך, אַז זי לייענט יידיש, האָט ער איר געגעבן צו לייענען זיינע צוויי בראָשורן און דערביי דערמאָנט, אַז ער איז דער אויטאָר. מער האָט ער ניט באַדאַרפט. זי האָט שוין געלאָזט וויסן אַלע פרויען אין רעזאָרט, וואָס פאַר אַ מערקווירדיקן פויגל זי האָט דאָרטן אָנגעטראָפן אויף דער פאַרם. זי, מיסעס בלאַק האָט זי געהייסן, איז געווען אַ נידעריקע, אַ דיקע און אַ באַרעדעוודיקע. און ווען זי פלעגט קומען, פלעגט זי אים פאַרוואַרפן מיט פראַגן און אַלץ באַמיען זיך אַרויסצורופן אים אויף דיסקוסיעס וועגן מוזיק און וועגן קונסט, אין אַלגעמיין. מיט אַלע קרעפטן האָט זי זיך באַמיט אַ שיין צו טאָן מיט אינטעליגענץ און גלייך האָט זי אים געלאָזט וויסן, אַז זי שפּילט פידל. די דאָזיקע פרוי, מיסעס בלאַק, און די איבעריקע האָבן אָפט געבעטן אים צו קומען אין דעם רעזאָרט און געבן אַ פּאָר לעקציעס אין דעם האָטעל וואו זיי האָבן געוואוינט. ער האָט אָבער יעדעס מאָל אָפּגעזאָגט. ניט די דאָזיקע מענטשן, האָט ער דערביי געטראַכט דאַרפן ווערן דער מאַטעריאַל, וואָס זיינע פונקען וועלן אונטערצינדן. ניין, ניט די דאָזיקע מענטשן . . .

*

עס איז אַוועק דער זומער און עס איז אַוועק דער האַרבסט. און ווען עס איז געקומען דער ווינטער, און דאָס פעלד האָט אויף מיילן ווייט געבלענדעט מיט שניי און געפינקלט מיט מיריאַדן בריליאַנטן אין די שטילע־שטילסטע לבנה נעכט, האָט בערג גערוט אין זיין צימער און אָפט געשריבן, און ער האָט באַשלאָסן, אַז איידער ער קומט אַרויס מיט דעם פּלאַן צו די מענטשן, וועלכע ער וועט ווערבירן און וועלכע וועלן זיך דאַרפן פאַרבינדן מיט אים אין אידייע, וויל ער אַליין, צום ערשטן, וויסן און זיין קלאָר אין דעם כאַראַקטער, און אין דעם סטאַטוס, וואָס אַזאַ קאָלאָניע דאַרף מיט זיך טראָגן און מיט די פּראָבלעמען וועלכע זי וועט דאַרפן באַגעגענען און לייזן. ער האָט ניט געוואָלט צוריקפאָרן קיין ניו יאָרק. דאָ אויף דער פרייהייט פון דער נאַטור, איז אויך זיין געדאַנק געווען פרייער און קלאָרער. דאָ האָט ער אינמיטן טאָג געקאָנט אַרויסלאָזן זיך אין פעלד אַריין מיטן וועג צום טייך, אָדער מיטן וועג צום וועלדל און גיין, און באַטראַכטן זיינע געדאַנקען און פּלענער, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעלייגט פאַר זיינע אויגן אויף יעדן אַקער.

דאָ האָט ער געקאָנט אויפכאַפּן זיך באַנאַכט און פּלוצים, אַן אינספּירירטער פון אַ געדאַנק, אַוועקזעצן זיך און שרייבן, אָדער אַרויסגיין אויף דער פּראַסטיקער לופט און שפּאַנען, הערן ווי דער שניי סקריפּעט אונטער

די פיס, זען ווי די שטערן ווינקען צו אים און קוקן אויף דער אַלייע ביימער באַם הויז ווי זיי שטייען ווי ווייסע גרייזן און הערן זיך צו — שווייגן און הערן זיך צו.

דער פאַרמער נאָוואַק, וויסנדיק שוין וועגן זיינע אַספּיראַציעס און פּלענער, האָט אַמאָל אין שפּאַס און אַמאָל ערנסט גערעדט צו אים: — בערג, אייער פּלאַן געפעלט מיר און, לאָמיך אייך זאָגן, ער איז ניט נאָר באַ אייך אין קאָפּ, ער ליגט טאַקע דאַ אַ פּאַרטיקער באַ אייערע פיס. איר זעט מיין פאַרם? אַ מאָדל אַ פאַרמע? האַ, ניט אַזוי? קיין בעסערע פאַרם פאַר אייער קאָלאָניע האָט אַפילו גאָט ניט געקאָנט אייך צושיקן. קריגט די ממ־תקים און מיר וועלן רעדן ביזנעס. — און ריידנדיק אַזוי, פלעגט ער רופן בערגן אַרויסצוגיין און ווידער אַ קוק טאָן אויף דעם פאַרמעגן, וואָס ער אַליין האָט אויך אָפּגעקויפט באַ אַ רייכן איירישמאַן, וואָס איז גאָר געווען אַ ליבהאָבער פון פערד און האָט אָנגעבויעט אויף דעם פאַרם גרויסע מאָ־דערנע שטאַלן, וועלכע ער, נאָוואַק, האָט שוין לאַנג פאַרוואַנדלט אין היי־זער מיט באַזונדערע קאַבינעס, מיט דער אויסרעכענונג צו מאַכן פון דער פאַרם אַ רעזאָרט. און שפּאַנענדיק לעבן בערגן האָט ער אָנגעוויזן.

— איר זעט, דאָ אין דעם הויז "נומער איינס", וואו מיר וואוינען, האָט איר אַ גרויסן זאַל, און אַ גרויסע קיך, און זיבן צימערן — גרויסע, דאָבלטע, אין דעמדאָזיקן הויז אַליין קאָנען וואוינען אַ זיבן פאַרלעך, אָדער אַפילו דריי פאַמיליעס. און דאָרט אין "הויז נומער צוויי", וואָס איז, אמת, איבערגעבויעט געוואָרן פון אַ שטאַל, אָבער צוגעפּאַסט פאַר אַ וואוינונג אַפילו אין ווינטער צייט, דאָרט האָט איר צוויי און צוואַנציק קאַבינעס, גוט פאַר צוויי און צוואַנציק פאַרלעך; און אַז מ'דאַרף קאָנט איר אויך יענע שטאַל איבערבויען פאַר אַן אמתן פּאַלאַץ, ווייל זי איז אינגאַנצן געמאַכט פון ציגל. אין איין וואָך צייט מאַך איך אייך פון אָט דער שטאַל אַ גראַנד־האָ־טעל! און דאָ — האָט ער געהאַלטן אין אָנווייזן מיט דער האַנט — האָט איר אַ גרויסע שטאַל פאַר די קי און דאָרט צוויי גרויסע קאַמערן פאַר הינער און קאַטשקעס, און אין דער דריטער קאַמער דאָרט האָט איר אינקובייטאָרס, — עלעקטרישע און מיט אויל. היינט די תבואה שפּייכלער, און די אַלע מכשירים צו מעלקן די קי, צו מאַכן פּוטער, צו מאָלן דעם גריץ, צו זייערן און צו פּרעזערווירן פּרוכטן און גרינוואַרקס, און אַ פּאַר וואָגן צו וועגן די תבואה און צוויי טראָקס און אַקערס און פּאַרזייערס, און זעגן און העק, און און... און.. צו אַלדע גוטע רוחות, זעט איר דען ניט און האָט איר דען ניט געזען די גאַנצע צייט וואָס פאַר אַ מלוכה איך האָב דאָ? גלייבט מיר, אַז ווען מיין ווייב וואָלט ניט קראַנק געוואָרן פּלוצים, ווי עס האָט גע־טראָפן פּאַראַיאָרן, און ווען זי ליגט ניט אָפּ אין ראָטשעסטער זעקס חדשים צייט, און די דאָקטוירים פרעסן ניט אויף ביי מיר אַ פאַרמעגן, וואָלט איך

שוין היינט געהאַט אַ רעזאַרט פאַר גאָט און פאַר לייטן. טוט אַ קוק, טוט אַ קוק! פון איין זייט אַ וועלדל, פון דער אַנדערער זייט אַ לייק... און אַ פעלד... ביז צו גאָט אין הימל אַריין! איר זעט די קאַלאָניע, ברודערקע, איר זעט?

— איך זע. —האָט בערג געלאַכט. — אָבער אייערע זין, וואָס וועלן אייערע זין זאָגן. ווילן זיי דען פאַרקויפן די פאַרם?

— דעם אמת זאָגנדיק, ווילן זיי ניט. זיי מענטשלען זיך נאָך. אָבער זיי וועלן מוזן. ערשטנס, ווייל זיי גייען ביידע הייראַטן און זייערע ווייבלעך האָבן אויך וואָס צו זאָגן אין דעם ענין. איך ווייס שוין, אַז זיי וועלן ניט באַזעצן זיך אויף אַ פאַרם, כאָטש גיב זיי... דאָס טעלערל פון דעם הימל. וואָס זשע, ס׳פעלט זיי עפּעס אין שטאָט? זיי זיינען, פאַרשטייט איר מיך, אַליין אויך גרויסע פאַרדינערקעס. איינע איז עפּעס אַ סעקרעטאַרשע בא אַ גרויסען ביזנעסמאַן און די צווייטע דאַרטן איז עפּעס אַ מין... כ׳ווייס... אַ גרויסען הוט־שאַפּ האָט זי ערגעץ אויף אַן עוועניו, זאָגט מיין זון. נו, דאַרפן זיי אַ פאַרם? דאָס איז ערשטנס. צווייטנס, אַז מיינע זין ווילן דאָ ניט זיין, אַז זיי ווילן גאָר עפּענען אַ פאַבריק פון כעמישע שטאָפן פאַר באַ־מיסטיקן די פעלדער, וואָס זשע וועט זיין מיט מיר? זאָל איך און מיין ווייב פירן די פאַרם אויף די עלטערע יאָרן? וואָס זאָגט איר.

— וואָס דען קאָנט איר טאָן? — האָט בערג געפרעגט.

— וואָס איך וועל טאָן? אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן. איך מיט מיין ווייב וועלן "רעטיירן". מיר וועלן זיך קויפן אַ קאָטעדזשל אין פילאַ־דעלפיאַ און מיר וועלן זיצן אויף גרייטן. בישקשה, ס׳וועט נאָך סטייען. אָבער צו וואָס רייד איך צו אייך, צו אַ קבצן?... וואו איך בין עס שוין פאַר־פלויגן מיט מיין פאַנטאַזיע — אויף אייער קאָלאָניע, כע־כע.

אַזוי האָט גערעדט דער פאַרמער און זיינע ווערטער, און די פאַרם אַליין מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און מיט דעם גאַנצן מאָדערנעם אינווענ־טאַר, דאָס אַלעס האָט בערג געגלויבט איז אים צוגעשיקט געוואָרן פון דעם שיקזאַל אַליין. דאָס אַלעס האָט געווירקט אויף בערגן ווי שטאַרקער ווייַן און ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ דערהויבענער שטימונג, געשריבן, גערעכנט, פּלאַנירט און האָט שוין געהאַט אַ צוגעגרייטן פאַרטיקן סטאַ־טוס און אַ פאַרטיקע פּראָגראַם פאַר דער צוקונפטיקער קאָלאָניע — אַלעס חוץ דעם קאַפּיטאַל און חוץ די קאָלאָניסטן.

/

דער ווינטער האָט שוין געהאַלטן באַם פאַרגייען, ווען בערגן האָט מיט אַמאָל אָנגעכאַפּט אַ דראַנג צום פאָרן קיין ניו יאָרק. עס האָט זיך אים ווידער פאַרגלוסט צו זען מענטשן, צו הערן דעבאַטן, צו זען די ליכטיקע עוועניוס און הערן דעם ניו־יאָרקער טומל, ברום און גערויש. און איבער־

הויפּט האָט זיך אים געוואָלט זען די מוטער, וועלכע האָט אים געשריבן, אַז ס'איז שוין צייט פאַר אים אַריינצוקומען, זי זאָל אַ קוק טאָן אויף אים ווי ער זעט אויס. איז ער אַוועקגעפאָרן קיין ניו יאָרק.

ער האָט געטראָפן די מוטער אַ שוואַכע און אַ קראַנקע. זי האָט זיך געפרייט מיט אים און ניט אָפּגעלאָזט פון זיך. האָט ער די ערשטע עטלעכע טעג פאַרבראַכט מיט איר. אויף דעם דריטן טאָג פון זיין אָנקומען קיין ניו יאָרק, האָט ער באַשלאָסן צו באַזוכן ביולאַן און איר מוטער. אָבער ווען ער איז געקומען צו זייער הויז, האָט ער אויסגעפונען, אַז זיי וואוינען שוין ניט דאָרט און קיינער האָט אים ניט געקאָנט זאָגן וואוהין זיי האָבן זיך אַרויסגעצויגן. אין דעם דאָזיקן טאָג איז זיין שטימונג און זיין ענטוישונג געווען טיפער און טונקעלער.

דאָס ניו יאָרקער לעבן האָט אים שוין מער ניט באַרוישט. עפּעס אַן ענטוישונג איז אים די גאַנצע צייט נאָכגעגאַנגען. ער האָט געפילט ווי אַרום און אַרום שוועבט אַ נערוועזיטעט, און אַן אָנגעשטרענגטקייט און אַ פאַרביטערטקייט, כאָטש דער געקלאַנג פון געלד האָט פאַרקלונגען אַלעס אַרום, כאָטש די מענטשן זיינען געוואָרן דאָ און דאָרט רייך איבער־נאַכט און מ'האָט געקויפט "גאָלד באָנדס" און מ'האָט געשניטן קופּאָנען, און מ'האָט פאַרבראַכט אין "ספּיק איזיס" און מ'האָט געטרונקען פאַר־סמטן שנאַפּס און מ'האָט געטאַנצט דעם "טשאַרלסטאָן" אונטער די שיסע־רייען און מערדערייען פון גענגסטערישע באַנדעס, וואָס האָבן זיך גע־מערט ווי גיפטיקע שוואָמען אונטער אַ רעגן.

בערג האָט זיך געזען מיט קראָפּקינען. געטראָפן אים אַ שווייגנדיקן, און עפּעס אַן ענטוישטן. איז בערג אַוועקגעגאַנגען פון אים אויך אַן ענ־טוישטער. ער האָט געזוכט מענטשן צו וועלכע ער וואָלט געקאָנט ריידן און אַנטפּלעקן זיינע טרוימען און פּלענער וועגן אַ קאָלאָניע, אָבער מיט וועמען ער האָט גערעדט, האָבן זיי אים אויסגעהערט שווייגנדיקע, ניט פאַראינטע־רעסירטע, און די דאָזיקע וועלכע האָבן אויפגעפלאַמט מיטן גייסט פון אונטערנעמונג האָבן גאָר פאַרקירעוועט דעם געשפּרעך צו קאָאָפּעראַטיווע הייזער, טאַקע אין ניו יאָרק, און טאַקע אין אַ שיינעם געגנט; אָט דאָס, האָט ער געהערט, איז אַן ענין; אַרבעטער האָבן געלט, יידן ווילן לעבן צו־זאַמען אין קאָאָפּעראַטיווע הייזער, מיט אַן אייגענער שול, מיט אַן אייגענעם זאָל פאַר לעקציעס, מיט אייגענע פּאָליסאַדניקעס, דאָס איז אַן ענין. האָט בערג גערעדט וועגן אַ קאָלאָניע און די מענטשן וועגן הייזער, ביז בערג האָט באַשלאָסן, אַז ער מוז ווידער באַטראַכטן ווי אַזוי צוצוגיין צום ענין, ווי אַזוי צוצוקומען צו די יידישע אַרבעטער און האָרע־פּאַשניקעס מיט זיין פּלאַן.

איילן זיך טויג ניט. עס איז דאָך ניט אַ פּראָיעקט וואָס מוז גלייך גע־

בוירן ווערן — וועט ער וואַרטן. דער טשאַד פון ״ריל עסטייט״ און פון ״לאַטס״ מוז פריער אויסגעלופטערט ווערן און ווען די לופט וועט ווערן ריינער, וועט מען דערהערן זיין וואָרט. וועט ער וואַרטן.

אין די דאָזיקע טעג האָט ער זיך באַקאַנט מיט דעם ״דאָקטאָר״. פאַר־וואָס מ׳האָט דעם נייעם באַקאַנטן זיינעם גערופן ״דאָקטאָר״ האָט קיינער ניט געוואוסט און קיינער האָט אויך קיינמאָל ניט געפרעגט. אָבער אַ מאָד־נער מענטש איז ער געווען דער ״דאָקטאָר״ און בערג האָט זיך פאַראינטע־רעסירט מיט אים. עס איז אים געפעלן געוואָרן אין אים זיין באַהעמישע אינדיווידואַליטעט, זיין גרויסע ערודיציע אין דער ליטעראַטור און אין דער געשיכטע פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, איבערהויפּט. ער איז געווען אַ קרומער דער ״דאָקטאָר״ און שטענדיק געטראָגן מיט זיך אַ שטעקן. פון וואָס ער האָט געצויגן זיין חיונה האָט אויך קיינער ניט געוואוסט, אָבער שטענדיק האָט ער ליב געהאַט צו מכבד זיין אַנדערע מיט קאַווע. צו בערגן איז ער צוגעשטאַנען, ווי דערפילנדיק אין אים אַ נאָענטן, פון זיין מין מענטשן און בערג האָט אין דידאָזיקע טעג געזוכט אַט דעם מין מענטשן — מענטשן פרייע אין גייסט און פרייע אין טאַט.

בערג האָט אים אַ פּאָר מאָל באַזוכט אין זיין צימערל, וואָס האָט זיך פאַרשטופּט ערגעץ אויף דעם פּופּצענטן שטאָק צווישן די הימלקראַצערס אין דעם דאַון טאַון געגנט. געקראָגן האָט ער דאָס צימערל כמעט אומ־זיסט פון זיינעם אַן אַמאָליקן חבר, וועלכער איז רייך געוואָרן און האָט גע־האַט אַ גרויסן שאָפּ אין דער זעלבער געביידע. דער חבר זיינער, האָט דער דאָקטאָר דערציילט בערגן, איז געווען פון די אַלטע אַנאַרכיסטן און גע־גלויבט האָט ער אין אַבסאָלוטער פרייהייט, ווי זי זאָל זיך ניט אויס־דריקן. די פרייהייט האָט לויט זיין אַנאַרכיסטישן שטאַנדפּונקט בעדאַרפט זיין אומבאַגרעניצט סיי פאַר דעם קאַפּיטאַליסט, סיי פאַר דעם אָרעמאַן, מיט איין וואָרט, זיין קאָנצעפּציע וועגן פרייהייט איז מיט דער צייט און מיט דעם דערפאָלג זיינעם פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין דזשאַנגל פרייהייט: נעם וואָס דו קאַנסט און ווי אַזוי דו קאָנסט; דו האָסט דיזעלבע מעגלעכ־קייטן ווי איך און מיט אַלע מיטלען און געלעגנהייטן, וואָס דאָס פרייע לאַנד אַמעריקע גיט דיר. יאָ, האָט דער דאָקטאָר קאָמענטירט, אַט אַזוי ווערן פאַרקריפּלט די קאָנצעפּציעס וועגן פרייהייט. פרייהייט ווערט אַ כאַמע־לעאָן, וואָס נעמט אָן דעם אָדער דעם אַנדערן קאָליר לויט די אומשטענדן. דאָס איינציקע וואָס דער פריינט זיינער האָט פאַרגעסן צו נעמען אין אַכט אין זיינע דעפיניציעס, וועגן פרייהייט, איז געווען גערעכטיקייט. גערעכ־טיקייט האָט ער אויסגעשלאָסן, ווייל זי האָט זיך ניט אַריינגעפּאַסט אין דער דזשאַנגל־פילאָזאָפיע.

— איר זעט אַט דעם הימל־קראַצער? האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

— לויט די כללים פון גערעכטיקייט, וואָלט אַט דער הימלקראַצער געקאָנט זיין מיינער, פונקט ווי זיינער — האָב איך אָבער אין אים בלויז אַ צימערל. די מעשה פון דעם איז אַן אַלטע אָבער אַ באַלערנדע: מיר האָבן ביידע געלערנט אין דעם זעלבן קאָלעדזש, מיר זיינען ביידע געווען גרויסע קבצנים און מיר האָבן ביידע ליב געהאַט איינע און דיזעלבע מיידל. איך האָב זי ליב געהאַט פאַר אירע מעלות, ער האָט זי ליב געהאַט פאַר איר רייכקייט. און די מיידל האָט אונדז דאַכט זיך ביידן ליב געהאַט, אָבער זי האָט ניט געוואוסט, ווי בורידאַנס אייזל פון וועלכן סטויג היי צו עסן. נו, דער אייזל איז געשטאָרבן פון הונגער און זי וואָלט פון הונגער, פאַרשטייט זיך, ניט געשטאָרבן און וואָלט קיין אַלטע מויד ניט געבליבן, אָבער דאָס לעבן איז פול מיט זינלאָזע טריקס. דאַכט זיך דאָס לעבן און די נאַטור איז דאָך געפירט מיט אַזאַ געטלעכער אַלצפאַראויסזעענדיקער לאָגיק און דאָך ווערט די גאַנצע לאָגישקייט און די גאַנצע געטלעכקייט צעשטערט צוליב אַ נאַרישן זינלאָזן צופאַל. האָט טאַקע די געטלעכע לאָגיק געפירט מיך אַראָפּצופאַלן אין סאָבוויי פון די טרעפּ און צעברעכן זיך אַ פוס? האָט עס טאַקע דאָס געטלעכע לעבן אַזוי גוט אויסגערעכנט עס, אַז איך זאָל זיך צעברעכן אַ פוס און ער מיין חבר זאָל הייראַטן מיטן מיידל און מיט צוויי יאָר שפּעטער ירשענען פון דעם שווער אַט דאָס הימלקראַצערל? פרעג איך אייך? ס'איז דאָך דאַכט זיך אַזאַ פּשוטע און נאַרישע מעשה פון מיין לעבן, אָבער וואָס איז נאַרישער די מעשה צי דאָס לעבן? כאַ־כאַ־כאַ!

בערג האָט געלאַכט צוזאַמען מיט אים און אויב די מעשה פון דעם "דאָקטאָרס" לעבן, ווי ער האָט זי דערציילט, האָט ניט געקאָנט שטאַרק פאַראינטערעסירן מיט דעם אינהאַלט, האָט זי דאָך געוואָרפן אַ זייטיקע בלויע שיין אויף דעם "דאָקטאָרס" קוק אויף דעם לעבן און ער האָט טאַקע גלייך צוגעגעבן:

— ווי איר זעט מיין פריינט, האָב איך פון אַט דערדאָזיקער פאַסירונג אין מיין לעבן געלערנט אַט וואָס: ערשטנס, אַז עס האָט ניט קיין זין צו פּלאַנירן דאָס לעבן מיט זין, ווייל סיי דער זין און סיי דער אומזין זיינען גלייכע מיוחסים באַם אויבערשטן, און צווייטנס... צווייטנס האָב איך מער קיינמאָל ניט געהייראַט, ניט ווייל איך האָב פאַראַכטעט פרויען, ניין... פרויען געפעלן מיר, אַמאָל געפעלן זיי מיר זייער און זייער, אָבער, לאַכט ניט... כ'האָב דערזען, אַז אין אונדזער עקזיסטירנדער סאָציאַלער סיסטעמע פון לעבן, אויב מ'גלייבט טאַקע אין אמתער אינדיווידועלער פרייהייט און אויב מ'וויל רעספּעקטירן אַט די געמיינשאַפטלעכע פרייהייט, טאָר מען ניט הייראַטן, ווייל הייראַט אונטער אונזערע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדן איז שקלאַפעריי. דריטנס, קיין דאָקטאָר בין איך ניט געוואָרן,

כאָטש מ׳רופט מיך דאָקטאָר. און איך מאַך אַ לעבן פון טוריסטן... איך קאָן ניו יאָרק, ווי איך קאָן מיינע צען פינגער, אַרבעט איך פאַר אַ טור־ריסטן־קאָמפּאַניע, פאַר אַרום אין די באָסעס און דערצייל נסים ונפלאות וועגן ניו יאָרק... איך מוז אָבער מודה זיין: איך אַרבעט בלויז ווען עס פעלט מיר אויס אַ פּאָר סענט, מאַך אַ פּאָר טאָלער, נעם איך זיך אַ וואַ־קאַציע. און זיץ אין דער קאפּע אָדער דאָ באַ זיך און איך פיר מיר אַ באָ־העמישן לעבן.

דעם דאָקטאָרס צימערל האָט אָפּט געזען בערגן, אפילו ווען דער ״דאָקטאָר״ איז ניט געווען אינדערהיים. די טיר האָט ער שטענדיק געלאָזט אָפן און ווער ס׳האָט געוואָלט האָט געקאָנט אַריינקומען. און בערג אין זיי־נע שטימונגען האָט גראַדע ליב געהאָט דאָס פאַרוואָרפענע אינטימע ווינקל, וואו ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ גאַנצער קאָלעקציע פון ביכער אי־בער אַלע געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגן.

אָפט פלעגט ער פאַרברענגען מיטן ״דאָקטאָר״ אין די קאַפעען ביז שפּעט אין דער נאַכט און ער האָט אים געלאָזט ריידן, ריידן אָן אַ שיער וועגן אַלץ אין דער וועלט. אַזוי איז פאַרבונדן געוואָרן און פאַרקנופּט גע־וואָרן אַ באַזונדערע פריינטשאַפט צווישן אים און דעם ״דאָקטאָר״.

און ווען ער האָט געזען, ווי דאָס געזונט פון דער מוטער פאַרבעסערט זיך; און דאָס אַרומיקע לעבן האָט מיט גלייכגילטיקייט און מיט סנאָבישער אַראָגאַנץ געטראָגן זיך פאַרביי, האָט ער באַשלאָסן צוריקפאָרן צו דער פאַרם און, ניט זעענדיק זיך מיט קיינעם חוץ דער מוטער איז ער ווי־דער אַוועק און פאַרשוואונדן פון ניו יאָרק.

*

עס איז אַוועק דער פרילינג און עס איז אַוועק דער זומער און עס איז אָנגעקומען דער האַרבסט מיט דעם גערוך פון היי אויף די פעלדער, מיט די סטייעס פייגל אין דעם הימל, מיט דעם שוואַרצן וועלדל אינדערווייטנס און מיט די גרויע קאַלטע אָקטאָבער טעג. און אין איינעם פון די דאָזיקע טעג האָט בערג דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע, אַז זיין מוטער איז זייער קראַנק און אַז ער זאָל גלייך קומען קיין ניו יאָרק.

און ווען ער איז אָנגעקומען קיין ניו יאָרק, איז שוין די מוטער גע־ווען טויט. די ערשטע טעג און וואָכן האָט דאָס טרויער געפיל, און די פרעמדקייט אין דעם האָטעל, און די אַלגעמיינע אָפּגעריסנקייט פון מענטשן און פון שטאָטישער אַקטיוויטעט, געהאַלטן אים אַ צעשרויפטן און אַ שווייגנדיקן, ער האָט זיך ניט געקאָנט געפינען קיין אָרט. פאָרן צוריק אויף דער פאַרם האָט ער שוין ניט געוואָלט. ער האָט געוואוסט, אַז דער־ווייל האָט ער שוין ניט וואָס צו טאָן דאָרט אין דעם אָנקומענדיקן ווינ־

טער האָט ער זיך ווידער אַריינגעלאָזט אין לייענען און אין איינזאַמע שפּאַ־צירן איבער דער שטאָט.

עס זיינען אַוועק נאָך אַ פּאָר וואָכן און די אומעטיקייט און די טע־טיגלאָזיקייט איז פּאַר אים געוואָרן אונטערטרעגלעך. האָט ער ווידער אָנ־געהויבן צו באַווייזן זיך אין געזעלשאַפטלעכע ליטעראַרישע און קינסטלע־רישע קרייזן, און ווידער האָט מען אָנגעהויבן צוציען אים צו רעפעראַטן, צו סימפּאָזיומס און דעבאַטן. ער איז אָבער דאָס מאָל געקומען מיט דעם פּולן באַוואוסטזיין פון זיינע אויסגעקריסטאַליזירטע אידייען און אָנשוי־אונגען. ער האָט געוואוסט קאָנקרעט וואָס ער וויל, וועגן וואָס ער רעדט און צו וואָס ער רופט. זיין אייגענע אַנאַרכאָ־קאָמוניסטישע טעאָריע האָט ער שוין ניט פאָרמולירט מיט אַבסטראַקטע דאָגמעס בלויז, נאָר מיט פּראַק־טישע פּלענער און פּראָיעקטן — מיט דעם הויפּט פּראָיעקט פון אַ קאָמו־נאַלער קאָלאָניע. אָבער אַפילו זיין קלאָרער, ניכטערער און פּראַקטישער צוגאַנג האָט נאָך ניט געפונען גענוג אָנהענגער. צוליב דער רעפּוטאַציע וואָס ער האָט געשאַפן אַרום זיך — די רעפּוטאַציע פון אַן אידעאַליסט אַ טרוימער, וואָס איז מער נשמהדיק, ווי גופ׳דיק. און אַפילו זיין בייער פריינט דער ״דאָקטאָר״ האָט איינמאָל באַ אַ רעפעראַט דערלויבט זיך אָפּ־צולאַכן אַביסל פון דעם נייעם ״פּראָפעט״ ווי ער האָט אָנגערופן בערגן און ער האָט געזאָגט, אַז בערג האָט גענומען פון יעדער פּאַרטיי די אידע־אַלסטע, דיסטילירטע עסענץ און האָט עס פאַרוואַנדלט אין אַ שפּאָגל נייעם רעצעפּט. ער צווייפלט אָבער, צי עמיצער פון די יידן וועט וועלן איינשטעלן און אָננעמען דעם הייל־מיטל, וואָס איז ניט פּאַטענטירט באַ אַ גרויסער פירמע. אָבער בערג האָט אים געענטפערט, אַז אַפילו גרויסע פירמעס האָבן אָפט גרויסע שוועריקייטן מיט זייערע רעצעפּטן און מיט זייערע פּאַציענטן. וואָס איז שייך דעם פריינט זיינעם דעם דאָקטאָר, ווייסט ער, אַז ווען עס וועלן זיך באמת עפענען די טויערן צו דער פאַרווירקלעכונג פון פּראָיעקט, וועט ער, דער דאָקטאָר, זיין דער ערשטער אַריבערצוטרעטן די שוועל.

ערגעץ וואו, האָט בערג געפילט, הייבן אָן מענטשן צוצוהערן זיך צו אים ניט בלויז מיט פּוסטן אינטערעס, נאָר טאַקע מיט אַ קוק אויף תכלית. ערגעץ וואו, האָט ער געוואוסט, רעדט מען וועגן אים, וועגן זיינע פּראָ־יעקטן און טרוימען. מ׳דיסקוסירט עס און מ׳הייבט עס אָן באַטראַכטן פון דער פּראַקטישער זייט, מיט דעם ספּעציפיש אַמעריקאַנעם צוגאַנג און קוק אויף ״ביזנעס״. האָט ער גערעדט, פּראָפּאַגאַנדירט און געהאָט געדולד.

אויף איינעם פון זיינע רעפעראַטן האָט זיך בערג באַקאַנט מיט אַ יידישער לערערין, ביטריס לעווין. זי איז געקומען צו דער לעקציע מיט קראָפּקינען און, דערזעענדיק בערגן, איז זי געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפּטע.

עפּעס אין בערגן, האָט זי געזאָגט קרופּקינען, האָט זי אויפגעהויבן ווי אויף פליגל און פאַרטראָגן צו עקזאָטישע און עקסטאַטישע טרוימען. און אויף דעם צווייטן טאָג פון דער לעקציע איז זי, צו בערגס איבעראַשונג און פאַר־לעגנהייט, געקומען באַזוכן אים. זי האָט זיך ניט געקאָנט באַהערשן, האָט זי געזאָגט, — האָט זי אויסגעפונען זיין אַדרעס און איז געקומען. ער איז דערדאָזיקער, נאָך וועלכן זי האָט דאָס גאַנצע לעבן אירס געבענקט, ניט ווייסנדיק וואו און ווי אַזוי זי וועט אים אַמאָל באַגעגענען. זאָל ער ניט קוקן אויף איר ווי אויף אַ צעדולטער, ווי אויף אַ צוטשעפעניש, — ער וועט זיך מיט איר נענטער באַקאַנען, וועט ער זיך איבערצייגן, אַז די געוואָגטקייט אין איר איז מער אַ מעלה, ווי אַ חסרון. זי איז ניט קיין היפּאָקריט און זי וויל ניט זיין קיין שקלאַף, ניט צו זיך אַליין און ניט צו יענעם .זי וויל ווערן זיין חבר און פריינט.

האָט ער געקוקט אויף איר אַ צעטומלטער און האָט געשמייכלט: זי קאָן זיין זיין חבר און פריינט, אויב זי וויל, כאָטש ער ווייסט ניט, איי־גנטלעך, אין וואָס די חברשאַפט און פריינטשאַפט דאַרף זיך אויסדריקן. האָט זי קלוג געשמייכלט, שטאַרק געדריקט זיין האַנט און איז אַוועקגע־גאַנגען. אויפן צווייטן טאָג איז זי ווידער געקומען און אויפן דריטן טאָג ווידער.

ביטריס לעווין איז אַלט געווען ניין און צוואַנציק יאָר. זי האָט עמי־גרירט מיט אירע עלטערן פון פוילן גלייך נאָך דער וועלט־מלחמה, באַזעצט זיך אין ניו יאָרק און איז מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער געוואָרן אַלערערין אין אַ יידישער שול. קיין מיאוסע איז זי ניט געווען און זי וואָלט אפילו גע־קאָנט הייראַטן מיט קרופּקינען ווען זי וואָלט געוואָלט. זי האָט געוואוינט אין דעם זעלבן אַפּאַרטמענט הויז וואו ער, פלעגט אָפט טרעפן זיך מיט אים און דיסקוטירן וועגן געזעלשאַפטלעכע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. די אַר־גומענטן פלעגן אָפט איבערגיין אין הייסע צעזאַמענשטויסן און אין פּערזענ־לעכע אָנפאַלן אויף אים פון איר זייט. דאָך איז זי אים געפעלן געוואָרן. ס'איז אים געפעלן געוואָרן אין איר די עקסצענטרישקייט, די געוואָגקט־קייט פון איר פראַזע און טאַט.

מיר וואָלטן געקאָנט ווערן מאַן און ווייב קרופּקין. — האָט זי צו אים איינמאָל פלוצים אַ זאָג געטאָן און האָט פאַרענדיקט: — ווען איך וואָלט אייך ליב געהאָט.

און די פּראַזע איז געווען ווי אַ פּונק. דער פונק האָט געטליעט און אים מיט האָפנונג. און זי האָט עס געוואוסט. זי האָט אויך געוואוסט, אַז ער האָט אַ סך מעלות אַט דער קרופּקין, — האָט זי געהאַלטן אַן אויג אויף אים. דאָס לעבן, — האָט זי פילאָזאָפירט, — טוט אָפּ שפּיצלעך און מ'טאָר קיינמאָל ניט זיין זיכער מיט זיך.

זי איז שוין עטלעכע מאָל געווען פאַרליבט, אָבער אין מענער וועלכע זי האָט קיינמאָל ניט געקאָנט דערגרייכן. צום ערשטן אין אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט זי ניט געקאָנט אַפילו און האָט קיין אַהנונג ניט געהאַט וועגן דעם; דערנאָך האָט זי זיך פאַרליבט אין אַ באַרימטן שרייבער, וועלכער האָט איינמאָל באַזוכט איר שול און האָט געקוקט אין אירע שמייכלענדיקע אויגן מער וויפל ס'איז נייטיק געווען; און צום סוף — אין בערגן. און דאָס מאָל האָט זי זיך איינגעקלאַמערט אין איר ליבע־קאָמפּלעקס מיט די "ציין און נעגל", ווי זי האָט אַליין דערנאָך געזאָגט בערגן. זי איזווירקלעך געווען פאַרליבט אין אים. און כאָטש ער האָט זיך פון דעם ערשטן טאָג אָן געהאַלטן פונדערווייטנס, ווי אָפּגעצוימט מיט עפּעס אַ סוד און כאָטש זי האָט געזען און געוואוסט, אַז די געשלעכט פּראָבלעמען פאַרנעמען ניט ביי אים קיין באַזונדערן פּלאַץ דאָך האָט זי געגלויבט אַז ווי ווייט ער זאָל ניט זיין פון די נאַטירלעכע אימפּולסן און ווי ער זאָל ניט פילאָזאָפירן, וועט דאָס עמאָציאָנעלע און דאָס געשלעכטלעכע סוף כל סוף געפינען דעם וועג. זי האָט פאַרבראַכט מיט אים גאַנצע טעג און נעכט און ער איז, ניט ווי־סנדיק אַליין ווי אַזוי, צוגעוואוינט געוואָרן צו איר, צו אירע רייד און צו אירע וועגן. זי האָט אָבער ניט דערוועקט אין אים די געפילן, וואָס ביולא האָט דערוועקט. זי האָט פּרובירט אַריינצודרינגען טיפער אין זיין נשמה און אין זיין פאַרגאַנגענהייט, ער איז אָבער געבליבן פאַרשלאָסן אין זיך. און די פאַרשלאָסנקייט זיינע האָט זי געמאַטערט. ער האָט געקאָנט שטונדנלאַנג ריידן וועגן אַבסטראַקציעס, וועגן אַנאַרכיזם און קאָמוניזם, וועגן זיין אי־דייע־פיקס — די קאָלאָניע, אָבער קיינמאָל ניט וועגן זיך אַליין, וועגן זיין אייגענעם לעבן. זי האָט געוואוסט, אַז ער איז געווען פאַרוואונדעט אין דער מלחמה; זי האָט געוואוסט, אַז ער האָט געוואוינט אויף אַ פאַרם — און דאָס אַלעס. זיין אידייע וועגן דער קאָלאָניע האָט זי ניט באַגייסטערט און זי האָט געוואָלט פאַרבלייבן אין״שטאָט אַ לערערין. זי האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז אויב ער גרינדעט די קאָלאָניע און גייט אַוועק, וועט זי אים נאָכגיין.

*

דער ווינטער האָט שוין געהאַלטן באַם פאַרגייען און עס האָט זיך שוין דערנערטערט דער פרילינג. בערג איז אַרומגעגאַנגען אַ נערוועזער און אַ באַאומרואיקטער. ער האָט געוואוסט, אַז אויב ער וועט ניט צוטרעטן צו ממשותדיקער אַרבעט, וועט די אידייע זיינע אינגאַנצן צעשוואומען ווערן, וואָרן מיט אַבסטראַקציעס און מיט לעקציעס קאָן מען קיין קאָלאָניע ניט בויען. ס'איז צייט געווען אָנצוהייבן די אַרבעט, ווי מ'הייבט אָן אָן אַר־בעט, ווען זי שטייט אַ פּאַרטיקע און וואַרט. מענטשן האָבן געהאַט געלט; און אומעטום האָט מען נאָך אַלץ געפירט געשעפטן, געבויעט הייזער, גע־

קויפט און פאַרקויפט לאַנד אין דער שטאָט, און אַרום דער שטאָט, אין די פעלדער, וועלדער און אפילו אין די זומפּן. "ריל־עסטייט ביזנעס" האָט געבליט און געוואַקסן. דער פיבער פון קויפן און פאַרקויפן האָט אַרומגע־כאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד; ווי אין צעשמאָלצענעם גאָלד האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די פאַרבייגייענדיקע וואָקכאַנאַליע פון דער נאָך מלחמהדיקער "פּראָספּערי־טי", וואָס האָט זיך געטראָגן הפקרדיק און איז געקראָכן אויף די, איבער־נאַכט אויסגעוואַקסענע, הימלקראַצערס אין דעם פאַרשייטן, מיט גאָלד פאַר־קלונגענעם חלום. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַזוי וועט שוין אייביק זיין און אַזוי וועט עס שוין פאַרבלייבן. אָט דער עקאָנאָמישער צושטאַנד אין לאַנד האָט אין אַ געוויסן זין געווירקט, אַז דער אינטערעס צו בערגס פּראָיעקט זאָל ענדלעך אָנהייבן שטייגן, איבערהויפּט ווען בערגן איז מיט־אַמאָל איינגעפאַלן אַ געדאַנק: ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין אָנקל דעם "ריל עסטייט בראָוקער" סעמיועל בערג. איצט, אַז ער האָט שוין געהאַט אויף זיין צעטל אַ זעקס און צוואַנציק מענטשן, וועלכע זיינען געווען גרייט צוצושטיין צו דער קאָלאָניע, איצט איז די צייט צו זען דעם רייכן אָנקל, פאַראינטערעסירן אים אין פּראָיעקט און פאַרשלאָגן אים, אַז ער זאָל טיילווייז פינאַנסירן די אונטערנעמונג. און אַזוי האָט בערג געטאָן. ער איז געפאָרן זען דעם אָנקל.

דער אָנקל האָט אים אויפגענומען מיט רעש און געפילדער; גע־קיבעצט אַביסל וועגן זיין באָרד און דערנאָך, ווען זיי זיינען שוין צוגע־טראָטן צום ענין, האָט ער אויסגעהערט בערגן, צוגעשאָקלט צו יעדן פּונקט מיטן קאָפּ און ענדלעך אַ זאָג געטאָן:

— ווען די דאָזיקע פאַרם שטייט דאָ אין שטאָט, וואָלט איך גלייך גע־געבן געלט. מיר וואָלטן געבויעט אַפּאַרטמענט הייזער און ס'וואָלט געווען אַלרייט. אָבער אַזוי... וואָס דאַרף איך קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין קראַנקן בעט אַריין? וואָס זשע, איך דאַרף פאַרזאָרגן די אחינו בני ישראל? באַ מיר ביזנעס איז ביזנעס. פאָלג מיך: איך וועל דיר געבן אַביסל געלט און עפן אויף אַ פּאַר־שאָפּ און ווער אַ מענטש. און יאַ... פאַרגעס ניט אָבצוגאָלן די באָרד. דאַרפסט טאַקע, אַז די גוים זאָלן טייטלען אויף דיר מיט די פינ־גער און באַכשרייען "שיני"?

בערגן אַז ניט געפעלן געוואָרן דעם אָנקלס וויצלען זיך, האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו דערקלערן אים דעם ענין, אָבער דאָס מאָל איז אים איינגעפאַלן צו דערציילן אים וועגן נאַוואַקס פּלענער צו מאַכן אַ רעזאָרט פון דער פאַרם און, מאָלנדיק דעם לייק, און די הייזער נומער איינס, און נומער צוויי, און אויך נומער דריי, וואָס האָט געקאָנט אין דער צוקונפט פאַרוואַנדלט ווערן שיער ניט אין אַהאָטעל פון זעקס און דרייסיק צימערן, האָט דער אָנקל גענומען צוהערן זיך מיט מער אינטערעס און צום סוף

אַ זאָג געטאָן:

—ווייסטו וואָס, לעאָן? מיר פאָרן אַ קוק טאָן אויף דיין פאַרם.

און אין אַ פּאָר טעג אַרום אין אַ אַ קלאָרן פרימאָרגן, זיינען זיי אַרויס־געפאָרן אין דעם אָנקלס מאַשין צו נאַוואַקס פאַרם און, אַ באַצויבערטער פון דער באַלעבאַטישקייט, האָט דער אָנקל, שוין אויף דעם וועג צוריק, גע־זאָגט צו בערגן:

— ער ווייסט ניט וואָס ער טוט, דער יאָלד. ס'איז אַ קעניגרייך און מיר וועלן דאָ שאַרן גאָלד מיט לאָפּעטעס.

און דאָ האָט בערג ווידער אַמאָל אָנגעהויבן איינצוטיינען מיט דעם אָנקל און אָפּעלירן צו זיין יידיש האַרץ, צו דעם יידישן שטאָלץ און צו די גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס אַפילו אַ קאָלאָניע קאָן שאַפן; הייַנט, דער נאָ־מען, וואָס ער וועט קריגן אין די קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכ־קייט... דער סוף איז געווען, אַז דער אָנקל האָט איבערגעגעבן אַלעס אין בערגס הענט און דאָס איינציקע, האָט ער געזאָגט, מיט וואָס ער וועט זיך באַוואָרענען, זיינען עס די קאַנדידציעס וועגן די "מאַרטגיידזשעס", וועלכע ער האָט געוואָלט אויסאַרבעטן צוזאַמען מיט נאַוואַקן. אין דערזעלבער צייט האָט ער אָבער אויך געוואָלט זיין פאַררעכנט אַלס מיטגליד פון דער קאָלאָניע, מיט אַלע רעכט אויף די פּראָפּיטן, וואָס די אונטערנעמונג וועט באַווייזן. מיט דעם האָט זיך דעם אָנקלס אַרבעט דערווייַלע פאַרענדיקט און בערג קריגנדיק אַ פרייע האַנט און אַ דערהויבענער אין גייסט, האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט זיין גאַנצן ברען און ענערגיע.

אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך אויך פאַרבונדן מיט אַ פּאָר אַגרי־קולטור געזעלשאַפטן, פּרובירנדיק צו פאַראינטערעסירן זיי מיט זיינע פּלע־נער, אָבער ווען זיי האָבן זיך באַקאַנט מיט זיין קאָמונסיטישן סטאַטוס, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט צו שטיצן די אונטערנעמונג, ווייל יורידיש איז עס ניט געווען צוגעפּאַסט צו זייערע אינטערעסן און צו זייער טעטיקייט. דאָס האָט ניט ענטוישט און ניט ענטמוטיקט בערגן. ער איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט, ווערבירט מיטגלידער, לעגאַליזירט אַפּליקאַציעס, געהאַלטן באַ מיטינגען, און פירנדיק די פאַרהאַנדלונגען מיט נאַוואַקן געפאָרן אָפט צום פאַרם. ער האָט זיך אויך פאַרבונדן מיט קרופּקינען און צוגעצויגן אים צו דער אַרבעט; און אַפילו דעם "דאָקטאָר" און אויך ביטריסן האָט ער אַריינגעצויגן און אָנפאַרטרויט מיט געוויסע פונקציעס און מיט "ביור־ראָקראַטישער" אַרבעט, ווי דער "דאָקטאָר" האָט עס אָנגערופן.

פונקט אין דער דאָזיקער צייט, איינמאָל אין אַ אָוונט נאָך אַ מיטינג, ווען ער איז שוין געווען גרייט אַהיים צו גיין, איז ביולאַ פּלוצים צוגעקומען צו אים, אויסגעשטרעקט די האַנט און אַ זאָג געטאָן:

— האַלאַ בערג.

פון ערשטן בליק האָט ער זי ניט דערקאַנט. אין איר שוואַרצן גע־פאַסטן קאָסטיום און אין דעם שוואַרצן הוט, האָט זי קוים אויסגעקוקט ווי די אַמאָליקע ביולאַ. ער האָט אָבער דערקאַנט איר שמייכל און עפּעס אין אירע אויגן, וואָס האָבן זיך נאָך מער פאַרצויגן מיט פרויעשן סוד.

— ביולאַ... — האָט זיך אים ניט געוואָלט אַרויסלאָזן איר האַנט פון זיינער, — ווי אַזוי האָט איר מיך אָפּגעזוכט?

— איר זענט פון די באַרימטע מענטשן דאָ אין ניו יאָרק. — האָט זי געזאָגט און איר שטימע האָט אים אַרומגענומען מיט ציטער און מיט פרייד.

— נו, קומט. — האָט ער געזאָגט און האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז ס'איז גוט, וואָס ביטריס איז גראַד אין דעם אָוונט ניט געקומען צום מיטינג.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין מיט דער גאַס אָן אַ באַשטימטן ציל. באַם סאָבוויי האָט ער זיך אָבער אָפּגעשטעלט.

— וואוהין גייען מיר? איר איילט זיך אַהיימצוגיין?

— ניין איך איל זיך ניט. — האָט זי געזאָגט.

— טאָ, לאָמיר אַריינגיין אין אַ רעסטאָראַן. גוט?

— גוט — האָט זי געשמייכלט.

זיי זיינען אַריין אין אַ דערבייאיקן רעסטאָראַן און האָבן זיך אַוועק־געזעצט אין אַ ווייטן ווינקל. בערג האָט געקוקט אויף איר און האָט נאָך אַלץ מיט הנאה באַוואונדערט אין וואָס פאַר אַ שיינער און אינטערעסאַנטער פרוי זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן.

— איך וואָלט אייך קיינמאָל ניט דערקאַנט מיט אייער באָרד... ווען איך וועס ניט, אַז דאָס זענט איר. — האָט זי זיך צעלאַכט.

— דענקט איר אויך, אַז עס איז אַן... אַקטיאָרישע... איבעריקע זאַך... די באָרד? — האָט ער זי געפרעגט.

—אַ ניין... מיר געפעלט עס. איר קוקט טאַקע אויס ווי אַ פּראָפע־סאָר... אָט ווי איינער פון דידאַזיקע נאַטור־פאָרשער, וואָס פאָרן אַרום אי־בער דער וועלט צווישן ווילדע . . .

— נו, איך פאָר ניט איבער דער וועלט ביולאַ, אָבער ווילדע... אוי וויפל ווילדע איך טרעף אָן אויף מיין וועג. נו, דערציילט וואו זענט איר גע־ווען די גאַנצע צייט... איר ווייסט, איך בין איינמאָל געווען באַ אייך, אָבער איר האָט שוין ניט געוואוינט דאָרט מער. ניט געוואוסט אַפילו וואוהין איר האָט זיך אַרויסגעקליבן.

— און איר האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן... אונדז. — האָט זי באַמערקט.

— אָה, ניין, איך האָב ניט פאַרגעסן — פאַרקערט, אָבער . . .

ער האָט אַוויילע געקוקט אין אירע אויגן, ווי וועלנדיק אַז זי זאָל פאַרשטיין וואָס ער מיינט און זי האָט אויך געקוקט אין זיינע אויגן, ווי וועלנדיק דערגיין דעם אמת.

ענדלעך האָט זי געזאָגט.

— איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן איך. איך האָב ניט פאַרגעסן יענע נאַכט, ווען איר האָט זיך געזעגנט.

זי האָט גענומען ריידן שטיל און דערציילט אים וועגן זיך און וועגן איר מוטער. זיי האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון דער דירה ווייל אַ שגץ אַ שכן, האָט אָנגעהויבן צוזושטיין צו איר. עס האָט ניט געהאָלפן איר בעטן און ניט איר דראָען, אַז זי וועט אים פאַרקלאָגן צו דער פּאָליציי, — דער שגץ האָט ניט אָפּגעטראָטן פון איר מיט זיינע ליבעס דערקלערונגען. עס איז אַנ־געגאַנגען אַזוי אַ שטיק צייט ביז די מוטער, ניט ווייסנדיק וואָס צו טאָן, האָט באַשלאָסן אַרויסצוציען זיך פון דער דירה, אַז קיינער זאָל אפילו ניט וויסן וואוהין. און אַזוי איז זי פּטור געוואָרן פון אַן אָנשיקעניש און אין דער־זעלבער צייט פאַרלוירן די געלעגנהייט צו זען זיך מיט אים, מיט בערגן, אויב ער וועט זי וועלן באַזוכן אַמאָל. פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט געוואוסט וואו ער געפינט זיך. די מוטער האָט עס אויסגעפונען, אָבער שרייבן אים האָט זי ניט געוואָלט. די מוטער האָט ניט געראָטן; געזאָגט, אַז זי איז נאָך צו יונג צו שרייבן צו אַ מאַן, אויב ער שרייבט ניט צו איר. נו, איז שוין אַוועק אַזוי דריי יאָר כמעט... זי איז איצט אַ לערערין אין אַ טאַנץ־שול און די מוטער אַרבעט נאָך אַלץ אין שאַפּ. דאָס אַלעס. און בעכטן, ווען די מוטער איז אַהיים געקומען מיט אַ צייטונג וואו עס איז געווען געמאָלדן וועגן דעם מיטינג, האָט זי אַפילו ניט געזאָגט דער מאַמען און איז געקומען אים זען. זי איז איצט אַלט גענוג צו האַנדלען לויט אירע אייגענע באַשלוסן — ניט אַזוי? — האָט זי אַ פרעגט געטאָן און געקוקט אין זיינע אויגן, וואַרטנדיק אויף זיין ענטפער.

— אַזוי — האָט ער געזאָגט קורץ און האָט אָנגענומען איר גלאַ־טע ווייסע האַנט.

זיי האָבן פאַרבראַכט אין רעסטאָראַן כמעט צוויי שטונדן צייט און דערנאָך האָט ער זי אָפּגעפירט אַהיים.

די מוטער האָט געוואַרט אויף ביולאַן און דערפרייט זיך, ווען זי האָט זי דערזען אַריינקומען מיט בערגן.

— דאַנקען גאָט — האָט זי געזאָגט. — איך האָב שוין געהאַט יסור־רים... געמיינט, אַז עפּעס האָט פּאַסירט.

— עס האָט פּאַסירט — האָט בערג געזאָגט. — מיר האָבן זיך ווי־דער געטראָפן.

בערג האָט אָנגעהויבן צו באַזוכן ביולאַן אַלץ אָפטער און אָפטער. און אַלץ מער און מער איז ער צוגעצויגן געוואָרן צו איר פון איר מאַגנעטישן חן און פון אירע קאַרגע אָבער קלוגע רייד, פון איר אַלגעמיינער האַלטונג און באַשיידענעם וויסן, וועלכן זי האָט אַנטפּלעקט מיט נאַטירלעכער, ניט באַרימערישער פשוטקייט. די עטלעכע יאָר האָבן מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט זי אין אַ פרוי — גייסטיק און פיזיש צעבליט און ער האָט מיט אַ שמייכל פון אינערלעכער פרייד און באַפרידיקונג געטראַכט, אַז דאָס איז זי די פרוי, די פרוי וואָס דאַרף און וועט זיין זיין ווייב.

אָבער אין דערזעלבער צייט זיינען די מינוטן אין וועלכער ער האָט באַדאַרפט דערקלערן און דערציילן ביטריסן וועגן זיין פריינטשאַפט צו ביולאַן, געקומען אַלץ נענטער און פיינלעכער.

די טאָג־טעגלעכע אַרבעט אָבער, די אַרבעט און די זאָרגן פאַר דער צוקונפטיקער קאָלאָניע האָט פאַרטושירט אַלע פערזענלעכע פריידיקע און פיינלעכע מינוטן און עס איז אַזוי אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך, ביז עס איז שוין געקומען דער פרילינג.

בערג האָט געזען, אַז באַוואַק, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער קאָנטראַקט האָט שוין ביים געשלאָסן ווערן, האָט דאָך פאַרנומען זיך מיט צעאַקערן און מיט פאַרזייען אַ גרויסן שטח פון דער פאַרם און בערגן האָט דאָס געפרייט און ער איז געווען דאַנקבאַר באַוואַקן פאַר דער דאָזיקער בייטיקער צוגרייטונג, וואָס וואָלט זיכער געפאַלן ווי אַ לאַסט אויף די ביינער, נאָך ניט געניטע אין פאַרמעריי קאָלאָניסטן.

צווישן די אַפּליקאַנטן האָט בערג געפונען דריי אַמאָליקע פאַרמערס, וועלכע זיינען געווען גרייט צוזושטיין צו דער קאָלאָניע און דאָס האָט בערגן געגעבן אַ מעגלעכקייט צוצוטרעטן צו די לעצטע צוגרייטונגען מיט מער זיכערקייט און צוטרוי.

און ענדלעך איז געקומען דער טאָג, ווען בערג, און זיין אָנקל סעמיועל בערג, און דער פאַרמער באַוואַק און די פיר און דרייסיק מיטגלידער פון דער נייגעגרינדעטער קאָלאָניע האָבן אונטערגעשריבן אַלע בייטיקע פאַפירן און דערווײלט זייער "ערשטן און פאַרדינסטפולן דירעקטאָר לעאָן בערג", ווי עס איז פאַרשריבן געוואָרן פון דעם ערשטן סעקרעטאָר שולבער אין דעם ערשטן פראָטאָקאָל פון דער קאָלאָניע "באָדן".

# II

די קאָלאָניע "באָדן" האָט פאַרנומען אַ שטח פון אַרום פיר הונדערט אַקער לאַנד. פון איין זייט פון דער קאָלאָניע האָבן זיך מיילנווייז געצויגן צום האָריזאָנט שוואַרצע פאַסן ערד און פון דער צווייטער זייט איז זי אָפּגעשניטן געוואָרן מיט דעם בלוי־כוואַליעדיקן לייק. צפון־זייט איז געלעגן אַ וועלדל, וואָס האָט זיך געצויגן באַרג אַרויף, און דרום זייט זיינען געלאָפן פופצן מייל רעלסן, וואָס האָבן געפירט צו דער באַן סטאַנציע "מ־ן".

אויף דעם צווייטשטאָקיגן הויז "נומער 1", וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם אַדמיניסטראַטיוון צענטער האָט געהאַנגען אַ שילד אויף יידיש און אויף ענגליש: קאָלאָניע "באָדן". אין דעמדאָזיקן הויז זיינען פאָרגעקומען די זיצונגען פון דעם "ראטן־קאָמיטעט"; דאָ איז אויך געווען די ביבליאָטעק און דאָ איז אויך געשטאַנען די פייער־קאַסע. אין דער קאַסע, וואו עס זיינען געווען פאַרשלאָסן אַלע לעגאַלע פאַפּירן און דאָס ביסל מזומן פון דער קאָלאָניע איז געלעגן אַ גרויסער בוך מיט שוואַרצע לעדערנע טאָוולען ,אויף וועלכן עס איז געווען אָפּגעדרוקט מיט גרויסע גאָלדענע בוכשטאַבן: "סטאַטוס פון קאָלאָניע "באָדן". דאָס בוך האָט ענטהאַלטן פינף הונדערט זייטן פון וועלכע די ערשטע צוואַנציק זיינען געווען פאַרנומען מיט דעם "סטאַטוס". נאָך די ערשטע צוואַנציק זייטלעך האָט זיך אָנגעהויבן דער מער משותדיקער און מער לעבעדיקער טייל פון בוך. אין דעמדאָזיקן טייל האָבן באַדאַרפט פאַרשריבן ווערן און עס זיינען שוין פאַרשריבן געוואָרן לויטן אלף בית קורצע ביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען פון די באַזעצטע מיטגלידער פון דער קאָלאָניע. דער ערשטער פאַרשריבן צו ווערן איז געווען אַקערמאַן הערי.

אַקערמאַן הערי: געבוירן אין קיעוו, רוסלאַנד אין אָקטאָבער 1894. געענדיקט פיר קלאַסן רעאַל-שול, אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע אין 1915. אַ שריפטזעצער, פאַרהייראַט. איינגעצאָלט אין קאָלאָניע פאָנד פופצן הונדערט דאָלאַר. סעקורירט אין מעטראָפּאָליטאַן קאָמפּפּאַניע, א. ז. וו.

דאָס וואָס ס'איז ניט פאַרשריבן געוואָרן: הערי אַקערמאַן, איז אַ שטילער מענטש, האָט אָפּגעשפּאָרט פופצן הונדערט דאָלאַר און קראַנקע לונגען. האָט ליב געהאַט צו לייענען און טרוימען, געהאַט אַן אַנגענעמענע

שטימע. גערעדט לאַנגזאַם און געקוקט מילד דורך די גרויסע ברילן. כאַראַקטעריזירט זיך אַליין ווי אַ פאַרלוירן געגאַנגענעם גייסטלעכן, וואָס וואָלט באַדאַרפט ווערן אַ רב, אַ מין ראַדיקאַלער רב. צוגעטראָטן צו דער אידייע פון קאָלאָניע מיט אַמין ציטערדיקן און הייליקן ענטוזיאַזם. וועגן דעם האָט ער דאָך געחלומט זיין גאַנץ לעבן, אַרבעטן און לעבן ביי דער ערד,, האָבן לופט און זון, און פאַרהיילן די קראַנקע לונגען, און אויסלעבן זיך ווי אַ מענטש.

אַקערמאַן לאה: (פאַרשריבן): פרוי פון הערר׳ אַקערמאַן. געבוירן אין פאַסטאָוו אין 1898. אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע אין 1914. געהייראַט אין 1920.

וואָס ס׳איז ניט פאַרשריבן געוואָרן: זי איז געווען אַ הויכע און אַ געזונטע. געוואויגן אַרום צוויי הונדערט מיט צען פונט. זי איז געבוירן געוואָרן ניט אין 1898 נאָר אין 1895. האָט ליב געהאַט צו רעדן אַ סך און צו לאַכן. געהאַלטן דעם מאַן פאַר אַ שלימאַזל, פאַר אַ שטיק צעדולטן. איר גאַנץ לעבן האָט זי געטרוימט צו קויפן אַ קליין האָטעלכל (דער פאָטער אירער האָט געהאַלטן אַן אַכסאַניע). און זי איז, אייגענטלעך געווען די דאָזיקע, וואָס האָט אָפּגעשפאָרט פון אַקערמאַנס געהאַלט די פופצן הונדערט דאָלאַר. די אידייע פון אַ קאָלאָניע האָט זי אויפגענומען, ווי אַ פשוט געשעפט און צוגעשטימט צו אַקערמאַנס ווייכע און בעטנדיקע אַרגומענטן נאָר דאַן, ווען ער האָט איר פאַרזיכערט, אַז זי וועט זיין איינע פון די פאַרוואַלטערנס. און זיין אַ פאַרוואַלטערן אין אַ קאָלאָניע, איז ניט עפּעס גלאַט אַזוי זיך אַ פאַרוואַלטערן, ווי אין אַ קליין האָטעלכל, ס׳איז עפּעס, וואָס קען זיך ענטוויקלען אין גאָר גרויסעס. אַ סימן האָט זי: די צייטונגען קלינגען שוין מיט דעם. זי וועט נאָך איר נאָמען זען אין די צייטונגען. זאָל זי נאָר ניט דורכלאָזן די געלעגנהייט. — האָט זיצוגעשטימט.

אַקערמאַן סימור: געבוירן אין ניו יאָרק, מאַי 1923.

בראָדערזאָן דוד: (פּערשריבן): געבוירן אין קישינעוו, בעסאַראַביע אין 1891.אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע אין 1905 נאָכדעם ווי זיין פאָטער און ער זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן אין פּאָגראָם. באַזעצט זיך אין ניו־יאָרק (לעצטער אַדרעס). געאַרבעט אין אַ בוך־בינדעריי און געלערנט. נאָכן פאָטערס טויט געמחט אויפגעבן די בילדונג, געהייראַט אין 1921, א. ז. וו.

דאָס, וואָס ס׳איז ניט פאַרשריבן געוואָרן: בראָדערזאָן איז געווען אַ מעלאַנכאָליקער. האָט געליטן אויפן מאָגן. ער האָט זיך אָבער קיינמאָל ניט באַקלאָגט, פיינט געהאַט צו הערן, ווען מענטשן פלעגן זאָגן, אַז ער קוקט אויס קרענקלעך און בלייך. האָט געהאַט אַ פול הויז מיט יידישע און

ענגלישע ביכער, און דאָס איז געווען דאָס איינציקע וועגן וואָס ער האָט ליב געהאַט צו ריידן און מיט וואָס ער האָט ליב געהאַט צו באַרימען זיך. נעמענדיק אַ בוך אין האַנט פלעגט ער דאָס ערשטע באַטאַפּן און באַטראַכטן די טאָוולען. קיין גרויסער לייענער איז ער אָבער ניט געווען. דיסקוסיעס האָט ער פיינט געהאַט, און אויף אַלעס האָט ער אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אויפריכטיקן און געוויסנהאַפטיקן מענטשן. ער האָט געגלייבט, אַז יידן מוזן האָבן זייער אייגן לאַנד, זייער ערד. אָבער קיין פּרעמדע געשאָנקענע ערד האָט ער ניט געוואָלט. בלייבט הייסט עס, די פּאַלעסטינער ערד אויף וועלכער דאָס יידישע פאָלק האָט אַ מאָראַלישע און יורידישע רעכט. אין דעם איז ער געווען איבערצייגט און דערפאַר איז ער געווען אַ ציוניסט. אָבער ניט קיין פאַרטיי מענטש. די יידן, האָט ער געגלייבט וועלן קומען צו פּאַלעסטינער ערד דורך הויך־דיפּלאָמאַטיע. די צוקונפטיקע פעלקער־ליג וועט זיכער נאָך דער צו־קונפטיקער וועלט־מלחמה איבערצייכנען די וועלט־קאַרטע און דעמאָלט וועלן יידן קריגן פּאַלעסטינע פון ביידע זייטן ירדן. ווען ער האָט פון די צייטונגען זיך דערוואוסט פון דער געפּלאַנטער קאָלאָניע, האָט ער עס דערציילט זיין פרוי מערי. קיין גליקן פון בוכבינדעריי האָט ער קיינמאָל ניט געמאַכט. און אייגנטליך, האָט אים לעצטנס פאַרפאַלגט דער געדאַנק אויפצוגעבן דעם דזשאָב און זען טאָן עפּעס מיט די טויזנט דאָלאַר, וואָס זיינען פּלוצים, אַזוי אומגעריכט אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט אַלס קאָמ־פּענסאַציע פון דער טראַמוויי קאָמפּאַניע. פאַר באַקאַנטע האָט עס געהייסן, אַז דער קאָנדוקטאָר האָט געלאָזט לויפן דעם טראַמוויי, נאָך איידער זי מערי האָט געהאַט צייט אַראָפּצוגיין ,איז זי געפאַלן און שטאַרק צעשלאָגן זיך און מפּיל געווען. צוויי וואָכן איז זי אָפּגעלעגן אין בעט און מיט דער הילף פון אַ היימישן דאָקטאָר איינגעמאָנט טויזנט דאָלאַר. דער אמת אָבער איז געווען אַז אַפילו בראָדערזאָן אַליין האָט ניט געוואוסט אַז מערי בלאָפט. זי האָט ניט מפּיל געווען און אַפילו ניט צעשלאָגן זיך אַזוי שטאַרק. זי איז דאָך אָבער אַ ברען און קיין שכל פעלט איר אויך ניט, האָט זי אָפּגעשפּילט די קאָמעדיע און אַריינגעקראָגן אַ טשעקל פאַר טויזנט דאָלאַר.

מערי האָט געוואָלט אַז בראָדערזאָן זאָל מיט די טויזנט דאָלאַר עפענען אַן אייגענעם שאָפּ, און ס'איז ניט, אומבאַדינגט, נייטיק צו פאַר־נעמען זיך בלויז מיט בוכבינדעריי. ער קען זיך נעמען צו דער זעלבער אַרבעט, וואָס מ'טוט דאָרט אין שאָפּ: אַלערליי פאַפּירענע שאַכטלעך, אַבאַ־זשורן צו לאָמפּן און די אַלע איבעריקע צאַצקעס, וואָס מ'מאַכט פון פאַ־פּיר און לעדער. ער אַליין פלעגט דאָך איר דערציילן וואָס פאַר אַ "נאַוועל־טיס"" מ'טראַכט אויס יעדן טאָג, און ווי ביליק עס קאָסט, און ווי לייכט עס פאַרקויפט זיך. בראָדערזאָנען איז אָבער געפעלן געוואָרן די אידייע

וועגן אַ קאָלאָניע. געווג שאַפּ, געווג ביזנעס. געווג האַנדל־וואַנדל! אַלע
יידן וואָלטן באַדאַרפט אַזוי טאָן. שאַפּן דערוויילע קאָלאָניעס און צוגעוואוי־
נען זיך צו דער ערד. מערי האָט אָבער געהאַט איר אייגענעם קאָפּ אויף די
פּלייצעס און אירע אייגענע חשבונות. זי האָט אַרגומענטירט, אָבער די
אמתע סיבות פון איר איינגעשפּאַרטקייט האָט זי ניט אָנגעגעבן, האָט בראַ־
דערזאָן באַשלאָסן מיטצונעמען זי צו אַ פאַרזאַמלונג, וואו בערג האָט באַ־
דאַרפט ריידן וועגן "די אויסזיכטן און צילן פון דער צוקונפטיקער קאָלאָ־
ניע", און צו זיין איבעראַשונג איז מערי אַהיימגעקומען אַן איבערצייגטע אָנ־
הענגערן פון דער אונטערנעמונג. זי האָט געשמייכלט. אירע אויגן האָבן
געשיינט. און דעם גאַנצן אָוונט האָט זי געהאַלטן אין איין אויספרעגן וועגן
בערגן, דעם רעדנער און גרינדער פון דער קאָלאָניע.

בראַדערזאָן מערי — (פאַרשריבן): געבוירן אין ניו יאָרק אין 1899 ביי
אָרעמע אַרבעטער־עלטערן. גראַדואירט "היי־סקול" אין 1916. געאַרבעט
אַ לענגערע צייט אין דער "וויקטאָרי" דרעס שאַפּ. אַן ענערגישע און אַר־
בעטזאַמע. קיין באַזונדערע פּאָליטישע אָדער פּאַרטייאישע סימפּאַטיעס. א.
ז. וו.

וואָס ס'איז ניט פאַרשריבן געוואָרן: מערי האָט געהאַט שוואַרצע
פינקלדיקע אויגן, אַ קליינינקע, אַ דאַרינקע, אַ באַוועגלעכע, האָט זי ליב
געהאַט צו קאָקעטירן, שמייכלען און ווייזן אירע קליינע ווייסע ציינדלעך.
אין בראַדערזאָנען איז זי ניט געווען פאַרליבט. זי האָט געהייראַט מיט אים,
ווייל זי האָט דערוואַרטעט, אַז ער וועט ווערן אַן אַדוואָקאַט און דער גע־
דאַנק צו ווערן די פרוי פון אַן אַדוואָקאַט האָט זייער געררייצט און אימפּאָ־
נירט. ווען דער טרוים איז אָבער צערונען געוואָרן און בראַדערזאָנס גע־
האַלט איז ניט געווען גענוג אויפצוהאַלטן דאָס הויז און אויך זיין מוטער די
אַלמנה, האָט זי באַשלאָסן צו מאַכן געלט און האָט אָנגענומען אַ דזשאָב
אין דעם "וויקטאָרי דרעס שאַפּ", וואו חוץ דעם געהאַלט האָט זי אויך גע־
וואונען די אויפמערקזאַמקייט פון אייגנעם פון די באַלעבאַטים, און מערי
בראַדערזאָן האָט פאַרשלאָסן אין איר האַרץ צוויי סעקרעטן. דעםסעקרעט
פון אַ קאַלטער אָבער פּראַקטישער ליבע, און דעם סעקרעט פון אַ באַנק־
ביכל, וואָס זי האָט געהאַלטן צווישן די צענדליקער קליניקייטן אין טואַלעט
קעסטל. דער באַלעבאָס פון דער פעקטאָרי איז שוין געווען אין די פופצי־
קער און ניט קיין קלוגער. איז דער ליבע עפּיזאָד געווען פאַר מערין נאָר
ווי אַ קליין פענצטערל דורך וועלכן זי האָט געוואָגט אַ קוק צו טאָן אין אַ
וועלט פון פלאַקערדיקע פייערן און אומגעהויערע מעגלעכקייטן. דאָס לעבן
האָט דורך דעם פענצטערל אויסגעזען פיל שענער און אינטערעסאַנטער
ווי עס איז געווען אין דער ווירקלעכקייט. און מערי האָט באַשלאָסן, אַז אום
צו געניסן מוז מען אַרויסגיין און בעמען עס, באַזיגן עס. די פעקטאָרי האָט

באַנקראָטירט און מערי האָט פאַרלוירן דעם דזשאָב; זי האָט אָבער געדול־דיק געוואַרט. זי האָט געוואָלט אַרויס צום לעבן דורך אַ ברייטער טיר... און ווען זי האָט דערזען בערגן . . .

און ווייטער אין בוך:

יעקב שולנער: (פאַרשריבן) — 34 יאָר אַלט. געבוירן אין לעמבערג, גאַליציע, געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין אַ צוקער פאַבריק. אויסגעוואַנ־דערט קיין אַמעריקע אין יאָר 1925. געוואָרן אַן אַגענט באַ דער ניו יאָר־קער פאַרזיכערונגס קאָמפּאַניע. אין די אָוונט געלערנט ענגליש. און אַזוי ווייטער.

וואָס ס׳איז ניט פאַרשריבן געוואָרן: יעקב שולנער איז געווען אַ זייער אַמביציעזער מענטש; ניט פאַרהייראַט. אַרומגעטראָגן זיך מיט פּלענער וועלכע זיינען קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן, צוליב זייער גרויסן פאַרנעם און אָפט אַפילו צוליב זייער פאַנטאַסטישקייט. אַלע יאָרן האָט ער געשטרעבט צו ווערן אַן אַנפירער. פּרובירט עס אין דער יונגער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג, דערנאָך באַ די קאָמוניסטן און אַפילו באַ די אַר־טאָדאָקסן. געהאַלטן זיך שטענדיק רואיק און מיט זעלבסט־רעספּעקט. גע־ווען אָנגעטאָן נעט, די האָר שטענדיק צוגעקעמט מיט אַ גלייכן שרונט. די פענסנע אויף דער גרויסער נאָז האָבן געבלישטשעט און ווי דורך ריינע פענצטערלעך האָבן זיך געזען זיינע גרייסע, שוואַרצע אויגן. ער האָט ניט געגלייבט אין קיינע אויטאָריטעטן און זיין פילאָזאָפיע האָט זיך אויסגע־דריקט אין דער פאָרמולע: עס איז קיין אונטערשייד ווי אַזוי דו לעבסט, — אַלעס פירט צום זעלבן סוף. ער איז אָבער אין זיין פילאָזאָפיע גע־ווען אַ מאַטעריאַליסט. אויב אַלעס פירט צום זעלבן סוף, מאַכט ניט אויס מיט וואָס פאַר אַ מיטלען מ׳דערגרייכט דאָס געוואונטשענע אין לעבן. ער האָט קיינעם ניט געטרויעט און איבערהויפּט איז ער געווען אַן אַנטיפעמי־ניסט.

אין בערגס פּראָיעקט האָט ער דערשמעקט אַ לייכטן וועג צו פירער־שאַפט, גלייבנדיק, אַז סיי בערג און סיי די איבעריקע מיטגלידער זיינען גלאַט פאַנטאַזיאָרן, וועמען עס וועט זיין זייער לייכט צו פירן אין די וועגן, וואָס ער וועט אויספלאַנירן לויט זיין אייגענער "אידעאָלאָגיע".

צו בערגן האָט ער זיך צוגעשאַרט ווי אַ באַגייסטערטער נאָכפאָל־גער פון דעם פּראָיעקט, און מיט דעם באַשיידענעם און אין דערזעלבער צייט פּראַקטישן צוגאַנג צו פּראָבלעמען (לויט בערגס אינטערפּרעטאַציע), האָט ער געוואונען בערגס צוטרוי און איז "צוגעצויגן" געוואָרן פון בערגן אַליין אַלס מיטגליד פון דער קאָלאָניע. קיין סך געלט האָט ער ניט

איינגעצאַלט, דערפאַר האָט די קאָלאָניע "באָדן" געוואונען אין אים אַן ערשטקלאַסיקן סעקרעטאַר.

אַזוי זיינען געגאַנגען אין דעם בוך די מיטגלידער פון דער קאָלאָניע איינער נאָך דעם צווייטן — מענער, פרויען און קינדער. אַרום און אַרום — צוויי און פופציק נפשות, מיט דרייצן קינדער, אין דער עלטער פון איין יאָר ביז דרייצן אַריינגערעכנט. פון די נייַן און דרייסיק דערוואַקסע־נע מיטגלידער פון דער קאָלאָניע איז אויסגעקליבן געוואָרן דער "ראַט־קאָם" אין וועלכן עס זיינען אַריין: בערג — דער דירעקטאָר, שולנער — דער סעקרעטאַר און בוכהאַלטער, שטערנטאַל—אַן אַמאָליקער פּאָסעסאָר, די פאַרמערס זעלצער און בלאָך, און קרופקין, צעזאַמען זיבן, אין וועמעס הענט עס איז איבערגעגעבן געוואָרן די באַלעבאַטישקייט און דער גורל פון דער קאָלאָניע.

עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז בערג, זעלצער, בלאָך און שטערנ־טאַל, וועלכע זיינען געווען עקספּערטן אין פאַרמעריי, וועלן, אייגענטלעך, זיין די אמתע פאַרוואַלטער פון דער קאָלאָניע ווארן די מערהייט פון די קאָלאָניסטן זיינען געווען אומדערפאַרן און זיי האָבן זיך געלאָזט איינטיילן אין גרופּעס צווישן וועלכע עס איז פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן די גאַנצע אַרבעט פון דער קאָלאָניע. אַלע האָבן אָבער געמוזט אַרבעטן אין פעלד, ווען עס האָט זיך געפאָדערט. (דאָס פעלד האָט נאָך נאָוואַק איינגעטיילט אויף פאַרשיידענע טיילן, וואו זיי האָבן געהאַט פאַרזייט קאָרן און ווייץ, פּאַטלאַזשאַנעס, קרויט, אַספּאַראַגעס, בורעקעס, קוקורעזע און נאָך אַנדע־רע וועדזשעטאבלען).

עס זייַנען געווען און עס זייַנען אויפגעקומען אַן אַ שיער פאַרשיידע־דענע אַרבעטן און פליכטן אין דער באַלעבאַטישקייט פון דער קאָלאָניע, וועלכע עס איז געווען שווער איינצוטיילן און דורכצופירן די ערשטע צייט.

אין "הויז נומער איינס" האָט געהאַנגען אַ טאַבעלע, אויף וועלכער עס זיינען געווען אויסגערעכנט די נעמען, די פונקציעס און די שטונדן פון דער פונאַנדערגעטיילטער אַרבעט: פעלד אַרבעט, אַרבעט אַרום דער קיך, אַרבעט אַרום די שטאַלן, אַרום די קי און הינער, אַרבעט אַרום דער וועשעריי, אַרום די טראָקס און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער . . .

עס איז געווען דערהויבנקייט און אין דער זעלבער צייט אַ סך קאָ־מיזם אין דער האַלטונג פון אַ סך פון די קאָלאָניסטן. די דערהויבנקייט איז געקומען פון דער נאָענטקייט צו דער נאַטור, און צו די שטערן. פאַרטאָג האָט מען באַוואונדערט די גרויסע רויטע אויפגייענדיקע זון און באַנאַכט — די טיפקייט פון הימל באַזעצט מיט טרערנדיקע שטערן. די שטילקייט אַרום און די פאַרשידנערליי קלאַנגען פון די אינזעקטן, פון די זשאַבעס,

פון די פייגלען, וואָס האָבן אין דער שטילקייט אויסגעטיילט זיך מיט מיס־טישן און סודותדיקן אינהאַלט — דאָס אַלעס האָט געהאַלטן די קאָלאָניסטן אין דער שטימונג פון ביי־געבוירענע עמאָציעס און געדאַנקען, עמאָציעס און וועלכע עס איז געלעגן אַפילו עפּעס אַ פּחד פאַר עפּעס אַ מיסטישער קראַפט, און אַ דערהויבנקייט, וואָס האָט זיך גענערט מיט דער רואיקייט און מיט דעם געדאַנק פון אייביקייט פון באַשאַף.

דערפאַר אָבער, ווען די זון פלעגט שטייגן העכער אין הימל און בריען און בראָטן דעם האַלדז און נאַקן דעם קאָפּ און די פּלייצע און זי פלעגט אויסציען יעדן טראָפּן שווייס פון לייב און לאָזן אַ רויע, אָפּגעבריטע הויט, צו וועלכער עס איז געווען אַ פּיין צוצורירן זיך, דעמאָלט האָט דער געמיט נאָכגעשלעפּט זיך, ווי אַ צוגעקאָוועטער מיט אָנגעגליטע אייזערנע קייטן, קייטן פון וועלכע עס האָט זיך געוואָלט אָפּרייסן זיך און עפּעס, עפּעס אַ קראַפט האָט ניט געלאָזט.

מ'איז צוגעוואוינט געוואָרן צו דער זון—אין די גרויסע קאַפּעליושן, מיט דער אָבגעברענטער אויסגעשיילטער הויט אויף דעם פּנים און אויף די הענט האָט מען שוין גענומען חוזק מאַכן פון איר און איעדער איינער האָט נאָכגעקוקט ווי דער צווייטער אַרבעט און אַ יעדער איינער האָט זיך געוואָלט באַווייזן מיט זיין פאַכמאַנשאַפט און מיט זיינע קענטענישן אין ערד־אַרבעט און אין פאַרמעריי. זיי האָבן אָבער אַלע, חוץ די קאָלאָניסטן פאַר־מערס געמוזט צוגעבן, אַז אַפילו אין ערד־אַרבעט איז פאַראַן אַסאַך וועגן וואָס צו לערנען, אַז אַפילו אין ערד־אַרבעט ליגט דער סוד פון וויסן, דער סוד פון דער באַהעפטונג פון שכל מיט דער נאַטור.

עס איז געווען דער דרייסיקסטער טאָג אין דער עקזיסטענץ פון דער קאָלאָניע. דער נעפּל אויף דעם פעלד האָט לאַנגזאַם אָפּגעטראָטן אונטער די שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון. לאַנגזאַם האָט זי ווי אַן אויסגע־באַדענע געשטיגן פון דעם לייק און צעשאָטן ליכטיקע שטראַלן איבער די גרינע מיט גאָלד באַזוימטע פעלדער.

אַ לייכט ווינטל האָט געשפּילט מיטן פליוגער אויף דעם טורעמל פון "הויז נומער איינס", פון דער שטיל האָט זיך געהערט דאָס מרוקן פון קי. ערגעץ ווייט, ווייט האָט דער פאַרביילויפנדער באַן געשריגן און געוואָרנט...

פון הויז נומער צוויי איז אַרויסגעקומען קרופּקין. געבליבן שטיין, איינגעאָטעמט אין זיך די לופט, אַ קוק געטאָן אויף דעם הימל און צעלאַכט זיך. אַ טראַכט געטאָן, אַז די קאָלאָניסטן וואָלטן זיכער געשלאָפן ביז שפּעט אינדערפרי, ווען מ'וועקט זיי ניט אויף. ער האָט זיך געלאָזט גיין צום הויז איינס, וואו עס האָט געהאָנגען אַ צענפונטיקער גלאָק. (דעם גלאָק האָט ער איינמאָל באַ אַ מיטינג פאַרגעשלאָגן אין שפּאַס און דעם פאָרשלאָג האָט

מען אָנגענומען, און גוט אַזוי). ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס כמעט יעדער הויז האָט אַוועקזייגער, פלעגן זיי, דאַך, וואַרטן אויף דעם גלאָקן־קלאַנג. אין דער וואָך איז קרופקין געווען דער אויפזעער איבער דער קאָלאָניע און ס'איז געווען זיין פליכט צו קלינגען. ער האָט עס געטאָן מיט פאַרגעניגן. געקלונגען מיט דעם ריטם פון דעם ״אינטערנאַציאָנאַל״ און דערביי צוגע־זונגען: ״שטייט אויף איר״... אָפּגעקלונגען, האָט ער זיך געלאָזט גיין צום ברונען. ער האָט אָנגעפּאָמפּט אַ פּאַס וואַסער, דערנאָך אונטערגעשטעלט דעם קאָפּ און דעם האַלב־נאַקעטן קערפּער אונטער דעם ברייטן קראַן און געוואַשן זיך, פּירקענדיק און האַ־קנדיק אונטער דעם קאַלטן שטראָם, אַרומגעווישט זיך מיטן האַנטוך, וואָס ער האָט געהאַלטן איינגעשטעקט אין גאַרטל, פאַרקעמט די האָר מיט דעם האַלב צעבראָכענעם קעמל און ווידער געגאַנגען צום הויז קלינגען.

דאָ און דאָרטן האָבן זיך באַוויזן קאָלאָניסטן. די פרויען מיט קעסעלעך און די מענער צעשויבערטע, פאַרשלאָפענע און מידע. אויסגעשטעלט זיך באַ דעם ברונען געשעפּט מיט די קעסעלעך פון פּאַס און האַלב וויציק, האַלב ברוגז און אומצופרידן באַגריסט איינער דעם צווייטן, באַטראַכט איינער דעם אַנדערן צום הונדערטסטן מאָל מיט זויערע מינעס און מיט שפּאָטישע בליקן.

מיסעס גאַנטש, אַ דיקע רויטע פרוי מיט אַ גרויסן בויך און שווערע אַראָפּהענגענדיקע ברוסטן איז געשטאַנען אַ פאַרשלאָפענע, געקראַצט זיך אין קאָפּ און בייז געברומט: —

— פאַראַנדקעס דאָ, מ'שטיינס געזאָגט! די קריזשעס ברעכן מיר, אַז איך שטיי קוים אויף די פיס. אַ פּויערטע, מיינע שונאים געוואָרן... אַלעוואַי וואָלט איך בעסער די פיס צעבראָכן, איידער איך בין צו דעם גיהנום אָנגע־קומען. דער טאָכשעט מיינער... — פליז, לאָזט מיר אָננעמען וואַסער — האָט זי גענומען שטופּן מיט די עלנבויגנס. — איך האָב געלאָזט דאָס קינד אַליין... לאָזט!

די אַרומיקע האָבן געלאַכט.

— וואָס איז אייך דאָ אַזוי שלעכט מיסעס גאַנטש? — האָט געפרעגט מיסעס כייפעץ, אַ יונגע שוואַרץ־חנעוודיקע ווייבל, — דאָרט אויף פּיטקין סטריט אויפן זעקסטן פלאָר איז אייך בעסער געווען? ווייניק האָבן אייך די קריזשעס דאָרטן געבראָכן?

— און אַז געבראָכן איז וואָס? — האָט מיסעס גאַנטש געוואָרפן ביי־זע בליקן אַרום. — איך האָב אָבער ניט באַדאַרפט אויסגעריסן ווערן ווען איך האָב באַדאַרפט אַ ביסל וואַסער, אָדער פּאָטייטאָס, אָדער טאָמייטאָס. די גראָסערי איז אונטער דער נאָז געווען און וואָס כ'האָב באַדאַרפט, האָב

איך געהאַט. נאַ! אַ קאָלאָניע מיט נייע פּאַראַנדקעס האָט זיך מיר פאַר־גלוסט!

די אַרומיקע האָבן געלאַכט, עס האָט זיך אָבער געפילט אַ מיטגעפיל אין דעם געלעכטער.

קרופּקין האָט באַמערקט פונדערווייטנס דעם "דאָקטאָר". ניט קוקנ־דיק אויף זיין קרומקייט, איז דער "דאָקטאָר" שטענדיק געווען דער ערש־טער אויפן פעלד און דער ערשטער צו קומען צו וועלכער ס'זאָל ניט זיין אַרבעט. און ווי בערג האָט פאַראויסגעזאָגט, איז ער געווען פון די ערשטע צוצושטיין צו דער קאָלאָניע. ער האָט געמוזט, האָט ער פאַרטרויעט בערגן פאַרבייגן אַביסל דעם שטאָלץ און ריידן צו דעם אַמאָליקן פריינט זיינעם דעם מיליאָנער, ער זאָל אים סובסידירן מיט אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר. און דער פריינט זיינער האָט אים געגעבן דאָס געלט, ווען ער האָט זיך איבער־צייגט, אַז דאָס געלט וועט אינוועסטירט ווערן אין דער קאָלאָניע. אַזוי איז דער "דאָקטאָר" געוואָרן אַ קאָלאָניסט און אין דער קאָלאָניע שוין האָט ער חוץ דער באַשטימטער אַרבעט זיינער, פרייווויליק איבערגענומען דאָס קעסטל מיט מעדיקאַמענטן, אין וועלכן עס איז געווען אַ פלאַש קאַסטאָרקע, יאָד, אַספּירין, ביטער זאַלץ, קאַמפאָר אויל, פּילן פאַר קאָפּ ווייטיק, און טראָפּן פאַר ציין ווייטיק, באַנדאַזשן, וואַטע, פּעראָקסייד, און נאָך אַ דוצן רפואות, אָן וועלכע קיין אַפּטייקל קאָן זיך ניט באַגיין.

— האַללאָ, "דאָקטאָר"! — האָט אים קרופּקין באַגריסט.

— האַללאָ, האַללאָ! — האָט דער "דאָקטאָר" צוגעהונקען אויף זיין פוס און אָפּגעשטעלט זיך לעבן קרופּקינען. — הערט! — האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן קרופּקינען מיטן פינגער אין דער נאַקעטער ברוסט. — הערט, קרופּקין! די ביטריס אייערע איז דאָך אַ משוגענע! אויף מיין וואָרט אַ משוגענע.

— וואָס איז געשען? — האָט זיך קרופּקין פאַראינטערעסירט.

— וואָס איז געשען?! — האָט דער דאָקטאָר אויסגעשריגן. — זי האָט דאָך נעכטן אַ קינד געשלאָגן. שיר ניט איבערגעקערט. האָט איר אַזוינס געהערט אין אַ קאָמונאַלער קאָלאָניע?!

— פאַר וואָס האָט זי אים געשלאָגן?

— פאַר וואָס? איך ווייס פאַר וואָס? אָט אַזוי, אינמיטן דערינען, גע־קומען אין דער שול אַ בייזע, אָן אויפגערעגטע, געוואָרפן מיט די ביכלעך, איבערגעקערט אַ טינטער און דערנאָך אַ פּאַטש געטאָן דעם קינד. אויף מיין וואָרט, קרופּקין, איך וועל זי הייַנט אין אָוונט פאַרקלאָגן פאַר דעם "ראַטקאָם". זאָל נאָר בערג צוריקקומען פון דער שטאָט.

— איך וועל זען מיט איר איבעררעדן, דאָקטאָר.

— טוט מיר נאָר ניט קיין טובה, קרופּקין. ס'איז אַ חוצפה! אַ קאָ־

מונאַלע קאַלאַניע — און מ׳שלאָגט קינדער! אַ פאַרברעכן, פּפוי!

קרופּקין האָט גוט געוואוסט די אורזאַך פון ביטריסעס אויפרעגונג. ערשט נעכטן אינעדרפרי, האָט זי, זיצנדיק מיט אים באַם טיש און טרינקענ־דיק קאַווע, אַ זאָג געטאָן מיט אַ פאַרביסענעם שמייכעלע:

— איר ווייסט? ער איז דאָך אַוועקגעפאָרן... ברענגען זי . .

— וועמען? — האָט ער געפרעגט, כאָטש ער האָט געוואוסט וועמען זי מיינט.

— זי די געליבטע זיינע.

— די געליבטע . . .וואָס רעדט איר? — זיי גייען הייראַטן. — האָט קרופּקין נאָך מער אונטערשטראָכן זיין נאַטירלעכן און רואיקן טאָן.

— הייראַטן... האָט זי געשמייכלט קלוימערשט קאַלטבלוטיק. — אויפגעהויבן זיך און אַרויסגעגאַנגען, קאָנטראָלירנדיק זיך קוים.

ער האָט פאַרשטאַנען איר שטימונג און געפיל, אָבער שלאָגן דאָס קינד האָט זי ניט באַדאַרפט. אמת, אַזעלכע געפילן איז שווער צו קאָנ־טראָלירן, אָבער מ׳מוז, מ׳מוז.

ער האָט זיך צעזאָמען מיט די איבעריקע געלאָזט גיין צום עס־צי־מער, וואו די אַלע וועלכע האָבן באַדאַרפט גיין צו דער אַרבעט האָבן די ערשטע געפרישטיקט. אַלעס איז שוין געווען צוגעגרייט פון מיסעס שאַ־פּיראָ און פון מיסעס כייפעץ. אויף זיי איז היינט אויסגעפאַלן דער ערשטער פרימאָרגנדיקער "שיפט". זיי האָבן שוין געהאַט צוגעגרייט דעם פרישטיק וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גלאָז קאַווע מיט ברויט און פּוטער און פון אַ "סיריעל".

אָפּגעגעסן, האָט קרופּקין געלאָזט זיך גיין צו דער קאַמער, וואו עס איז געשטאַנען דער אינקובאַטאָר, וועלכען מ׳האָט געדאַרפט פאַררעכטן. ער האָט שוין געטראָפן דאָרטן פרידמאַנען און שולמאַנען,ביידע סטאָליערס, וועלכע זיינען אָנגעקומען פאַר אים.

פרידמאַן איז געווען אַ זשוואַווע יידל שטענדיק געקליגערט זיך און געקיבעצט.

— העי, חבר קרופּקין. — האָט ער אים באַגעגנט. — טרעפט וואָס איך האָב דאָ געפונען.

— וואָס, אַשטייגער? — האָט קרופּקין געפרעגט.

— אַי, איר וועט אַ שמעק טאָן, וועט איר זיך מחיה זיין. — האָט ער געפירט קרופּקינען צו אַ ווינקל אין קאַמער, וואו לעבן אַ ריי פון לאַנגע און פלאַכע קעסטלעך, וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי שופלאַדס, איז געשטאַנען אַ קעסטל אייער. אייניקע פון די אייער זיינען געווען צעבראָכן און ס׳האָט זיך געטראָגן פון זיי אַן אומאַנגענעמער ריח.

— נו, וואָס איז די גדולה אויף איידי? — האָט זיך קרופּקין פאַר־

שטעלט די נאָז. — מ׳דאַרף עס אַרויסוואַרפן און פּאַרטיק.

—איך ווייס?... — האָט פרידמאַן געקוועטשט מיט די אַקסלען. — איך ווייס?... מיר האָבן באַשלאָסן אָוועקצושיקן עס צו אונזערע שוויגערס. הערט אַ מעשה, חבר קרופּקין, ס׳איז דאָך ניט אויסצוהאַלטן פון זיי. ערשט נעכטן דערהאַלט איך אַ בריוו: אַזוי און אַזוי, איידעם מיינער... אַזוי ווי דו אַרבעטסט אויף אַ באַלשעוויסטישער פאַרמע און אייער זיינען ביי אייך פאַראַן אַ סך, אי גוטע, אי ביליקע, איז, לעמאַנעשעם שיק מיר צו אַ קעסטל אויף דעם חשבון פון דעם חוב, וואָס דו ביזט מיר שולדיק און אויב זיי וועלן מיר געפעלן, וועל איך ווערן אַ סטעדי קאַסטימער״... ווי געפעלט עס אייך?

קרופּקין האָט גוטמוטיק געלאַכט. ער האָט אַרומגעקוקט די קאַמער וואו דער צעבראָכענער אינקובאַטאָר איז געשטאַנען און געוואונדערט זיך ווי אַזוי אין די דאָזיקע קעסטלעך וואַרעמען זיך אויס און עס קומען אַרויס לע־בעדיקע הינדעלעך, וואָס זיינען אַזוי געשמאַק צום עסן, ווען זיי וואַקסן אַביסל אונטער און וואָס פאַרקויפן זיך אַזוי גוט אין די רעזאָרטן אַרום.

בערג האָט אַפילו פּרובירט צו געבן די קאָלאָניסטן אַ לעקציע וועגן וועגעטאַריאַניזם און פּרובירט איינפלוסן אייניקע, צווישן זיי אויך קרופּ־קינען, אויפצוגעבן פלייש־פרעסעריי. ער האָט אָבער דערנאָך אויפגעגעבן דעם געדאַנק, זעענדיק, אַז ס׳וואָלט געווען אוממעגליך אַרויפצוצווינגען און צו באַאיינפלוסן אַלע קאָלאָניסטן, דער צעזאַמענשטעל פון וועלכע איז ניט געווען דער ריין־אידעאַליסטישער, ווי ער האָט געוואָלט און געטרוימט.

קרופּקין צוזאַמען מיט פרידמאַנען און שולמאַנען האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. די טירן פון קאַמער זיינען געשטאַנען אָפן; די זון האָט אַריינגעוואָרפן אַ ליכטיקן פּאַס אין וועלכן עס האָבן זיך געשפּילט מיר־יאַדן שטויבעלעך; אינדרויסן האָט זי ך געהערט דאָס זשומען פון אַן עראָפּלאַן. יעדן טאָג אינדערפרי און פאַרנאַכט, איז געפלויגן איבער דער קאָלאָניע דער פּאָסט עראָפּלאַן. איבעווייניק, אין דעם קאַמער האָט גע־זונגען די זעג און ס׳האָבן געקלאַפּט די האַמערס. קרופּקין מיט אַ נאַקע־טער ברוסט, האָט געזעגט די ברעטלאַך און צוגעברומט אַ לידל. — ס׳איז אַ מחיה, — האָט ער געטראַכט. — אי, ס׳איז אַ מחיה צו לעבן, ס׳זאָל נאָר געדויערן, צו אַלדע גוטע יאָר!...

— חבר קרופּקין, — האָט פרידמאַן געווישט דעם שווייס — וואָס דענקט איר וועגן בערגס פּראָיעקט צו פלאַנצןביימער? ס׳וואָלט געווען אַ גוטע זאַך, הע... יע? אָט, ס׳איז דאָך דאָ, כמעט, ווי אַ דאָרף, ניט אַזוי? ס׳איז אָבער ניטאָ קיין איין ווינשל ביים, קיין איין באַרנביים, שוין אָפּ־גערעדט פון אַפּאָר שיינע שיקסלעך, מיט קאַרעלן און מיט דעם אי־בעריקן... כע... מיר וואָלטן דאָ באַדאַרפט אַפּאָר שיינע סעדער מיט עפּל

ביימער מיט... אַ, וואָס זאָגט איר?

— יע, איך דיינק ס'איז אַ גוטע אידייע.

— איך ווייס?... —האָט פרידמאַן ווייטער גערעדט. — איך געדיינק אין דער אַלטער היים, אַז מ'פלעגט דורכפאָרן אַ דאָרף, איז דאָך געווען אויף וואָס אַ קוק צוטאָן, ס'איז דאָך געווען אַ דאָרף! מיט הינט, און מיט שקאַצעמלעך, און מיט קאַרשן אין די סעדער, אַז די סליבע פלעגט אַזש רינען. ביי יעדן הויז אַ פּאַליסיאַדניק מיט רויטן מאָן, מיט סאָנעשניק, מיט לאַדישטשעס אויף די שטאַכעטן. אינדערפרי די טשערעדע מיטן פּאַסטוך... אָבער צו וואָס דערצייל איך עס אייך. איר ווייסט דאָך עס, מסתמא, אַזוי גוט ווי איך.

— יאָ איך ווייס — האָט קרופּקין פאַרזיכערט. — דאָ איז אַמעריקע. דאָרט האָט מען געאַקערט מיט אַ דאָר פערדלי, נעבעך, און דאָ אַקערט מען מיט אַ טראַקטאָר. און ניט נאָר דאָ, חבר פרידמאַן, אין בירא־בידזשאַן און אין קרים און אין אַ סאך טיילן פון רוסלאַנד איז איצט מסתמא, שוין אויך אַנאַנדער מין דאָרף.

— יע, אַוודאי, — האָט זיך אָנגערופן שולמאַן. — ער מיינט אָבער די קניידלעך, די קניידלעך מיינט ער, די גויקעס, די שיקסלעך מיט די פּאַטשערקעס.

—נו, טאַקע, פאַר וואָס ניט, האָט זיך פרידמאַן צעשמייכלט. — טאַקע פאַרוואָס ניט? וואָס, אַ שטייגער, וואָלט געווען אַזוי שלעכט, ווען אַזאַ, נו אַזאַ, ווי מיסעס בראָדערזאָן טוט זיך אָן אין פּאַטשערקעס און גייט אַרום פאַרקאַטשעט די "ספּאָדניצע" ביז איבער די ליטקעס? איר מיינט ס'איז טריף? און לאָמיך אייך זאָגן, — זי איז אַ גאַנץ געשמאַקע ווייבל די מיסעס בראָדערזאָן... מיט דער ספּאָדניצע, צי אָן דער ספּאָדניצע. זי איז אַ גוטע שטושקע . .

— פע! — איז קרופּקין בייז געוואָרן און אַ שליידער געטאָן פון זיך דעם האַמער. — איר דאַרפט זיך אָפּגעוויינען פון דעם, חברים. אונדזער ציל איז ניט נאָר צו האָבן ערד פאַר זיך, אַ באָדן פאַר זיך אום אָנצורייבן זיך מאַזאָליעס. מיר דאַרפן אויך זען צו לעבעך שענער, רייבער און געזונ־טער. מיסעס בראָדערזאָן איז דאָ מיט אונדז צו שאַפן צעזאַמען מיט אונדז אָן ערלעך פּראָדוקטיוון לעבן, קומט איר מיט אָט אַ־די נאַרישע אומוויר־דיקע רכילות, ס'איז ניט שיין.

— וואָס האָב איך דען געזאָגט. — האָט זיך פרידמאַן פאַרענטפערט.

— איך האָב גאָרניט געמיינט.

— איר דאַרפט זיין פאַרזיכטיק מיט אייערע אויסדרוקן, — האָט קרופּקין ווידער גענומען קלאַפּן מיטן האַמער און געמאַכט זיך, גלייך ווי ער האָט שוין פאַרגעסן אָן דעם גאַנצן ענין.

— נו, איר זייט, אַוודאי גערעכט חבר קרופּקין. — האָט געענטפערט פרידמאַן. — ס'איז אָבער, ווי זאָגט מען עס; גיי לערן אַן אַלטן הונט נייע קונצן. איך וועל אייך אויך זאָגן דעם אמת, ס'איז מיר גאָרניט געקור־אויפן אויפן געדאַנק, אַז מיר דאַרפן דאָ ווערן צדיקים. מעכעטטייסע, מ'בעט אונדז אַמאָל אַריין נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט הערן אַ לעקציע פון בערגן אָדער פון דעם "דאָקטאָר", איז עס נאָך איבערצעטראָגן, מ'מענטשלט זיך אַביסל, אַזוי צו זאָגן. כאָטש, צווישן אונדז גערעדט, חבר קרופּקין, וואָלט איר געמעגט זאָגן דעם "דאָקטאָר", אַז מיין אידענע באַקלאָגט זיך, אַז זי פאַרשטייט ניט קיין וואָרט, וואָס ער באַלאַמוטשעט. זאָל ער ריידן, זאָגט זי, אַ פּשוטן, היימישן יידיש, וועט זי, אפשר אויך פאַרשטיין. זי אַליין שעמט זיך אים צו זאָגן.

קרופּקינס שטימונג האָט זיך ווידער געביטן צום לויטערן. ער האָט אין אַלגעמיין, געהאַלטן, אַז שטימונג איז אָנשטעקנד. מ'טאָר ניט אַרומגיין דאָ מיט זויערע פּנימער, מ'טאָר ניט ברוגזן זיך, מ'דאַרף אַלעס דורכפירן מיט קלאָרע רייד, אָן נערוועזיטעט, אָן נעווראַסטענישע אויפרעגונגען. מ'דאַרף זיך דערהייבן .דער עקספּערימענט טאָר ניט בלייבן בלויז אַן אַפּאַטישער פּרואוו. מ'דאַרף אָנווענדן די גאַנצע ענערגיע. ס'איז דאָ אַ באָדן.

די זון איז שוין געשטאַנען גאַנץ הויך, ווען זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן מיטן אינקובאַטאָר. דאָס קעסטל פאַרפוילטע אייער האָבן זיי אַוועקגעטראָגן צום מיסט־קאַסטן און פאַרשאָטן מיט זאַמד. קרופּקין האָט אַקוק געטאָן אויף זיין זייגער. פּונקט צוועלף. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צום ברונעם. באַגעגנט אויפן וועג אַ כאַפּטע קינדער, וואָס זיינען ערשט אַרויס פון דער שול. ביטריס, אַ בלייכע, מיט שוואַרצע שאָטנס אונטער די אויגן, האָט זיי געפירט צום עס־צימער.

קרופּקין און פרידמאַן האָבן זיך געוואַשן באַם ברונעם. ס'איז געווען די צייט פון אָנבייסן. קרופּקין האָט דערנאָך אָנגעקלונגען אין גלאָק און אינגיכן האָבן זיך דאָ און דאָרט אָנגעהויבן צו באַווייזן די קאָלאָניסטן:

בראָדערזאָן, וואָס האָט געבונדן ביכער אין דעם ביבליאָטעק צימער, און שולנער, וואָס האָט געהאַט אַרבעט אין אָפּיס, און דער שוסטער בלעכמאַן, וואָס האָט געדאַרפט פאַרעכטן עטלעכע פּאָר צעריסענע שיך, און דער "דאָקטאָר" מיט ביטריסן פון דעם שול־צימער און מיסעס גאַנטש מיטן קינד, און אַ פּאָר פרויען, וואָס האָבן געוואַשן וועש באַם טייך; עס זיינען אויך אָנגעקומען די פיר אַרבעטער — מעקסיקאַנער, וועלכע מ'האָט געדונגען פאַר דעם זומער.

נאָך דעם ווי אַלע האָבן זיך אַרומגעוואַשן, זיינען זיי אַריינגעגאַנגען אין גרויסן עסצימער פון הויז נומער איינס און האָבן זיך אויסגעזעצט

באַ די טישן — די קינדער באַ אַ באַזונדערן טיש, אונטער דעם אויפזיכט פון מיסעס שינדל, וועלכע איז אַרומגעלאָפן מיט אַ געשוואָלענער באַק פון איין עק טיש צום צווייטן און האָט אָנגעגאָסן מילך אין די גלעזער און האָט אָנגעשניטן ברויט. די זון האָט אַריינגעשיינט דורך די אָפענע פענצ־טער. עס האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פון לעפל, דאָס קלינגען פון געפעס, דאָ און דאָרט אַ געשפּרעך, אַ געלעכטער און מיסעס אַקערמאַנס באַפעלע־ריש קול: ״פאַרפלעקט ניט די טישטיכער, קינדער!... קינדער, זיצט שטיל!... סעמי, דזשייקי,... בעהייווט זיך!...

נאָכן אָנבייסן זיינען אַלע ווידער אַרויס אין דרויסן — די מע־נער אַ שמועס צו טאָן און צו רויכערן. בראַדערזאָן האָט זיך גלייך אָפּגע־טראָגן צוריק אין ביבליאָטעק און ביטריס, וועלכע האָט די גאַנצע צייט פון אָנבייסן קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, כאָטש קרופּקין האָט אַפּאָר מאָל פּרובירט פאַרבינדן אַ געשפּרעך מיט איר, איז אויך מיטאַמאָל פאַרשוואונדן; און צעביסלעך איז איעדער איינער ווידער אָוועק צו זיין אַרבעט און ס׳איז געוואָרן רואיק און שטיל אַרום. בלויז פון דער קיך האָט זיך געטראָגן דאָס געקלאַנג פון געפעס און מיסעס אַקערמאַנס קול האָט זיך געריסן פון די אָפענע פענצטער.

*

פאַר בערגן זיינען די בויענדיקע, קאָנסטרוקטיווע טעג געווען אָנגע־פילט אויך מיט באַאומרואיקנדע שטימונגען. ערגעץ, אין די טעג און אין די נעכט זיינע האָבן אַרומגעשוועבט צעריסענע און שאַרפע געדאַנקען און געפילן, וואָס האָבן געמישט און געשטויסן זיך מיט די ליכטיקע און האָפנונגספולע מאָמענטן. אין געמיש פון די פּראָבלעמען וועגן די לוין־אַר־בעטער אין דער קאָלאָניע, וועגן דעם באַוואוסטזיניקן און אומבאַוואוסט־זיניקן סאַבאָטאַזש פון עטלעכע מיטגלידער, וועגן דעם פאַרקויף און דיס־טריבוציע פון די פּראָדוקטן, וועגן דעם נאָך ניט געלייזטן פּראָבלעם פון דער גערעכטער און דעמאָקראַטישער צעטיילונג פון די אַרבעטס־פונקצי־עס, וועגן דער פּראָבלעם פון צווייזשפּראַכיקייט — יידיש און ענגליש אין טאָג־טעגלעכן פאַרקער און אין דער שול, וועגן געלט ענינים — צוזאַמען מיט דעם אַלעמען זיינען אין אים און אַרום אים געשוואומען ריין־פּער־זענלעכע, ריין אינדיווידועלע פּראָבלעמען.

ער האָט אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי, אָבער אין די חדשים, נאָך דער באַגעגעניש מיט ביולאָן, האָבן אין אים מיטאַמאָל אויפגעוואַכט ״פרי־לינגס־שטימונגען״, ווי ער האָט זיי אָנגערופן, ריידנדיק וועגן דעם מיט איר. ער האָט זיך מער ניט געקאָנט אָפּטיילן פון איר. זי איז יעדן טאָג געוואַקסן אין זיינע אויגן מיט אַ באַזונדערן פיזישן און גייסטיקן איני־האַלט. איר בליק, איר וואָרט, איר באַריר, איר שמייכל — אַלץ האָט זיך

אין אים אָפּגעשפּיגלט מיט אַ באַזונדערער שטימונג. זי איז געוואָרן די פרוי, נאָך וועלכער ער האָט געבענקט מיט זיין יעדן אָטעם. און ביולאַ האָט עס געוואוסט. און אַזוי איר צוגאַנג צו אים האָט זי אונטערשטראָכן די חברשאַפט פון אַ פרוי, וואָס איז גרייט צו טיילן מיט אים אַלע זיינע פּראָבלעמען און אַלע זיינע שטרעבונגען. מיט איר פרויעשן צויבער, מיט איר ראַפינירטע קינסטלערישע און אינטעלעקטועלע שטריכן און נייגונגען, האָט זי ווי מיט פרישע, שמעקנדיקע ווינטעלעך אָפּגעפרישט זיינע מידע געדאַנקען און געפירט צו רואיקייט און צו אינערלעכער האַרמאָניע פון גייסט.

ווען עס איז אָנגעקומען דער טאָג און ער האָט דערזען זיין טרוים — די קאָלאָניע "באָדן", אַ פאַרווירקלעכטן, האָט ער אין דעמדאָזיקן טאָג אויך דערפילט, אַז מיט דער פאַרווירקליכונג פון דעם טרוים מוז ער אָנגעמען אַ באַשלוס, וואָס איז געלעגן ווי אַ פאַרוואונדעטער צווישן שטעכיקע דראָטן. ער האָט שוין געזען און געוואוסט, אַז ער און ביולא קאָנען זיך מער ניט צעשיידן. זיי מוזן שוין ביידע גיין אויף דעם זעלבן וועג צום זעלבן ציל, צוזעלבן זין, מיט וועלכן דאָס לעבן רופט.

ער האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז מיט וואָס פאַר אַ שיינע, און קלוגע, און ערנסטע און אמתדיקע ווערטער ער זאָל ניט דערקלערן ביטריסן וועגן זיין באַשלוס, וועט ער דאָך ניט אויסמיידן די קאָנסעקווענצן און די ליידן, וואָס ער וועט איר פאַרשאַפן מיט זיין באַשלוס.

ער האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי עס איז דערגאַנגען צו ביולאס מוטער וועגן ביטריסן — זי האָט אָבער געוואוסט וועגן דעם און ווען זי האָט אים איינמאָל אָפן אָבער טאַקטיש געפרעגט וועגן דערדאָזיקער פריינטשאַפט, — האָט ער איר גאָרנישט ניט געענטפערט. ער איז ניט געווען ברוגז אויף איר פאַר איר פראַגע, ער האָט אָבער געגלייבט, אַז ער מוז ניט ענטפערן אויף דעם, ווייל עס איז געווען זיין פערזענלעך לעבן — ביז איצט, ווי ער האָט שוין אַליין באַשלאָסן. האָט ער בלויז אַ שמייכל געטאָן מיט פאַרשטענדעניש און זי, ביולאס מוטער, האָט אויך פאַרשטאַנען: ניטאָ וועגן וואָס צו ריידן מער. זי מעג אים געטרויען.

די ערשטע וואָכן אין דער קאָלאָניע האָבן אים געהאַלטן געפאַנגען מיט אַרבעט. בלויז אַ פּאָר מאָל האָט ער געשריבן צו ביולאַן און אַ פּאָר מאָל האָט זי אָפּגערופן אויף דעם טעלעפאָן. און אין די בריוו און אין די געשפרעכן האָט ער קיינמאָל ניט גערעדט וועגן זיינע באַציאונגען צו איר. זי אויך ניט. זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען — מיט זייערע בליקן, מיט זייער נאָענטקייט און מיט דעם אינסטינקטיווען געפיל, וואָס שוועבט ווי אַן אומזעבאַרער גייסט און פאַרבינדט און פאַרקניפּט.

אָבער ווען עס זיינען שוין אַוועק פיר וואָכן אין דער עקזיסטענץ

פון דער קאָלאָניע און דאָס לעבן פון די קאָלאָניסטן האָט מער וויניקער געפלאָסן מיט נאָרמאַלן שטראָם, און די פעלדער האָבן זיך געשפּרייט פאַר די אויגן ווי כשופדיקע טעפּיכער, און די נעכט זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט זיסער רו, און די פרימאָרגנס מיט לאַנגזאַמען, אָבער שטייגנדן חשק צו אַרבעטן, צו שאַפן — דעמאָלט האָט ער באַשלאָסן, אַז ס'איז צייט צו רופן ביולאַן. ער האָט געוואוסט, אַז זי וואַרט אויף דעם רוף, ווייל אויך איר רוף האָט געאָטעמט אין יעדן וואָרט אירן, אין יעדער שורה פון יעדן בריוו.

איז ער געפאָרן נעמען זי און ברענגען צום באָדן. און ער האָט נאָך אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי דאָס וועט געשען. מיט עפּעס אַן אומבאַוואוסט־זיניקן געפיל האָט ער ניט פאַרטראָגן דאָס וואָרט "הייראַט"; ניט פאָרגע־שטעלט זיך ווי אַזוי ער וועט מוזן שטיין מיט ביולאַן אונטער דער חופה און נאָכזאָגן דעם רבי'ס הרי את . . .

און ווען ער איז געקומען צו ביולאַן און ווען ער האָט דערזען אין אירע אויגן און אין איר מוטערס אויגן די דערוואַרטונג, האָט ער אויף דעם צווייטן אָוונט פון זיין אָנקומען, זיצנדיק באַם טיש און טרינקנדיק די טיי, אַ זאָג געטאָן פּשוט און היימלעך:

— איך בין געקומען נאָך דיר, ביולאַ, וואָס זאָגסטו?

— כ'האָב געוואַרט אויף דיר... — האָט זי געזאָגט און האָט אַ שמייכל געטאָן.

— נו, זאָל זיין מיט גליק, — האָט די מוטער געזאָגט. — איך וועל באַלד צוריקקומען, קינדער... — האָט זי זיך אויפגעהויבן מיט טרערן אין די אויגן און איז אַרויסגעגאַנגען.

זיי זיינען געבליבן אַליין.

ער איז צוגעגאַנגען צו איר. אַרויפגעלייגט זיין גרויסע האַנט אויף איר קאָפּ, און זי האָט אַרויפגעקוקט צו אים און קלוג געשמייכלט.

—האָסט מיר געשריבן און האָסט מיר גאָרניט געזאָגט וועגן דעם.

— האָט זי געזאָגט.

— האָסט דען ניט געוואוסט? — האָט ער געפרעגט.

— איך האָב געוואוסט.

— טאָ ווען קאָנסטו זיין גרייט צו פאָרן?

— אין עטלעכע טעג אַרום וועט זיין גוט? — האָט זי געפרעגט.

— גוט. און די מאַמע?

— זי וועט בלייבן דאָ, דאָ, זאָגט זי, איז זי שוין צוגעוואוינט צו דעמ־דאָזיקן לעבן. און אַז איך בין אַ פאַרזאָרגטע, דאַרף זי ניט קיין סאַך... — האָט זי זיך צעשמייכלט.

בערג האָט זי אָנגענומען באַ די אַקסלען, געקוקט אויף איר, געוואָלט

פרעגן, צי זי, אָדער די מוטער דערוואַרטעט אַן אָרטאָדאָקסישע הייראַט צערעמאָניע, ער האָט אָבער ניט געפונען קיין ווערטער און ניט געוואוסט ווי אַזוי אַוועקצושטעלן די פראַגע.

די מוטער איז אָבער אין דער רגע אַריינגעקומען און האָט אַ זאָג געטאָן:

— איר וועט דאָך, מסתמא, מאָרגן גיין צום "סיטי האָל", טאָ פאַרגעסט ניט איינצולאַדן מיך.

— זיכער, האָט בערג געזאָגט מיט פרייד, ווייל איר באַמערקונג האָט אים אויסגעלייזט פון דער אומבאַהאָלפנקייט און פון דער נויטווענדיקייט צו ריידן מיט איר וועגן דעם גאַנצן ענין — הייראַט.

אין דער דאָזיקער נאַכט איז ער געלעגן אַ שלאָפלאָזער אַ מעדיטירנדער אין זיין צימער. דערמאָנט זיך אין דער געזעגנונגס נאַכט, ווען די נאַכט און דער ווינט האָבן אים דערנענטערט צו ביולאַן און דער ציטער פון דעם קוש אויף אירע נאַכגעבנדיקע ליפּן האָט אים אויך איצט אָנגעפילט מיט אַ וואַרעמען שטראָם פון מיסטעריעזן געגנוס.

*

עס איז שוין געווען שפּעט אין טאָג. שולנער, דער סעקרעטאַר, איז געזעסן אין גרויסן אָפיס ביים שרייב־טיש. ניט ווייט פון שרייב טיש איז געשטאַנען אַ שאַפקעלע, אָנגעפילט מיט ביכער און מיט פּאַפּירן; און בײַ דער טאַמע וואַנט, אויף דעם דיל, איז געשטאַנען די פייער קאַסע, וואו עס זיינען געלעגן אַלע דאָקומענטן פון דער קאָלאָניע, דאָס ביסל מזומן און דער טשעק בוך. אויף דער וואַנט האָט געהאַנגען דאָס בילד פון שלום עליכם'ען.

שולנער איז אין דעם דאָזיקן טאָג געווען אין אַ גוטער שטימונג. ער האָט, אין אַלגעמיין, שטענדיק געפילט זיך בעסער, ווען בערג איז ניט געווען אין דער קאָלאָניע און ער האָט געקאָנט אויסנוצן די צייט און די אַנפירערישע מעגלעכקייטן, ווי עס האָט זיך אים געגלוסט.

ער האָט געלייענט די צייטונג. ווען ער האָט אָבער דערהערט, אַז עמעצער קומט אָן, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און דערקאָנט אין דער טיר דעם ניו־יאָרקער יידן גאָלדשטיין, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון פּלאַץ און איז אים אַנטקעגן געגאַנגען:

אָה, מיסטער גאָלדשטיין... קומט אַריין, קומט אַריין . . .

— נו, אָט בין איך דאָ... — האָט גאָלדשטיין אַ צופרידענער געלאַכט. — איר האָט מיך דערקאָנט?

— נו אוודאי, האָב איך אייך דערקאָנט. — האָט אים שולנער צו־

געדרוקט אַ ביינקל. — איך, אַז איך זע איינמאָל אַ מענטשן, פאַרגעס איך אים ניט.

— איר האָט מיר געשריבן איך זאָל קומען, בין איך געקומען. — האָט גאָלדשטיין אַרומגעקוקט דעם אָפיס. — אַ ״פּאַרדל״ האָב איך? האָב איך עס איינגעשפּאַנט און האַידאַ... וואָס וועל איך אייך דולן אַ קאָפּ מיט בריוו די גאַנצע צייט? אַ בריוו אַהער, אַ בריוו אַהין, — אַ בריוו איז אַ בריוו. און אַז מ׳קומט אַליין, געפינט מען אַלעס אויס, אַבסאָלוט! ניט אַזוי, חבר שולנער?

— גערעכט, מיסטער גאָלדשטיין. — האָט שולנער ניט געפילט ווי צו זאָגן ״חבר״. — האָט איר שוין געכאַפּט אַ קוק אויף דער קאָלאָניע? ווי געפעלט זי אייך, אַה?

— ווי סע געפעלט מיר? — האָט גאָלדשטיין צענעמען די הענט און פאַרקוועטשט מיט די אַקסלען — ס׳אַפּאַרגעניגן... מיין גאַנץ לעבן האָב איך געחלומט פון אָט אַזאַ מין פּלאַץ וואו אויסצולעבן זיך. ווארן וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, האָב איך צו טאָן מיטן גאַנצן הו־האַ און טומל אין אַמע־ריקע? ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אַ שטיל מענטשל —אַפּייפּער־הענ־גער בין איך. געבוירן בין איך אפילו אין קיעוו, און . . . נו, ניט זייער אַלט און ניט זייער יונג... האָב איך אָפּגעשפּאָרט אַזוי צעביסלעך אַ פּאָר טויזנט טאָלער. איז וואָס איז אַ פּאָר טויזנט טאָלער היינטיקע צייטן? וואָס קאָן אַ איד ווי איך טאָן מיט אַ פּאָר טויזנט טאָלער? עפענען אַ שאָפּ? אַ גראָסערי? צוווערן גאָר אַ קאָנטראַקטערל. ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אַ שטילער מענטש... מיט אידייען. יעדער מענטש האָט עפּעס אַ שטיקל אידעאַל, — האָב איך אויך. מיט אַן אידעאַל דאַרף מען זיך שעמען? וואָס? איר דאַרפט דאָך וויסן... די קאָלאָניע אַליין איז דאָך שוין פאַר זיך אַליין אַ שטיק אידעאַל. נו, אַן אידעאַל, וואָס זאָל זיין, ווי זאָגט מען עס...אַבסאָ־לוט — אַזאַ אידעאַל איז ניטאָ... איך . .

— אויב איר ווילט האָט אים שולנער איבערגעשלאָגן, — וועל איך אייך דערקלערן אין קורצן דעם תמצית און דעם פּרינציפּ, אַזוי צו זאָגן, פון דער קאָלאָניע.

— נו אַוודאי! — האָט זיך גאָלדשטיין ווי אויפגעכאַפּט — צוליב דעם בין איך דאָך געקומען . . .

אָבער אין דער רגע זיינען אַריינגעקומען קרופּקין און שולמאַן.

— קרופּקין, שולמאַן, — האָט שולנער אָנגעוויזן אויף גאָלדשטיינען.

— מיר קריגן אַריין אַ נייעם קאָלאָניסט. באַקענט זיך: דאָס איז מיסטער... חבר גאָלדשטיין, אַ פּייפּער־הענגער, אַ קיעווער לאַנדסמאַן.

— זייער אנגענעם, זייער פיין! — האָט גאָלדשטיין געדריקט קרופּ־קינס האַנט. — אויך קאָלאָניסטן?

— אַוודאי, קאַלאַניסטן — האָט קרופּקין געשמייכלט פריינדלעך. — מיר הויבן ערשט אָן, אָבער אַזוי זיינען אַלע גרויסע פּראָיעקטן — זיי וואַקסן ניט פון זיך אַליין. מ׳דאַרף צולייגן דעם קאָפּ און אויך אַ האַנט.

— אַז מ׳דאַרף צולייגן אַ האַנט, קאָנען מיר! האָט שולמאַן געדריקט מיט קראַפט גאָלדשטיינס האַנט, אַז יענער האָט זיך אַזש פאַרקרימט. און, אַנטאַפנדיק גאָלדשטיינס מוסקולן האָט ער צוגעגעבן: — מיר וועלן אייך דאָ דאַרפן אַביסל אויספאַשן, טאַוואַרישטש... איר קוקט אויס, זייט מוחל... מעכולע . . .

— איר האָט עפּעס געוואָלט שולמאַן? — איז שולנערן ניט געפעלן געוואָרן שולמאַנס גוטברודערשאַפט.

— איך בין דאָך היינט דער אויפזעער, און איר האָט זיך דאָך באַקלאָגט אַז דער שופלאָד אין טיש האָט זיך פאַרהאַקט, האָב איך געבראַכט שולמאַנען — האָט אים שוין קרופּקין געענטפערט.

— אָה, יע... יע.. — האָט שולנער אָנגעוויזן אויף דעם שופלאָד, — זעט וואָס איר קאָנט טאָן און איך וועל דערווייל אַרויסגיין מיט מיסטער גאָלדשטיינען וויזן אים די קאָלאָניע. זאָל ער זי גוט באַטראַכטן אײדער ער שרייבט אונטער דעם קאָנטראַקט.

— כע... כע... — האָט גאָלדשטיין אָנגענומען שולנערס ווערטער ווי אַ וויץ.

—קוקט גוט! קוקט גוט, חבר׳ל, וואוהין איר וואַרפט אַריין אייערע שווער פאַרהאָרעוועטע מזומנים! ס׳איז ווי אין... באָדן אַריין... שיער ניט געזאָגט ווי אין דער ערד אַריין... כאַ! כאַ! — האָט שולמאַן געלאַכט.

שולנער האָט זיך מיט אַ זויערער מינע געלאָזט גיין צו דער טיר און גאָלדשטיין נאָך אים.

קרופּקין און שולמאַן האָבן באַטראַכט דעם שופלאָד און פּרובירט עפענען אים.

— וואָס דיינקט איר וועגן דעם נייעם קאָלאָניסט, חבר קרופּקין? — האָט שולמאַן אַ פרעג געטאָן.

— שוין ניט אַזוי יונג און ניט אַזוי געזונט. — האָט קרופּקין געענטפערט. ס׳איז דאַכט זיך מיר גאַרניט קיין פּלאַן אַריינצונעמען מענטשן בלויז דערפאַר, ווייל זיי מיינען, אַז זיי זיינען אידעאַליסטן און ווייל זיי פאַרמאָגן אַ פּאָר טאָלער.

— גערעכט, גערעכט... — האָט זיך שולמאַן געפּאָרעט באַ דעם שופלאָד. — אַז ער האָט אים דאָרטן אינווייניק פאַרפּאַקט מיט אַ בוך, צו אַלע שוואַרצע יאָר... טאָ ווי אַזוי קאָן מען אים עפענען? אָט אַזוי, האָב איך מורא, וועלן זיי דאָ אַלעס פאַרהאַקן.

— וואָס, שוין ענטווישט? — האָט קרופּקין געפרעגט.

— ניין, ניט ענטוישט, אָבער וואָס דיינקט איר קרופּקין, וועט טאָ־קע עפּעס אַרויס פון אונדזער מי און פון אונדזער גוטן ווילן?

— עס וועט ניט אַרויס קיין הונדערט פּראָצענט, אָבער עפּעס וועט אַרויס. אַ קאָמונע, שולמאַן, איז שווער צו בויען, איבערהויפּט ווען מ'איז אַרומגערינגלט מיט אַן אָקעאַן פון קאַפּיטאַליזם.

— דאָס זאָג איך דאָך! — האָט זיך שולמאַן ווי אָנגעכאַפּט אין קרופּ־קינס ווערטער. — אַז דו שטרעקסט אויס די האַנט, ליגט דאָך אָט דאָ לעבן דיר כמעט אַזאַ ניו יאָרק. אוי, ווי איז מיר, — מיט אַלדאָס גוטס אין דער וועלט! דאַרף מען דאָך האָבן אַן אייזערנעם יצר הרע אויסצעהאַלטן דאָ. און אַז מיר האַלטן שוין באַ דעם, איז דאָך, דעם אמת געזאָגט, אַ מחיה דאָ, אַ־יאָ? די לופט שמעקט, און די זון וואַרעמט, און אַז ס'ווערט אַ בלאָטע דאָ, איז עס טאַקע אַ בלאָטע, ווי אין פּסוק שטייט... און דאָך פעלט דאָ עפּעס...

— וואָס פעלט אייך? — האָט קרופּקין געשמייכלט

— כ'מיין ניט חלילה, קיין פּאַגראַמען און קיין סטראַזשניקעס, אָבער עס פעלט מיר דאָ אַ סאַבוויי... כאַ־כאַ־כאַ! איר לאַכט כאַ־כאַ!

— אי, איר זענט אַ ממזר! — האָטקרופּקין געלאַכט.

— יע... כ'האָב אייך געוואָלט פרעגן, — איז שולמאַן געוואָרן ערנס־טער. — קאָנט איר אפשר אונדזער דירעקטאָרס ווייבל, וואָס ער ברייננגט היינט פון ניו יאָרק.

— איך האָב זי געזען אַ פּאָר מאָל. — האָט קרופּקין געענטפערט. — אַ פיינע מיידל, זייער אַ פיינע מיידל.

— נו ,זאָל זיין מיט מזל. — איז שולמאַנען ענדלעך געלונגען צו עפע־נען דעם שופלאָד. — נו, אָט פּאַרטיק... איצט קאָן איך גיין, איר גייט?

— ניין איך וועל דאָ וואַרטן אויף שולנערן. — האָט קרופּקין געזאָגט.

— איך וויל נאָך אַ שמועס טאָן מיט דעם נייעם... קאָלאָניסט.

שולמאַן איז אַרויסגעגאַנגען און קרופּקין האָט גענומען אַ בוך פון שאַפּקעלע און איז צוגעגאַנגען מיט אים צום פענצטער. געשטאַנען אַ ווײַלע אַ פאַרטיפטער און, דערהערנדיק, אַז עמעצער קומט, האָט ער זיך אויסגעדרייט און דערזען באַ דער טיר מערי בראַדערזאָן.

אָה, מערי, דאָס זענט איר? געקומען העלפן שולנערן, מסתמא?

— העלפן אים? ווייסיך... די גאַנצע בוכהאַלטערישע אַרבעט דאָ סטייעט פונקט אויף צוויי שעה,, אי דאָס איינמאָל אַ וואָך. ניין, איך בין בלויז אַזוי אַריינגעגאַנגען. היינט איז מיין פרייער טאָג. כ'האָב אייך דערזען ביים פענצטער, בין איך אַריינגעקומען.

זי איז צוגעגאַנגען צו אים, באַטראַכטנדיק אים ווי ער שטייט אַ פעסט־געבויטער אין זיין דינעם געפּאַסטן אונטער־העמדל.

— איר זענט אַ געזונטער בחור, קרופּקין. — האָט זי אַ זאָג געטאָן,

אַנטאַפּנדיק די מוסקולן אויף זיין ענטבלויזטער האַנט. — פּיינע מוסקולן האָט איר... האַלעוואי אויף בראָדערזאַבנע געזאָגט געוואָרן... און אויסגעבראָטן זייט איר, ווי אַ גוט קאָרן־ברויט.

— ס'איז געזונט אַזוי — האָט קרופּקין געקוקט אין בוך.

— און אויך שענער פאַר אַ מאַן. — האָט זי געזאָגט. — כאָטש איר, מענער, האָט ליב אַוויס ליב בעסער ווי אַ ברוינס. — האָט זי צוגעלייגט איר אָרעם צו קרופּקינס אָרעם, ווי פאַרגלייכנדיק די ווייסקייט.

קרופּקין האָט זיך אָפּגעקערט און גענומען מישן די בלעטלעך פון בוך.

— איר האָט מורא פאַר מיר? — האָט זי מיט אַ געמאַכטן חוזק־שמייכל אַ פרעג געטאָן. — איך וועל אייך אָפּבייסן, צי איר שרעקט זיך פאַר מענטשן?

— איך שרעק זיך ניט פאַר קיין מענטשן. — האָט קרופּקין רואיק געזאָגט.

— פאַר מיר דאַרפט איר זיך אַוודאי און אַוודאי ניט שרעקן. איך בין ניט פון די דאַזיקע, וואָס דערציילן סודות און פּלאַפּלען.

— עס דאַרפן ניט זיין בא אונדז אין דער קאָלאָניע קיין סודות. — האָט קרופּקין אַ קוק געטאָן אויף איר.

— אַוודאי דאַרף ניט זיין... — האָט מערי אַ וואונק געטאָן קאָקעטיש.

— אָבער איר ווייסט דאָך: אַ מענטשלעך האַרץ איז ווי אַ באַזונדער צימערל. דאָס גאַנצע הויז איז טאַקע אָפן און פריי פאַר יעדן איינעם אַנצוקוקן עס, אָבער אין איין צימערל פאַרמאַכן מיר אָפט די טירן. ניט אַלעס דאַרף מען זען און וויסן . . .

— איר זענט אפשר גערעכט מערי, און דער פאַרגלייך איז אפילו אַ גוטער... די זון איז אָבער אַזוי שיין.. און די לופט שמעקט, און דאָס פעלד ציט מיט פרייקייט . . .

— כאַ־כאַ! איר פאַררעדט די ציין... — האָט זי זיך צעלאַכט.

— איר האָט עפּעס ספּעציעלעס אין זינען? — האָט זיך קרופּקין גע־מאַכט תמ'עוואַטע.

—שטעלן אַזאַ פראַגע אַזוי דירעקט צו אַ פרוי איז אַביסל.. ניט זייער טאַקטיש און דזשענטעלמעניש... — האָט זי אָנגעבלאָזן די שמייכלענ־דיקע ליפּן. — ביטריסן האָט איר אויך געשטעלט אַזוי די פראַגע?

— וואָס גאָר ביטריסן? האָט קרופּקין געפרעגט.

— אַז איר זענט שוין יאָ אַזוי דרייסט מיט פראַגן, — איז מערי צו־געגאַנגען נאָענט צו אים און אַריינגעקוקט שעלמיש אין זיינע אויגן, — דאַרפט איר אויך זיין דרייסט מיט ענטפערס. איר ווייסט דאָך: מיך קאָן מען ניט בלאָפן.

— איך בלאָף קיינעם ניט.

— גערעכט, איר בלאָפט קיינעם ניט. — האָט זי אַ פּינטל געטאָן מיטן אויג. — און דעריבער ווייס איך וואָס צווישן אייך און צווישן ביט־ריסן גייט אָן. שפּאַצירן פאַרנאַכט אין פעלד איז אַוודאי ניט קיין פאַר־ברעך, אָבער איר ווייסט דאָך... מיר, פרויען, האָבן אַ באַזונדערן חוש פאַר אַזעלכע זאַכן, איבערהויפּט, ווען מ'איז פּערזענלעך פאַראינטערעסירט.

— איר זענט ניט קיין נאַריש ווייבל . . .

— און ניט קיין מיאוסע... — האָט זי אונטערגעכאַפּט.

—און ניט קיין מיאוסע... — האָט ער זיך צעלאַכט.

— האָט מען שכל, בחור, האָט מען שכל... כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זי אים מיט הנאה אַ קניפּ געטאָן אין דער האַנט.

— אוי... ס'אַרא קניפּ. — האָט זיך קרופּקין אַ כאַפּ געטאָן באַ דער האַנט.

— כאַ־כאַ־כאַ! האָט מערי אַ צופרידענע געלאַכט און האָט גענומען אַרומקוקן די ווענט זוכנדיק אַ שפּיגל — אַן אומגליק דאָ... דאָרט אין שטאָט, אַז איך פלעג אַרויסגיין פון הויז, האָב איך געטראָגן מיט זיך אַ פּאַקעט־בוק מיט אַ שפּיגעלע. נו, צו וואָס דאַרף איך דאָ אַ פּאַקעט־בוק? אַ שפּיגע־לע פעלט מיר אָבער. פאַרוואָס הענגט מען ניט אויף ערגעץ דאָ אַ שפּיגל? ווי אַזוי האָט מען עס ניט אַ שפּיגל, וואו אָנצוקוקן זיך? די גאַנצע צייט ווייזט זיך מיר אויס אַז די נאָז איז מיר אויסגעשמירט, אַ? טוט אַ קוק, קרופּקין, איז מיר ניט אויסגעשמירט די נאָז? — איז זי צוגעגאַנגען נאָ־ענט צו אים, צוטוליענדיק זיך כמעט צו זיין ברוסט.

— ניט אויסגעשמירט — האָט קרופּקין געזאָגט און אָפּגערוקט זיך פון איר, דערזעענדיק ביטריסן אין דער טיר.

— ענטשולדיקט... — האָט ביטריס אונטערשטראָכן איר פאַרוואונדע־רונג. — אַך, ענטשולדיקט . . .

— אָ, ביטריס — האָט זיך מערי אַ שמייכלענדיקע אויסגעדרייט צו איר. — ניטאָ פאַר וואָס צו ענטשולדיקן זיך. כ'האָב ערשט געזאָגט קרופּ־קינען, אַז מ'וואָלט דאָ באַדאַרפט אויפהענגען אַ שפּיגל. אַ גאַנצן טאָג ווייזט זיך מיר אויס, אַז די נאָז איז מיר אויסגעשמירט,האָב איך אים געבעטן אַ קוק צוטאָן.

— עס וואָלט אַוודאי ניט געשאַדט צו האָבן דאָ אַ שפּיגל מ'זאָל זיך קאָנען אָנקוקן וואָס פאַר אַ פּנים מ'האָט. — האָט ביטריס געזאָגט סאַר־קאַסטיש.

— און צי מ'איז שיין, צי מיאוס, יונג צי אַלט, — האָט אויך מערי, געענטפערט שטעכיק.

— איך האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אייער נאָז איז אויסגעשמירט, און

מיר דאַכט זיך, אַז ס׳איז גאָר קרופּקין, וואָס האָט זיך די הענט אויסגעשמירט. — האָט ביטריס געצילט איןביידן.

— ס׳איז בעסער צו האָבן אויסגעשמירטע הענט, ווי הענט וואָס שלאָגן זיך. — האָט שוין מערי אַריינגעזאָגט.

— אָה, די ראַדיאָ־סטאַנציע אַרבעט שוין. — האָט ביטריס געוואָרפן איר אַ בייזן בליק.

— קרופּקין, איר וועט זאָגן שולנערן, אַז כ׳האָב אים געוואָלט זען. האָט זיך מערי אַ קער געטאָן צו קרופּקינען. און ניט אומקוקנדיק זיך אויף ביטריסן, איז זי אַרויסגעגאַנגען.

ביטריס האָט אַ ווײַלע געשוויגן. געקוקט אויף קרופּקינען מיט אַ פאַרניכטענדן שמייכל און פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— איר האָט שוין געוויס געהערט, אַז איך האָב געשלאָגן אַ קינד.

— מענטשן זיינען געוואוינט צו איבערטרייבן — האָט קרופּקין געזאָגט.

— איבערטרייבן, צי ניטאיבערטרייבן. — האָט אים ביטריס איבערגעשלאָגן — איך בין אָבער זיכער, אַז איר פאַרדאַמט מיך.

— איך פאַרדאַם אייך ניט — האָט קרופּקין געזאָגט רואיק. — איך פּרוביר בלויז צו פאַרשטיין. איך ווייס, אַז ס׳איז אָפט זייער שווער צו קאָנטראָלירן זיך.

—איך ווייס עס און אויך איך פּרוביר אייך צו פאַרשטיין. ערשט מיט אַ פּאָר מינוטן צוריק האָב איך געזען און פאַרשטאַנען, ווי שווער עס האָט באַדאַרפט צו זיין פאַר אייך  צו קאָנטראָלירן זיך.

קרופּקין האָט אַ שמייכל געטאָן:

— ס׳איז ניט שווער געווען. ס׳איז אָבער גוט, וואָס איר זענט גראַד אַריינגעקומען. איך האָב געוואָלט ריידן מיט אייך.

— וועגן וואָס? — האָט זי קאַלט געפרעגט.

— מיר האָבן שוין אַזויפיל מאָל גערעדט און איבערגערעדט. — איז קרופּקין געוואָרן ערנסטער. — מיר זיינען אָבער קיינמאָל ניט געקומען צו קיין באַשטימטן באַשלוס. איצט, דאַכט זיך מיר, איז געקומען די צייט צו ריידן ערנסט און אָפן.

— רעדט.

—איר האָט מיר נאָך ניט געגעבן קיין באַשטימטן ענטפער צו איר ווילט זיין מיין פרוי. — האָט קרופּקין געזאָגט פּשוט און אָן צערעמאָניעס.

— און פאַרוואָס דענקט איר, אַז גראַד איצט איז געקומען די צייט צו זיין ערנסט און אָפן — האָט ביטריס געפרעגט.

— ווייל אַ סך געשעענישן האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט און זיינען געוואָרן קלאָרער. — האָט קרופּקין געענטפערט. — מענטשן טייטשן

אויס אייער נערוועזן צושטאַנד מיט דעם, וואָס בערג איז געפּאָרן ברייגגען זיין... פרוי. און אין דערזעלבער צייט שטויסן זיי זיך אָן אין מיינע געפילן צו אייך.

—ווילט איר הייסט עס, אַז מיר ביידע זאָלן עס פאַרענדיקן, צוליב דעם עולם־גולם מיט אַ גליקלעכן סוף?

— ניין, ניט צוליב דעם עולם. איך האָב געזאָגט "מענטשן", ווייל איך בין דאָך אויך איינער פון זיי און צי איך וויל און צי איך וויל ניט רעאַגיר איך צוזאַמען מיט זיי. אמת, אַנדערש ווי זיי, אָבער דאָך מיט זיי.

ביטריס האָט געשוויגן אַ ווײַלע. געשטאַנען באַם פענצטער און אַרויסגעקוקט. אָבער מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ קער געטאָן צו אים, באַשליסנדיק אַרויסצוזאָגן אים דעם גאַנצן אמת.

— איר ווייסט מיין באַציאונג צו אייך, קרופקין, — האָט זי געזאָגט מיט מער ווייכקייט ווי פריער. — איר געפעלט מיר. אָבער איך האָב אייך ניט ליב, ווי איך האָב ליב בערגן.

— דיינקט איר ניט, אַז איצט איז געקומען דער סוף פון... אָט דעם קאַפּיטל פון אייער ליבע?

— איך בין ניט זיכער.

— אַז בערג גייט הייראַטן מיט איר, האָט ער זי ליב.

— אַוודאי — האָט ביטריס אַ שמייכל געטאָן. — אָבער ווי זאָגט עס אונדזער "דאָקטאָר": אַ ציבעלע איז אַ ציבעלע אַפילו ווען איר רופט זי אָן מיט אַ לאַטיינישן נאָמען. וואָס מיינט איר, זיין ליבע צו איר איז אַנדערש ווי די ליבע צו מיר?

— עס זיינען פאַראַן באַזונדערע קאָלירן, באַזונדערע שטימונגען, באַזונדערער אינהאַלט אין באַציאונגען צווישן מענטשן — האָט קרופקין געזאָגט. — אַזוי איז אין ליבע, אין פריינטשאַפט און אין לעבן, אין אַלגעמיין.

— נו גוט... פילאָזאָפירט, אויב איר ווילט... איר האָט גענוג צייט דאָ אין דער קאָלאָניע... איך בין שוין מיד פון דעם. קומט, לאָמיר אַרויסגיין פון דאַנען.

זי האָט זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג — קרופקין נאָך איר.

*

דער אָוונט איז געווען אַ פאַרוואָלקנטער און טונקעלער. פון דעם לייק האָט געבלאָזן אַ ווינטל, וואָס האָט געטראָגן מיט זיך דעם ריח פון וואַסער און פייכקייט. דאָ און דאָרטן האָבן אַרויסגעשיינט באַלויכטענע פענצטער; דאָ און דאָרטן האָבן זיך געהערט שטימען, דער געלעכטער פון קינדער. אין שטאַל האָבן געמרוקעט די קי. אַן עראָפּלאַן האָט ערגעץ־

הויך אין דער טונקלקייט געזשומעט. די קאַלאַניסטן האָבן גערוהט. ס'איז שוין געווען נאָך וועטשערע. די פרויען האָבן געלייגט די קינדער שלאָפן, פאַרפּוצט זיך אין שענסטן וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. מ'האָט שוין געוואוסט: "זי" איז שוין דאָ. זי וועט זיין באַם מיטינג. און אין אַלגעמיין דערוואַרט מען, אַז היינטיקער מיטינג זאָל זיין אַ הייסער. יעדער אייגער האָט זיך שטילערהייט געגרייט. אפשר וועט ער קריגן מוט צו ריידן, ווער מיט אַ פאָרשלאַג, און ווער מיט אַ קלאָגע, און ווער גלאַט אַזוי מיט אַ רעדע, וואָס האָט באַדאַרפט אונטערפירן דעם סך־הכל פון דער גאַנצער אַרבעט.

דער אַריינגאַנג פון הויז נומער איינס איז געווען באַלויכטן מיט דעם איינאונאיינציקן גרויסן עלעקטרישן לאָמפּ אין דער קאָלאָניע. אינעווייניק אין גרויסן "האָל" זיינען געווען אויסגעשטעלט אַרום פּופּציק ביינקלעך און אויף דער נידעריקער פלאַטפאָרמע, וועלכע פרידמאַן און שולמאַן האָבן אויפגעבויעט, איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש, באַדעקט מיט אַ גרינעם טישטוך, מיט טראָלדן באַ די זייטן; אויפן טיש אַ גלעקל, אַ פלאַש וואַסער, צוויי גלעזער, אַ טינטער, אַ פעדער און פּאַפּיר; די סטעליע איז געווען באַהאַנגען מיט קאָליר־פּולע פּאַפּירלעך און לאָמטערנדלעך (פאַרבליבן נאָך פון דער דערעפענונגס נאַכט); באַ דער רעכטער וואַנט זיינען געשטאַנען צוויי שאַפעס מיט ביכער (בראָדערזאָנס שטאַלץ), און באַ דער לינקער וואַנט — אַ לאַנגער טיש, באַדעקט מיט ווייסע טישטוכער; אויפן טיש — צוויי רייען פון גלעזער און שאַלן, פיר "קייקס" און אַ וואַזע מיט בלומען. אויף די ווענט האָבן געהאַנגען פּאָרטרעטן פון דעם פּרעזידענט לינקאָלן פון פּרץ'ן און שלום עליכם'ן (בראָדערזאָנס אַ מתנה). אין ווינקל איזגע־שטאַנען אַן אַלטמאָדישע ראַדיאָ, וועלכע מיסעס גאַנטש האָט נאָך אַלץ באַ־באַטראַכט אַלס איר אייגנטום. און אַז עמיצער איז אַמאָל צוגעגאַנגען צו דער ראַדיאָ און געפּאָרעט זיך באַ איר, פלעגן באַ מיסעס גאַנטש אָנהייבן ציטערן הענט און פיס און מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע פלעגט זי ברומען:

— המ... נאַ! מ'דרייט שוין.. אַז אין קאָפּ, רעבווינעשוילוילעם! מ'דרייט! אַ סאַך האָבן זיי אַריינגעלייגט אין איר! — און איר מאַן, גאַנטש, קוקנדיק אויף איר פלעגט שלינגען די סלינע און מורא האָבן צו באַגעגענען זיך מיט איר בליק. ער האָט שוין געוואוסט, אַז באַנאַכט וועלן זיך אין די צוויי קליינע צימערלעך טראָגן קללות און געשרייען און ער וועט זיך צום הונ־דערטסטן מאָל פרעגן ווי אַזוי דער רוח האָט אים געטראָגן צו ווערן אַ קאָ־לאָניסט און ניט עפּעס אַזוי זיך אין אַ קאָלאָניע, נאָר אין אַ קאָלאָניע מיט אַזעלכע מאָדנע "זאַקאָנעס", אָט גלייך ווי ער וואוינט ניט אין אַמעריקע, נאָר ערגעץ באַ די באָלשעוויקעס. אין דעם איז, פאַרשטייט זיך, שולדיק דער שוואָגער זיינער, דער שוסטער. געקומען פון רוסלאַנד אַ גאַנצער באָלשע־וויק און איצט האָט ער אים אויך אַריינגעשלעפּט.

דאָס צימער איז שוין געווען באַלויכטן און פּאַרטיק אויפצונעמען די פּאַרזאַמלונג. די ערשטע צו קומען זיינען געווען בראָדערזאָן און גאַנטש. בראָדערזאָן איז אַרומגעגאַנגען בײַ די שראַנקען, אַרומגעטאַפּט און אויס־געגלייכט זיינע ביכער. ער האָט געוואוסט, אַז מ׳גרייט פאַר אים אַ סור־פּריז. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, קרופּקינס אידייע. און ס׳איז, טאַקע ניט מער ווי רעכט. די ביבליאָטעק, זיין ביבליאָטעק, וואָס ער האָט בייגעשטייערט, איז ווערט אַ פּאַרמעגן און מ׳קאָן זאָגן, אַז ס׳איז דאָס גייסטיקסטע, וואָס ס׳איז פאַראַן אין דער קאָלאָניע.

גאַטש האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון דעם הויז ווי אַן אָפּגעבריטער און אין דערזועלבער צייט פול מיט שמחה. זי איז היינט אויפגעשטאַנען אויף דער לינקער זייט. דאָס קינד האָט אַ גאַנצע נאַכט געוויינט, איז מען ניט געשלאָפן. ער האָט זיך ממש מחיה געווען, וואָס ער איז אינדערפרי אַוועק אין פעלד אַריין. ווען ער איז אַהיים געקומען האָט זי געברענט ווי אַן אויווען. דאָס פּיצל איז נעבאַך אויפן מעגעלע, איז זי מיט אים באַנאַכט גע־גאַנגען צום ״דאָקטאָר״, האָט ער געקוקט אויפן פּיצל, געקוקט, געטאַפּט דאָס בייכעלע, אַנגעגאָסן פון דעם פלעשל אַ לעפעלע ריצנאויל און קוים מיט צרות אַריינגעקוועטשט אין קינדס מיילכל. האָט זי אויסגעלאָזט דער־נאָך צו אים, גאַנטשן אַלע בייזע חלומות, פאַרבונדן זיך דעם קאָפּ מיט אַ נאַסן האַנטוך און אַריינגעלייגט זיך לעבן קינד אין בעט. — זאָלן זיי דאָרט צעפּלאַצט ווערן.... — זי וועט צו קיינע מיטינגען ניט גייען, ווייל אויב זי וועט גייען וועט זיין אַז אַך און אַז ווי צו זייערע יאָרן. האָט ער זיך געפרייט, וואָס זי איז ניט געגאַנגען. ער האָט גוט געוואוסט וואָס פאַר אַ סקאַנדאַלן זי קאָן מאַכן. איצט איז ער געזעסן איינער אַליין אין אַ ווינקל, אַ פאַרשלאָפענער און געטראַכט, אַז אין דער אמתן, איז זי, די ווייב זיינע אפשר גערעכט. פאַרוואָס זאָל ער עפּעס נעמען בערגס און קרופּקינס און שולנערס רייד אַלס הונדערט פּראָצענטיקן אמת? פון וואַנען ווייסט ער וואוהין זיי פירן אים? נו, דערווייליגע האָט מען נאָך וואָס צו עסן, ס׳איז איין קיך, איין טיש, איין באַלעבאַטישקייט; און אַזוי איז מיטן פעלד, מיט די קי און מיט די הינער... אָבער צוריק גערעדט, געפעלט אים דוקא יא דער גאַנצער ענין. ווייל נאָך אַלעמען, גיט מען אָפּ אַלע פיר וואָכן אַ גענויעם חש־בון, וואָס מ׳טוט מיטן געלט וואָס ס׳קומט אַריין פון די פּראָדוקטן. ס׳איז פּאַרט אַנדערש, ווי דאָרט אויף פּיטקין סטריט אויפן זעקסטן פלאָר. דעם אמת־זאָגנדיק, האָט ער זיך אויסגערוט זיינע פיס. דאָרט פלעגט ער אַ גאַנ־טאָג אַרומגיין אין די ״עלים״ און שרייען ״אָלד קלאָטהס! אַלטע זאַכן״! שלעפּן זיך אויף די טרעפּ אַראָפּ און אַרויף, טאָג איין, טאָג אויס, און די פּאַרדינסטן, מ׳שטיינס געזאָגט ״בע״!..

עס זיינען אָנגעקומען נאָך אַ פּאָר קאָלאָניסטן מיט די ווייבער: שלום

זעלצער און לייבוש בלאָך,ביידע אַמאָליקע פּאַרמערס, אַלטע אַמעריקאַנער תּושבים וואָס האָבן אַלע זייערע יאָרן געלעבט פון פאַרמעריי און אויף דער עלטער געגאַנגען געבראָכן און ניט געקאָנט זיך צופּאַסן צום שטאָטישן לעבן. די קאָלאָניע מיט אַלע משוגעת'ן איז געווען פאַרט בעסער ווי אַרומ־צודרייען זיך ליידיק און ציטערן, אַז ס'לאָזן זיך אויס די לעצטע פּאָר סענט. דאָ האָלט מען זיי פאַר עקספּערטן און מיט אַלע "מעלאַמדים" און "יאָלדן" זיינען זיי דאָך זיכער עקספּערטן. זיי ווייסן דאָס פעלד, און די ווייבער זיי־ערע ווייסן ווי אַרומצוגיין אַרום די בהמות און זיי זיינען עס טאַקע די מעל־קערינס, און זיינען טאַקע, די דאָזיקע, וואָס לערנען די איבעריקע ווייבער די מלאכה פון מעלקן קי און מאַכן קעז און פּוטער.

נאָך זיי איז אָריינגעקומען משה כייפעץ מיט זיין שוואַרצכיינעוודי־קער ווייבל. ער האָט זיך אויך פאַרלאָזט דאָ אַ באָרד, וועלכע ער האָט גע־האַלטן אין איין גלעטן און צופּן. כאָטש דאָרט אין שטאָט איז ער געווען אַ טראַק דרייווער און פאַרקויפט ווינטער קוילן און זומער אייז, דאָך איז ער קיין גראָבער יונג ניט געווען. ער האָט געקאָנט גוט לייענען יידיש און ענגליש און אפילו העברעאיש (זיין טאַטע איז געווען אַ שוחט). ער איז גע־ווען באַקאַנט מיט פּאָליטיק און האָט אַמאָל געטרוימט צו ווערן אַן עלעק־טראָטעכניקער און געלערנט זיך אַפילו אין דער "סיטי עלעקטראָ־סקול", אַז ס'איז אָבער ניט געווען קיין מזל, איז ער געוואָרן אַ טראַק־דרייווער. די קאָלאָניע מיט דער קאָמונע האָט אים ניט איבעראַשט. ער האָט געהערט און געלייענט וועגן אַזעלכע עקספּערימענטן. דעם טראַק און דאָס "פאַרדל" וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָט ער אָוועקגעגעבן דער קאָלאָניע און ער אַליין איז טאַקע געווען דער "אַנטרייבער", ווען מ'האָט באַדאַרפט פאָרן צו דער סטאַנציע, אָדער צו די רעזאָרטלעך אַרום, אויסצופאַרקויפן די אייער, און די פּוטער און די פּרעזערווס, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבן פון נאַוואַקן. דאָס ווייבל זיינס איז אויך געווען צופרידן און דער קראַנקער בויטשיקל האָט אויך אויפגעלעבט און איז געוואָרן ברוין און פול מיט חן, — איז אַל־רייט אַרום און אַרום . . .

דער דאָקטאָר מיטן שטעקן אין דער האַנט איז אַריינגעקומען, אַרומ־געקוקט דאָס צימער, אַ שמייכל געטאָן צעפרידן און געוואָלט אַרויסגיין.

— דאָקטאָר, דאָק! — האָט כייפעץ הויך און גוטברודעריש אַ רוף געטאָן דעם דאָקטאָר. — קומט אַהער, דאָק! וואוהין לויפט איר? שטייט דאָ אַביסל מיט אונדז, מיט פּשוטע מענטשן.

— כ'האָב געמיינט כ'וועל אַרויסגיין זען בערגן, אײדער דער מי־טינג פאַנגט זיך אָן — האָט זיך דער "דאָקטאָר" אָפּגעשטעלט.

— בערג איז פאַרנומען — האָט כייפעץ געשמייכלט — איך האָב זיי דאָך געבראַכט פון דער סטאַנציע מיט מיין פאַרדל... אים, און זי, און דעם

באַגאַזש אירן... אוי, אַ צאַצקעלע, זאָג איך איך, אַ בת מלכהלע, אַ פאַרגע־ניגן צו קוקן אויף איר... אָבער אויב איר מוזט אים זען בערגן, שטייט ער דאַכט זיך לעבן די שטאַלן מיט דעם נייעם, כ'מיין מיט דעם נייעם קאַ־לאַניסט.

— שייך מוזן... איך מוז ניט כ'האָב געמיינט כ'וועל אַ שמועס טאָן.

עס זיינען דערווײַלע אָנגעקומען נאָך קאָלאָניסטן. עס זיינען שוין געווען אין "האָל" זאַנגנפעלד אַן אַמאָליקער קאָסטאָמער־פעדלער און זיין ווייב; ראָזענבוים, דער בלייך־פּאַטראַכטער דיכטער; שאַפּירא ,אַן אַמאָ־ליקער "ריל־עסטייטניק" מיט זיין ווייב; זיי האָבן זיך אַלע געהאַלטן צוזאַ־מען.. ניט ווייט פון זיי זיינען געזעסן אַקערמאַן מיט זיין פרוי און דזשייק שאָן — דער באַרבער. קיין קינדער האָט מען ניט געטאָרט מיטנעמען.

דער זייגער איז שוין געווען אַ פערטל צו אַכט. פונקט אַכט אַזייגער האָט מען באַדאַרפט עפענען די פאַרזאַמלונג. אויף דער פלאַטפאָרמע ביים טיש איז שוין געזעסן כמעט דער גאַנצער "ראַטקאָם".

פונקט אַכט אַזייגער איז אָנגעקומען בערג מיט ביולאַן. ביולא אין אַ ווייסן קלייד, מיט אַ בלום באַם קאָרסאַזש, די שוואַרצע צעפּ שטייף פאַר־דרייט אַרום דעם קאָפּ, איז געבליבן שטיין אויף אַ ווײַלע אין דער טיר, ווי פאַרבלענדעט פון די קאַלירן און פון דעם ליכט. הינטער איר איז געשטאַנען בערג, אַן ערנסטער ווי אימער. ס'איז געוואָרן שטיל. אַלע בליקן זיינען גע־ווען געווענדעט אויף זיי. ס'האָט זיך דערהערט אַ שושקעריי און דאָס רוקן פון בײַנקלעך. האַלטנדיק ביולאַן באַם אָרעם, האָט בערג זי צוגעפירט צו אַ בײַנקל אין דער ערשטער ריי.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און האָט אַ שמייכל געטאָן צו מיסעס אַקערמאַן און צו מערין, וועלכע איז געזעסן לעבן איר. מערי בראָדערזאָן, מיסעס אַקערמאַן און מיסעס זאַנגנפעלד האָבן זיך שוין באַקאַנט מיט ביו־לאַן פריער, ווען זיי האָבן זי באַמערקט אָנקומען מיט בערגן פון דער סטאַנ־ציע.

בערג האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ ביים טיש. אַרומגעקוקט דעם עולם און געוואונדערט זיך פאַרוואָס ער זעט ניט ביטריסן.

— וואו איז ביטריס? — האָט ער געפרעגט קרופּקינען.

קרופּקין האָט געקוועטשט מיט די אַקסלען און גאָרנישט געזאָגט.

שולנער האָט אַ קלונג געטאָן מיטן גלעקל און ס'איז געוואָרן שטיל. בערג האָט זיך אויפגעהויבן, געקוקט אַ ווײַלע אויף דעם טיש און אויף די פּאַפּירן, דערנאָך איבערגעפירט זיין בליק אויף ביולאַן און פון ביולאַן אויף די פאַרזאַמלטע און האָט געזאָגט:

— איך דערעפן היינט די זיצונג מיט דער מעלדונג, אַז צו אונדזער קאָלאָניע איז צוגעקומען אַ נייע חברטע און פריינט — מיין פרוי ביולא..

(עס האָבן זיך דערהערט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן. בערג האָט אויפגעהויבן די האַנט און עס איז ווידער געוואָרן שטיל). זי נעמט אַן אונדזער סטאַטוס און מיט דעם ווערט זי אַן אייגענע, איינע פון אונדז. איך באַגריס זי מיט איר אָנקומען.

עס האָבן ווידער אויסגעבראָכן שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן. מערי האָט אַ כאַפּ געטאָן ביולאָס האַנט און געדריקט זי זייער שטאַרק; מיסעס אַקערמאַן האָט איר נאָכגעטאָן און נאָך אַ פּאָר אין דער הינטערשטער ריי האָבן זיך אויפגעהויבן און געשטרעקט זייערע הענט, ביז עס האָט זיך ווידער דערהערט דאָס קלינגען פון גלעקל און עס איז ווידער געוואָרן שטיל.

שולנער האָט זיך אויפגעהויבן און האָט איבערגעלייענט די טאָג־אָרדענונג; דערנאָך האָט ער איבערגעלייענט דעם פּראָטאָקאָל פון דער פריערדיקער זיצונג; דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן די פאַרהאַנדלונגען פונקט נאָך פונקט. די אָנגעוויייטיקטע פראַגן וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין די לעצטע צוויי וואָכן. עס זיינען אַריינגעקומען אין "ראטקאָם" רעקאָמענדאַציעס, אָנפראַגן און אָנקלאַגעס. דער פאַרמער זעלצער האָט רעקאָמענדירט אָפּצוקויפן זעקס קי וואָס דער שכנהשער פאַרמער דזשאָנסאָן האָט געוואָלט פאַרקויפן (די ענטשיידונג פון דער פראַגע איז איבערגעגעבן געוואָרן צום "ראַטקאָם"); דערנאָך האָט לאַה אַקערמאַן גענומען דאָס וואָרט. אַנ־געהויבן האָט זי, ווענדענדיק זיך צום "ראַטקאָם", אָבער מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ דריי געטאָן צו דער פאַרזאַמלונג, אָנגעשפּאַרט די הענט אין די קלובעס און גענומען ריידן הויך, מיט דעם אויטאָריטעט פון איינער אויף וועמעס פּלייצעס עס איז אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אַ גרויסע מיסיע: אויף איר און אויף מיסעס... חברטע שינדל און אויף מיסעס.. חברטע כייפעץ ליגט די גאַנצע פאַראַנטוואָרטליכקייט פון דער טאָג־טעגלעכער באַלעבאַטישקייט.. פאָדערט זי: ערשטענס, מ׳זאָל זיי ניט קאָרמענען מיט צוזאָגעכצן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן די נייטיקסטע זאַכן; שוין צוויי וואָכן, אַז זיי האָבן אויפמערקזאַם געמאַכט ,אַז אין סקלאַד, וואו ס׳שטייט דאָס מעל און דער צוקער, און די גרויפּן און די אַלע איבעריקע פּראָדוקטן, — אין דעם סקלאַד האָבן זיך זאַנגאַדעט מייז און שטשורעס און ביז היינטיקן טאָג האָט מען נאָך ניט געקויפט די צוגעזאָגטע בלעכענע קעסטלעך אין וועלכע מ׳זאָל קאָנען האַלטן אַלע פּראָדוקטן. ווען זי קען נעמען אַ געוויסע... חברטע און צעשניידן זי אויף שטיקלעך און געבן עס צו די מייז, וואָלטן זיי זיך זיכער פאַרסמט און געפּייגערט... (עס האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער אין איין זייט און אַ פּראָטעסט פון דער צווייטער זייט). שולנער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען קלינגען מיטן גלעקל. בערג האָט שטיל און מיט ערנסטקייט געווענדעט זיך צו מיסעס אַקערמאַן און געזאָגט, אַז אין דער קאָלאָניע טאָרן ניט גענוצט ווערן אַזעלכע אויסדרוקן און אין אַלגעמיין דאַרף

דאָ הערשן אַן ערלעכע חברשע אַטמאָספערע. מיסעס אַקערמאַן האָט זיך ניט פאַרלוירן, געקוקט אַרום זיך מיט נצחון און פאָרטגעזעצט: מ׳דאַרף אויסראַטן די מייז, ערשטנס; צווייטנס — זי ווייסט, אַז אייניקע פון די חברטעס האַלטן באַ זיך באַהאַלטן פּרעסלס אין דער צייט, ווען פאַר דער אַרבעט איז פאַראַן בלויז צוויי פּרעסלס און דאָס אויך צובראָכענע.. מיסעס שינדל האָט, נעבעך, נעכטן געקראָגן אַ ״שאָק״ און אויסגעבלאָזן די פיוזעס. זאָלן די מעמבערס אָפּגעבן דער קאָלאָניע אַלע פּרעסלס מ׳זאָל האָבן מיט וואָס פּרעסן דאָס אונטערוועש טאַקע צוליב זייערוועגן. דריטנס — ס׳איז פּאַסקודנע! פּע! מיסעס שינדל גייט שוין אַרום דריי טעג מיט אַ געשוואָלענער באַק. היינט האָט מען זי באַדאַרפט מיטנעמען צו דער סטאַנציע צו אַ דענטיסט און מ׳האָט פאַרגעסן... און דאָס איז אַלעס וואָס זי האָט געהאַט דאָס מאָל צו זאָגן

נאָך מיסעס אַקערמאַן האָט גערעדט כייפעץ. מ׳דאַרף נייע שינעס צו איינעם פון די טראָקס, און מ׳דאַרף אַ פעסל אויל, וואָרן דער אויל איז שוין אויפ׳ן סאַמע דנאָ. און זעלצער האָט גערעדט וועגן די דאָזיקע, וואָס מאַכן זיך קראַנק, וועלכע זיינען, ווי חבר קרופקין רופט זיי ״סאַבאָטאָזשניקעס״. און ווען אַלע טענות און אַלע פאָרשלאָגן און אַלע פּונקטן זיינען דערנאָך איינער נאָך דעם צווייטן געלייזט געוואָרן, אָדער איבערגעגעבן געוואָרן צום ״ראַטקאָם״ און עס זיינען מער קיין געשעפטס־פּונקטן ניט פאַרבליבן האָט דער ״דאָקטאָר״ געבעטן דאָס וואָרט און האָט מיט אַן ערנסט פייערלעכן טאָן גערעדט וועגן בראָדערזאָנען און וועגן זיין ביבליאָטעק, וואָס ער האָט אַוועקגעגעבן דער קאָלאָניע און ער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז די ביבליאָטעק זאָל אָנגערופן ווערן ״בראָדערזאָן ביבליאָטעק״. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן.

צום סוף האָט גערעדט בערג. זיינע אויגן האָבן געלויכטן מיט באַזונדערער צעפרידנקייט. ער האָט אָנגעהויבן ריידן שטיל, ווי וועלנדיק מיט זיין טאָן איינשטעלן אַ היימישע און ברידערלעכע רואיקייט און זיינע ווערטער, פאַרפלאָכטן מיט אַביסל הומאָר, האָבן איינגעשטעלט אַ באַלאַנסירטע שטימונג צווישן די פאַרזאַמלטע. אַוודאי, האָט ער געזאָגט, וועט מען באַטראַכטן יעדע קלאַגע, יעדן פאָרשלאָג און אַלץ וועט באַזאָרגט ווערן און קיינער וועט ניט עקספּלואַטירט ווערן. און פאַרשטייט זיך אַז יעדער איינער פילט די אַחריות און נעמט זיך צום האַרצן סיי די קלייניגקייטן, און סיי די וויכטיקע פּראָבלעמען, — נו, איז גוט אַזוי. אָט אַזוי זיינען אַלע פּיאָנערן, אָט אַזוי איז די מענשהייט, אין אַלגעמיין; ווייל, אַז מ׳וויל, איז אָט די דאָזיקע קאָלאָניע דער סימבאָל פון יידישן לעבן, און יידישן פאָלק, וואָס שטרעבט צו עפּעס אַן ערלעכן, רואיקן שלום־לעבן, אין וועלכן עס זאָל הערשן גערעכטיקייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט. יאָ, זי איז סימבאַ־

ליש די קאָלאָניע. ווייל זי פאַרטרעט כמעט אַלע שיכטן פון דעם יידישן לעבן, ווייל עס זיינען דאָ פאַרטראָטן אַלע — סיי די אינטעליגענציע, סיי דער לופט-מענטש, סיי די פראָפעסיאָנאַלן (אַ קוק געטאָן אויף דעם "דאָק־טאָר") און סיי די קונסט און די ליטעראַטור (געוואָרפן אַ בליק צו ביולאָן און צום דיכטער ראָזענבלום); יאָ, עס זיינען פאַרטראָטן אַנאַרכיסטן, ציו־ניסטן, קאָמוניסטן און ווער ניט? — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, — און אַלע צעזאַמען אַ קאָלעקטיוו, אַ סימבאָלישער קאָלעקטיוו, מיט אַן אידייע... און אין דערזעלבער צייט איעדער איינער באַזונדער מיט זיינע אינדיווידועלע עמאָ־ציעס, געדאַנקען און פּראָבלעמען; איעדער מיט זיינע שטרעבונגען — דער־ווײַלע, ליידער, נאָך ניט גענוג דערהויבענע און נאָך ניט אינגאַנצן פאַר־איייניקטע. עס פילט זיך נאָך צעריסנקייט, די אָפּגעזונדערטקייט, עס וועט אָבער קומען אַ צייט און דער גייסט פון אייניקייט וועט זיגן.

ער האָט פאַרענדיקט אונטער באַגייסטערטע אַפּלאָדיסמענטן און איז אַראָפּ פון דער פּלאַטפאָרמע מיט אַ שמייכל, וואָס האָט געלויכטן מיט גלויבן.

ס'איז שוין געווען אַרום עלף אַזייגער. אינדרויסן איז פּלוצים גע־וואָרן אַ שטורם. עס האָט אָנגעהויבן דונערן און בליצן. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט די קאָלאָניסטן אַרומזעצן זיך אַרום דעם טיש. עס האָט זיך שוין אַזוי געפירט: נאָך די מיטינגען פּלעגט מען סערווירן טיי און לע־קאַך און מ'האָט זיך דורכגעשמועסט אַן צערעמאָניעס, היימישלעך. און ווייל דאָס מאָל איז געווען אַ יום טוב, האָט מען אָנגעשטעלט די ראַדיאָ און מ'האָט געכאַפּט אַ טענצל, ס'איז געווען פריילעך אויף דער נשמה. מ'האָט גע־פילט אַז מיט "איר" אָנקומען וועט דער באָדן זיכער ווערן פעסטער אונ־טער בערגס פיס. און נאָך אַלעמען, האָט מען דערווײַלע באַוויזן, אַז וואו ס'איז דאָ ווילן און ענערגיע, דערלעבט מען צו זען פרוכטן. אָט זעט מען שוין כמעט אויף די פעלדער די פרוכטן פון דער מיה, וואָס יעדער איינער לייגט אַריין. ס'איז גוט... ס'איז באָדן, ס'איז מי און פּראַצע, און פריי, אָן פּאַראַזיטעריי.. אַי, מענטשן זיינען פאַרשיידן, אַי, דאָ און דאָרט זיינען נאָך פאַראַן אומצעפרידענע און מ'רייסט זיך נאָך... (פּע! מיסעס אַקערמאַן האָט ניט געטאָרט אויסדריקן זיך אַזוי..) נו באַנאַרישט מען זיך אַמאָל . . .

אַזוי האָבן זיך ווי כוואַליעס געהוידעט די רייד און די שטימונגען — אַראָפּ, אַרויף, אַראָפּ . . .

באַ די טישן זיינען געזעסן כמעט אַלע. בערג און ביולאַ אויבנאָן. לעבן ביולאָן — דער "דאָקטאָר", דערנאָך קרופּקין, דערנאָך שולנער, בראָדער־זאָן, מערי, זעלצער, שטערנטאָל רויזענבוים און אַזוי ווייטער: מ'האָט גע־טרונקען טיי, מ'האָט געגעסן לעקאַך, און ניס, און פרוכטן און מ'האָט גע־לאַכט און געשטיפט. און אינדרויסן איז דער שטורם געוואָרן שטאַרקער. אַ רעגן? גוט! בישקשה! ס'איז אַ ברכה מ'דאַרף אים . . .

בערג האָט זיך אויפגעהויבן, ענטשולדיקט זיך פאַר ביולאַן און גע־זאָגט אַז ער וועט אײַנגיכן צוריקקומען.

אַרויסגעגאַנגען, געבליבן שטיין אויף די טרעפּ. אַ בליק האָט אַ בלענד געטאָן מיט זיגזאַגן און אַ דונער האָט ערגעץ אַ קראַך געטאָן. מיט שנעלע טריט האָט ער זיך געלאָזט גיין צום הויז נומער צוויי, וואו ביטריס האָט געהאַט איר צימער. ס'איז בײַ איר געווען ליכטיק. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין איר טיר. אַ ווײַלע איז געווען שטיל, האָט ער ווידער אָנגעקלאַפּט. דאָס מאָל האָט זיך ברייט צעעפנט די טיר און ער האָט דערזען ביטריסן ווי זי שטייט, צוימענדיק קוים איר כעס.

— כ'האָב געמיינט ס'איז... קרופּקין. וואָס ווילסטו?

— קאָן איך אַרײַנקומען? — האָט ער געפרעגט.

— קאָמיש צו הערן אַזאַ פראַגע פון דיר. אוודאי, מעגסטו אַרײַנ־קומען.

— פאַרוואָס ביסטו ניט געקומען צום מיטינג? — האָט ער געפרעגט.

— כ'האָב ניט געוואוסט, אַז ס'איז אַ מיטינג. כ'האָב געמיינט ס'איז אַ חתונה און צו דער חתונה האָסטו מיך ניט געבעטן. חוץ דעם האָסטו דאָך זי, דײַן ביולאַן . . .

— איך האָף, אַז איר וועט ווערן פרײַנט.

— ניט קיין שונאים, אָבער זיכער ניט קיין פרײַנט. — האָט זי גע־ענטפערט ענטשלאָסן און קאַלט.

— מ'טאָר ניט זײַן אַזוי, ביטריס, — האָט בערג צאַרט אַרויפגע־לייגט זײַן האַנט אויף איר אַקסל. — דו האָסט דאָך געוואוסט און דו האָסט דאָך שטענדיק אַליין געזאָגט, אַז אונדזער פרײַנטשאַפט איז ניט קיין שקלאַ־פישע און טאָר ניט און דאַרף ניט פאַרבונדן ווערן מיט היפּאָקריטישע קנופּן . . .

— איך האָב באַדאַרפט הייסט עס, פאַרשטיין, אַז איך בין בלויז אַ גאַסט ביי דיר אין האַרצן. — האָט זי פּרובירט ריידן רואיק.

— אַ גאַסט — איז אמת, אָבער אַן אָנגענעמער, גוטער גאַסט, וואָס ווערט אַ פרײַנט. דו בײַ מיר און איך בײַ דיר. אַזוי זײַנען מיר, מענטשן... יע־דער נייער גאַסט בײַ אונדז אין האַרצן ברענגט מיט זיך אַ מין נייעם אַראָ־מאַט, אַ נייעם שמייכל, אַ נייעם בליק און אַ ניי וואָרט

— און מײַן בליק און מײַן וואָרט איז שוין אַלט מסתמא.

— ניט אַלט, אָבער עס מוז ניט זײַן און בלײַבן אויסגעצערעגט ווי מיט אַ פײַערדיק אײַזן, ניט דײַן וואָרט און ניט מײַן וואָרט. אויב עס בלײַבט אָבער די חברשאַפט, די פרײַנטשאַפט ,איז גוט אַזוי. דאָס איז, אייגנטלעך, דאָס ערלעכסטע, דאָס שענסטע, וואָס דאַרף זײַן און בלײַבן צווישן מענטשן, ווען עס קומט די צייט . . .

— צו שיידן זיך??

— ניין, ניט צו שיידן זיך, נאָר צו.... באַהעפטן זיך מיט עפּעס נייעם אין לעבן, מיט נייע עמאָציעס, מיט נייעם אינטערעס, מיט דעם אלעמען, וואָס באַנייט דעם גייסט פון מענטשן, ווי עס באַנייט זיך דער צווייט אויף דיביימער יעדן פרילינג.

— איך ווייס און פאַרשטיי, אַז ערגעץ וואו ביסטו גערעכט... אָבער עפּעס זאָגט מיר אונטער און עס דאַכט זיך מיר, אַז.. ערגעץ איז דער אמת פאַרפּלאָנטערט. ביסט אָפנהערציק מיט מיר אָבער ביסטו טאַקע זיכער, אַז אין אָט דער דאָזיקער אָפנהערציקייט דיינער ליגט ניט אויך... גרויזאַמקייט? אמת, מ׳דאַרף ניט זיין אַ היפּאָקריט און מ׳טאָר ניט זיין פאַרשקלאַפט איינער צום צווייטן אָבער... דאָס וואָס איך בין אַזוי צוגעוואוינט געוואָרן צו דיר, וואָס איך האָב דיך אַזוי ליב באַקומען, — דאַרף איך דאָס אַלעס אויסרייסן?... איז דאָס טאַקע אַזוי מענטשלעך ווי מיינסטו?

— אוודאי קאָן מען ניט אויסרייסן קיין געפיל פון האַרצן, ביטריס— האָט ער געענטפערט. — מ׳קאָן אָבער די ליבע פאַרוואַנדלען ווי איך האָב געזאָגט — אין פריינטשאַפט, אין פריינטשאַפט מוז אויך זיין ליבע, ביט־ריס. און ליבע מוז זיך ניט אויסדריקן בלויז אין שטורם... פון בלוט. עס איז געוועזן דער שטורם און שויך. עס קאָן זיין פריינטשאַפט, אפילו אַן עמאָציאָנעלע פריינטשאַפט, וואָס זאָל באַפרידיקן און לייכטן דאָס גאַנצע לעבן ווי אַ וואַרעם פייערל . . .

— האָסטו איר דערציילט וועגן מיר? —

— דערציילט.

— וואָס זאָגט זי.

— זי איז אינטעליגענט און פאַרשטייט.

— דאָך... דיינק איך, אַז ערגעץ איז דאָך פאַראַן עפּעס אַזאַ מין נישט־געשריבענער געזעץ, וואָס הייסט "רעכט" און אָט דידאָזיקע רעכט אויף דיר האָב איך פונקט ווי זי.

— ניין ביטריס, לאָמיר זיך ניט נאַרן. — האָט ער געוואָלט זי זאָל אים פאַרשטיין טיפער. — מיר האָבן דאָס רעכט צו פאָדערן אָפנהאַרצי־קייט, ס׳איז אָבער אוממעגלעך און אומנאַטירלעך צו פאָדערן רעכט אויף ליבע. דו וועסט דאָך ניט וועלן פאָדערן דיין רעכט, ווי דו רופסט עס, אויף מיינע טעג און מיינע יאָרן? אַזאַ ליבע וואָלט דאָך, אָן צווייפל, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין האָס.

זי האָט זיך שטיל צעוויינט. געבליבן שטיין מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ ווי אַן אויסגעלאָשענע; אַויסגעדרייט זיך פון זיינע הענט און אַ וואַרף געטאָן זיך אויפן בעט. איינגעגראָבן דאָס פּנים אין קישן.

— וויין ניט ביטריס. האָט בערג געזאָגט. — עס זיינען נאָך פאַראַן

אַזוי פיל פייערלעך אין לעבן.

זי האָט ניט געענטפערט. איז ער געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע. געוואוסט אַז ס׳איז נוצלאָז זיין רעדן. האָט ער אַ פיר געטאָן מיט דעם האַנט איבער איר קאָפּ און איז אַרויסגעגאַנגען.

די נאַכט האָט ווידער אַ בלענד געטאָן מיט ליכטיק־בלויע זיגזאַגן, שווערע טראָפּנס רעגן האָבן אָנגעהויבן פאַלן. צום ערשטן לאַנגזאַם, דער־נאָך שנעלער און שטאַרקער.

עס האָט גערעגנט אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג אָבער איז די זון אַרויס־געשוואומען פון לייק אַ ליכטיקע און שיינע ווי אימער. דער הימל האָט זיך אינגאַנצן אויסגעלייטערט און געבלענדעט מיט ליכטיק בלויער טיפקייט. פון ווייט, ווייט האָבן צוויי וואָלקנדלעך ווי ווייסער זילבערנער פוך געקוקט אויף דער אויפגייענדיקער זון און ווי געצויגן זיך צו איר אָנצעוואָרעמען זיך. עס האָט נאָך געשמעקט מיט רעגן און ס׳האָט זיך געטראָגן דער ריח פון גרינוואַרקס.

ס׳איז געווען שטיל.

די זון איז אַ רונדע און אַ פייערדיקע געשטיגן פון דעם לייק און גע־וואָרפן איר רויטן שמייכל אין די פענצטער פון בערגס צימער.

בערג האָט ליב געהאַט אויפגעוועקט צו ווערן פון דער זון. ס׳איז געווען גוט צו ליגן אַזוי אַזאויסגעצויגענער אויפן בעט און פילן, ווי עס בלאָזט דאָס ווינטל דורך דעם אָפענעם פענצטער, פילן ווי עס קאַטשעט זיך אויף דער נאַקעטער ברוסט און שפּילט זיך באַ די נאַקעטע פיס.

דאָס מאָל, ווען בערג האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער פאַרגעסן אָן דער זון. ער האָט דערפילט לעבן זיך אַ וואַרעמקייט, און דער געדאַנק האָט אַ שלאָג געטאָן מיט אַ כוואַליעדיקער פרייד: דאָס איז דאָך ביולאַ, ביולאַ, ביולאַ... ביולאַ איז לעבן אים. עס ליגט לעבן אים זיין ווייב, זיין שיינע ווייב. פון אירע ליכטיג־בלויע זיידענע פּאַדזשאַמעס זעען זיך אַרויס אירע נאַקעטע הענט, איר ענטבלויזטער אַקסל. זי שלאָפט נאָך. אי־רע לאַנגע שוואַרצע וויִעס ציטערן און די רויטע ליפּן זיינען האַלב אָפן און ער זעט אירע גלייכע, ווייסע, אַזעלכע ווייסע ציין.

ער האָט מורא געהאַט אַ ריר צו טאָן זיך. זיי זיינען אַזוי שפּעט אַנט־שלאָפן געוואָרן. ער געדענקט אַפילו ניט ווי אַזוי. אָט אַזוי, ביידע אַוועקגע־טראָגן געוואָרן, צעגאַנגען געוואָרן אין שלאָף. איצט קוקט די זון אַריין. אַ־אַ!.. ווייזט זיך אים שמייכלט די זון.. אַ־אַ! שמייכלט ער אויך. ס׳איז, אים גוט. ער ליגט אַזוי אויסגעצויגן און רירט זיך ניט.

עס איז נאָך סיי ווי צו פרי אויפצושטיין. עס סווישטשען פייגעלעך. דאָס סוויסטשען זייערס אין בלויען פאַרטאָג און די שפּיל פון ליכט און

שאָטן וועקט אין אים שטענדיק אַ געפיל פון טרויער און זיסקייט, פון אומעט און פרייד, פון געזאַנג און טריבקייט... דאָס פלאַטערן אַרום אים און אין אים די בלויע פליגל פון דער פאַרשוואונדענער נאַכט און די ווייסע פליגל פון דעם קומענדיגן טאָג

ער וואָלט געוואָלט, אַז אויך ביולאַ זאָל זען די אויפגייענדיקע זון און הערן דאָס סווישטשעריי פון די פייגעלעך... זי וועט עס נאָך זען. און זי וועט עס נאָך הערן. היינט זאָל זי שלאָפן.

מיט דעם שטייגן פון דער זון, האָבן זיך די שאָטנס אין צימער פאַררוקט אין די ווינקלען.

ביולאַ האָט געעפנט די אויגן. האַלב פאַרשלאָפן און פאַרוואונדערט געקוקט אויף אים. צוגעטוליעט זיך צו אים אַ שמייכלענדיקע און ווידער פאַרמאַכט די אויגן. דער פרימאָרגן איז געווען גאָר אַנדערש ווי אַלע פריערדיקע פרימאָרגנס אין איר לעבן.

און ווען זי האָט ווידער איינגעדרימלט האָט זיך בערג שטילערהייט אויפגעהויבן און צוגעגאַנגען צום פענצטער. אויך פאַר אים איז דער פרימאָרגן געווען אַ באַזונדערער און ער האָט עס געזאָגט דער זון, געזאָגט עס דעם בלויען כוואַליעדיקן לייק, געזאָגט עס צו די סוויסטשענדיקע פייגעלעך, געזאָגט עס מיט איין וואָרט — ביולאַ.

ער האָט זיך אָנגעטאָן, געלאָזט ביולאַן שלאָפן און איז אַרויס פון צימער. עפענענדיק די טיר האָט ער דערזען מערין. זי איז גראָדע אַרויס פון איר צימער אין דערזעלבער צייט מיט בערגן, און דאָס ערשטע וואָס זי האָט געפרעגט איז געווען וועגן ביולאַן. אָך ,אַזאַ טייערינקע, — האָט זי געזאָגט און געזוכט בערגס בליק. בערג, האָט זי געזאָגט, וועט דאָך, מסתמא, זיין פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג, וועט זי שוין זען אַז ביולאַ זאָל ניט זיין אַליין. זי וועט שוין זען איר אַרויסהעלפן מיט וואָס ס'איז נייטיק און זי וועט איר אויך וויזן די קאַלאַניע, אויב ער האָט גאָרנישט דאַגעגן, פאַרשטייט זיך. ער האָט נאָר אַ שמייכל געטאָן און אַ קוק געטאָן אויף איר מיט זיין אָפענעם בליק. ער וועט שוין היינט, מסתמא, אַליין אַכטונג געבן אויף איר. און אַרויסגייענדיק פון הויז האָט ער אַ טראַכט געטאָן אַז... ווער ווייסט צי זי וועט זיך קאָנען אַקלימאַטיזירן דאָ צווישן די נייע מענטשן און מיט די נייע אומשטענדן און פליכטן. און אַ מין פאַרדרוס אויף עפעס און אַ צווייפל און אַ מורא פאַר זיך, פאַר איר און פאַר דעם אַרומיקן זיינען ווי שוואַרצע פייגל אָנגעפלויגן אויף אים. אפשר האָט ער עס צו פיל גלויבן אין זיך און אין די מענטשן אַרום... אפשר איז ער אַ צו גרויסער אָפּטימיסט? די שטימונג האָט אָבער געדויערט בלויז אַ רגע. דאָס ברייטע פעלד און די וואַרעמע זון האָבן געגאָסן דעם אָפּטימיזם אין זיין האַרצן און געצויגן צו זיך.

היינט גראַדע איז פאַר אים פאַרגעשטאַנען אַ טאָג פון אַרבעט: ערש־שטנס האָט ער באַדאַרפט זען, אַז כייפעץ זאָל נעמען מיסעס שיינדל צו דער סטאַנציע צו אַ דענטיסט און ער זאָל שוין אין דערזעלבער צייט אויסגעפי־נען די פּרייז פאַר צוויי נייע שינעס צום טראַק, ווי אויך די פּרייז פון אַ פעסל געזאַלין און אַ פעסל אויל און ער זאָל שוין טאַקע קויפן אַ ליידיקע פאַס וואָס איז נייטיק פאַר דער אַסאָניזאַציע.

בערג האָט אויך אַ טראַכט געטאָן, אַז ער וועט דאַרפן איבעררײדן מיט קרופּקינען און פאַררופן אַ מיטינג פון "ראַטקאָם" אויף פאַרנאַכט צו באַטראַכטן דעם פּלאַן וועגן קויפן די קי פון דזשאַנסאַנען און אין דערזעל־בער צייט דורכשמועסן זיך וועגן קריגן אַן הלוואה אין דער באַנק. דאָס אַלעס האָט בערג באַדאַרפט באַזאָרגן. עס האָט אים אָבער ווייניק געקי־מערט. ער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער גייט ניט, נאָר עפּעס טראָגט אים אין דער לופטן לייכט און שפּילעוו־דיק. און ניט נאָר ער, דאַכט זיך אים, פילט אַזוי. פון די מענטשן אַרום אים שפּרודלט אויך מיט פרייד און עס שפּריצט מיט ליכט פון זייערע אויגן, און ברייט איז דער שמייכל אויף זייערע ליפּן. האָט ער פאַר־שטאַנען: אָט מיט דער פרייד און מיט דעם שמייכל זאָגן זיי אים דאָס, וואָס זיי קאָנען ניט און שעמען זיך אַרויסצוזאָגן מיט ווערטער. ס'איז אַ יום־טוב ביי אים, ווילן זיי אים וויזן, אַז אויך זיי פילן עס, אַז דער יום טוב איז אויך זייער יום טוב. מ'רעדט וועגן דעם רעגן; מ'רעדט וועגן דעם ניט צעאַקערטן שטיק ערד, וואָס מ'האָט איבערגעלאָזט איינצופלאַנצן ביימער; מ'רעדט וועגן דער צוקונפטיקער הינער פאַרם, אָבער קיינער זאָגט ניט וואָס ער טראַכט, ווען ער קוקט אין בערגס אויגן. און ער, בערג ווייסט, אַז יעדער איינער טראַכט וועגן אים און ביולאַן. טראַכט אַז אין דערדאָזיקער נאַכט איז ער, בערג געשלאָפן מיט אַזאַ שיינער, מיט אַזאַ וואונדערבאַרער פרוי. אַז אין דער נאַכט זיינען זיי דאָ אָפּיציעל, פאַר אַלעמען געוואָרן מאַן און ווייב. קיינער רעדט ניט אָבער וועגן דעם, מ'שמייכלט אָבער. און מיט דעם לאָזט מען אים וויסן, אַז ס'איז טאַקע יום טוב, אָבער רעדן מיט אים וועגן דעם — דאָס ניט. זיי האָבן צופיל רעספּעקט פאַר אים צו קיבעצן...

היינט גייט מען ניט אין פעלד אַריין. די אַרבעטער, וועלכע מען האָט געדונגען אַרויסצוהעלפן אין דער אַרבעט, האָבן נאָך נעכטן אין אָוונט פאַרלאָזט די קאָלאָניע. זיי האָבן צוגעזאָגט אומצוקערן זיך צום שניט און זיינען אַוועקגעגאַנגען מיט דער מיינונג, אַז די קאָלאָניע האָט אַ צוקונפט און זי קאָן זיך צעוואַקסן, אויב... דעם "אויב" האָבן זיי ניט פאַרענדיקט, אָבער קרופּקין וואָס האָט זיי אויסגעצאָלט דאָס געלט האָט לויט זייער שמייכל פאַרשטאַנען, אַז זיי גלייבן ניט אין יידישער פאַרמעריי, אין יידי־שער צוגעפּאַסטקייט צו ערד, איבערהויפּט עפּעס אַזעלכע מאָדנע יידן.

היינט האָט מען געקאָנט שלאָפן שפּעט. האָבן אייניקע געפעלט צום פרישטיק. די איינציקע וועלכע האָבן אָנגעהויבן דעם טאָג ווי אימער זיי־נען געווען ביטריס, דער "דאָקטאָר", קרופּקין און מיסעס אַקערמאַן.

אַרום עלף אַזייגער האָט בערג באַשלאָסן צוריקקערן זיך צו זיך אין צימער און זען צו ביולאַ איז שוין אויפגעשטאַנען. ער וועט זי נעמען עסן אָנבייסן. האָט ער געטראַכט. מיסעס אַקערמאַן האָט אים שוין געלאָזט וויסן, אַז היינט ספּעציעל האָט זי צוגעגרייט אַן אָנבייסן, אַז דער פּרעזידענט אַליין מעג אים עסן. היינט האָט זי אים צוליב געטאָן. ס'וועט זיין נאָר מילכיקס. קיין ברעקל פלייש ניט.

ווען ער איז צוגעקומען צו דער טיר, האָט ער דערהערט מעריס שטימע. ער האָט אָנגעקלאַפּט, און מערי האָט געעפנט אַ שמייכלענדיקע, אַ קוק געטאָן אויף אים שעלמיש און ביולאַ האָט זיך אַ האַלב אָנגעטאָנענע געלאָזט לויפן צום אַלקערל, וואו זי האָט גענומען אַרויפשלעפּן אויף זיך דאָס קלייד.

— נו איצט קאָן איך שוין גיין. — האָט מערי אַ זאָג געטאָן. — מיר וועלן זיך נאָך זען ביולאַ. איך וועל קומען העלפן. — און אַרויסגייענדיק האָט זי ווי אומגערן אָנגעשפּאַרט זיך אָן בערגן און ער האָט דערפילט איר לייכטן דרוק. — באַי באַי ! . . .

ביולאַ איז געשטאַנען קעגן אים אין איר גרוי געפּאַסטן קלייד און געשמייכלט. ער האָט געקוקט אויף איר און ערגעץ אין מח האָט נאָך אַלץ געפלאָנטערט זיך אַ פאַרוואונדערונג.

שטייענדיק קעגן אים האָט זי געוואַרט ער זאָל צוגיין צו איר און אַרומנעמען זי. ער האָט זי אָבער ניט אַרומגענומען. ס'האָט זיך אים אויס־געוויזן, אַז ס'וועט זיין אינגליש, אַז ס'וועט אויסקוקן מאָדנע. ער וואָלט זי ליבערשט אָנגענומען באַ דער האַנט און וואָלט מיט איר געגאַנגען איבערן פעלד, צום לייק. זי איז אָבער אָנגעטאָן אַזוי שיין. זי וואָלט אפשר באַ־דאַרפט זיין אָנגעטאָן אַנדערש. ער ווייסט ניט ווי אַזוי אנדערש, אָבער . . .

איר שמייכל האָט אים אַצי געטאָן האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט, צוגעדריקט צו זיך און דערנאָך אויפגעהויבן זי הויך, ווי ער וואָלט אויפגעהויבן דעם שענסטן און טייערסטן געשאַנק פון דעם גאָט פון ליבע. און זי האָט געלאָזט איר קערפּער ליגן פריי און אָן מורא אויף זיינע שטאַרקע הענט. און ווידער האָט ער זי צוגעדריקט צו זיך, און געטראָגן צום בעט, און אנידערגעלעגט זי לאַנגזאַם און פאָרזיכטיק, און אָנגעבויגן זיך איבער איר, און געקושט אירע פאַרמאַכטע אויגן און איר שטילן שמייכל. ביולאַ...

ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין עס־צימער, זיינען שוין כמעט אַלע געזעסן באַ די טישן. פאַר זיי זיינען געשטאַנען אָנגעגרייט צוויי שטולן און ווען זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט, האָט זי געקוקט אויף אַלעמען אַ צעפרי־

דענע און אַ גליקלעכע. אַט די אַלע מענטשן אַרום, וועלכע האָבן נעכטן אין אָוונט אויסגעקוקט אַזוי פּראָסט און קאָמיש, און האָבן אַזוי געליאַרמט, און האָבן אַזוי אומגעלומפּערט געטאַנצט, אַט די זעלבע מענטשן האָבן איצט אויסגעקוקט אַנדערש, היימישער, איבערהויפּט מיט די קינדערלעך אַרום. די שיינענדיקע זון האָט געגאָסן ליכט דורך די פענצטער און די ראַ־דיאָ האָט אין צווייטן צימער געשפּילט, ווי וואונדערבאַר געשפּילט, געבראַכט דורך דעם זעפיר צעטראָגן די צויבערנדיקע מוזיק. פון אַזעלכע ווייטע ווייטן קומען די זינגנדיקע פידלען אַהערצו צו דעם פעלד, אַהערצו צו די פּשוטע מענטשן. זי וועט זיין ווי אַ קעניגין פאַר זיי. זי וועט די קינדערלעך לערנען טאַנצן, זי וועט . . .

בערג האָט געקוקט אויף איר, ער האָט געזען, אַז זי טראַכט פון עפּעס, אַז זי טרוימט... און ווען זי האָט דערפילט זיין בליק האָט זי געקוקט אין זיינע אויגן לאַנג, לאַנג און אירע בליקן האָבן זיך פאַראייניקט מיט די טענער פון דער סימפאָניע און האָבן מיטגעזונגען.

מיסעס אַקערמאַן האָט איר צוגעטראָגן יעדער מאכל, און יעדעס מאָל געפרעגט צי די חברטע, מיסעס... בערג האָט עס ליב, צי די חברטע, מי־סעס בערג איז אויך אַ וועגעטעריאַנערקע; צי וועט די חברטע, מיסעס בערג קאָנען אפשר ווירקן אויף דעם דירעקטאָר, אַז ער זאָל אָנהייבן עסן פליייש. זיי האָבן דאָך היינט פאַר סאַפּער אַזעלכע גוטע קאָטלעטן . . .

און מערי וועלכע האָט געשפּילט פאַר ביולאַן די ראָלע פון דער אינטעליגענטקע אין דעם "סבראַד", האָט באַ יעדער פראַגע פון מי־סעס אַקערמאַן געקוקט אויף ביולאַן און געקניפּט זי שטילערהייט. זי, מע־רי האָט זיך שוין געפילט גאַנץ היימישלעך מיט ביולאַן, און ווי די איבעריי־קע באַם טיש האָבן זיך דורכגעשמועסט, האָט זי אַריבערגעכאַפּט אַביסל די מאָס. וואָס האָט זי ניט קיין צייט. שוין טאַקע וויל זי ווערן מיט איר אַ גאַנצער פּאַני בראַט. מע פאַרשטייט איר קעפּעלע, מע פאַרשטייט... איבער־הויפּט האָט עס ניט געקאָנט פאַרליידן מיסעס כייפעץ. זי האָט איר ניט פאַרגונען איר פעאיקייט צו צושאַרן זיך און גלייך פאַרבינדן אַ פריינט־שאַפט.

ביטריסעס אַריינקומען האָבן אַלע אויפגענומען מיט מאַסקירטער גלייכגילטיקייט. זי איז אַריינגעקומען מיט שנעלע טריט, ניט קוקנדיק אויף קיינעם און אַוועקגעזעצט זיך באַם צווייטן עק טיש, צווישן מיסעס בלאַק און מיסעס שאַפּיראָ. זי האָט זיך באַמיט צו זיין רואיק און אַ פאָר מאָל אַפילו אַ שמייכל געטאָן. אָבער פון הינטער די אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָט זי גע־שיקט בליקן ווי שפּיזן צו בערגן און צו ביולאַן און אַלץ בלייכער און בליי־כער איז געוואָרן איר פּנים.

ווען מ'האָט אָפּגעגעסן האָט בערג לאַווירט אַזוי, אַז ער מיט ביולאַן

זאָלן בלייבן שטיין לעבן ביטריסן. זי האָט זיך שוין אויך אויפגעהויבן פון טיש און געלאָזט זיך גיין צו דער טיר.

— ביטריס — האָט בערג אַ רוף געטאָן.

זי איז געבליבן שטיין און אַ קוק געטאָן כלומרשט פאַרוואונדערט.

— איך האָב דיך געוואָלט באַקענען מיט ביולאַן — האָט ער געזאָגט

— איך האָף אַז איר וועט זיין גוטע פריינט.

—אה, זעהר אנגענעם, — האָט ביטריס געזאָגט מיט אַן איבערגע־טריבענער העפלעכקייט, אָבער ניט אויסגעהאַלטן די ראָלע און גלייך צו־געגעבן מיט אַן איראָנישער מינע: נו, ווי געפעלט אייך דאָ צווישן די פאַר־מער, מיסעס... בערג?

—אַ דאַנק. עס געפעלט מיר. — האָט ביולאַ אַ שמייכל געטאָן.

— נו, ענטשולדיקט, איך דאַרף איצט גיין, — האָט ביטריס אײלנדיק געזאָגט — מיר וועלן נאָך האָבן דאָ די געלעגנהייט צו באַקאַנען זיך בעס־טער, מיסעס... ביולאַ.

— איך האָף אַזוי.

ווען זיי זיינען געבליבן אַליין, האָט ביולאַ אַ קוק געטאָן אויף בערגן:

— דאָס איז זי?

— יאַ.

ביולאַ האָט מער גאָרנישט געזאָגט. זי האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף אים און אַ שמייכל געטאָן, ווי איינער וואָס באַדויערט. און ער האָט ניט געוואוסט וועמען זי באַדויערט, צי אים, צי ביטריסן. ער איז אָבער גע־ווען צופרידן, וואָס די באַקאַנטשאַפט איז שוין פאָרגעקומען. ער האָט גע־וואוסט, אַז צווישן ביולאַן און ביטריסן וועלן נאָך פאָרקומען לייכטע צו־זאַמענשטויסן און די צוזאַמענשטויסן וועלן זיכער זיין פּראָוואָצירט און אינסטיגירט פון ביטריסן. ער האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז דאָס קאָן מען ניט פאַרמיידן און ביולאַ מיט איר ראַפינירטקייט און טאַקטישקייט וועט דערוועקן דעם געהעריקן רעספּעקט.

איצט האָט ער גענומען ביולאַן אַרומפירן איבער דער קאָלאָניע און וויזן איר וואָס ס׳איז געוועזן צו זען. און קוקנדיק אויף די הייזער, אויף די קאַמערן און אויף דעם גאַנצן איינגעטאַר אַרום און אַרום, האָבן זיי ביידע געטראַכט דעם זעלבן געדאַנק: אַז זי וועט דאָך אויך דאַרפן ווערן איצט איינע פון די האַרעפּאַשניקעס. איינע פון די דאָזיקע, וואָס טוען אַ טייל פון דער אַלגעמיינער אַרבעט. וואָס וועט זי דאָ קאָנען טון אין דער קאָלאָניע? אפשר טאַקע דאָס איינציקע: לערנען מיט די קינדער טאַנצן. דאָס אַליין וואָלט אָבער ניט באַרעכטיקט איר מיטגלידערשאַפט און וואָלט ניט געווען גענוג אויסצולייזן אירע פליכטן. זי וועט זיך אָבער צוגעוואוינען. די נאַטור אַרום, און דאָס נאָרמאַלע לעבן, די געזונטע שפּייז און דער אַלגעמיינער

קאָלעקטיווער גייסט פון שאַפן און דער באַוואוסטזיין, אַז זי שאַפט דאָ צו־זאַמען מיט בערגן אַ פּראָדוקטיוון באָדן פאַר זיך און פאַר די אַרומיקע, — דאָס אַלעס וועט זיכער וועקן אין איר די ענערגיע און דאָס שווערע וועט ווערן לייכט און דאָס גראָבע, דאָס ניט ראַפינירטע וועט ווערן נאַטירלעך ווי די ערד.

די געדאַנקען האָבן זיי ביידן אָנגעפילט מיט האָפנונג און פרייד. זיי זיינען צוריקגעקומען צו זיך אין צימער, געשטאַנען אַרומגענומענע באַם פענצטער, אַרויסגעקוקט און געשוויגן.

*

אונטער ביולאַס הענט איז בערגס צימער איינגאַנצן טראַנספאָרמירט געוואָרן. ער האָט עס ניט דערקאָנט. דאָס צימער, האָט זיך אים אויסגעוויזן, איז געוואָרן גרעסער און שענער. ביולאַס קאַסטנס האָבן געהאַלטן אין זיך אַן אוצר מיט זאַכן, וועלכע האָבן געשאַפן אַ באַזונדערע אַטמאָספערע פון אַרטיסטישקייט, דאָרט, וואו ס'איז פריהער געווען גרוי און אונהיימלעך. דאָס ערשטע, וואָס ס'האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען דאָס בעט. ס'איז געוואָרן עפּעס נידעריקער און ברייטער, און ס'האָט אויס־געזען, ווי אַן אָטאָמאַנע, צוגעדעקט מיט אַ גאָלד־ברוינעם צודעק; באַ די פענצטער האָבן געהאָנגען פאָרהענגלעך און פאָרטיערן פון דעמזעלבן גאָלד־ברוינעם מאַטעריאַל; דער טיש... נישט אין דערמיט, ווי פריהער, נאָר באַ דער וואַנט; אויפן טיש בערגס ביכער און זשורנאַלן; איבערן טיש, צו־געקלאַפּט צו דער וואַנט ,האָט געהאָנגען אַ רוסיש־פּויערישער טעפּיך און באַם טיש איז געשטאַנען בערגס שטול. באַ דער צווייטער וואַנט זיינען גע־שטאַנעןביידע קאַסטנס, איבערגעדעקט מיט אַ געשטריקטן צודעק און אי־בער די קאַסטנס האָט געהאָנגען אַ שפּיגל אין אַ זילבערנער ראַם. דער דיל און די אויסגעוואַשענע פענצטער האָבן געבלענדעט מיט ריינקייט און אַרום האָט געשמעקט מיט אַ באַזונדערן גערוך, גלייך ווי אַלע זאַכן אין צימער האָבן געאָטעמט מיט פּאַרפיום.

מערי האָט זיך זייער באַמיט אַרויסצעווייזן ביולאַן איר פולע פריינט־שאַפט, און זי איז, טאַקע געווען דידאַזיקע, וואָס האָט אויסגעוואַשן די פענצטער אין צימער און דערביי האָט זי באַמערקט, אַז זי האָט עס שוין פון לאַנג געוואָלט טאָן. אמת, דאָ אין צימער באַ בערגן איז זי קיינמאָל נישט געווען, זי האָט אָבער פון דרויסן באַמערקט, אַז די פענצטער זיינען געווען אַזוי פאַרשטויבט, אַז ער האָט זיך געקאָנט באַגיין אפילו אָן פאָר־האַנגלעך. אַריינגיין צו אים און אָנבאָטן אויסוואַשן די פענצטער, האָט זי נישט געוואָלט. ער וואָלט עס אפשר אויסגעטייטשט אַביסל... אַנדערש, נאָך אַלעמען... בערג איז אַ מאַנסביל, און די מענער, נו... (דאָ האָט זי צווידיי־

טיק אַ שמייכל געטאָן) מענער זעען זאַכן אַנדערש.... נו, פאַרלאָזן זיך אויף מיסעס אַקערמאַן, אָדער אויף מיסעס שינדל... — עט! (זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט) זי פאַרשטייט גאָר נישט ווי אַזוי די מיס ביטריס לעווין, די לערערין, האָט נישט געהאַט געגוג שכל צוצערוימען אַמאָל באַ בערגן. זי פלעגט דאָך יאָ אריינקומען צו אים אין צימער... נאָך ביכער, מסתמא... (דאָ האָט מערי אַ קוק געטאָן פון די ווינקלען פון אירע אויגן אויף ביולאַן. ביולאַ האָט קוים אַ שמייכל געטאָן). אייגנטלעך איז זי ביטריס אַ וואוילע מיידל, אַביסל אין די יאָרן, מ׳קאָן עס שוין זען אין די קנייטשעלעך באַ די אויגן און באַ דעם מויל. אָבער... עפּעס איז פאַראַן אין איר, עפּעס אַזעלכעס גאַליקעס... זי איז דוכט זיך פאַרליבט אין בערגן — נאַרישע מיידל . . .

— בערג האָט מיר אַלעס דערציילט וועגן איר — האָט ביולאַ אַ קוק געטאָן אויף מערין מיט איר אָפענעם בליק.

— יע?! — האָט זיך מערי פאַרוואונדערט, און ביולאַ האָט געזען, ווי עס פינקלט באַ איר די נייגעריקייט צו וויסן, וואָס בערג האָט איר דערציילט וועגן ביטריסן. צי, טאַקע אַלעס, צי נאָר אַזוי פיל וויפל עס לוינט זיך זיי, די מענער, צו דערציילן.

אָבער ביולאַ האָט שוין ווידער געשמייכלט, און קוקנדיק אויף איר וויכן, און האַלב־טריבן שמייכל, האָט מערי באַשלאָסן, אַז ביולאַ ווייסט פון גאָרנישט. ער האָט איר דערציילט מסתמא, אַזוי, ווי מענער קאָנען דערציילן, זי, מערין, קאָן מען נישט בלאָפן. זי איז אַ מבין אויף אַזעלכע זאַכן. זי האָט אַפילו עפּעס געזען און זי ווייסט אַפילו, פאַרוואָס ביטריס איז ניט געקומען אין יענעם אָוונט צום מיטינג, און זי ווייסט פאַרוואָס ביטריס גייט אַרום אַזאַ בלייכע און נערוועזע. און נישט נאָר זי ווייסט. מיסעס כייפעץ און מיסעס אַקערמאַן ווייסן אויך עפּעס צו דערציילן. זי וועט נאָך אָבער געוואויר ווערן ביולאַ. אַזאַ זאַך איז ווי אַ קאַץ אין אַ זאַק... שווער צו באַהאַלטן . . .

— ס׳איז מאָדנע דאָ, אָ? — האָט זי אַ פרעג געטאָן, באַשליסנדיק נישט צו זיין צודרינגלעך און נישט איבערצוכאַפּן די מאָס.

— עס געוועגדט זיך ווי מ׳קוקט אויף דעם — האָט ביולאַ געענטפערט.

— יע... זיכער, — האָט מערי אַ שמייכל געטאָן, — עס געוועגדט זיך אָן די אומשטענדן. אָט פאַר אייך, שטעל איז זיך פאַר, דאַרף אַלעס אויסזען אינטערעסאַנט אַפילו. ווייל ביי אייך איז עס פאַרבונדן מיט ראָמאַנס. אַנדערע אויף זייער האָניק חודש פאָרן אין די בערג, צי אין דעם יעלאָוסטאָן פאַרק, נאָר... נו בערג, איז אַן אַנדער מין מענטש.. מיט אים קאָן דאָ אויך זיין אינטערעסאַנט געגוג. — און, אַרומקוקנדיק דאָס צימער,

האָט זי אַ זאָג געטאָן, אַז ס׳וואָלט געווען נישט מער ווי רעכט, ווען בערג נעמט די צוויי צימערן אין ״הויז נומער איינס״. נאָך אַלעמען איז ער דאָך דער דירעקטאָר, און איצט, ווען ער איז פאַרהייראַט, קומט אים אַודאי אַ בעסערע וואוינונג. זי ווייסט, בערג איז זייער אַ געוויסנהאַפטער מענטש און ער וואָלט קיינמאָל ניט איינגעשטימט איינצואָרדענען זיך באַקוועמלעכער, ווי אַנדערע, אָבער איצט קומט עס אים. אין ״הויז נומער איינס״ וואוינען די בלאָכס, די אַקערהמאַנס, און בערג איז באַרעכטיקט פונקט ווי זיי צו אַ באַקוועמער וואוינונג. זי רעדט שוין נישט וועגן זיך אַליין. זי האָט דוכט זיך איינגעצאָלט מער ווי אַלע איבעריקע. זי האָט אינוועסטירט דאָס גאַנצע געלט, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. זי איז געווען גרין אין די ביזנעס, און, אַז זי האָט געזען, אַז ס׳פעלט געלט, האָט זי נישט געזשאַלעוועט. דעם אמת זאָגנדיק האָט זי עס געטאָן דערפאַר, ווייל זי האָט צוטרוי אין בערגן און אָט דעם צוטרוי האָט זי אים טאַקע געוואָלט אַרויסווייזן. און אַפילו דאָס צימערל דאָ האָט זי אויך גענומען דערפאַר, ווייל זי האָט באַשלאָסן, אַז ס׳וועט פאַר איר זיין אנגענעמער צו האָבן בערגן פאַר אַ שכן, איידער די בלאָכס. אַך, די בלאָכס... ( זי האָט אַ מאַך געטאָן מיטביידע הענט), די סמעטענע פון דער געזעלשאַפט! ביז ניט לאַנג צוריק האָט זי נישט געהאַט מיט וועמען אַפילו אַ וואָרט אַרויסצורייִדן. דאָ די פאַרמעס, דאָרט די סטאָליערס, דאָרט דער שוסטער און דער באַרבער. די איינציקע מיט וועמען מ׳קאָן זיך ניט ווי ס׳ניט צונויפריידן, זיינען די שאַפיראָס, קרופקין און די כייפעצעס. ביטריס איז אָלרייט, אָבער... אַנטיפאַטיש, נו, און די באָיעס דאָרט, וואָס זיינען געקומען פון פאַלעסטינע, און דער רויזענבוים וואָס שרייבט לידער און וויל נאָר ריידן אידיש, זיי זיינען גלאַט אַזוי ליינגווייליקע מענטשן. בלייבט דער ״דאָקטאָר״... איז ער גלאַט אַ משוגענער. מ׳וואוינט שוין דאָ דריי חדשים, האָט מען נאָך קיין איין איינציקע פאַרטי נישט געמאַכט. לעקציעס אַליין זיינען נישט גענוג. און אַמאָל אַ טענצל מיט די פאַרמערס נאָך אַ מיטינג, איז אויך אפשר אינטערעסאַנט פאַר מיסעס בלאָך אָדער פאַר מיסעס אַקערמאַן. זי לעכצט נאָך עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל דערמאָנען אין שטאָט און ראַפינירטער געזעלשאַפט. איז עס, אפשר, מוז זי זאָגן דעם אמת, בערגס שולד. ווייל בערג דאַרף פאַרשטיין, אַז מענטשן דאַרפן זיך אויך פאַרוויילן, אַמוזירן. קיין טעאַטער איז דאָ נישטאָ, און קיין מואווי אויך נישט. האָט זי אים אַמאָל געבעטן, אייגענטלעך געגעבן נאָר אַנצוהערענישן, אַז ער זאָל זי מיטנעמען מיט זיך ווען ער פאָרט אין שטאָט פאַר ביזנעס, האָט ער זיך ביידע מאָל אויסגעדרייט פון אַ דירעקטן ענטפער.

— אפשר האָט ער מורא געהאַט מ׳זאָל נישט איבעררייִדן וועגן דעם אין דער קאָלאָניע און ס׳זאָל דערנאָך נישט אָנקומען צו איך — האָט זי געזאָגט האַלב שפּאַסיק און האַלב ערנסט.

— אַ ניין . . . — האָט ביולאַ געלאַכט, — בערג, דוכט מיר, האָט גלאַט פיינט מוּאוויס, מיך האָט ער אויך צו קיין מוּאוויס און אַפילו אין טעאַטער נישט גענומען.

— קיינמאָל נישט ? ! — האָט זיך מערי פאַרוואונדערט.

— קיינמאָל.

און פונקט ווען מערי איז שוין געווען גרייט אַ פרעג צו טאָן ווי אַזוי ביולאַ האָט זיך באַקאַנט מיט בערגן, האָט בערג געעפנט די טיר און מערי האָט ווילנדיק נישט ווילנדיק, געמוזט אָפלייגן און אויפהאַלטן איר נישט באַפרידיקטע נייגעריקייט ביז אַ צווייטן מאָל. עס האָט זי אָבער נישט געאַרט. די פאַרבינדונג מיט ביולאַן איז פאַרגעקומען, און זי האָט געוואוסט, אַז זי האָט מער שאַנסן ווי אַלע איבעריקע אין דער קאָלאָניע צו ווערן ביולאַס נאָענטער פריינט, צו געווינען איר צוטרוי, און אַזוי אַרום אויך די נאָענטע פריינטשאַפט און צוטרוי פון בערגן.

— נו, ביולאַ, דאַרלינג, — האָט זי זיך אויפגעהויבן. — איך האָב אייך שוין דאַכט זיך גענוג אָנגעדולט דעם קאָפּ. איך האָב שוין פון לאַנג בעדאַרפט גיין פרעסן דאָס גרייט מיט מיסעס שאַפּיראָ. איר הערט... איך אַ פּרעסערין אויף דער עלטער! זי וועט שוין זאָגן, אַז איך בין אַ סאַבאָ־טאַזשניצע. נו, גוד־באַי, גוד באַי, דירעקטאָר, באַי־באַי.

— גוד באַי — האָט בערג געענטפערט.

י׳

עס איז געווען ערשט דער פערטער טאָג נאָך ביולאַס אָנקומען אין דער קאָלאָניע. בערג איז געווען באַשעפטיקט גאַנצע טעג, אָפט ביז שפּעט אין דער נאַכט, מיטאָגצייט פלעגט ער אָבער אַריינקומען צו זיך אין צי־מער און פאַרברענגען מיט ביולאַן, וועלכע האָט נאָך דערווייל ניט גע־אַרבעט און האָט נאָך ניט געהאַט אירע באַשטימטע פליכטן, ווי יעדער מיטגליד פון דער קאָלאָניע. זי איז לויט דעם ״דאָקטאָרס״ פאַרשלאַג, גע־ווען צוגעפּאַסט צו ווערן דערווייל די אַסיסטענטקע פון דעם סעקרעטאָר שולנער און בערג האָט צוגעשטימט און האָט שוין אַפילו געבראַכט איר אַ שרייב־מאַשין אויף וועלכן זי האָט געקאָנט אין דער פרייער צייט פּראַק־טיצירן.

ביולאַ איז אָבער ניט געזעסן ביי זיך מיט פאַרלייגטע הענט. נאָך דעם ווי זי האָט איינגעשטעלט דאָס צימער לויט איר געשמאַק, האָט זי זיך פאַראינטערעסירט מיט אַלע אַרבעטן און פליכטן פון די איבעריקע מיט־גלידערינס אין דער קאָלאָניע. זי איז געגאַנגען זען ווי מ׳מעלקט די קי, זי האָט באַזוכט די וועשעריי. אָפטער איז זי געקומען אין קיך אַריין אַרויס־העלפן דער מיסעס אַקערמאַן און דער מיסעס כייפעץ, וועלכע זיינען גע־ווען די שטענדיקע פאַרוואַלטערינס פון דער קיך. און מיסעס אַקערמאַן

האָט איראָניש געשמייכלט, קוקנדיק ווי ביולאַ טוט אָן די לאַנגע גומענע הענטשקעס, נעמענדיג זיך צו דער אַרבעט.

און כאָטש די באַציאונג צו איר איז געווען אַ העפלעכע, דאָך האָבן אייניקע דערפילט עפּעס אַ מין בייזקייט צו איר און שטילערהייט דאָ מיט אַ וואָרט און דאָ מיט אַ בליק געמאַכט צו נישט איר שיינקייט, און איר האַלטן זיך, און איר ווייסקייט, וואָס זי האָט אַזוי אָפּגעהיט. און מיסעס אַקערמאַן, וועלכע האָט, אייגענטלעך, געשאַפן די שטימונג, האָט זי גע־קרוינט מיט נאָמען "פּרינצעסע" און פּונקט ווי זי איז פריער געווען אָנ־געלאַדן געגען ביטריסן און ניט געקאָנט פאַרלײדן איר גרויס־האַלטן זיך, פּונקט אַזוי האָט זי איצט פּלוצים רחמנות געקראָגן אויף איר, דער "פּאָר־פירטער מײדל", נעבעך, באַ וועמען מ'האָט אויסגענאַרט די לעצטע פּאָר סענט, און זי האָט אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן איר, איר סימפּאַטיע, פון וועל־כער ביטריס האָט זיך אָפּגעטרייסלט מיט בייזקייט און מיט פאַראַכטונג.

זונטיק האָבן אַלע גערוט. איינער פון די ברידער בלושטיין האָט אפילו פאַרגעשלאָגן, אַז אַזוי ווי די קאָלאָניע איז אַ יידישע, זאָל מען איינ־שטעלן שבת אַלס רו־טאָג; קיינער האָט אָבער ניט אָנגענומען זיין פאַרשלאָג, איז זונטיק, ווי מ'איז שוין געוואוינט געוואָרן ,פאַרבליבן דער רו־טאָג.

דער פערטער טאָג נאָך ביולאַס אָנקומען איז געווען — זונטיק. דער טאָג איז געווען אַ וואָלקענדיקער, זיינען כמעט אַלע געווען באַ זיך אין די צימערן.

ביולאַ איז געלעגן אויף דער נידעריקער סטודיאָ־קאַנאַפּע, די הענט פאַרוואָרפן הינטערן קאָפּ, געקוקט מיט אַ שמייכל אויף בערגן און צוגע־הערט זיך ווי ער רעדט.

— . . . איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט, — האָט ער גע־זאָגט, — אַז דער געדאַנק וועגן אַ פרוי קאָן זיך איינוואָרצלען אין מיין לעבן, ווי עס וואָרצלט זיך איין אַ בוים אין דער ערד.

— זאָג דעם אמת, שעם זיך ניט — בין איך ניט דאָ אַ לאַסט פאַר דיר? — זאָט זי געפרעגט.

— שוין טאָקע? — האָט ער זיך צעלאַכט.

— ניין, איך מיין עס... האָסטו דען געטרוימט וועגן אַזאַ ווייב ווי איך. דיינקסטו טאָקע וועגן מיר ווי וועגן אַ חברטע, וואָס קאָן מיטאַרבעטן און מיטשאַפן מיט דיר אין דיין לעבן און אין דיינע אַספּיראַציעס?

—ווילסט איך זאָל לאַכן? — האָט זיך בערג ווידער צעלאַכט. — זעסט דען ניט ווי איך שטיי אויף יעדן פאַרטאָג מיט געזאַנג אין מיין ברוסט. און פאַרוואָס? ווייל מיין טרוים, און מיין לעבן, און דו זיינען אין מיר אַזוי האַרמאָניש... אָט !דאָס פעלד, און דער באָדן, און דו — דער

שענסטער בוים אויף דעם באָדן. אַוודאי וועסטו זיין מיין חברטע און מיין אַרויסהעלפּערין. אָט אַזוי האָב איך עס אויסגעטרוימט און אַזוי ווערט עס פאַרווירקלעכט. אמת, צווישן די זאַנגען דאָ זיינען אויך פאַראַן ביטערע גראָזן... וועלן מיר זיי אַרויסרייסן צעביסלעך. אָבער עס פאָדערט זיך אַר־בעט און איבערגעגעבנהייט.

— איך האָב נעכטן געהאָלפן אין דער קיך, — האָט זי זיך דער־מאָנט צו זאָגן אים, — האָבן זיי שטילערהייט געלאַכט פון מיר, ווען איך האָב אָנגעטאָן גומענע הענטשקעס צו פאַרהיטן די הענט.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך בערג צעלאַכט.

— אָט דו לאַכסט אויך . . .

— איך לאַך, ווייל עס איז כאַראַקטעריסטיש.. — האָט ער געזאָגט — אָבער ווילסט מיך פאָלגן? טו ניט אָן מער די הענטשקעס. ס׳איז אַזוי גוט צו קוקן אויף דיינע פינגער און איך האָב זיי שטענדיק באַוואונדערט, ווען איך האָב געזען ווי פלינק זיי פליען אויף די קלאַווישן פון דער פּיאַנאָ. זיי וועלן אָבער נאָקעטערהייט ווערן אַזוי... מענטשלעך און שוועסטערלעך אין דער אַרבעט. דו מוזט ניט עקספּלואַטירן זיי און פאַרוואַנדלען זיי אין שוואַרץ אַרבעטער, אָבער לאָז זיי פריי, ווי איך לאָז מיינע... געזונטע, שטאַרקע, און.... — האָט ער ניט פאַרענדיקט.

— וואָס נאָך? שעם זיך ניט, זאָג.

— און דיינע קליידער, ביולאָ, זיי זיינען אַזוי שיין. אָבער... שיין דאַרט — אין שטאָט. דאָ מעגן זיי זיין פּשוטע... קוק ווי גראַציעז צוגעפּאַסט עס ליגט אויף דיר דאָס גרויע קלייד... דאָ אָבער מוזטו ווערן איינפאַ־כער, איינע פון אונדז.

— דיינקסטו, אַז ס׳וועט מיר געלינגען?

— אַוודאי וועט דיר געלינגען. דו דאַרפסט בלויז פּרובירן פאַרשטיין און איינלעבן זיך מיט דעם לעבן פון די מענטשן דאָ.

— זיי זיינען ד אָ אַלע אַזוי פאַרשידן. — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, — פאַרשידן אין כאַראַקטער און פאַרשידן אין לעבנס דערפאַ־רונגען, פאַרשידן אין דערציאונג און פאַרשידן אין זייערע טרוימען און אַספּיראַציעס. אָבער, שרעק זיך ניט, ווייל אינדיווידואַליטעט ווערט ניט פאַרטושירט און ווערט ניט פאַרלוירן. ווייל אַפילו אין די פּשוטסטע קליי־דער און אין דער פּשוטסטער אויפפירונג וועט דיין אינדיווידואַליטעט דאָך אַרויסשיינען, ווי עס שיינט אַרויס אַ וואונדערבאַרער געדאַנק צווישן פּשוטע רייד. איך וויל זאָלסט מיט דיין לייב און לעבן און מיט דיין נשמה אַריינפּאַסן זיך אין דעם לעבן און עס וואָלט זיך מיר געוואָלט, אַז דו זאָלסט ווערן די אָנפירערין.

— די אָנפירערין... כאַ כאַ כאַ! — האָט זי זיך צעלאַכט. — אַך, ביס־

טו אַ טרוימער בערג... אָבער איך וועל דיר פאַרטרויען אַ סוד.. די פרויען, דאַכט זיך, לאַכן אָפּ אַביסל פון מיר, דערפאַר זיינען די מענער, די מענער זיינען משוגע פאַר מיר. דער... כייפעץ, און דער דאָקטאָר, און קרופקין, און די איבעריקע... איך פיל, אַז איך געפעל זיי. זיי זיינען אַזוי גוט צו מיר.

— יאָ? דאָס פרייט מיך טאַקע זייער. — האָט בערג געשמייכלט. — און דאָס דערמאָנט מיר, איך דאַרף זען קרופקינען.

— און דאָס דערמאָנט מיר אויך אָן עפּעס.—האָט זי זיך אויפגעהויבן. — ערשטנס, אַלס פרוי פון דעם חבר דירעקטאָר, אויף וועמען איך האָב אַ גרויסן איינפלוס, האָט מיך מיסעס שינדל געבעטן, אַז איך זאָל דיך בעטן, אַז מ׳זאָל געבן די גאַנטשעס אַן אַנדער צימער. זי שלאָפט ניט קיין נעכט איבער די גאַנטשעס בייבי. דאָס קינד האַלט אין איין וויינען און דאָס נערווירט זי אַזוי שטאַרק, אַז זי האַלט באַם צעזאַמענברעכן.

— און צווייטנס? — האָט בערג געפרעגט .

—צווייטנס, וועל איך זיך אַנידערזעצן באַם שרייבמאַשין און וועל פראַקטיצירן.

און דריטנס — האָט בערג פאַרענדיקט מיט אַ קיבעץ, — פאַרגעס ניט אָנצוטאָן די גומענע הענטשקעס . . .

— דו, דו, דו... — איז זי צו צו אים און אַרומגעכאַפּט אים מיט איר ווייסע־ ענטבלויזטע הענט. — שלעכטער, קיבעצער . . .

בערג איז אַרויס פון צימער אַ לאַכנדיקער און ביולאַ איז אַ ווײַלע געשטאַנען אַ פאַרטראַכטע, אַ שמייכלענדיקע; צוגעגאַנגען צו דער שרייב־ מאַשין, געקלאַפּט אויף איר ווי אויף קלאַווישן פון אַ פּיאַנאָ. דערהערט, אַז עמעצער קלאַפּט אין טיר, איז זי צוגעגאַנגען עפענען.

דערזעענדיק ביטריסן, איז זי אויף אַ ווײַלע געבליבן שטיין אַ פאַרוואונדערטע.

— עס וואונדערט אייך, מסתמא, וואָס איך בין אַריינגעקומען? — האָט ביטריס געפרעגט אין ענגליש און מיט קוריאָזיטעט באַטראַכט דאָס צימער.

— ניין — האָט ביולאַ געשמייכלט רואיק. — איך האָב, דעם אמת זאָגנדיק, אַליין אויך געקליבן זיך אַריינצוגיין צו אייך. זיצט, איך בעט אייך.

— דאָס צימער, קוקט אויס גאָר אַנדערש ווי פריער... — האָט ביט־ ריס געזאָגט, אַנידערזעצנדיק זיך אויף דעם שטול באַ בערגס טיש, אַרומ־ געקוקט זיך ווי זוכנדיק עפּעס, געפונען דאָס שאַכטל מיט סיגאַרעטן און האָט פאַררויכערט. צוגערוקט דאָס שאַכטל צו ביולאַן :

— איר רויכערט?

— ניין איך רויכער ניט, — האָט ביולאַ געזאָגט. — בערג רויכערט אויך ניט, אָבער סיגאַרעטן האַלט ער שטענדיק אויף דעם טיש.

— איך ווייס. — האָט ביטריס אַ שמייכל געטאָן. — דערפאַר האָב איך געפונען די סיגאַרעטלעך.

— ווי איך פאַרשטיי, זענט איר נאָענט באַפריינדעט מיט בערגן. — האָט זיך ביולאַ אַנידערגעזעצט אויף דעם בעט. — דעם אמת זאָגנדיק, וואָלט איך ניט געוואָלט, אַז אייער פריינטשאַפט צו אים און צו מיר זאָל איי־בערגעריסן ווערן.

— דאָס לעבן איז לײַדער גרויזאַם — האָט ביטריס געבלאָזן דעם רויך. דער באַנאַלער אויסדרוק אַז איינעמס גליק ווערט געבויעט אויף דעם צווייטנס אומגליק איז לײַדער ניט בלויז אַ פראַזע. און מיר דאַכט זיך, אַז פריינטשאַפט איז מעגלעך בלויז אין געמיינשאַפטלעכן גליק.

— ניין, איך שטים ניט איין מיט אײַך. — האָט ביולאַ געזאָגט. —וואָרן גראַד אומגליק איז אָפט די קייט, וואָס פאַרבינדט אין פריינדשאַפט. לײַדער קאָנען ניט אַלע דערהייבן זיך צו טאָלעראַנץ און צו פריינטשאַפט. וואָרן פריינטשאַפט טאָר ניט געמאָסטן ווערן מיט אַ פינגערהוט, וואָס יעדער איי־בער טראָגט מיט זיך אַלס זיין מאָס פון פריינטשאַפט. אָך, מיס לעווין...

— איר קאָנט מיר רופן ביטריס. — האָט ביטריס געזאָגט ווייכער.

— גוט, ביטריס... — האָט ביולאַ אַ שמייכל געטאָן. — מ׳זאָגט, אַז מיר פרויען לעבן מער מיט עמאָציע און מיט אינטואיציע, ווי מיט לאָגיק. איך גלייב ניט אין דעם. מיר זיינען פונקט אַזוי לאָגיש ווי די מענער און די מענער זיינען פונקט אַזוי עמאָציאָנעל ווי מיר. אָבער איין זאַך, אונ־טערשיידט אונדז פון די מענער: מיר פאָדערן שטענדיק פון זיי, אַז זיי זאָלן אַנערקענען אונדזער שוואַכקייט. מיר אַליין שטעלן זיך שטענדיק אַרויס אין דער ליכט פון באַליידיקטע און דערנידעריקטע. מיר אַליין שאַפן דעם איינדרוק, אַז מיר זיינען אָפהענטיק פון זיי, אַז מיר זיינען די דאָזי־קע, וואָס דאַרפן לעכצן נאָך ליבע, וואָס דאַרפן וויינען און זיפצן... מיר פאַרלאָזענע און פאַרשטויסענע, נעבעך... דאָס אונטערשיידט אונדז פון די מענער און עס איז ניט גוט פאַר אונדז.

— איר זענט זייער טאַקטיש ביולאַ. — האָט שוין ביטריס אַ שמייכל געטאָן. — עס איז אַלעס אמת, וואָס איר האָט געזאָגט. אָבער עס איז דאָך ניט אַזוי לייכט צו פרעטענדירן אויף לאָגיק און שטאַרקייט, ווען מיר ווערן פאַרט אָוועקגעטראָגן עמאָציאָנעל ווייטער און טיפער, ווי עס וויל זיך. איך פאַרשטיי, אַז איר האָט געוואָלט מיט אייערע רייד דערמוטיקן מיך צו נעמען זיך אין די הענט אַריין, דערוועקן אין זיך מער... שטאָלץ, אַזוי צו זאָגן. נו, פרוביר איך אַליין. און ניט נאָר דאָס, איך פרוביר אַפילו צו באַקעמפן אײַך מיט אַלע וואָפן, וואָס מיר פרויען פאַרמאָגן.

— אויב איר מיינט עס ערנסט, — האָט ביולאַ געזאָגט, — ווייס איך ניט צו איך דאַרף אייך אָנווייזן אויף דעם זין אָדער אומזין פון קאַמף פאַר ליבע. ווארן קאַמף פאַר ליבע, איז ווי קאַמף פאַר... האַס, אַ שטייגער. קאָן מען קעמפן מיט איינעם ער זאָל דיך האַסן? ליבע און האַס קומען דאָך פון דעם זעלבן קוואַל. מ׳קאָן ניט קעמפן, אָדער באַצווינגען אַ געפיל, מ׳קאָן אָבער מיט טאַטן שאַפן אַזאַ געפיל.

— אַבסטראַקט געזעדט זענט איר גערעכט. — האָט ביטריס פאַררויכערט אַ צווייטן סיגאַרעט. — דאָך . . . זאָגט.

— איך פאַרשטיי אייער צושטאַנד סיי־ווי־סיי... — האָט ביולאַ געזאָגט.

— אפשר — האָט ביטריס אויפגעהויבן זיך און גענומען גיין הין און צוריק איבערן צימער — אפשר.... אָבער אייער פאַרשטיין העלפט מיר ווייניק.

— איך ווייס. — האָט בילאַ צוגעגעבן. — אָבער מיר דאַכט זיך, אַז ווען מיר וואָלטן געוואָרן נענטער באַפריינדעט, וואָלטן מיר געפונען אַ וועג.

— כאַ־כאַ! — האָט זיך ביטריס נערוועז צעלאַכט.

—לאָמיר ביידע פּרובירן צו ווערן... די פליגל, אַזוי צו זאָגן, פאַר בערגן, פאַר זיין אַרבעט... העלפן אים שטייגן און מאַכן פון דער קאָלאָניע אַ מוסטער, אַ דערפאָלג.

— און איר האָט ניט מורא... — האָט ביטריס געפרעגט.

— ניין, איך האָב ניט מורא. — האָט ביולאַ פאַרשטאַנען זי — איך האָב ניט מורא. און אויב עס וואָלט אַמאָל ווידער געקומען צו אַן אינטימער דערנענטערונג צווישן אייך, וואָלט דאָס דאָך זיכער געווען בלויז אַ מאָמענט אַזאַ, אַ פריינדלעכער מאָמענט, וואָס איז אויפגעוועקט געוואָרן אפשר פון זכרונות און עמאָציעס פון אַמאָל. אַזעלכע עפּיזאָדן טרעפן און עס וואָלט מיך ניט געאַרט. איך וואָלט פּרובירט פאַרשטיין.

— דערלויבט מיר אייך צו זאָגן, אַז איך גלויב ניט אין אַזאַ מין אידעאַלער טאָלעראַנץ.—האָט זיך ביטריס שמייכלענדיק אויפגעהויבן.—אָבער.. לאָמיר פּרובירן. ווארן ווען צוויי פרויען ריידן אויף אַ לאָגישן אופן.... כאַ! און.. יע, איך וועל זיך אַריינטראַכטן אין אייער געדאַנק וועגן.. געמיינשאַפטלעכער פריינטשאַפט. צוויי פליגל... כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זי זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און נערוועז אויסגעלאָשן דעם סיגאַרעט.

זיי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן. ביולאַ איז געזעסן אויפן בעט אַ רואיקע, מיט איר טריבן שמייכל אויף די ליפּן און ביטריס האָט מיטאַמאָל אָפּגעזיפצט, ווי באַשליסנדיק עפּעס און, צוגייענדיק צו ביולאַן האָט זי געזאָגט.

— איך האָב געמיינט, אַז אונדזער געשפּרעך וועט זיין אַ שטורמדי־קער. איך מוז אייך אָבער קאָמפּלימענטירן: איר האָט מיט אייער... אינטע־ליגענץ געצוימט מיין נערוועזן און אויפגערעגטן צושטאַנד, וואָס האָט מיך אַ טרייב געטאָן צו אייך. נו, גוט אַזוי. — האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט צו ביולאַן. — ס'איז נאָך ניט פריינטשאַפט, אָבער זיכער פאַרשטענ־דעניש.

— איך האָף, אַז ס'וועט זיין אויך פריינטשאַפט, — האָט זיך ביולא אויפגעהויבן.

— לאָמיר האָפן — האָט ביטריס געלאָזט זיך גיין צו דער טיר און אַרויסגייענדיק שוין, האָט זי געזאָגט: — אַ באַפּליגלטע פריינטשאַפט...

ביולאַ איז געבליבן אַליין מיט אַ געמישטן געפיל פון טריבקייט און צעפרידנקייט.

*

ביולאַ האָט ליב געהאַט די פאַרטאָגן. די ערשטע צייט, ווען בערג פלעגט אויפשטיין, האָט זי אין דער האַלב־אויפוואַכונג, ווי דורך אַ מאַט־גלעזערנער וואַנט געהערט און געזען זיין הויך געשטאַלט, זיינע שטילע טריט, זיינע דויערהאַפטע בליקן אויף איר; און יעדעס מאָל, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער, פלעגט זי אויסציען איר קערפּער אויף דעם בעט, אויסציען אים, ווי זי פלעגט עס טאָן באַם טאַנצן, און דערנאָך פלעגט זי אַראָפּגיין און, אַראָפּנעמענדיק די פּאַדזשאַמעס, קוקן אויף אירע שלאַנקע פיס, באַטראַכטן זיי אונטער די ליכטיקע פאַסן פון די זון־שטראַלן, וואָס האָבן זיך געריסן דורך אַלע שפּאַרונעס פון פאַרצויגענעם פאַרהאַנג; מאַכן אַ פּאָר טאַנץ באַוועגונגען און שמייכלען מיט אַן אומזעבאַרן שמייכל: ווי גוט עס איז צו זען די אייגענע פיס. אָט אַזוי אין טאַנץ, אַפילו דאָ, אַזוי ווייט פון דער בינע, אַזוי ווייט פון דער קונסט־סביבה, פון מוזיק . . .

אָבער אַזוי האָט זי געטראַכט און געפילט די ערשטע עטלעכע וואָכן, שפּעטער צו האָט זי אָנגעהויבן אויפצושטיין צוזאַמען מיט בערגן, עסן פרישטיק צוזאַמען און, אָנגעטאָן אין אירע בלויע הויזן און דינע בלוזע, פלעגט זי טראַגנדיק אַ קויש מיט זערנע אַרויסגיין צו די הינער, וואָס האָבן זיך ווי אַ צעריסענע קודאַכקענדיקע סטייע, ווי דורך אַ כישוף געשפּרייט באַ אירע פיס ווי אַ ווייסער טעפּיך, אַ בילד וואָס האָט געפרייט דאָס אויג און דאָס האַרץ מיט דער הנאה פונדער באַזונדערער, פרישער און געזונ־טער נאָענטקייט צום הימל און צו דער ערד. און אָפט, ווען די זון איז נאָך ווי אַ רויטער באַלון געשוואומען אויף דעם לייק, איז זי אין דער בלוי־קייט פון פאַרטאָג, אונטער דעם קריי פון די הענער געגאַנגען מיט בערגן שווימען אין די קילע, לאַשטשענדיקע כוואַליעס.

און אויך אין פּעלד, אונטער דער ברענענדיקער זון, אין איר גרויסן שטרויענעם הוט, וואָס האָט פאַרדעקט איר גאַנצן פּנים, האָט זי אַ פלינקע, אַ באַוועגלעכע, און צוגעוואוינטע צו קערפּער איבונגען, געגאַנגען מיט די איבעריקע פון בייט צו בייט; און בערג, קוקנדיק אויף איר ווי זי רייסט די ווילדע גראָזן אַרום, האָט ניט איינמאָל געטראַכט, אַז ס׳איז פאַלש די גאַנצע טעאָריע פון צוגעפּאַסטקייט, אָדער ניט־צוגעפּאַסטקייט צו ערד־אַרבעט פון אַזעלכע מענטשן, צי דאָס איז ביולאַ, צי דער ״דאָקטאָר״, צי קרופּקין, צי ביטריס—אַלע זיינען צוגעפּאַסט, ווען זיי ווערן צוגעוואוינט צו דעם, ווען זיי האָבן ליב די אַרבעט, ווען די אַרבעט ווייַנט ניט, נאָר זינגט אונטער די הענט. ווער וואָלט זיך געגלייבט, אַז דאָס איז ביולאַ, די צאַרטע באַלעט טענצערין, ווען מ׳טוט אַ קוק אויף איר, ווי זי גייט געבויגן פון בייט צו בייט, און אירע בלויע אַרבעטס־קליידער, וואָס אַנטפּלעקן די גראַציעזקייט פון איר קערפּער... — ביולא אין דעם גרויסן שטרייענעם קאַפּעליוש . . .

די דירה פראַגע האָט אָפּט און אַממערסטן באַאומרואיקט בערגן. ער האָט געוואוסט, אַז ס׳דאַרף נעמען צייט, און געדולד ביז דאָס לעבן אין דער קאָלאָניע וועט זיך איינשטעלן אויף נאָרמאַלע יסודות. אָט, דער זומער האָט ער געהאָפּט, וועט באַווייזן אויף וויפל זיינע אויסזיכטן זיינען גינסטיק, אָדער אומגינסטיק פאַר דער צוקונפט.

אַ גרויסע שטרעקע אין פּעלד איז געווען פאַרזייט מיט קאָרן און דער איבעריקער שטח איז געווען איינגעטיילט אויף קאַרטאָפל, און זיסע קאַרטאָפל, קרויט, אַרבעס, מערן, פּאַטלאַזשענס (טאָמייטאָס) און קורוזע. דאָס פּעלד האָט געבליט און געפרייט דאָס אויג, אויך די פּאָרהונדערט הינער, קאַטשקעס און גענדז האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ דערפרייענדיק בילד און מיט דעם איינשטעלן פון די אינקובאַטאָרס האָט ער געהאָפּט, אַז די הינער פאַרם וועט מיט דער צייט ברענגען אַ גוטן פּראָפיט. וואָרן אַפילו איצט שוין, האָט ער געזען האָט ער אַ גוטן מאַרק פאַר די הינער און אייער צוליב די רעזאָרט האָטעלן אַרום, וואָס קויפן אָפּ ביי דער קאָלאָניע כמעט די גרעסטע טייל פון הינער, אייער און גרינוואַרקס. אויך די אַמאָליקע מיסעס בלאַק, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקאַנט, אַרבעטנדיק ביי נאָוואַקן, וועלכער ער האָט געגעבן זיינע בראָשורן צו לייענען, אויך זי האָט זיך אין אַ שיינעם טאָג באַוויזן מיט אַ רייכן האָטעל אונטערנעמער פון אַ שכנהדיקן רעזאָרט און דער דאָזיקער האָטעל־אונטערנעמער האָט פון דאַמאָלסט אָן אָפּגעקויפט אַ גרויסע טייל פון די פאַרם־פּראָדוקטן. אין אַלגעמיין האָבן אַלע שכנהשע רעזאָרטן פּאַטראָניזירט די נייע קאָלאָ־

ניע. די קאַלאַניע האָט שוין באַקומען אַ נאָמען און מ׳האָט געקוקט אויף איר מיט אינטערעס, ווי אויף עפּעס אַ קליין, טשיקאַווע מלוכהלע, וואָס האָט זיך פאַרנומען אויף נייע, אָריגינעלע וועגן. זיינען דערווייל, די איינ־קונפטן געווען גוטע.

בערג האָט שטענדיק געהאַט אַ פּאַרטיקע סכעמע פון דער קאַלאַניעס צעזאַמענשטעל: אַריינרעכענענדיק זיך און ביולאַן, זיינען אין דער קאַלאָ־ניע געווען זעקס פאַרהייראַטע פּאָרלעך, ניין פאַמיליעס מיט דרייצן קינ־דער,, זיבן אומפאַרהייראַטע מענער און איין אומפאַרהייראַטע מיידל. צע־זאַמען — איין און פופציק.

אַט די איין און פופציק מענטשן האָבן זיך דערווייל איינגעאָרדנט אַזוי: דריי פאַמיליעס אין הויז נומער איינס (אויף דעם ערשטן שטאָק איז געווען דער אָפיס, דער גרויסער ״האָל״, אָדער עס־צימער, די קיך און אַ פּאָר זייטיקע צימערן, וועלכע כייפּעץ מיט זיין פאַמיליע האָט פאַר־נומען. אויף דעם צווייטן שטאָק — פיר גרויסע צימערן מיט צוויי פאַמי־ליעס). אין דער דיסטאַנץ ניט ווייט פון לייק איז געשטאַנען אַ קליינע הייז־קע פון פינף צימערן, וואו נאָוואַק האָט געוואוינט. איידער ער האָט אויסגע־בויעט דאָס גרויסע הויז. אין דעם דאָזיקן הויז באַם לייק האָבן זיך באַ־זעצט די פאַרמערס זעלצער און בלאָך מיט זייערע פאַמיליעס. זיי האָבן דאָרט אויף זייער שטייגער איינגעפירט אַ ״באַלעבאַטישקייט״ און דאָס הויז האָט באַקומען אַ פּנים. די איבעריקע, חוץ שטערנטאַלן האָבן זיך באַ־זעצט אין דעם גרויסן הויז נומער צוויי וואו עס זיינען געווען צוויי און צוואַנציק צימערן, וועלכע נאָוואַק האָט צוגעגרייט פאַר זיין פּלאַנירטן רע־זאָרט.

אייניקע פאַמיליעס האָבן געקוקט מיט קנאה און מיט פאַרדרוס אויף די דאָזיקע, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין הויז נומער איינס און אין דעם הויז באַם לייק, איבערהויפּט מיסעס גאַנטש און מיסעס אַקערמאַן, ווען ס׳איז ניט געפעלן געוואָרן צו וואוינען אין ״קעסל גאַרדן״ ווי זיי האָבן געקרויינט דאָס הויז נומער צוויי. אַממערסטן אָבער האָט מען ניט פאַר־גינען שטערנטאַלן דעם ״פּאָסעסאָר״ ווי מ׳האָט אים גערופן.

שלום שטערטאַל איז געווען, ווי קרופקין האָט אים אין שפּאַס אָנ־גערופן דער ״קולאַק״ אין דער קאַלאַניע. ער האָט אָנגענומען און אויסגע־פירט אַלע כללים פון דעם קאָלעקטיוו, ער האָט אָבער אויסגעקעמפט פאַר זיך דאָס רעכט צו פאַרענדיקן דעם קאָטעדזש וואָס נאָוואַקס עלטערער זון האָט אָנגעהויבן צו בויען פאַר זיך, מיט דעם געדאַנק צו באַזעצן זיך אין אים נאָך דער חתונה. דער קאָטעדזש האָט געפאָדערט נאָך אַ דריי־פיר וואָכן אַרבעט און אַביסל קאַפּיטאַל פאַרענדיקט צו ווערן. האָט שטערנ־טאַל פאָרגעשלאָגן צו אינוועסטירן דאָס געלט, מיט דעם תנאי, אַז אים

זאָל געגעבן ווערן דאָס רעכט צו וואוינען אין דעם קאַטעדזש, אַזוי לאַנג ווי
ער וועט וואוינען אין דער קאָלאָניע. די פאַמיליע זיינע איז באַשטאַנען פון 5
מענטשן און צוויי צימערלעך זיינען פאַר אים ניט גענוג, האָט ער געטענהט.
און ער האָט אויסגעפירט זיינס, כאָטש דער אַלגעמיינער מיטינג האָט זיך
באַצויגן צו דעם מיט ווייניק צוטרוי. וואָס הייסט אַמענטש בויעט עפּעס
פאַר זיך אַליין אַ הויז אויף דעם קאָמונאַלן באָדן? דער "ראטקאָם" האָט
אָבער פאַרשטאַנען, אַז ס'שאַדט נישט. פאַרקערט, וואָס מער הייזער, און
גוטע הייזער, אַלץ בעסער. ווייל אין פרילינג און זומער צייט קאָן מען זיך
ווי ס'ניט איז צופרידענשטעלן מיט די צימערן אין הויז נומער צוויי, ווינ־
טער אָבער וועט זיין שווערלעך און... ס'וועט זיכער זיין "טראָבל". עס איז
אָבער פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז דאָס הויז איז נישט זיין אייגענטום. אַז ער
טאָר עס צו קיינעם נישט איבערגעבן אָדער פאַרקויפן, אַז דער רשות אויף
דעם הויז געהערט צו דער קאָלאָניע און מיט דער צייט וועט ער קריגן
אויסגעצאָלט דאָס געלט וואָס ער האָט אינוועסטירט, אָדער ס'וועט צוגע־
רעכט ווערן צו זיין חלק.

האָבן אים טאָקע אַלע מקנא געווען, דעם "פּאָסעסאָר" און אין דער־
זעלבער צייט באַוואונדערט זיין פלייסיקייט און זיין באַלעבאַטישקייט. ווייל
חוץ דער אַרבעט וואָס ס'פלעגט אים אויסקומען צו טאָן אין פעלד, האָט
ער ניט געשפּאָרט זיינע כוחות און פלעגט יעדע פרייע מינוט אָפּגעבן דער
"פּאָסעסיע" דאָס קאָטעדזשל, כאָטש ניט קיין גרויס, האָט געשיינט מיט
נייקייט. עס איז געשטאַנען נעבנטער צום לייק און איז געווען אַרומגעצוימט
מיט דראָט, וועלכע איז געווען פאַרפלאָכטן מיט אַ גרינעם נעץ פון ווילדע
טרויבן־געוויקסן. אַרום דעם הויז האָט ער איינגעפלאַנצט רויזן־קוסטעס;
פון די סקאַלעס ביים לייק האָט ער געטראָגן שטיינער און אויסגעברו־
קירט סטעזשקעס; לעבן הויז איז אויך געשטאַנען אַ קאַנורע פאַר אַ הונט,
קיין הונט האָט ער אָבער, דערווייל, נאָך נישט געהאַט. שלום שטערטאַל
האָט באַזונדערס ליב געהאַט הינט און פערד. ער פלעגט זאָגן, אַז אַ הונט
באַם הויז טראָגט צו עפּעס אַ מין באַזונדער געפיל פון זיכערקייט, פון רו־
איקייט און באַלעבאַטישקייט. אָט אַ די טבע זיינע צו ריידן וועגן "באַלע־
באַטישקייט", האָט נישט איינמאָל אַרויסגערופן דעבאַטן און אפילו קריגע
רייען, און נישט איינמאָל האָט מען פאַרגעוואָרפן דעם "ראטקאָם" וועגן
דער "בורזשואַזער "באַלעבאַטישקייט", וואָס האָט זיך איינגעפלאַנצט אין די
סאַמע געדערים פון דער קאָמונע. און ברעג פלעגט שמייכלען. ער האָט גע־
וואוסט, אַז דאָס רעדט פון די אָפּאָנענטן די קנאה. יעדער פון זיי וואָלט גע־
וואָלט אַזאַ שטיקל בורזשואַזע באַלעבאַטישקייט. און ער האָט זיי געגעבן צו
פאַרשטיין, אַז, פאַרקערט, סאיז גוט אַזוי. יעדער איינער וועט מיט דער צייט
האָבן אַזאַ קאַטעדזש דאָ. אָט גרייט זיך שאַפּירא אויך אויפצובויען פאַר זיך

אזא באַלעבאַטישקייט. נישקשה, עס וועט דער קאָמונע ניט שאַדן.

—אַ מענטש האָט אַביסל געלט און וויל וואוינען ווי אַ מענטש — אַרט עס! — פלעגט שאַפּיראָ פאַרטיידיגן שטערנטאַלן. — אַז שייך! טאַקע אַלע גלייך ווילן זיי! מיסעס גאַנטש און בערג — ביידע גלייך! נישט חלילה, ווייל ער האָט עפּעס קעגן מיסעס גאַנטש, אָבער . . . . (מיט אַ מינע פון אַ באַליידיקטן עסטעט) מענטשן דאַרפן דאָך האָבן אַביסל שכל, אַביסל איינזעעניש.

*

עס זיינען שוין אַוועק פיר וואָכן, זינט עס האָט גערעגנט. דאָס פעלד איז געלעגן טרוקן און דורשטיק און ווי געוואַרט אויף אַ רעגן, אויף אַ שטורם. דער שטורם איז אָבער ניט געקומען. איעדער איינער אין דער קאָלאָניע האָט געוואַרט, און יעדער קיל ווינטל באַנאַכט האָט זיך אויסגעוויזן שעפּטשעט: ער, קומט... ער קומט דער רעגן.: דער רעגן איז אָבער ניט געקומען. האָט שוין מיסעס אַקערמאַן איינגענומען בושהס מיט איר "רעוומאַטיזם", אומזיסט נביאות געזאָגט: היינט וועט זיכער רעגענען, מיין "רעמאַטיז" האָט מיך נאָך קיינמאָל ניט אָפּגענאַרט. ס'האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט מיט גאָרניט. ס'האָט ניט גערעגנט.

בערג האָט שוין אַ פּאָר מאָל מאָביליזירט אַלע קאָלאָניסטן און איז אין די פאַרנאַכטן אַוועק מיט זיי צום לייק נאָך וואַסער צו באַוואַסערן די פעלדער, כייפּעץ מיט צוויי גרויסע פעסער אויף דעם טראָק און מיט אַ האַנט־פּאָמפּ און אַ יעדער איינער מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט, מיט אַן עמער, מיט אַ טאָפּ, מיט אַ סלוי, אַלע האָבן זיך געלאָזט צום לייק נאָך וואַסער, און דערנאָך דאָ און דאָרט באַגאָסן די פאַרטריקנטע ערד און געוויצלט זיך דערביי אויף גאָטס חשבון: ווען דער אייבערשטער וויל נאָר באַווייזן אַ קונץ... וואָלט מען שוין פאַרשפּאָרט צו ברעכן די קריזשעס און מ'וואָלט פאַרשפּאָרט די גאַנצע מוטשעניניע, אָבער גיי שריי חי וקים, — ער וויל ניט און טו אים עפּעס. און בערג האָט טאַקע איינגעזען, אַז די גאַנצע אַרבעט איז אַן אַרויסגעוואָרפענע: מיט טעפּ און מיט עמערס און אפילו מיט צוויי פעסער אויף דעם טראָק, וועט מען קיין סאַך ניט העלפן.

די טעג זיינען געווען הייסע, מאַנאָטאָנע. די פרויען און די קינדער האָבן מערסטנס פאַרבראַכט ביים לייק אין די באַד קאָסטיומען. געלעגן אויפן זאַמד געשמועסט וועגן טויזנטער קליינקייטן, קאָנקורירט מיט די אָפּגעברענטע לייבער און האָבן זייער הנאה געהאַט ווען די אָדער יענע האָט אויסגעקוקט אין די אויגן פון די איבעריקע, ווי אַ רעגעלע נעגערטע".

ביולאָ פלעגט אויך אַרויסגיין מיט די איבעריקע צום לייק, אָבער

אין איר ווייסקייט, וואָס זי האָט פיל מי אָפּגעהיט, איר ראַפינירטקייט און איר מאַניער צו ריידן און אָנטאָן זיך, האָט נאָך אַלץ אָפּגעטיילט זי פון די איבעריקע ווי מיט אַ דורכזיכטיקער וואַנט. אַזוי איז געגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג. מ׳איז אויפגעשטאַנען, מ׳האָט געגעסן פרישטיק, מ׳איז געגאַנגען אין פעלד אַריין, אפילו ווען מ׳האָט ניט באַדאַרפט; מ׳האָט זיך באַשעפטיקט אין קיך, אין די קאַמערן, אין דער וועשעריי: מ׳האָט געוואַשן און גערייניקט די צימערן, געזייערט פרוכטן, אוגערקעס און פעפערס, געפּרעגלט מאַלינעס און פלוימען — אַ יעדן איינעם איז אָבער נאָכגעגאַנגען עפּעס אַ פוילקייט, אַ נודעניש, וואָס האָט גענאַגט.

דער דאָקטאָר האָט פּרובירט אַראַנזשירן אַ פּאָר לעקציעס אין דרויסן אין די אָוונטן, האָט מען זיך אויסגעזעצט אויף די בענק און מיסעס גאַנטש מיטן קינד אויף די הענט האָט געמאַכט חוזק פון אַלץ: נו, אָט זיצט זי דאָ אין געהאַקטע וואונדן, זיצט זי דאָ און וויל אויף טשיקאַווע הערן, וואָס דער משוגענער וועט היינט רעדן. ווער דאַרף עס זיין פּלאַפּלען דאָרט, ווער? אָבער אַ ברירה האָט מען, אַז מ׳איז ווי סאָלדאַטן דאָ, ווי קאַטאָרזשני־קעס. אין קעמערל דאָרט זיצן, איז דאָך אויך, אַז אָך און ווי, וועט זי שוין זיצן דאָ . . .

— אַ רעגעלער טעאַטער, — האָט מיסעס כייפעץ געשטורכעט אין דער זייט אַריין די מיסעס שאַפּיראָ.

מיסעס שאַפּיראָ איז אָבער געזעסן אַ פאַרחלומטע. זי האָט גע־טראַכט, אַז ווען זי פלעגט וואוינען אין שטאָט און עס פלעגט, קומען דער זומער, האָט דער מאַן געשיקט זי אין דער קאַנטרי; פלעגט זי מיט נאָך אַ פּאָר פון אירע פריינט אָפּדינגען אַ קאָטעדזש און מ׳פלעגט אָפּזיצן גאַנ־צע טעג און נעכט און שפּילן פּאוקער; און דאָס עסן איז געווען געשמאַק, און דאָס באָדן אין לייק איז געווען גאָר אַנדערש און מ׳האָט ניט באַדאַרפט אַרבעטן אַזוי שווער, און ס׳איז געווען גוט אויף דער נשמה... איצט האָט זי דאַכט זיך, די גאַנצע קאַנטרי פאַר זיך אַליין — אַזוי פיל פעלד, און אַזוי פיל לופט און אַ לייק אַ אייגענעם... — עס פעלט אָבער עפּעס.. וואוהין זאָל זי פאָרן נעמען אַ קאָטעדזש, אין שטאָט אַריין?

און ניט נאָר מיסעס שאַפּיראָ אַליין האָט געטראַכט אַזוי. אויך פּאָר מיסעס זאַנענפעלד און מיסעס כייפעץ האָט דאָס לעבן אין דער קאָלאָניע אויסגעוויזן ווי אַן אַרויפגעצוואונגענער חוב, ווי אַן אָפּקומעניש, ווי עפּעס, וואָס עס מוז סוף כל סוף פאַרשווינדן, און דאָס לעבן וועט אפשר ווידער אַ שפּיל טאָן מיט שטאָטישע פאַרבן און פייערן.

אָפט האָבן זיי גערעדט און דערמאָנט די שטאָט און די גרויסע גע־שעפטן, וואו זיי פלעגן קויפן מציאות, און די גרויסע מואווי־טעאַטערס, וואו מ׳פלעגט אַריינשפּאַצירן צוויי־דריי מאָל אַ וואָך — דערמאָנט מיט

ביינקשאַפט, מיט אַ באַזונדער געפיל פון ליבשאַפט.

בערג און קרופקין האָבן אָפט שפּאַצירט אין די פאַרנאַכטן. פלעגן טיילן זיך מיט די פלענער, מיט די מיינונגען און איינדרוקן, און זיי פלעגן ביידע קומען צום שלוס, אַז אין דער קאָלאָניע הערשט עפּעס אַ מין אַפּאַטיע; אַז עס פעלט ענטוזיאַזם, עס פעלט די רואיקע צעפרידנקייט — און זיי פלעגן זוכן מיטלען, ווי אויפצואוועקן אַן אינטערעס צו דעם, וואָס ווערט געטאָן, צו דעם לעבן, וואָס ווערט דאָ געבויט.

און קרופקין האָט גאַנץ אָפט מיט אויפריכטיקער ערנסטקייט גערעדט וועגן די מיטגלידער אין דער קאָלאָניע. ער האָט זיי אַלעמען גוט פאַרשטאַנען. צוגעהערט זיך צו זייערע רייד און געלייענט זייערע באַהאַלטענע געדאַנקען,, ווייל אויב מ׳האָט זיך פאַר בערגן ניט באַקלאָגט און מ׳האָט ניט אַרויסגעזאָגט, וואָס עס האָט געניאָגט, האָט אָבער קרופקין, דער מער פּראַקטישער, פשוט׳ער, געהאַט מער מעגליכקייטן און געלעגנהייטן צו קומען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט די מיטגלידער אין דער קאָלאָניע. ער האָט אַלעס באַמערקט און אַלעס האָט ער אויפגענומען, אַנאַליזירענדיק יעדע דערשיינונג און שטימונג.

ער האָט געוואוסט אַז ביטריס סאַבאָטאַזשירט אירע פליכטן. דאָס גאַנצע לעבן אירס אין דער קאָלאָניע איז איצט געווען אַן אָפּקומעניש, ער האָט עס געוואוסט. און דערפאַר האָט זי פאַרנאַכלעסיגט די קינדער. די אויפריכטיקייט אירע איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן. די קינדער שפּירנדיק אירע שטימונגען און איר אַפּאַטיע האָבן אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם אָפּשיי פאַר איר און די עלטערע פון זיי, אויפפּאַסנדיק באַמערקונגען פון די עלטערן וועגן אירע באַציאונגען צו בערגן, האָבן אין דער נעבלדיקייט פון זייער אינטואיטיוון פאַרדאַכט אָנגעהויבן צו קוקן אויף איר מיט דעם ספּעציפיש קינדישן שמייכעלע. און דאָס האָט זי נאָך מער אויפגערייצט קעגן זיי און צוליב דעם פלעגט זי אָפט אַן אויפגערעגטע און נערוועזע אינגאַנצן אַנטלויפן פון זיי צו זיך אין צימער, פאַרשפּאַרן זיך דאָרטן און ליגן אַ פאַרטרונקענע אין מרה שחורהדיקע געדאַנקען. און טיף אין האַרצן האָט ערגעץ גענערט זיך דער האַס און דאָס געפיל פון וועלן נעמען נקמה.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט האָט קרופקין אָנגעקלאַפּט אין איר טיר.

— ביטריס, איר׳ט גיין שפּאַצירן?

זי האָט זיך דערפרייט. זי וועט גיין, און טאַקע מיט קרופּקינען. ווייל ער איז איצט דאַכט זיך דער איינציקער צו וועמען זי פילט נאָך ניט דעם האַס. ער איז דאָך פאַר איר דער לעצטער פונקט, אין וועמען זי וועט זיך דאַרפן אָנהאַלטן אויב דאָס לעבן וועט זי צופירן צום אָפּגרונט.

זיי זיינען געגאַנגען צום לייק, עס האָט געבלאָזן אַן אַנגענעם ווינטל און קרופקין האָט געקוקט אויפן האָריזאָנט און געזוכט וואָלקנס.

— מ׳דאַרף אַ רעגן, ווי דאָס לעבן.

— ביטריס, איר׳ט גיין שפּאַצירן?

— אַ רעגן, ווי ווייניק עס פאָדערט זיך איך צופרידענצושטעלן.

— ווייניק? מיר דאַכט, ס׳איז אַזוי פיל. איר ווײסט מיר גלויבן ביט־ריס, איך פיל זיך איצט פונקט, ווי אַ טייל פון דער ערד אויף וועלכער מיר לעבן, — די ערד איז פאַרשמאַכט, זי ווערט געברענט און געבראָטן, זי דאַרף אָפּפרישונג. איך דאַרף אויך אָפּפרישונג און מיר דאַכט זיך, אַז איך בין שוין אויך געוואָרן אַ טייל פון אָט דער נאַטור דאָ, און אַ רעגן וואָלט מיך אויך אָפּגעפרישט, אָנגעפילט מיך מיט זאַפט, מיט . . .

— מאָדנע... — האָט זי געזאָגט.

— אפשר מאָדנע... פון אייער שטאַנדפּונקט. — האָט קראָפּקין גע־רעדט רואיק — מיר דאַכט זיך אָבער, אַז ס׳איז נאָך מער מאָדנע וואָס איר, אַ פרוי מיט אַזוי פיל פאַרשטאַנד האָט זיך אָבגעגעבן צו בייזע ווינטן און עס אַרט אייך ניט וואוהין זיי וועלן אייך אַוועקטראָגן.

— אפשר זענט איר גערעכט. — האָט זי צוגעשטימט.

— ניט אפשר, נאָר זיכער. איר רייסט זיך אַפּ אַליין מיט אייער גאַנצן וועזן פון אַ ראַציאָנאַלן, געזונטן באָדן.

— ראַציאָנאַלער... געזונטער... באָדן.. וואו איז ער? — האָט זי ווי געציילט די ווערטער.

— אַז מ׳וויל, איז ער דאָ. — האָט קראָפּקין געזאָגט.

— המ... דאָ? — האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים און ביטער אַ שמייכל געטאָן.

— איר האָט דאָ אַזאַ דאַנקבאַרע אַרבעט. — האָט קראָפּקין אָנגענומען זי באַם אָרעם — לערנען קינדער איז דאָך אַזאַ וואונדערבאַרע אויפגאַבע... פאַר אייך איז דאָס, זע איך, אַן אָפּקומעניש. ווען איך וואָלט ניט פאַרשטאַ־נען אייער צושטאַנד, וואָלט איך געזאָגט, אַז איר סאַבאָטאַזשירט, און ס׳איז ניט גוט אַזוי ביטריס. די קינדער, איבערהויפּט די עלטערע, שפּירן איי־ערע שטימונגען און אייער אַפּאַטיע. איך בין זיכער, אַז איר אַליין האָט עס אויך באַמערקט. איר באַהאַלט זיך צו אָפט בײַ זיך אין אייער צימער און איר פאַרלירט דעם קאָנטאַקט מיט זיי און מיט אַלעמען. ס׳איז ניט גוט אַזוי.

— אפשר. אָבער וואָס איז דער אונטערשייד?

— וואָס הייסט וואָס איז דער אונטערשייד? — האָט קראָפּקין כמעט אויסגעשריגן — און דאָס לעבן, די נאַטור, די אידייע און אַרבעט, דאָס דאַרף דאָך... אָנפילן אייך מיט קראַפט, מיט גלויבן ! . .

— שיינע פראַזן.

— שיינע פראַזן, אַה? — האָט קראָפּקין רעפלעקטירט מיט איראָניע

און מיט ענטוישונג.

— זענט איר אויפריכטיק קרופקין? — איז זי געבליבן שטיין און האָט אַ קוק געטאָן אויף אים, ווי ווילענדיק איינמאָל פאַר אַלע מאָל דערגיין דעם אמת.

— און איר גלייבט ניט אין לעבן, אין אַרבעט אין אידייען? — האָט אויך קרופקין געפרעגט.

— ניין, איך גלייב ניט — דאָ. — האָט זי פעסט געזאָגט. — עס גלויבט זיך מיר ניט... אַז מענטשן, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין שטאָט, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן מיט אַלע ספּעציפיש־שטאָטישע אייגנ־שאַפטן, וואָס האָבן אַריינגענומען אין זיך דעם שטאָטישן פּולס, די שטראָ־מען, דעם גערויש און גערודער, — גלייבט זיך מיר ניט, אַז דידאָזיקע מענ־טשן זאָלן זיין אומשטאַנד צו דערשטיקן אין זיך די טיף איינגעוואָרצלטע שטאָטישע געוואוינהייטן. דיינקט איר טאַקע, אַז די אַלע ווייבער זיצן און חלומען וועגן אַ רעגן, וועגן ערד? און איך, איך מיינט איר, דאַרף אויך זיצן דאָ און פאַרגרעבט ווערן און וואַרטן אויף דערדערפרישונג פון אַ רעגן?

קרופקין האָט אַווײלע געשוויגן. זיי זיינען צוגעקומען צום לייך און־צום שטיין, וואו זיי פלעגן אָפט זיצן. דער לייך איז געווען שטיל ווי אַ שפּיגל און די לבנה האָט זיך געשפּיגלט אין איר גאַנצער געלער פּראַכט.

— ס'איז ניט נאָר די ערד און די נאַטור — האָט קרופקין ווידער אָנ־געהויבן דעם געשפּרעך. — ס'דאַרף דאָ אויך זיין דער ווילן אויסצולעבן זיך אויף אַ גערעכטן, ערלעכן שטייגער, אָן עקספּלואַטאַציע אין וועלכער יעדער שטאָט מענטש ווערט אַריינגעצויגן.

— הערט אויף קרופקין... הערט אויף פּרעדיקן די נאַרישע פאַנטאַזיעס אייערע —האָט ביטריס געזאָגט און פאַרויכערט אַ סיגאַרעט. — אַ פאַנטאַ־זיע איז די גרעסטע פאַרנאַרערין און פאַרפירערין. איר ווילט מיר זאָגן, אַז דאָ גייט אַלץ צו מיט גערעכטיקייט און אָן עקספּלואַטאַציע? איר ווילט מיר זאָגן, אַז די מענטשן דאָ, וואָס בערג און איר האָט צוזאַמענגענומען, לעבן דאָ צוליב אַן אידעאַל? ווער. מיסעס גאַנטש? מיסעס בראַדערזאָן? צי אָדער ביולאַ מיט אירע זיידענע זאָקן — ווער?

—, ניט מיסעס גאַנטש און אפשר ניט מיסעס בראַדערזאָן. — האָט זיך קרופקין באַמיט צו רעדן רואיק. — ניט אויף זיי ווערט געבויעט די קאָלאָניע און אונדזער אידעאַל. עס זיינען דאָ אָבער פאַראַן אנדערע, ווי בערג, ווי אויך שטערנטאַל, ווי שאַפּיראָ, ווי די צוויי ברידער ציוניסטן, ווי די פאַרמערס זעלצער און בלאָך, ווי כייפעץ, ווי דער דיכטער אפילו, און ווי דער "דאָקטאָר", אפילו און ווי ביולאַ אַפילו... ניין, איר זענט אומגע־רעכט. מיר ווייסן, אַז אַפילו מיר זיינען ניט די פאַרהאַרטעוועטע פּיאָנערן, אָבער ס'איז דאָ דער ווילן און ס'איז דאָ דער קרבן... און הערט, ביטריס,

איך מוז אייך זאָגן, וואָס איך דאַרף אייך זאָגן. און איך וועל עס אייך זאָגן אַזוי שאַרף ווי מעגלעך. אפשר וועט איר זיך דעמאָלט פאַרטראַכטן וועגן זיך און וועגן די אַנדערע.

— טוט עס, איך בעט אייך. איך בין ניט פון די שרעקענדיקע. — האָט זי געלאָזט וואָלקנס רויך.

— גוט, אויב אַזוי, — האָט ער זיך אויפגעהויבן. — איר זענט לויט מיין מיינונג זייער עגאָאיסטיש, כאָטש איך רעספּעקטיר אין אייך אייער ווילן צו זעלבסטשטענדיקן דיינקען, אָבער . . .

— אָבער... — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

— אָבער איר דאַרפט אַ מאַן.

— וואָס מיינט איר אַ מאַן? — האָט זי געפרעגט ווי פאַרוואונדערט

— איך האָב שוין געהאַט אַ מאַן.בערג איז געווען מיין מאַן, פונקט ווי ער איז איצט ביולאָס.

— איך מיין ניט אַ מאַן צוליב ליבע בלויז — האָט קרופּקין געשוי־בערט זיינע געדיכטע האָר. — און איך מיין ניט אַזאַ צוזאַמענלעבן, ווי עס איז געווען צווישן אייך און בערגן. ווארן איר זעט דאָך: עס איז ניט גע־ווען קיין פונדאַמענט. עס איז געווען אַ ראָמאַנס אויף פליגל. ווען איך זאָג אַ מאַן, מיין איך אַ מאַן פאַר אַ היימישן רואיקן צוזאַמענלעבן. אַ מאַן, און קינדער, און ברויט, און זאַלץ און אויך בלומען, דעמאָלט וואָלט איר אפשר ניט געווען אַזוי ציניש, וואָס איז זייער אומגעזונט פאַר אייך און פאַר אונדז אַלעמען, ווייל איר זענט אַ טייל פון אונדז.

— און... איר מיינט מסתמא אַזאַ מאַן ווי איר זענט אַ שטייגער? — האָט ביטריס מיט איר געוויינלעכן בייסיקן קיבעץ אַ פרעג געטאָן.

— ווי איר פאַרשטייט — האָט קרופּקין געענטפערט. — איך האָב איצט גערעדט ניט וועגן זיך, נאָר וועגן אייך.

— איר זענט אַ וואוילער בחור, קרופּקין, זייער אַ וואוילער. — האָט זי זיך אויפגעהויבן פון שטיין. — און עס געפעלט מיר אַפילו אייער צודרינג־לעכקייט... נו, וועגן קינדער... וועלן מיר נאָך אַמאָל ריידן, דערוויי־לע.... לאָמיר אַהיים גיין, אויב מ'קאָן עס אָנרופן — אַ היים.

*

קרופּקין און שולנער האָבן ניט געלעבט בשלום. אויסערליך זיינען זייערע באַציאונגען איינער צום צווייטן געווען טאַקטיש און געצוימט, אי־נערלעך האָט אָבער איעדער פון זיי געפילט אַן אומצוטרוי. קרופּקינען האָט זיך אויסגעוויזן אַז באַם אָפּגעבן חשבון יעדע צוויי וואָכן, לויפט ער שול־נער איבער די ציפערן מיט אַן אַבזיכטלעכער שנעלקייט איבערצוקומען און פטור צו ווערן פון דעם און שולנערן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז קרופּ־

קין שטעלט אָן זיין אויער און זיין נאָז שוין צופיל און מיט זיין האַלב אָפּעי־נעם אומצוטרוי באַליידיקט ער אים.

דער אומצוטרוי איז נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן, ווען קרופּקין, אַריינקומענדיק איינמאָל אין אַן אינדערפרי אין אָפּיס, האָט דערזען ווי שול־נער טוט אַ כאַפּ עפּעס פּאַפּירן פון טיש און וואַרפט זיי איילנדיק אַריין אין שופלאָד. קרופּקין האָט גאָרנישט געזאָגט, בלויז אַ שמייכל געטאָן און שולנערן איז דער שמייכל ניט געפעלן געוואָרן.

— איר ווילט עפּעס? — האָט ער אַ פרעג געטאָן טרוקן.

— וואָס עפּעס אַזאַ פּראַגע, חבר שולנער, און עפּעס אין אַזאַ טאָן?

— כ׳ווייס... כ׳האָב אייך ניט דערוואַרטעט, פרעג איך.

— נו, אַז איר ווילט וויסן, וועל איך אייך זאָגן. איך בין היינט ווידער דער אויפזעער, מאַך איך אינספּעקציע, אַזוי צו זאָגן, אָבער מיר דאַכט זיך אַז איר זענט עפּעס ניט מיט אַלעמען . . .

— און איר זענט מיט אַלעמען. — האָט שולנער געפרעגט זוכנדיק עפּעס צווישן די פּאַפּירן.

— איך האָף אַזוי. — האָט קרופּקין געענטפערט

— אומזיסט אייער האָפנונג. ניט איר און ניט קיינער פון אונדז איז מיט אַלעמען — האָט שולנער פּרובירט ריידן אין אַ וויצערן טאָן.

— אַ שטייגער? — האָט קרופּקין געפרעגט.

— די קאָלאָניע איז דער גאַנצער שטייגער.

— נו, נאָך ניט געפערלעך. — האָט קרופּקין געזאָגט. — אַ גוטער רעגן קאָן שטעלן די גאַנצע קאָלאָניע אויף די פיס.

— די קאָלאָניע איז טרוקן ווי אַשפּענדל און בלויז אַ קליין שוועבעלע וואָלט אפשר געשטעלט אַלעמען אויף די פיס.

— אַ וואָס? — האָט זיך קרופּקין צוגעבויגן צו אים, ווי ניט דער־הערנדיק, וואָס שולנער האָט געזאָגט.

— אַ שוועבעלע. — האָט שולנער ווידערהאָלט טרוקן און איינטאָניק.

— אַ פייער מיינט איר?

— וואָס דען מיין איך? — האָט שולנער אַקוק געטאָן אויף אים מיט אַ קאַלטן בליק.

— איר שעמט זיך גאָרניט צו זאָגן דאָס. — האָט אים קרופּקין אָנגע־קוקט מיט פאַרוואונדערונג.

— פאַרוואָס זאָל איך זיך שעמען? צוליב וואָס מיינט איר פאַרזיכערט מען זיך.

— ניט צוליב דעם, אַז מ׳זאָל מאַכן אַ פייער .

— ווער רעדט דען פון מאַכן אַ פייער?! — איז שולנער געוואָרן בייז. — אָבער ווען סע ברענט — ברענט.

— עס פּאַסט ניט צו טראַכטן אַפילו פון דעם. — האָט קרופּקין גע־זאָגט שטרענג.

— אָה, לאָזט צורוּ! ווער טראַכט פון דעם?! — האָט שולבּער בייז פאַרשלאָסן דעם שופלאָד און געלאָזט זיך צו דער טיר.

— אייער אידעאַליזם איז דאַכט זיך אַביסל... מעכולע... — האָט קרופּקין אַ שמייכל געטאָן.

—אַזוי איז אויך אייער און בערגס אידעאַליזם. — האָט שוין שול־בּער געזאָגט באַ דער טיר. — אידעאַליסטן! . . .

קרופּקין איז געבליבן שטיין מיט אַ טרויעריקער מינע. — וואָס קומט דאַ פאָר.. וואָס קומט דאַ פאָר.. — האָט ער געטראַכט.

ער איז אַרויסגעגאַנגען פון הויז, געבליבן שטיין אויף די טרעפּ און פלוצים דערפילט, ווי עס טראָגט אַ ווינט פון לייק... די קילקייט פון ווינט האָט אים אַרומגעכאַפּט, ווי מיט לאַשטשענדיקע הענט און אויפגעהויבן אַוועקצוטראָגן אים . . .

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און דערזען ווי אויף דעם האָריזאָנט גייט אויף אַ טונקעלע, מיט זילבערנער ליכט באַזוימטע, מאַסע, וואָס רוקט זיך העכער און העכער אַרויף צו דער טיפער ליכטיקער בלוי־קייט.

קרופּקינס פּנים האָט אויפגעלויכטן. ער האָט זיך געלאָזט לויפן צום סקלאַד, וואו בערג איז געווען און האָט נאָך אויף דעם וועג געשריגן:

— בערג! ער קומט! ער קומט... דער רעגן! בערג ! . . .

אַ גאַנצן טאָג איז דער הימל געווען פאַרוואָלקנט. די כמאַרעס זיי־נען ממש געלעגן אויף דעם פעלד און געשפּרייט אַ טונקלקייט. דער ווינט האָט געבלאָזן און געוויגט די תבואה; און די קאָלאָניסטן, ניט קאָנענדיק זיך דערוואַרטן אויף דעם וואָלקן־אויסגוס, זיינען כמעט אַלע געזעסן אין דרויסן ביי די הייזער. עס האָט זיך דערנענטערט דער אָוונט.

ביטריס איז געזעסן באַ זיך אין צימער. איר שטימונג האָט האַר־מאָנירט מיט דער אומרואיקער נאַטור. זי האָט פּרובירט לייענען און האָט ניט געקאָנט; צוגעגאַנגען צום פענצטער און אַרויסגעקוקט; געזען דעם טונקעלן האָריזאָנט, געקוקט ווי די תבואה וויגט זיך אינדערוויטנס ווי געגלעט פון אומזעבאַרע הענט; געקוקט און ניט געקאָנט אײנשטיין... עפּעס האָט געצייגן, עפּעס האָט גערופן, געברויזט אין בלוט און דערמאָנט, דערמאָנט... זי האָט געעפנט דאָס פענצטער, האָט דער ווינט אַרומגעכאַפּט זי מיט הייסקייט און געריסן פון איר די בלוזע, דאָס קלייד.. דער געדאַנק אַ צעפלאַקערטער, האָט זיך געלאָזט פאַנגען און פאַרטראָגן ווערן צו פאַר־צערבדיקן באַגער... זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט און האָט זיך איינ־געגראָבן אין קישן מיט די פינגער. און בערגס פּנים האָט אין אירע פאַר־

מאַכטע אויגן געבּרענט מיט בּליצן פון תאוה.

זי האָט זי דמיטאַמאָל אויפגעהויבן. געבּליבן זיצן אויפן בעט מיט פאַרקלעמטע פויסטן און מיט פאַרקלעמטע ציין און אין איר האַרץ האָט דאָס בּלוט געפּאָמפּעט אונטערן שווערן דרוק און אין מוח האָט דער געדאַנק געדרייט זיך געקאַרטשעט זיך, גערעדט און געביסן... ניין, ניין, ניין. מ׳טאָר זיך ניט אונטערגעבן... דאָס לעבן, דאָס איינציקע לעבן טאָר מען ניט מקריב זיין, טאָר מען ניט צוטיילן אויף שטיקער — אַ שטיק דעם, אַ שטיק יענעם און זיך, זיך — גאָרניט... דאָס לעבן דאַרף מען נעמען, שטורעמען אַזוי לאַנג ווי מ׳לעבט, אַזוי לאַנג ווי עס לעבט דער באַגער, אַזוי לאַנג ווי דאָס בּלוט פאָדערט... בערג, טייערער בערג. קיינער, קיינער האָט קיין רעכט ניט אויף איר לעבן, וואָס איז בּלויז איינמאָל אירס... איצט איז די צייט,, איצט איז די צייט.. ער איז אַליין, ביולאַ איז אינדרויסן דאָרט.. גיי, גיי . . .

געשטאַנען אַזוי אַ ווײַלע אין מיטן צימער, צוהאַלטנדיק מיט ביידע הענט דאָס ציטערדיקע, פּלאַטערדיקע האַרץ... געעפנט די טיר און געלאָזט זיך גיין צו בערגס צימער.

ביולאַ איז געזעסן אין דרויסן מיט קרופּקינען און מיט דעם דאָקטאָר ווייל בערג איז געזעסן אין צימער און האָט געשריבן. דער שטורם און דער קומענדיקער רעגן האָבן אים אינספּירירט צו שרייבן... ער האָט שוין אַזוי לאַנג ניט געשריבן.. האָט זי געזאָגט.

אויך רויזנבוים דער דיכטער איז צוגעקומען, געשטאַנען אַ ווײַלע און צוגעהערט זיך ווענן וואָס מ׳האָט גערעדט, ווען ער האָט אָבער דערהערט די ווערטער "אינספּיראַציע" און "שרייבן", האָבן זיך זיינע הענט אַ צי געטאָן צו דער קעשענע וואו ער האָט געהאַלטן אַ צייטונג.

— האָט איר געזען, קרופּקין? — האָט ער אַ פרעג געטאָן און אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער האַנט אין דער צייטונג

— געזען וואָס? — האָט קרופּקין געפרעגט.

— מיין ניי ליד אין דער "פאָלקס שטים".

— יאָ? — האָט זיך קרופּקין דערפרייט. — טאָקע אַ נייע ליד? אדרבה, לייענט, לאָמיר הערן.

— איצט ניין.. — האָט רויזנבוים אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און האָט אָנגעוויזן אויף דעם הימל, וואו עס האָבן זיך פּלוצים צעשפּילט בּליצן און עס האָבן זיך דערהערט ווייטע בּרומענדיקע דונערן — איצט ווען די נאַטור רעציטירט איר שענסטע, דראַמאַטישסטע פּאָעמע, זאָל איך לייענען מיין ליד? ניין, איך האָב אַ גרויסן דרך ארץ פאַר אָט דעם... — האָט ער ווי־

דער אַנגעוויזן מיט דער האַנט אויף דעם הימל, וואָס איז געוואָרן טונקעלער און טונקעלער מיט שוואַרצקייט פון אָנגעלאָפענע כמאַרעס.

— איר זענט זייער באַשיידן. — האָט קרופּקין געזאָגט אין שפּאַס.

— כאַ, כאַ, איר זענט אַ קיבעצער, — האָט דרויזנבוים פאַרשטאַנען דעם שפּאַס און האָט צוגעגעבן: — ווען זעאוס רעדט — שווייגן אַלע געטער.

קרופּקין האָט זיך פּלוצים אויפגעהויבן אַ באַאומרואיקטער. עס איז אים געקומען אויף דעם געדאַנק ביטריס. עס האָט אים ניט געוואונדערט וואָס זי זיצט ניט צוזאַמען מיט אַלע אינדרויסן, ער האָט געוואוסט ווי זי איז טריי אירע שטימונגען און איר דעמאַנסטראַטיוון סנאָביזם; עפּעס האָט דאָך באַאומרואיקט און אין זיין אונטערבאַוואוסטזיין האָט עמי־צער ווי געקלאַפּט מיט אַ העמערל: ביטריס.. ביטריס.. ביטריס

ער איז געשטאַנען אַ ווײַלע און, ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, געלאָזט זיך גיין אין הויז אַריין. און אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָט ער דערזען ביטריסן. זי איז געגאַנגען מיט שנעלע טריט צו בערגס צימער און גייענדיק האָבן זיך פון די צעעפנטע פאַלדן פון איר נאַכט־מאַנטל אַרויסגעזען אירע נאַקעטע פיס.

איידער ער האָט נאָך געהאַט צייט צו באַשליסן ווי צו האַנדלען, איז זי שוין אַריין אין בערגס צימער. קרופּקין האָט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט אים ניט געזען. ער האָט אָבער ניט געוואוסט וואָס ער דאַרף אונטער די אומשטענדן טאָן. ווי דאַרף ער האַנדלען, אַז די האַנדלונג זאָל באַרעכטיקט ווערן סיי פון אַנשטענדיקייט און סיי פון פריינטשאַפט, צו בערגן, צו ביט־ריסן און צו ביולאַן.

די פיס האָבן אים שוין אָבער ווי אַן זיין ווילן און צושטימונג גע־פירט צו בערגס טיר... ער האָט געקאָנט הערן ווי זיי ריידן: בערג אַן אויפ־געזעגטער, ביטריס מיט געבעט.

אַ טיפע צופרידנקייט האָט זיך צעגאָסן אין אים, הערנדיק זייער גע־שפּרעך. און פּלוצים האָט געגומען קראַכן. דורך די פענצטער און קאָרידאָר האָט ער געקאָנט זען ווי דאָס פעלד טוט זיך אַ באַוויז ווי אויף אַן עקראַן, ווי באַלויכטן מיט אַ מאַגישער ליכט און אונטער דעם קראַך פון די דונערן טראָגט זיך צו דער ערד מיט שנעלקייט און מיט פּלוצימדיקער קראַפט אַ שטורימדיקער, שטראָמיקער רעגן — און די טירן און די פענצטער קלאַפּן... און פרייליכע געשרייען פון די לויפנדיקע קאָלאָניסטן מישן זיך אויס מיט דעם באַראַבאַנענדיקן קלאַפּן אין דאַך.

ער האָט געוואוסט, אַז באַלד קומט אַן ביולאַ, האָט ער מיטן פויסט אַ קלאַפּ געטאָן אין בערגס טיר און געלאָזט זיך לויפן צו זיין אייגענעם צי־

מער. און,שטייענדיק שוין באַ דער אייגענער טיר, האָט ער געזען ווי ביוּ־לאַ איז מיט לאַנגזאַמע רואיקע טריט צוגעקומען צו דער טיר, געעפנט און איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע אָן אומבאַוועגלעכע. פאַרמאַכט די טיר און געלאָזט זיך גיין מיט שטילע טריט צו דעם ווייטן פענצטער אין קאָרידאָר, וואו זי איז געבליבן שטיין ווי אַ טונקעלער שאָטן אויף דעם פאָן פון דעם בליצנדיקן הימל. ביטריס איז אויך גלייך אַרויסגעקומען פון בערגס צימער און מיט אַ טראַציק אויפגעהויבענעם קאָפּ געלאָזט זיך גיין צו איר צימער.

אין דעמזעלבן אָוונט איז דער דיכטער רויזנבוים געשטאַנען באַ זיין פענצטער אָן איינזאַמער, פאַרטראַגן פון געדאַנקען און פון זכרונות. די צייַ־טונג אין וועלכער עס איז געווען אָפּגעדרוקט זיין ליד איז געלעגן אויפן בעט אויך איינזאַם און ווי פאַרגעסן. דאָס ליד האָט דערפרייט זיין האַרץ ווען ער האָט עס דערזען אָפּגעדרוקט. ער האָט אָבער געטראַכט, אַז אויך דאָס ליד שוועבט ערגעץ אָן איינזאַמעס און קיינער לייענט עס ניט און קייַ־נער הערט ניט דאָס געזאַנג פון דער נשמה. אַמאָל... ווי ווייט אַמאָל?... ניט ווייט אין דער פאַרגאַנגענהייט האָט ער געוואוסט אַז איעדער ליד זיינס וועט געלייענט ווערן פון איר, פון זיין פרוי. איצט — וואו און ווען וועט זי זען זיינע לידער און וואו און ווען וועט זי זיי לייענען.

ער הערט אַזוי קלאָר איר לאַך... ערגעץ אין די ווינקלען אַרום.. ער זעט, דאַכט זיך אים, דעם גלאַנץ פון אירע אויגן, דעם רויטן שמייכל און דעם בליץ אין אירע ווייסע ציין... ער קאָן שפּירן דעם דינעם גערוך פון איר פאַרפיום אין דער פאַרנאַכטיקער גרויקייט. לאהלע — זיין פרוי... לאהלע — די יידישע אַקטריסע. ער דערמאָנט זיך, ווען זי האָט צום ערשטן מאָל פאַרגעלייענט זיינע אַ פּאָעמע און גלייך דערפילט ווי ער ווערט פאַרבונדן מיט איר דורך אַ גייסטיקער נאָענטקייט. דאָסזעלבע האָט זי אויך געפילט, ווי זי האָט עס אים דערנאָך געזאָגט. די באַגעגענישן זייערע זיינען גע־וואָרן אָפטער, אָנגעפילטע מיט בליציקע שטימונגען. זי האָט געוואוסט ווי אַזוי און זי האָט געקאָנט שאַפן אַ שטימונג, שאַפן עס מיט געזאַנג, מיט וואָרט און מיט איר פרויעשן צויבער וואָס האָט געהאַט אין זיך אַזוי פיל יידישן חן. די שפּעטע שעה׳ן אין די קאַפע־הייזער, די נאָך שפּעטערע שעהן ביי איר טיר און אַמאָל אין צימער, — דאָס האָט אָנגעפילט זיינע טעג און נעכט מיט זינגנדיקע שטימונגען. זיינע לידער האָבן גע־שפּילט מיט אַלערליי פאַרבן און דאָס לעבן האָט גערופן... סיי ער, און סיי זי זיינען שוין געווען אָנגעפילט מיט דער צייטיקייט און מיט דער זאַפט פון לעבן, ווי עס פילן זיך אָן פרוכטן אין די מיטזומערדיקע טעג. און סיי ער און סיי זי האָבן געוואוסט, אַז ס׳איז צייט איינצובייסן זיך, און טרינקען די זאַפט און פילן דעם ברען און דעם אַראָמאַט פון זייער צעבליטן זומער.

און אַזוי איז דאָס געשען. אָבער ניט אויף לאַנג. דאָס צוזאַמענלעבן זייערס איז געווען ווי אַ חלום און די צעשיידונג איז געקומען פּלוצים, ווי עס קומט פּלוצים אַ שלעכטע בשורה. זי האָט גערעדט צו אים, ווי מ׳רעדט צו אַ יונג־פאַרליבטן בחורל, און געטרייסט ווי מ׳טרייסט איינעם וואָס איז געווען פאַרליבט אין אַ זינלאָזן חלום. נייִן, איר וועג גייט דורך קוליסן צו בינע־שפּיל, צו קאָלירפולע דעקלאַמאַציעס און ליכט עפעקטן, צו בראַוואָ־פּאַ־טשעריי און באַגייסטערונג... איר לעבן איז אויף באַנען, אין האָטעלן, אין פרעמדע צימערן פון שטאָט צו שטאָט, פון יאָר צו יאָר — אין געווייִן, אין געלעכטער און געזאַנג, אין טאַנץ און אין בויט... זיין וועג, זיין לעבן איז צו שטיל, צו באַשיידן פאַר איר טעמפּעראַמענט; זיין טאָג איז אַגע־דאַנק און אַ שטימונג אין ליד, — איר נאַכט איז אַ ראַקעט אין באַנאַכטיקן הימל, זאָל זיין בלויז אויף אַ מאָמענט, אָבער צעשאָטן אין קאַסקאַדן פון קאָלירפולע פייערדיקע פונקען . . .

איז זי אַוועק מיט באַנען צו ווייטע שטעט און צו פרעמדע הימלען און ער איז איצט אַליין — מיט זיין ליד און מיט דעם שטורעם — אין האַרצן און אין הימל, איינער קעגן דעם צווייטן.

אָבער ניט דאָס אַליין האָט גענאָגט, דאָס יידישע לעבן, וואָס איז אים געווען אַזוי טייער, אַזוי נאָענט און דאָך אַזוי פאַרפלאָנטערט מיט אַזוי פיל פאַרשידענע פּראָבלעמען, האָט גענאָגט. גייִן קנעלן מיט יידישע קינדער, וואָס האָבן ניט גערעדט קיין יידיש, האָט נאָך מער פאַר שאַרפט זיין פּעסע־מיזם, זיין פאַרצווייפלטן בליק אויף די וועגן פון יידישן פאָלק. ער האָט געזען, ווי דער יונגער דור ווערט כמעט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון שורש און ניט די עלטערן האָבן דאָס געזען און ניט די יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָט גע־רעדט צום יידישן פאָלק וועגן יידישער קולטור; און ניט די שרייבער און לערער האָבן געוואוסט ווי אַזוי צו פאַראייניקן, צו פאַרבינדן מיט איין שפּראַך, מיט איין נשמה, מיט איין קולטור דאָס אויפגייענדיק און פאַרגייענדיק יידיש לעבן. עס איז שווער געווען צו זען, ווי כמעט די גאַנ־צע יידישע קולטור־אָנפירערשאַפט איז פאַרטאָן אין אייגענער, ענגער, עגאָ־צענטרישער וועלט אין וועלכער דער קיום און אינהאַלט פון יידישן לעבן איז פאַר זיי ווערטפול אויף אַזוי פיל אויף וויפיל עס רירט אָן זייערע אייגענע אינטערעסן, זייער פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט און אין דער שאַפנדער סביבה. איעדער איינער, האָט ער געזען, האָט געהאַט זיינע איי־גענע וואַגשאַלן מיט וועלכע ער האָט געוואויגן די פּערל פון דער יידישער קונסט און פון דער יידישער קולטור. און די וואָגשאַלן זיינען, מערסטנס, געווען פאַלשע, מיט דער באַוואוסטזיניקייט, אָדער אומבאַוואוסטזיניקייט פון דעם וועגער. און טאַקע דער באַוואוסטזיין, אַז אויך ער גייט אַריין אין דער־דאָזיקער קאַטעגאָריע, אַז אויך ער איז אַנטלאָפן פון דעם ניט צעאַקערטן

פעלד, וואו ער האָט איבערגעלאָזט אַזוי פיל ווילדע גראָזן און האָט פאַר זיך אויסגעקליבן אַ ווינקל, באַ די שטילע פאַרוואָרפענע ברעגן פון לעבן, וואו ער וויל זיך אויסלעבן מיט ריינער, נאַטירלעכער אמתדיקייט און איגנאָרירט אינגאַנצן די אַרבעט, וואָס איז באמת זיין אַרבעט — איבערצונעמען די דערציאונג פון די קינדער, אַרויסנעמען זיי פון ביטריסעס הענט און אָנהייבן איינצופלאַנצן אין זיי די וואָרצלען, די זערנעס פון דער יידישער טראַדיציאָנעלער קולטור, — אָט דער באַוואוסטזיין פון זיין אַנטלויפן האָט אים געפייניקט טאָג איין, טאָג אויס.

אָט איצט ליגט דאָס ליד אויף זיין בעט און קיינער אין דער קאָלאָניע און קיינער פון די קינדער, קיינער חוץ אים אַליין האָט עס ניט געלייענט און האָט ניט דערפילט דעם פריידיקן ציטער פון דער נשמה.

ניין, עס מוז נעמען אַ סוף, ער מוז זיך צוריקקערן צוריק, צו דער אמתער נשמה זיינער, צו דער אמתער אַרבעט זיינער — צעאַקערן דאָס פעלד פון יידישן וויסן, פאַר זיי, פאַר די יידישע קינדער, שוין, ניט וואַרטנדיק . . .

*

קרופקין איז אַרומגעגאַנגען אַ צערודערטער. עס איז שוין אַוועק אַ וואָך צייט זינט דער שטורמדיקער נאַכט, וואָס האָט געלאָזט די שפורן פון אַ שטורם אויך באַ אים אין מח. ער האָט געזוכט די אויגן פון ביולאַן, ווי ער וואָלט געוואָלט געפינען אין זיי אַ פענצטערל צו איר שטימונג, צו אירע געדאַנקען און זען און וויסן וועגן וואָס זי טראַכט ווי אַזוי זי פילט נאָך יענער שטורם נאַכט. אָבער אין אירע באַציאונגען צו בערגן האָט ער ניט באַמערקט קיין שום ענדערונג. זי איז געווען פונקט אַזוי אַנגענעם און געשמייכלט פונקט אַזוי ליבלעך און טריבלעך ווי פריער, און גערעדט צו אים מיט דעם זעלבן חברשן און רעספעקטפולן צוגאַנג.

קוקנדיק אויף איר, האָט זיך קרופקין גענומען באַרואיקן. געטראַכט, אַז דאָס לעבן איז ניט אָן אינצידענטן און ווען מ׳קאָן זיי אָננעמען פילאָזאָפיש און מיט טאָלעראַנץ, ווערט דאָס לעבן לייכטער און דאַנקבאַרער.

אָבער מיט אַ וואָך שפּעטער, אין דעם טאָג, ווען בערג איז אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אַריין, האָט פּאַסירט נאָך אַן אינצידענט, וואָס האָט ווידער געצוואונגען טראָגן קרופקינען צו שווערע שטימונגען און מעדיטאַציעס.

דאָס איז געווען אין דעם טאָג ,ווען דער באַרבער שאָץ האָט געדאַרפט שערן די קינדער. געוויינלעך, פלעגט ער דאָס טאָן נאָך דעם אָנבייסן. און אַזוי ווי נאָך דעם שערן האָבן אַלע געוואָלט גיין צום טייך באָדן זיך, זיינען זיי אַלע געקומען אין זייערע באָד קאָסטיומען.

שאָץ׳ס לאַנג פּנים מיט די לאַנגע רויטלעכע באַקן־פּאות, די לאַנגע

קרומלעכע נאָז, זיינע דאַרע פיס און הענט מיט נערוועזע צעקרימטע פינ־גער, האָבן זייער האַרמאָנירט מיט זיין כאַראַקטער. זיין גאַנץ לעבן האָט ער געשטרעבט צו ווערן אַן אַקטיאָר. אָבער זיין גאַנצע אַקטיאָרישע קאַר־יערע האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גרימירן מיטגלידער פון דראַמאַטישע קלובן. ער האָט כמעט ניט געהאַט קיין פריינט אין דער קאָלאָניע, פלעגט טאָן זיין אַרבעט אַ שווייגנדיקער, אַמאָל אַריינוואַרפן אַ וואָרט אָדער אַ באַ־מערקונג אָבער אימער אַ שטעכיק אָדער אַ ציניש וואָרט אַ וואָרט מיט אַ געלעכטערל.

בערג האָט זיך זייער געוואונדערט, ווען שאַץ איז געקומען פאַר־שרייבן זיך אַלס אַ מיטגליד. עפּעס איז אים ניט געפעלן אין אים. גיין גריב־לען זיך אין זיין פאַרגאַנגענהייט, האָט ער ניט געוואָלט. עס איז געווען געגען זיין געשמאַק און פרינציפּ צו פאָרשן און אונטערזוכן דאָס לעבן פון אַ מענטשן. אַ מענטש איז וויליק צו ווערן אַ מיטגליד אין דער קאָלאָ־ניע, און אַ שערער אין דער קאָלאָניע וועט זיכער צונוץ קומען און די באַשטימטע סומע געלט וועט ער איינצאָלן, טאָ פאַרוואָס מאַכן אויסנאַמען.

אָבער ערשט נאָכדעם, וואָס שאַץ איז געוואָרן אַ מיטגליד אין דער קאָלאָניע, האָבן זיך צו בערגן דערטראָגן קלאַנגען, אַז אין שאַצ׳ס פאַר־גאַנגענהייט זיינען פאַראַן פלעקן — און די קאָלאָניע איז אַ מין מקלט פאַר אים, נאָך דעם וואָס ער האָט אָפּגעטאָן עפּעס אַ מיאוסע שטיקל אַרבעט בײַ די באַלעבאַטים, וואו ער האָט געאַרבעט אין שטאָט. דאָס אַלעס האָט זיך בערג דערוואוסט פון אַן אַנאָנימען בריוו, וואָס עמיצער האָט אַריינגעשיקט אין דער קאָלאָניע. בערג האָט אָבער פאַרשוויגן די גאַנצע זאַך. אָנהייבן אַן אויספאָרשונג און מיט דעם אַוועקשטעלן שאַצן אין אַן אומאַנגענעמער און אַפילו אין אַ געפערלעכער פּאָזיציע האָט ער ניט געוואָלט. האָט ער די ערשטע צייט געהאַלטן אַן אויג אויף אים. און דערנאָך אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דעם בריוו און אָן דער געשיכטע. איבערהויפּט, ווען שאַץ האָט זיך אויפ־געפירט שטיל און אַנשטענדיק, ניט ערגער פון אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער קאָלאָניע.

ס׳איז געווען אַרום דריי אַזייגער נאָך מיטאָג, ווען ביטריס האָט צו־נויפגענומען אַלע קינדער און געבראַכט זיי צעפירן צו שאַצן. און ווען שאַץ האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט איז זי דערווײַלע אַריינגעגאַנגען אין דער ביבליאָטעק, אויסצואוואַרטן דאָרטן ביז ער וועט פאַרטיק ווערן.

שאַץ האָט אָנגעהויבן מיט די יונגערע און דערביי האָט ער געבעטן שוירלי שטערנטאַל די עלטסטע און שענסטע פון די קינדער זי זאָל אים אַרויסהעלפן מיט דער אַרבעט. אין קיין איבעריקער הילף האָט ער זיך איי־גענטלעך ניט גענייטיקט. ער האָט אָבער געוואָלט, אַז די דרייצניאָריקע שוירלי זאָל שטיין לעבן אים. עס האָט אים געצויגן צו קוקן אויף איר און

אַנצורירן אירע הענט און פיס. ווען ער האָט זי דערזען צווישן די קינדער אין איר דינעם קורצן באַד קאָסטיום, האָט זיין האַרץ אָנגעהויבן קלאַפּן שטאַרקער און גיכער. ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט, אָבער זיינע הענט האָבן געציטערט און זיין בליק האָט זיך ניט געקאָנט אָנזעטיקן און אָפּרייסן פון שוירליס יונגען, גוט ענטוויקלטן קערפּער — אירע שלאַנקע פיס, איר באַקעטע פּלייצע, אירע הויכע שפּיציקע בריסטלעך און איר יע־דע באַוועגונג האָט געצונדן זיין בלוט, און יעדער אָבער זיינער האָט וויב־רירט מיט גלוסט. האָט ער איר געהייסן שטיין לעבן אים און צוהאַלטן די קינדער, וועלכע ער האָט געשוירן. שוירלי איז געבליבן די לעצטע. ער האָט זי גענומען שערן און שערנדיק האָט ער יעדעס מאָל צוגערירט זיך צו איר און געגלעט איר קאָפּ און אירע הענט און פיס און עפּעס גערעדט און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט שנעלער און די הענט און פיס האָבן געציטערט.

און פּלוצים האָט ער זי ווי אַ פאַרנעפּלטער אַרומגעכאַפּט מיט די הענט און איינגעזויגן זיך אין איר האַלדז; — זי האָט אַ בלייכע און אַ דער־שראָקענע גענומען שרייען און רייסן זיך פון זיינע הענט — האָט ער זי אָפּגעלאָזט און זי איז אַרויס פון הויז. זי איז געלאָפן אַהיים, אומקוקנדיק זיך יעדע ווײַלע צי ער לויפט איר ניט נאָך, און איז אַריינגעפאַלן אין הויז אַ ווײנענדיקע ניט קאָנענדיג אַרויסריידן אַ וואָרט פון שרעק.

דער מוטער האָט זיך קוים איינגעגעבן אויסצוגעפינען פון איר וואָס עס האָט פּאַסירט. און ווען זי האָט דאָס דערהערט איז זי גלייך אַוועק צום הויז און אויפן וועג מיטגעשלעפּט מיט זיך וועמען זי האָט נאָר געטראָפן. ס׳האָט ניט גענומען לאַנג און די גאַנצע קאָלאָניע כמעט איז געווען באַם הויז נומער איינס, און שאַץ איז געשטאַנען צווישן זיי אַ בלייכער און פּרוּ־בירט אויסלאָכן, מאַכן צונישט די גאַנצע פּאַסירונג: מאַלע וואָס אַ קינד ווייזט זיך דאָרט אויס . . . — און אַז ער האָט איר געגעבן אַ קוש איז וואָס — טאָר מען שוין קיין קינד ניט קושן אין דער קאָלאָניע?

עס האָט אים אָבער ניט געהאָלפן.

אין דעם געשריי און געפילדער איז פרידמאַן צו צו אים, אָנגעכאַפּט אים באַ די לאַצן און גענומען טרייסלען — און נאָך פרידמאַנען איז צו שאַ־פּירא און פאַרמאָסטן זיך שוין אַראָפּצולאָזן אים אַ פּאַטש — עס האָבן זיך אָבער אַריינגעמישט קרופּקין און דער "דאָקטאָר". זיי האָבן אים אַרויסגע־שלעפּט פון דעם אויפגערעגטן עולם און אַוועקגעפירט אים אין זיין צי־מער, איבערגעלאָזט אים דאָרטן, אָפּזאָגנדיק אים אַ גוטע פּאַרציע מוסר. זאָל ער זיצן באַ זיך אין צימער ביז עס וועט רואיקער ווערן. ס׳איז אַ פּאַס־קודנע געשיכטע אין דער קאָלאָניע — פּע... זאָל שוין בערג קומען — וועט מען שוין עפּעס זען ווי ס׳ניט איז איינשטילן.

די קאָלאָניע האָט געזאָטן און געברויזט. די פּאַסירונג

האָט פאַנאַנדערגעבלאָזן יעדן איינעמס פאַנטאַזיע. מ׳האָט זיך גענומען דער־מאָנען און דערציילן זאַכן וועגן שאַצן, וואָס זיינען ניט געשטויגן און ניט גע־פלויגן. און נישט נאָר וועגן שאַצן. און מיסעס אַקערמאַן האָט פון דער הוילער הויט גענומען אַריינזאָגן מערין — זי, מערי דאַרף שווייגן, וואָס רעדט זי דאָרטן די מאַכערטע; ווען זי טראָגט הויזן וואָלט זי געווען ניט בע־סער פון שאַצן. און מיסעס גאַנטש האָט אַלע אירע בייזע חלומות אויסגע־לאָזט צו דער גאַנצער קאָלאָניע, און צו דעם ״דירעקטאָר״ בערג, וואָס האָט אַרויסגענאַרט דאָס געלט און האָט זיך געמאַכט אַ קאָלאָניע; — זאָל ער נאָר קומען, מ׳וועט שוין ריידן מיט אים. און מיסעס אַקערמאַן האָט אָנגע־הויבן מיט ״חשבון״ און געשריגן, אַז זי פאַרלאָזט די קאָלאָניע, אַז מ׳איז דאָך דאָ ניט זיכער מיט דעם לעבן, אַז גאָרניט איז דאָ ניטאָ און אַפילו אַ פּאָליסמאַן, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, האָט מען דאָ אויך ניט.

קרופּקין האָט פּרובירט אַלעמען באַרואיקן, אַ ווינק געטאָן צו ביור־לאַן זי זאָל אַריינגיין צו זיך אין צימער. האָט זי אים געפאָלגט. און נאָך ביולאַן האָבן זיך די איבעריקע אויך אָנגעהויבן פאַנאַנדערצוגיין.

עס איז ווידער געוואָרן שטיל אַרום.

ביטריס איז געגאַנגען לעבן קרופּקינען און געשמייכלט. אויף דעם גאַנצן אינצידענט האָט זי געקוקט ווי אויף אַ לאָגישן רעזולטאַט פון דער עקספּערימענטאַלער קאָלאָניע — עס האָט זי ניט איבעראַשט און עס האָט זי ניט באַאומרואיקט די גאַנצע געשיכטע.

— וואָס שמייכלט איר? — האָט קרופּקין געפרעגט.

— עס איז צום לאַכן — האָט זי זיך שוין צעלאַכט. — בערג וויל בויען אַ מלוכה, כאַ־כאַ־כאַ! נייַן, ניט מיט אַזעלכע שוואַכינקע מיטלען, און ניט מיט ווערטער און מיט גוטן ווילן אַליין קאָן מען צאַמען און ענדערן די מענטשלעכע נאַטור. נו, וואָס וועט איר איצט טאָן מיט דעם שאַצן? לינטשן אים צי פאַרשפּאַרן אפשר אין אַ תפיסה. אַז בערג האָט גאָר פאַרגעסן צו בויען אַ תפיסה, כאַ־כאַ־כאַ! צי אפשר איז די גאַנצע קאָלאָניע... אַ תפיסה, כאַ־כאַ־כאַ!

— ווי פאַר ווערמען. — האָט קרופּקין געזאָגט.

— אויך פאַר אייך, קרופּקין. אויך פאַר אייך. איר האָט, אָבער מורא צוצוגעבן עס, ווייל איר האָט מורא צו פאַרלירן דעם גלויבן... און אָט־אָ דעם סענטימענט . . .

— פאַרוואָס דיינקט איר, אַז ס׳איז בלויז אַ סענטימענט.

— וואָס דען, אויב ניט קיין סענטימענט? —האָט זיך ביטריס געפילט שטאַרק אין איר אַרגומענט; — די פּראַקטישע רעזולטאַטן באַווייזן דאָך עפּעס אַנדערש און איר קלעפּט זיך נאָך אַלץ צום באָדן ווי אַ פליג צו קלעפּיק פּאַפּיר, איז וואָס איז דאָס, אויב ניט אַ קלעפּיקער סענטי־

מענט? גלייבט איר טאַקע, אַז נאָר דאָ, אַז נאָר אַלס פּויערים קאָן מען לעבן אַ פריי־הייטלעך אידעאַלן לעבן? און אין שטאָט, אַז מ׳וויל קאָן מען ניט? זיי־נען שוין טאַקע די שטאָטישע פאַראורטיילטע קרבנות? האָט איר זיך נאָך ניט איבערצייגט אַז קיין גרויסע פּאַטריאָטן פון זייער נייעם פאָטערלאַנד דאָ, זיינען די קאָלאָניסטן ניט געוואָרן? זעט איר דען ניט, אַז די מערסטע פון זיי זיינען בלויז מאַלפּעס און זאָלן זיי געוואויר ווערן וואו מ׳קאָן מאַכן אַ בעסער לעבן, וועלן אַלע אייערע פייגעלעך צעפליען זיך... און האָט איר זיך ניט איבערצייגט, אַז מענטשלעכע ליידענשאַפטן און קליינקייטן זיינען די ווערעמלעך, וואָס פרעסן דורך און דורך די שטאַרקסטע באַלקנס און דעמבעס. מיר האָבן דאָך שוין ניט איינמאָל גערעדט וועגן דעם און איר האָט מיך ביז איצט נאָך ניט איבערצייגט, אַז איך בין ניט גערעכט. אויף וואָס האָט בערג געשטיצט זיינע חלומות? אויף וועמען? איר ווייסט, אַז בלויז אויף סענטימענטן. און ווען ער וועט זיך אויסניכטערן, וועט ער דערזען, אַז מיט אידעאַל און מיט ליבע צו דער זאַך אַליין קאָן מען ניט בויען קיין אינדזל־קאָלאָניע אינמיטן פון אַ . . . פּיראַטן־ים. אַפילו ניט בערג, דער דאָן קיכאָט, מיט אייך, זיין . . . ווי האָט ער דאָרט געהייסן... סאַנקאָ־פּאַנ־טשאָ . . .

קרופּקין האָט געקוקט אויף איר און געוואונדערט זיך, וואו עס נעמט זיך ביי איר אַזויפיל פאַרגלייבטקייט אין דער אמתדיקייט פון אירע ווער־טער. מיט אַמאָל האָט אַרויסגעשוואומען פאַר אים דאָס בילד פון דעם שטורמדיקן אָוונט, ווען ער האָט זי דערזען אַ האַלב־נאַקעטע אַריינגיין צו בערגן אין צימער אַריין. יאָ, אין דעם הינזיכט, איז זי אפשר גערעכט: מ׳קאָן אפשר ניט צאַמען מענטשלעכע תאוה און די מענטשלעכע באַטור, אָבער אויפנעמען דאָס לעבן אַזוי מאַטעריאַליסטיש און אַזוי ציניש, ווי זי טוט עס, דאָס איז שוין אַביסל צופיל. זי וואָלט געמעגט רעדן מיט אַביסל ווייניקער איראָניע און סאַרקאַזם וועגן בערגן און וועגן סענטימענטן און אידעאַלן אין אַלגעמיין. ער האָט דערפילט אַ בייזקייט אויף איר כאַראַקטער און איר פייאיקייט צו טרעפן אין די אָפענע וואונדן, האָט אים מיטאַמאָל אַרויסגעבראָכט פון זיך, און ניט קאָנענדיק מער קאָנטראָלירן זיך, און וועלנדיק איינמאָל פאַראַלע מאָל אַוועקשטעלן זי פאַר דער דילעמאַ, אָדער, אָדער . . . האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איך וויל אייך היינט זען ביטריס. איך מוז רעדן מיט אייך.

— וועגן היינט?

— היינט אין אָוונט. איצט בין איך צופיל אויפגערעגט... קאָן איך ניט.

— וועגן וואָס וועט איר רעדן מיט מיר?

— וועגן אייניקע זאַכן, וואָס אינטערעסירן מיך זייער.

— אויב ס'איז וועגן מיר, איז אומזיסט אייער ריידן.

— היינט אין אָוונט באַם, לייק... אה? — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק אין אירע אויגן.

— אָל רייט... היינט אין אָוונט, אַרום זיבן אַזייגער.

דער טאָג איז אַוועק אין צעקאָכטן בלוט. קרופּקין אָבער האָט גע־פילט אַז אייגנטלעך, איז דאָ ניט פאָרגעקומען וועד ווייסט וואָס פאַר אַ טראַגעדיע, פאַר וועלכער מ'דאַרף זיך שלאָגן און אויפרייצן ביז בלוט די געמיטער. אמת, זייער ניט קיין אנגענעמענע געשיכטע, אָבער אָנמאַכן אַזאַ טאַראַראַם... אַזוי האָט ער געטראַכט קרופּקין און געוואַרט אויף בערגס אָנקומען. ווארן בערג, האָט ער געוואוסט, וועט וויסן ווי צו באַרואיקן, ווי איינצושטעלן שלום און נעמען די נייטיקע שריט צו פאַרמיידן אין דער צוקונפט אַזעלכע מין אינצידענטן.

אין אָוונט, באַם מאָלצייט, האָבן זיך די געשפּרעכן געמישט און גע־קלונגען צוזאַמען מיטן געקלאַנג און קלאַפּעריי פון די לעפל, מעסער און געשיר. שאַץ איז געווען באַ זיך אין צימער און קיינער האָט אים מער ניט געזען.

ביולאַ איז געזעסן באַם טיש אויף איר פּלאַץ און מיט איר שמייכל און מיט די שטילע רייד געשאַפן אַרום זיך אַ פאַרהעלטניסמעסיקע רו־איקייט.

דער אָוונט איז געווען אַן אויסגעשטערנטער און אַ קילער. איבערן לייק איז געפלויגן אַ סטאַיע פייגל און מיטן קראַקן געריסן די פאַרנאַכטיקע שטילקייט.

קרופּקין, איז שוין געזעסן אויפן שטיין באַם לייק און האָט געוואַרט אויף ביטריסן. ער איז געווען צופרידן צו זיין אַ ווײַלע אַליין און באַ־טראַכטן וואָס ער וויל איר זאָגן — ווי אַזוי צו זאָגן עס איר.

ענדלעך האָט ער דערזען אַ טונקעלן סילועט. זי איז צוגעקומען מיט לאַנגזאַמע טריט, מיט איר געבלימלטן שאַל אויף די פּלייצעס. אַנידערגע־זעצט זיך שווייגנדיק, ווי ניט זעענדיק אים.

— אַ גוטן אָוונט ביטריס. — האָט קרופּקין געזאָגט. — ווען ס'וואָלט היינט געווען אַ לבנה, וואָלט איך געמיינט, אַז איר זענט אַ נאַכטוואַנדלערין.

— פאַרוואָס אַ נאַכטוואַנדלערין?

— איר גייט און שווייגט און זעט ניט קיינעם, ווי אַ פאַרטיפטע אין שלאָף.

— אה . . .

— ס'איז גוט, וואָס איר האָט גענומען דעם שאַל — ס'איז קיל.

— צוליב וואָס האָט איר מיך געבעטן קומען אַהער. — האָט זי גע־פרעגט.

— הערט אויס, ביטריס. — איז ער צוגעגאַנגען צו איר. — איך בין ניט פון דידאַזיקע, וואָס שטופּן זיך וואוהין מ'דאַרף ניט און איך בין אויך ניט קיין פאַליסמאַן, וואָס טוט אַכטונג אויף דער... מאָראַל. איך האָב אָבער געמיינט, אַז צווישן אונדז איז פאַרט פאַראַן עפּעס אַ פריינטשאַפט, וואָס דערנענטערט אונדז, וואָס גיט מיר דאָס רעכט צו ריידן צו אייך . . .

— ריידן קאָן יעדער ווער עס וויל נאָר... צום באַדויערן האָבן מיר שוין אָבער צו פיל רעדנער . . .

—אָבער ניט צופיל פריינט.

— מ'קאָן זיין זייער גוטע פריינט... פונדערווייטנס .

— אַך ביטריס... פאַרוואָס זענט איר אַזאַ . .

— וואָס אַזאַ?

— אַזאַ בייזע... אויפגערעגטע, שלעכטע . . .

—איר האָט דאַכט זיך ערשט געזאָגט, אַז איר זענט ניט קיין פאַליס־מאַן און ניט קיין מאָראַל־פּרעדיקער. זאָגט, וואָס האָט איר מיך גערופן אהער, לאָמיך הערן.

— איך האָב אייך געזען אין יענעם אָוונט אַריינגיין צו בערגן.

— יאָ? איז וואָס?

— גאָרניט און דאָך.. און דאָך ניט אַזוי גלאַט . .

— איז דאָס אַלעס וואָס איר האָט מיר געוואָלט זאָגן? — האָט זי זיך אויפגעהויבן און געוואָלט גיין.

— וואַרט, ביטריס, — האָט ער זי אָנגענומען באַ דער האַנט. — פּרעטענדירט ניט צו זיין אַזוי גלייכגילטיק צו דעם ענין.

— וואָס גייט עס אייך אָן? איר זענט אייפערזיכטיק?

— ניין, ניט וועגן דעם האַנדלט זיך עס. עס איז צוליב אונדז אַלע־מען. צוליב אייך, צוליב בערגן, צוליב ביולאַן... זעט איר דען ניט ווי זי גייט אַרום אַ טריבע, אַן ענטוישטע... אין בערגן, אין אַלץ . .

— אַזוי? ווי דראַמאַטיש . . . און סענטימענטאַל

— האָט איר דען ניט געהאַנדלט דראַמאַטיש און סענטימענטאַל?...

— ניין, איך בין ניט סענטימענטאַל: איך בין פּראַקטיש און דרייסט. איך ווייס וואָס איך וויל.

— איך גלויב ניט, אַז איר זענט אַזוי פּראַקטיש. אייער צודרינגלעכע פּראַקטישקייט קאָן ניט אַרויסרופן צופיל רעספּעקט און צופיל ליבע צו אייך... פון בערגן.

— מענער זיינען שטענדיק מוחל דעמדאָזיקן "פאַרברעכן", ווען דער מאָטיוו איז ליבע. — האָט זי אַ שמייכל געטאָן.

— ניט אין דעם פאַל.

— וואָס אייגענטלעך, ווייסט איר וועגן דעם פאַל, חוץ וואָס איר האָט

מיך געזען אַריינגיין צו בערגן אין צימער? מיט וואָס, אייגענטלעך, איז דערדאָזיקער פאַל אַן אויסנאַם פאַל? איר ווייסט מיינע און בערגס באַציאונגען . . .

— יאָ, — וואָס איר האָט געהאַט ביז ביולאַ איז געקומען. — האָט קרופּקין באַמערקט.

— פון וואַנען ווייסט איר עס אַזוי גוט, אַז די באַציאונגען האָבן געדויערט ביז ביולאַ איז געקומען?

— ווייל, אום צו איבערצייגן זיך, האָב איך צו מיין אייגענעם פאַרדרוס, אונטערגעהערט זיך באַ דער טיר, און איך האָב געהערט, ווי איר האָט געזאָגט בערגן, אַז קיינע מיטלען וועלן אייך ניט אָפּשטעלן צו . . . טיילן מיט אים דאָס לעבן, פונקט ווי ער טיילט עס מיט ביולאַן. און איך האָב געהערט, ווי ער האָט פּרובירט צו איבערצייגן אייך, אַז מענטשן האָבן אַ רעכט אויף ליבע, בלויז דאַן, ווען ביידע טראָגן אין זיך דעם זעלבן דראַנג, דאָס זעלבע אומצעטיילבאַרע געפיל.

— כאַ! עס ווייזט אויס, אַז זיינע ווערטער האָבן געמאַכט אויף אייך אַ שטאַרקן איינדרוק, — האָט זיך ביטריס צעלאַכט. — איר געדיינקט זיי וואָרט אין וואָרט.

— דער אמת האָט אַטבע אַריינצוקריצן זיך אויף אייביק. — האָט קרופּקין געזאָגט. — איר ווילט עס ניט באַגרייפן. איר האָט עס ניט געוואָלט באַגרייפן אפילו אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט אַזוי מענטשלעך און דזשענטעלמעניש געבעטן אייך אַרויסצוגיין, ווייל ביולאַ קאָן צו יעדער מינוט אַריינקומען און ס'וואָלט זיך אים ניט געוואָלט, אַז זי זאָל אייך דערזען אין אַזאַ ליכט.

— נו, פאַרענדיקט שוין... וואָס ציט איר אַזוי.. — איז זי שוין געוואָרן נערוועז. — איר האָט וויזט אויס הנאה פון אייער . . . סאַדיזם . . .

— איך האָב אייך ניט געוואָלט ווי טאָן. — האָט ער געזאָגט. — מ'מוז אייך אָבער ווי טאָן, צו ברענגען צום זינען.

— איך האָס אייך... איך האָ ס זי אויך.. פאַרוואָס זענט איר ניט געגאַנגען צו איר, צו דערציילן עס איר.

— דאָס איז ניט מיין אויפגאַבע.

— און ריידן צו מיר איז יאָ אייער אויפגאַבע?

— איר נייטיקט זיך אין... דעם.

— איר מיינט, איר נייטיקט זיך אין דעם... — האָט איר שטים געציטערט.

— מיר נייטיקן זיך אַלע אין דעם. — האָט קרופּקין געזאָגט רואיק.

— און מיין ציל אין רעדן צו אייך, ווען אפילו עס האָט מיר פאַרשאַפט אַזוי פיל... ווייטיק, איז געווען, צו לאָזן אייך וויסן, אַז דאָס איז דאָס לעצ־

טע מאָל וואָס כ׳האָב גערעדט צו אייך... אַלס פריינט. איך האָב געמוזט אַלעס קלאָר מאַכן פאַר זיך און פאַר אייך. איצט דאַרפט איר אַלעס קלאָר מאַכן פאַר זיך, פאַר מיר און איבערהויפּט פאַר ביולאַן.

זי האָט אַקוק געטאָן אויף אים מיט אַ פאַרניכטענדן בליק, געשטאַנען אַ ווײַלע ווי וועלנדיק עפּעס זאָגן, מיט אַמאָל אויסגעדרייט זיך און געלאָזט זיך גיין צוריק צו דער קאָלאָניע. קראָפּקין האָט זיך אויפגעהויבן און גע־לאָזט זיך גיין נאָך איר.

ווען קראָפּקין האָט דערנאָך איינער אַליין געשפּאַצירט אינדרויסן, איז אָנגעקומען בערג פון שטאָט. זיי האָבן ביידע געשפּאַצירט אַ ווײַלע און קראָפּקין האָט אים דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט אין זיין אַפּוועזנ־הייט.

בערג איז געווען צערודערט.

— כ׳האָב מורא, אַז די גאַנצע מי איז אומזיסט... — האָט ער גע־זאָגט צו קראָפּקינען. — כהאָב געמאַכט ווייזט אויס, דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס.

— וואָס מיינט איר אָן דעם באַלעבאָס? — האָט קראָפּקין געוואָלט פאַרשטיין וואָס בערג מיינט.

— אָן דעם באַלעבאָס, וואָס הייסט די מענטשלעכע נאַטור. — האָט בערג געזאָגט, און קראָפּקינען האָט עס פאַרדראָסן צו הערן עס איצט פון בערגן, ווען ער האָט עס ערשט ניט לאַנג געהערט פון ביטריסן. — די מענטשלעכע נאַטור — האָט בערג ווייטער גערעדט — איז דאַכט זיך אַזאַ, וואָס לאָזט זיך בייגן און קנעטן, קנופּן און בינדן, — זי איז אָבער ווי... אַ גומענער שטריק אין אַ קאַסטן. האַלטסטו די האַנט אויף דעם דעקל, איז גוט. לאָזטו אָפּ אויף אַ ווײַלע, — טוט דער גומענער שטריק מיט אימ־פּעט און מיט קראַפט אַ צענעם די קנופּן און די רינגעגן און שיסט אַרויס ווי אַ שלאַנג. און ווען איך זאָג אַ קאַסטן, מיין איך ניט די קאָלאָניע. דעם קאַסטן וועגן וועלכן איך רייד,טראָגט יעדער איינער מיט זיך. און אָט אויף דעם קאַסטן דאַרף ער שטענדיק האַלטן די האַנט, — זיין אייגענע האַנט. אַלע כמעט אין דער קאָלאָניע האָבן אַראָפּגענומען די הענט פון די דעק־לעך און ס׳טוט מיר באַנג נאָך דער מי און נאָך דער ענערגיע, וואָס איך האָב דאָ אָוועקגעגעבן. צו וואָס? צוליב וועמען? זיי ווילן עס ניט און זיי דאַרפן עס ניט. ווייל ס׳איז לייכטער צו לעבן אַ שקלאַפיש לעבן אין דער ציוויליזאַציע, ווי בויען און קעמפן און ברענגען קרבנות צוליב אַ... פּשוטן פרייען לעבן.

— איך ווייס ווי איר פילט, — האָט קראָפּקין שטיל געזאָגט, — עס איז אָבער, גלייב איך, אַ מאָמענט אַזאַ באַ אייך. איך ווייס, אַז ס׳טוט אייך ניט באַנג און אַז איר וועט ניט אויפגעבן... מאָמענטן זיינען אָפּט כישוף־

מאַכערס... אַט מאַכן זיי פון ליכטיק פינצטער און אַט פון פינצטער ליכטיק.. ס'וועט נאָך זיין גוט, בערג, איר וועט זען.

— איך האָף אַזוי. האָט בערג אַ שמייכל געטאָן. — נו, צייט צו גיין שלאָפן. אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט. — האָט קרופקין געענטפערט.

אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי, ווען די קאָלאָניסטן האָבן דערזען בערגן, זיינען זיי אַלע צו צו אים און אַלע מיט אַמאָל האָבן געוואָלט ריידן.

עס איז אים קוים געלונגען איינצושטילן זיי. ער האָט יעדן איינעם אויסגעהערט. ער האָט גערעדט מיט האַרץ, מיט ענטוישונג און מיט ווייטיק. שאַצן האָט ער גלייך אָפּגעפטרט: ער וועט אויסגעשלאָסן ווערן פון דער קאָלאָניע. אין דער קאָלאָניע איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַזעלכע מענטשן. יעדענפאַלס אין אַ פּאָר טעג אַרום רופט ער אַ מיטינג און מ'וועט אַלעס באַטראַכטן. מ'איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען שווייגנדיקע און יעדער איינער האָט געפילט, אַז אויך בערג איז ענטוישט. צעזאַמען מיט אַלע ענטוישט.

*

דער טאָג איז געווען אַ זוניקער און אַ קילער. די לופט האָט געשמעקט מיט מיאַטקע. שולנער איז שוין געווען אין אָפיס. צוגעגרייט דעם פּראָטאָקאָל פאַר דעם מיטינג. ערגעץ וואו אין זיין אונטערבאַוואוסטזיין האָט ער שלום געמאַכט מיט זיין דורכגעפאַלענער פירערשאַפט אין דער קאָלאָניע ווייל עס האָט שוין געטליעט אין אים אַ נייער באַשלוס אַז נאָך דעם שניט, צו ווינטער צו, וועט ער זען אַרויסקריגן דאָס געלט, וואָס ער האָט אינוועסטירט אין דער קאָלאָניע, ער וועט זיך צוריקקערן קיין ניו יאָרק און וועט דאָרט אַליין, מ'ט דער זעלבער מעטאָדע און מיט די זעלבע מיטלען ווי בערג אָפּקויפן אַ פאַרם און מיט אַ אויסגעקליבענעם, ערשטקלאַסיקן צוזאַמענשטעל פון מאַנשאַפט, איינשטעלן אַ קאָלאָניע־רעזאָרט, וואָס וועט זיך באַצאָלן מיט מזומן, ניט מיט אידעאַליזם.

ער איז געזעסן ביים טיש און האָט געשריבן. די זון האָט געוואָרפן ליכטיקע פאַסן אויף דעם דיל און באַם פענצטער האָבן געסווישטשעט פייגעלעך. אַרויסגעקוקט, דערזען אינדערווייטנס קרופקינען, ווי ער שטייט אין דעם העמד אַ האַריקער און פעסטער, שטייט געבויגן איבער אַ צעבראָכענעם פאַס און קלאַפּט צענויף די קלעפּקעס.

ער האָט דערהערט שווערע און פעסטע טריט און דערזען כייפעצן, ווי ער שטייט באַ דער טיר מיט אַ ברייטן שמייכל, די פיס צעשפּרייט און באַ די פיס אַ הונט.

— וואָס איז דאָס? — האָט שולנער אַנגעוויזן אויפן הונט.

— וואָס מיינט איר וואָס איז דאָס?! האָט כייפעץ זיך צעלאַכט. — אַ

הונט! אַן אמתער גוטער הונט. וואָס מיינט איר, שטערנטאָל איז ניט גע־רעכט? וואו האָט איר געזען אַ דאָרף, צי אַ קאָלאָניע אָן אַ הונט.

— ניט צו פאַרזינדיקן... עס פעלן ניט. — האָט זיך שולנער גע־כאַפּט צו די פּאַפּירן.

— איר דערציילט מיר? — האָט שוין כייפעץ ניט געלאַכט, נאָר קלוג געשמייכלט. — אַנו, דו. — האָט ער זיך געווענדעט צום הונט. — אַנו, זאָג עפּעס צו אונדזער סעקרעטאַר... גיי גיב אים אַפּ שלום! נו כאַ־כאַ־כאַ! ער הערט אונדז ווי דעם קאָטער, הערט ער אונדז.

— איר האָט עפּעס געוואָלט, כייפעץ? — האָט שולנער געשעפטס־מעסיק געפרעגט.

— וואָס האָב איך געקאָנט וועלן? — איז כייפעץ נאָך אַלץ געווען אין אַ גוטער שטימונג. — כ'בין געקומען פון דער שטאָט און האָב גע־בראַכט אַ כלב. האָב איך אייך געוואָלט באַקאַנען. אַי, ווען דער הונט וואָלט געקאָנט ריידן, וואָלט ער זיכער עפּעס געזאָגט.

— איר קאָנט דאָך — האָט שולנער געזאָגט טרוקן אָבער מיט אַ שמייכל.

— אָה, איר ווילט זיך קיבעצן. כאַ־כאַ! נו, גוט, האָט מיר און זייט מיר, כ'האָב וויכטיקערע זאַכן צו טאָן. — האָט ער געזאָגט און איז אַרויס־געגאַנגען. דער הונט נאָך אים.

דער טאָג איז ווי געוועגלעך אַוועק מיט אַרבעט — דאָס אין די שטאַלן און אין די היינער־קאַמערן, וואָס האָבן זיך שוין פון לאַנג גענייי־טיקט אין אויסרייניקונג. דאָס מאָל האָבן גאַנטש, שינדל, פרידמאַן און קרופּקין פאַרנומען זיך מיט דער דאַזיקער אַרבעט. און אַרבעטענדיק, ווי געוויינלעך, גערעדט וועגן דער קאָלאָניע און וועגן דעם וואָס עס גייט אָן אין דער קאָלאָניע.

שינדל איז דאָס מאָל געווען דער דאַזיקער וואָס האָט "געגנאָגט", ווי קרופּקין האָט עס גערופן. די ווייב, האָט ער געזאָגט, דערגייט אים די יאָרן. אַ דעה, זאָגט זי, האָט זי דאָ אַ קנאַפּע, און אַרבעטן דאַרף זי אַרבעטן ווי אַ פּויערטע, מ'שטיינס געזאָגט, און קיין געלט פון די ביזנעס דאָ, אַ ביזנעס וואו עס איז אפילו קיין "רעדזשיסטער" ניטאָ, האָט זי אויך ניט, — טאָ וואָס וואָלגערט זי זיך דאָ און ווערט אויסגעריסן, רחמנא־לצלן?

גאַנטש האָט געשוויגן, אָבער די גאַנצע צייט האָט ער געשמייכלט און צוגעשאָקלט, צו שינדלס רייד, מיטן קאָפּ.

— צו וואָס רעדט איר צו קרופּקינען? — האָט פרידמאַן געלאַכט. — איר האָט טענות, — לייגט עס אַוועק אויף אַ טעלער און טראָגט עס צו היינט באַנאַכט צו בערגן און זאָגט אים: נאַ, שמעקט, פּאַני דירעקטאָר! כאַ־כאַ־כאַ!

אַלע האָבן געלאַכט, קראָפּקין האָט עס גענומען ערנסט. ער האָט שוין ניט איינמאָל געהערט די דאָזיקע רייד און וועט זיי נאָך, מסתמא, ניט איינמאָל הערן. אויסמיידן אומצופרידנקייט, האָט ער געוואוסט, איז שווער. וואָרן אַפילו באַ די בעסטע רעזולטאַטן און באַ דעם בעסטן צושטאַנד, וואָלטן זיך סיוּוי געפונען אומצופרידענע, וואָס וואָלטן גענאַגט און באַקלאָגט זיך. דאָך וואָלט גוט געווען צו געפינען אַ עצה צו דעם. און די איינציקע עצה, וואָס ער ווייסט, איז פּטור צו ווערן פון אָט דעם מין עלעמענט, אויסצאָלן זיי און זאָלן זיי גיין. פון דעמדאָזיקן געדאַנק האָט זיך זיין שטימונג געביטן צום גוטן און ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז ער וועט טאַקע אין דעם זעלבן טאָג אַ שמועס טאָן מיט בערגן וועגן דעם.

דער מיטינג אין אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָר שטונדן נאָך דעם מאָלצייט. ערשטנס, האָבן די פאַרנומענע אין דעם עס צימער און אין דער קיך באַדאַרפט צום ערשטן פאַרטיק ווערן מיט דער אַרבעט; צווייטנס האָבן אייניקע פון די מוטערס באַדאַרפט לייגן די קינדער שלאָפן.

אַלע זיינען דאָס מאָל געקומען מיט אַ באַזונדערער שטימונג. אייני־קע פון די פרויען האָבן אַפילו פאַרביטן די אַרבעטס־קליידער, די ״איבער־אַלעסן״, ווי רויזנבוים האָט עס גערופן ,אויף קליידלעך און אַפילו די מע־נער האָבן דאָס מאָל אויסגעקוקט ריינער און פרישער. קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען און ווי אַזוי, אָבער עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז בערג וועט באַם מיטינג ריידן וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין און אַז דאָס איז די נאַכט, ווען יעדער איינער קאָן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסזאָגן וואָס עס ליגט אים אויפן האַרצן.

ווען אַלע טישן זיינען שוין געווען צוגערוקט צו די ווענט און די ביינקלעך אויסגעשטעלט, האָט קראָפּקין פאַרשפּרייט דעם לאַנגען טיש אויף דער פּלאַטפאָרמע מיט דעם גרינעם טישטוך, אַנידערגעשטעלט אויפן טיש אַ פלאַש מיט וואַסער און עטלעכע גלעזער און איז אוועקגעגאַנגען צו זיך אין צימער אויסרוען זיך אַביסל, ביז דער מיטינג וועט זיך אָנהייבן.

די ערשטע צו קומען זיינען געווען מיסעס אַקערמאַן, וועלכע האָט נאָך אַלץ ניט ליב געהאַט ווען מ׳האָט איר גערופן חברטע. צעזאַמען מיט איר איז געקומען מיסעס גאַנטש, דערנאָך מיסעס כייפעץ, שאַפּיראָ און מיסעס שאַפּיראָ, בראָדערזאָן און מערי בראָדערזאָן און מיסעס פרידמאַן. מ׳האָט זיך אויסגעזעצט אויף די בענקלעך, באַטראַכט איינע די צווייטע, צי זעט מען ניט עפּעס אַ נייע בלוזע, אָדער אַ נייע קלייד, אָדער אַ ניי פינ־גערל אָדער אוירינגלעך .

מיסעס אַקערמאַן האָט באַטראַכט מיסעס כייפעץ און ניט געקאָנט אָפּ־וואונדערן זיך, וואָס אירע ליפּן זיינען אָנגעפאַרבט מיט עפּעס אַזאַ מאָדנער פאַרב, ניט ווייַן קאָליר, און ניט מאַלינע קאָליר, נאָר עפּעס אַזאַ מין מאָד־

נע בלוי־גרינלעכער קאליר, אז גאט זאל אפהיטן... — נו, — האט זי גע־קוועטשט מיט די אקסלען... נו א נייע מאדע — און פלוצים האט זי א פרעג געטאן:

— וואס מאכט עפעס אייער קדיש, מיסעס כייפעץ?

— מיין קדיש? האט זיך מיסעס כייפעץ פארוואונדערט.

— איך מיין דעם הונט, וואס כייפעץ האט אייך געבראכט.

— אה, ער — האט מיסעס כייפעץ א שמייכל געטאן און באוויזן אירע טיפע חן גריבעלעך אין די באקען — ער האט אייך געלאזט גריסן . . .

די ווייבער ארום האבן זיך צעלאכט און מיסעס אקערמאן איז אנט־שוויגן געווארן אויף א ווײלע, אבער ניט אויסגעהאלטן און ווידער אנגע־הויבן :

— שייך... א קאלאניע מיט אזוי פיל הינט, ועט זיין נאך א הונט. ס'איז דען אמעריקע דא? ס'איז עפעס א נייע מעדינע, מיט נייע זאקאנעס, מיט נייע פאראנדקעס . . .

— איז, אז ס'געפעלט אייך ניט, דרייט מען אויס דעם דישל און מ'פארט צוריק... זאגט מיין באבע. — האט געזאגט מיסעס כייפעץ.

— איז עס ניט אייער באבעס עסק — האט געענטפערט מיסעס אקער־מאן.

— א קאמעדיע... — האט זיך געשטיקט פון געלעכטער מיסעס שאַ־פירא.

— און אז ס'האלט שוין דערביי — האט זיך שוין מיסעס פרידמאן אנ־גערופן, — וויל איך אייך זאגן, מיסעס אקערמאן, אז אויב איר ווילט זיך קריגן באנאכט מיט אייער מאן, איז דאס אייער געשעפט, אבער צו וואס מאכן אזעלכע קולות. איר וועקט דאך אויף די גאנצע קאלאניע, איך זאל אזוי לעבן.

— אט האט איר אייך! — האט מיסעס אקערמאן אנגעבלאזן די ליפן. — א נייע... ווי רופט מען עס.. דיקטאטארקע!

עס זיינען אנגעקומען ראזענטאל און זיין ווייב, די צוויי ברידער בלושטיין, און שולמאן מיט זיין ווייב.

— איר הערט! — האט מיסעס שולמאן געזאגט הויך אויפן קול צו מערי בראדערזאן, — מ'וועט היינט געבן "אייז קרים" צום מיטינג, האב איך געהערט.

טאקע?! — האט מיסעס כייפעץ א שיין געטאן מיט אירע ווייסע ציין — דא, אז סע פארגלוסט זיך דיר א "אייז קרים" צי א "מאלטעד, איז כאטש גיי אויס.

— האסט דאך געשריגן, אז ווילסט פארלירן וואג! — האט כייפעץ געלאכט. — ווייסטו וואס, איך מאך היינט באם מיטינג א פארשלאג, אז

מ׳זאָל באַפעלן די קי, זיי זאָלן געבן ״מאָלטעד ״מילך״, כאַ־כאַ־כאַ!

ווען בערג, שולנער, קרופּקין און ביולא זײַנען געקומען, זײַנען שוין אַלע געווען פאַרזאַמלט.

עס האָט אויסגעקוקט אַז אַלע אין ״האָלל״ זײַנען אין אַ געהויבענער שטימונג. מ׳האָט גערעדט, געלאַכט און געשטיפּט, ווײַל יעדן איינעם האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס וואָס בערג וועט זאָגן ביים מיטינג, וועט זײַן צום גוטן סיװויסיי: איז דאָס גוטע נײַעס, איז גוט; איז דאָס שלעכטע נײַעס, איז אויך גוט — איז פּטור אַן עסק און שוין . . .

בערג און די מיטגלידער פון ״ראַטקאָם״ האָבן פאַרנומען זייערע ערטער אויף דער פּלאַטפאָרמע. עס איז געוואָרן שטיל. דורך די אָפענע פענצטער האָט זיך דערטראָגן דאָס הירזשען פון די פערד, דער גערוך פון גרינוואַרקס האָט אָנגעפילט די לופט און געמישט זיך מיט דעם גערוך פון טאַבאַק און מיט דעם רויך פון די לולקעס.

בערג האָט דערעפנט דעם מיטינג און שולנער האָט איבערגעלייענט די טאָג־אָרדענונג און דעם פּראָטאָקאָל פון לעצטן מיטינג. קיין נײַע פּונקטן, וואָס זאָלן צוזאָגן עפּעס נײַעס, עפּעס אַן ענדערונג, אָדער אַנטפּלעקונג אין דעם לעבן פון דער קאָלאָניע איז ניט געווען. ווידער אַמאָל חשבון; ווידער אַמאָל וועגן דעם פאַרקויף פון די פּראָדוקטן; אַ פּונקט וועגן אַ ביידל ביים טראַקט, וואו עס פאָרן דורך די באָסעס, אַ ביידל מיט גרינוואַרקס, מיט אוגערקעס, טאָמייטעס, פּרעזערווס און אַנדערע קלייניקייט צום פאַר־קויף — כייפּעצעס פאַרשלאָג; אַ פּונקט וועגן דער וויכטיקער פראַגע פון באַהייצונג וואָס מוז געלייזט ווערן איידער די קאַלטע טעג און נעכט קו־מען אָן: אַ פּונקט וועגן דער פּלאַנירטער און נאָך ניט אײַנגעשטעלטער הי־נער־פאַרם מיט עלעקטרישע אינקובאַטאָרס; אויך אַ פּונקט וועגן די אָנקו־מענדיקע יידישע ימים טובים — ווי אַזוי צו פּראַווען זיי און ווי אַזוי צו אַראַנזשירן די ווינטער־וואַקאַציעס פאַר די דאָזיקע, וואָס ווילן זיך דורכפאָרן קיין ניו יאָרק און באַזונדער אַ פּונקט וועגן דער אײַנשליסונג פון די קינדער אין דער נאָענטסטער ״מ׳ער״ פּאָבליק סקול.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פאַרהאַנדלונגען וועגן די אַרויסגעשטעל־טע פּונקטן. דאָס מאָל זײַנען כמעט אַלע פּונקטן דורכגעגאַנגען אָן דע־באַטן. עס האָט זיך קיינעם ניט געוואָלט אפּשטעלן זיך אויף דעטאַלן. דאָס האָט מען שוין געוואוסט וועט דער ״ראַטקאָם״ באַזאָרגן.

אָבער ווען בערג האָט זיך אויפגעהויבן, גרייטנדיק זיך צו רעדן, האָבן זיך אַלע אָנגעשפּיצט מיט אויפמערקזאַמקייט — מ׳וועט הערן וואָס ער וועט דאָס מאָל זאָגן. אַז מ׳קלינגט אין קלויסטער, איז חגא — מסתמא האָט ער עפּעס וואָס אין זינען.

בערג האָט אָנגעהויבן רעדן שטיל און רואיק ווי שטענדיק. יאָ, האָט

ער געזאָגט, ביז איצט האָט ער און אייניקע פון די חברים געשטעלט דעם טראָפּ מער אויף דעם פּראַקטישן און עקאָנאָמישן מצב פון דער קאָלאָניע, ווייל נאָך אַלעמען, איז די הויפּט אויפגאַבע און די ערשטע זאָרג אָוועקצו־שטעלן די אַרבעט אויף אַ שטאַרקן און זיכערן פונדאַמענט. אָבער עס איז געווען אַ טעות צו גלייבן, אַז בלויז דער עקאָנאָמישער צושטאַנד קאָן שאַפן אַ זיכערן עקאָנאָמישן פונדאַמענט. יאָ, ער גיט צו: זיי האָבן פאַרנאַכלעסיקט דעם גייסטיקן און אידעאָלאָגישן אינהאַלט, וואָס האָט, אייגנטלעך, געפירט צו דער גרינדונג פון אַזאַ קאָלאָניע. נו, ביז איצט האָט ער ניט געוואָלט פאַרוואַנדלען די מיטינגען אין פּראָפּאַגאַנדע קורסן און ער האָט אין דער־זעלבער צייט ניט געוואָלט שפּילן די ראָל פון אַ גייסטלעכן, וואָס זאָרגט פאַר די נשמות פון זיינע נאָכפאָלגער; ער האָט געמיינט, אַז דער בעסטער מעטאָד, איז שטיין באַם רודער און, גייענדיק מיט שטראָם, פּרובירן אויס־מיידן די ניטגעוואונטשענע און שעדלעכע איינפלוסן און טאָטן. ער האָט געוואוסט, אַז גראַד אין דערוואַקסענע וועמעס כאַראַקטער־שטריכן און גע־וואוינהייטן זיינען שוין טיף איינגעוואָרצלט, גראַד אין זיי איז שווערער צו פאַרפלאַנצן אַ נייעם געדאַנק, אַ נייע אידייע און אַ נייעם אָרט לעבן, אפילו ווען זיי זיינען שוין טעאָרעטיש באַקאַנט מיט דעם. אמת, ער האָט געוואוסט און ער האָט שוין נישט איינמאָל איבערצייגט זיך אין דעם פאַקט, אַז אפילו מיט דער איינגעוואָרצלטקייט פון אידייען און געוואוינהייטן, וויגן זיך אָפט מענטשן אַראָפּ און אַרויף, רעכטס און לינקס אין זייערע געוואוינהייטן און אין זייערע מיינונגען און אידייען. ער האָט געזען ווי מענטשן טוען זיך איבער נאַכט אַ קער פון איין עקסטרעם צום צווייטן, ניט טראַכטנדיק, בלויז נאָכגייענדיק דעם אָנפירער, וואָס האָט געוואוסט ווי אַזוי דורך אַ סענטי־מענט, אָדער אַ שלאַגנדיקן אַרגומענט, אָדער דורך אַ פּראָוואָקאַציע אַ שלעפּ צו טאָן מיט זיך דעם "עולם גולם" און פירן אים אין די וועגן ווי ער, אָדער ווי זיי האָבן געוואָלט. ער האָט ניט געמיינט צו שאַפן קיין סעקטע און אויך ניט קיין פּאָליטישע פּאַרטיי — ער האָט געוואָלט שאַפן אַ רואיק, ערלעך געמיינשאַפטלעך לעבן צווישן אַ באַגרענעצטער צאָל מענטשן. אָבער — עס ליגן שטרויכלונגען און שווערע שטיינער אין וועג און די שטרויכלונגען און די דאָזיקע שטיינער, מוזן באַזייטיקט ווערן. עס מוזן געשאַפן ווערן אַ האַרמאָניע צווישן דעם פּראַקטיש עקאָנאָמישן און אידעאַל־גייסטיקן, אויב אפילו די האַרמאָניע וועט פאָדערן געוויסע אָפּעראַציעס און געוויסע קר־בנות. יאָ, היינט — האָט ער ווייטער געזאָגט, — מוז יעדער איינער, וואָס קאָן זיך ניט אַריינפּאַסן אין דעמדאָזיקן לעבן, אַרויסזאָגן זיך פריי און אָן באַהאַלטענע מאָטיוון, וואָס ער וויל און וואָס ער דערוואַרטעט פון דעם לעבן אין דער קאָלאָניע. יעדער איינער מוז באַ זיך באַשליסן — אָדער ער איז מיט דער קאָלאָניע און ער פאַרשטייט דעם זין און דעם גייסט פון דעם

לעבן וואָס ער שאַפט פאַר זיך צעזאַמען מיט אַנדערע, אָדער ער פאַרשטייט ניט און באַגרייפט ניט אַזאַ לעבן, און ער קאָן זיך ניט אַריינפּאַסן אין אַזאַ לעבן און דידאָזיקע וואָס ווילן פאַרלאָזן די קאָלאָניע, וועלן בשום אופן ניט פאַרהאַלטן ווערן — ניט זיי און ניט זייער געלט וואָס זיי האָבן אינוועס־טירט. עס וועט אַלעס אויסגעצאַלט ווערן ביז צו אַ סענט, לויט דעם קאָנטראַקט וואָס זיי האָבן אונטערגעשריבן. איצט איז די צייט צו רײדן און צו זאָגן וואָס עס ליגט באַ יעדן איינעם אויפן האַרצן — ניטאָ וואָס אָפּצו־לעגן.

בערג האָט זיך אַנידערגעזעצט און גלייך ווי ער האָט זיך אַנידערגע־זעצט, האָט פון די הינטערשטע רייען וואו עס זיינען געזעסן די אַקער־מאַנס ,און די גאַנטשעס און די שינדלס, אויסגעבראָכן אַ טומל.

— נו, גוט אַזוי! גוט אַזוי! — האָט זיך געהערט מיסעס אַקערמאַנס שטימע. — זיי דאַרפן ניט אונדז און מיר דאַרפן ניט זיי. זאָלן זיי נאָר אויסצאָלן די געלט, איז אויס... גענוג געמוטשעט זיך.

אַקערמאַן האָט פּרובירט איינשטילן זי, עס איז אים אָבער ניט גע־לונגען. זי האָט זיך אויפגעהויבן, אָנגעשטעלט די הענט אין די קלו־בעס, געשטופּט פון זיך אַקערמאַנען מיט די פיס און געשריגן:

— איר זייט גערעכט, דירעקטער, איר זייט גערעכט. אַ מענטש דאַרף זאָגן וואָס ער פילט און וואָס עס קוועטשט אים. און איך וועל עס זאָגן, פאַר יעדן איינעם. עס קוועטשט מיך דאָ פון אַלע זייטן אין דער קאָ־לאָניע. איך וויל מיין געלט און איך וויל זאָגן גוא־באַי און דעטס אַל !

שולנער האָט געקלונגען מיטן גלעקל. אַנדערע האָבן זיך אויפגע־הויבן און געמאַכט מיט די הענט צו איר, זי זאָל זיך אַנידערזעצן, אויפהערן מאַכן געוואַלדן, ביז ס'איז ענדלעך געוואָרן שטיל און בערג האָט זיך ווי־דער אויפגעהויבן און האָט געזאָגט :

— מיינע פריינט, יעדער איינער האָט אַ רעכט צו רײדן און צו זאָגן וואָס עס קוועטשט אים, ווי חברטע אַקערמאַן האָט זיך אַזוי פּשוט און פּאַלקסטימלעך אויסגעדריקט. לאָמיר עס אָבער טאָן אויף אַ רואיקן אופן. די דאָזיקע וואָס ווילן איבעררייסן מיט דער קאָלאָניע און ווילן צוריק זייער געלט... — דאַכט זיך מיר, אַז די דאָזיקע דאַרפן שוין מער ניט זיין פאַר־אינטערעסירט צו רײדן. רײדן, דאַכט זיך, דאַרפן דידאָזיקע וואָס ווילן בלייבן דאָ און וואָס האָבן עפּעס צו זאָגן, עפּעס פאַרצושלאָגן, וואָס זאָל מאַכן אונדזער לעבן דאָ שענער און בעסער. וויל נאָך עמעצער עפּעס זאָגן וועגן דעם ענין?

— איך וויל עפּעס זאָגן, — האָט זיך אויפגעהויבן בראָדערזאָן.

— גוט, חבר בראָדערזאָן. — האָט אים בערג געגעבן דאָס וואָרט.

בראָדערזאָן האָט אָנגעהויבן, אַז ער האָט שוין פון לאַנג געוואורט

אויף דער געלעגנהייט צו ריידן. אָבער ווי חבר בערג האָט געזאָגט, איז מען אויף אַ ווײַלע פאַרקראָכן בלויז אין באָדן אַריין, וואָס איז זייער בייטיק פאַרן גוף און מ׳האָט אינגאַנצן כמעט פאַרגעסן אין דעם גייסטיקן. איז גוט, וואָס חבר בערג האָט ענדלעך דערזען, אַז עס פעלט די האַרמאָניע. נו, ער וועט צוגיין גלייך צום פסוק. וואָס ער וויל זאָגן, איז אָט וואָס: די קאָלאָניע דאַרף זיין אַ יידישע קאָלאָניע, איז, מיינט ער ניט, פאַרשטייט זיך שאָוויניסטיש־יידיש... אַז מ׳מוז פאַרגעסן אין דער וועלט, און אַז מ׳וואוינט אין אַ לאַנד וואָס הייסט אַמעריקע, אין אַ לאַנד וואו מ׳רעדט ענגליש. ניין, דאָס טאָר מען ניט פאַרגעסן. אָבער מ׳דאַרף זען, אַז די קאָלאָניע זאָל ניט ווערן אַסימילירט, יאָ, די קאָלאָניע באַמערקט ער ווערט אַסימילירט. די לערערין ביטריס און אַפילו דער ״דאָקטאָר״ ריידן לעצטנס מיט די קינדער בלויז ענגליש. מ׳לערנט מיט די קינדער אַפּאָר שטונדן יידיש, אויף אָפּצוקומען, אָבער מ׳פלאַנצט ניט איין אין זיי די ליבע צו דעם מאַמע־לשון, די ליבע צו יידיש, וואָס דאַרף ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון זייער עקזיסטענץ. דאָס איז איינס — מיט די קינדער. צווייטנס: מ׳האָט דאָ אַ ביבליאָטעק מיט פינף הונדערט יידישע און ענגלישע ביכער — פאַר־וואָס לייענט מען ניט? וואָס איז, ס׳איז ניטאָ קיין צייט? וואָס טויג אים דער כבוד, וואָס מ׳האָט אים אָפּגעגעבן, וואָס מ׳האָט אָנגערופן די ביבליאָטעק ״בראָדערזאָן״ ביבליאָטעק, ווען קיינער טרעט ניט צו צו די שאַפעס ביכער חוץ בראָדערזאָנען און פינף זעקס מענטשן פון דער קאָלאָניע — דער דיכטער רויזענבוים, די מיסעס בערג, קרופקין, דער ״דאָקטאָר״, ביטריס און שוין... ניין מ׳דאַרף זען, אַז דאָס גייסטיקע לעבן זאָל ווערן דער פירערישער גייסט אין דער קאָלאָניע און דעמאָלט וועט דאָס לעבן און דער קרבן זיין באַרעכטיקט.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אונטער שוואַכע און איינציקע אַפּלאָדיסמענטן פון דעם דיכטער רויזענבוים.

— ווער נאָך וויל ריידן? — האָט בערג געפרעגט.

— איך, — האָט זיך אָפּגערופן בער בלושטיין, איינער פון די צוויי ברידער, וועלכער איז געוועזן אַ חלוץ אין פאַלעסטינע.

— איך וויל זאָגן, — האָט ער אָנגעהויבן אויף אַ באַשיידענעם אופן, — אַז דער גאַנצער עקספּערימענט דאָ אין דער קאָלאָניע דערמאָנט מיר אין אַ . . . זערנעלע, וואָס איז פאַרטראָגן געוואָרן מיטן ווינט פון אַ גרויסן פרוכטבאַרן גאָרטן און האָט זיך ערגעץ וואו, איינע אַליין פאַרגראָבן אין באָדן און וויל אויסוואַקסן, ווי אַ זעלבסטשטענדיקער גאָרטן פאַר זיך אַליין... און נאָך דערמאָנט מיר דער עקספּערימענט אין אַ חלום, וואָס געדויערט אַזוי לאַנג, ווי לאַנג מיר חלומען. און אַז מיר כאַפּן זיך אויף איז אויס, איז גאָרניט ניטאָ. איך וויל מיט דעם ניט ענטווישן קיינעם און זיך אַליין

אויך ניט, ווייל איך אַרבעט דאָ אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס דויערט מיין געצוואונגענע עקזיסטענץ דאָ, ביז איך וועל פאָרן צוריק קיין פּאַלעסטינע, וואו איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען ניט בלויז זערנעלעך, נאָר טויזנטער זייערס, און וואו איך האָב געזען, אַז דאָס לעבן דאָרט איז ניט אַן עקספּערימענט, ניט אַ חלום בלויז, נאָר אַ רעאַלע, לעבעדיקע זאַך. נו, איך מיין ניט מיט דעם פאַרגלייך צו דיסקרעדיטירן אייער . . . כ'מיין אונדזער אונטערנעמונג, אונדזער קאָלאָניע, וואָס ווי זי זאָל ניט זיין, איז זי דאָך עפּעס אַן אויפטו, וואָס באַפרידיקט אַ קליינע גרופּע מענטשן. איך וויל אָבער זאָגן, אַז ווייל מיר האָבן ניט דאָ הינטער זיך די שטיצע און די גרויסקייט פון אַ פאַרנעם, אין וועלכן כאָטש אַ טייל פון יידישן פאָלק זאָל זיך אַריינוואַרפן מיט דעם אידעאַליזם, מיט וועלכן עס אטעמט אַ נאַציאָנאַלע שטרעבונג, דאַרפן מיר דאַריבער ניט ווערן אַזעלכע שטרענגע און אויסגעהאַלטענע פּיאָנערן־אידעאַליסטן; מעגן מיר שטייען אַביסל נענטער צו דעם אַלגעמיינע ם לעבן און גייסט פון דער גרויסער אַמעריקע און זען, אַז צוליב אונדזערע אידעאַלע שטרעבונגען דאָ, זאָלן מיר דאָך ניט פאַרפרעמדט ווערן און מיר זאָלן ניט אָפּגעריסן ווערן פון דעם לעבנס שטראָם, ווייל צו קליין איז דאָס זערנעלע, צו ברענגען אַזעלכע גרויסע קרבנות.

— געוואַלד, וועלכע קרבנות ברייגנט מען דאָ! — האָט כייפעץ אויסגעשריגן. — מיר מאַכן דאָ אַ שיין לעבן און מיר לעבן בעסער ווי די חלוצים אין ארץ ישראל.

— דאָס איז אמת, — האָט בלושטיין געענטפערט רואיק — די חלוצים ברייגנען אַ קרבן צוליב אַ וואונדערבאַרער צוקונפט פון אַ פאָלק און אייער קרבן האָט ניט קיין צוקונפט אפילו פאַר דעם אויפוואַקסנדיקן דור.

— דאָס דאַרף מען ערשט באַווייזן — האָט כייפעץ אויסגעשריגן. שולנער האָט ווידער געקלונגען מיטן גלעקל און ווען כייפעץ האָט זיך באַרויִקט האָט בלושטיין פאָרטגעזעצט:

— איר קאָנט ניט בויען דאָ אייער אייגענעם קאָמוניזם בלויז מיט אייערע גוטע וואונטשן. איר מוזט מיט יעדער זאַך, מיט יעדער נויטווענדיקייט אָנקומען צו דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט אַרום, פון וועלכער איר זענט ניט אָפּגעטיילט, ווי דער סאָוועטן־ פאַרבאַנד איז אָפּגעטיילט מיט גרענעצן. מיר זיינען דאָ ווי אַ קליין קערעלע אין דער מיט פון אַ גרויסן זאַפּטיקן מאַראַנץ, — רעדט איר דאָ פון אַ קאָמונאַלער קאָלאָניע. ניין, אַפילו אין ארץ ישראל וואו מיר זיינען שוין מער אָדער ווייניקער אָרגאַניזירט אין קיבוצים, וואו מיר זיינען שוין מער אָדער ווייניקער זעלבסטשטענדיק און וואו מיר האָבן ניט אַרום פערציק דערוואַקסענע מענטשן ווי דאָ, נאָר הונדערטער טויזנטער מענטשן, אפילו דאָרט וועט אונדז זיין שווער איינ־

צופירן אַ קאָמונאַלע געזעלשאַפט. וואָרן אפילו דער סאָוועטן־פאַרבאַנד קעמפט מיט דער גאַנצער ענערגיע קעגן די וועלפישע, קאַפּיטאַליסטישע לענדער, — טא וואָס קאָנען מיר דאָ אויפטאָן מיט אונדזער קליין אינד־זעלע? דערפאַר שלאָג איך פאָר קאָנקרעט: אונדזער אידייע דאַרף זיין לאַנדווירטשאַפט אָבער מיט אַ נייעם סטאַטוס, מיטן פּנים צום לעבן און אַמעריקע — דערוויילע.

בלושטיין האָט פאַרענדיקט אונטער שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן פון די פאַרמערס.

אויף בערגס פּנים האָט מען ניט געקאָנט זאָגן ווי עס האָט געווירקט אויף אים בלושטיינס רעדע. ער האָט בלויז ווידער אַ פרעג געטאָן:

— וויל נאָך עמיצער רעדן?

— איך, — האָט זיך אויפגעהויבן רויזענבוים.

ער האָט אַ קעם געטאָן מיט די פינגער זיינע צעשויבערטע האָר, אַ קוק געטאָן מיט אַן ערנסטן בליק אויף די פאַרזאַמלטע, דערנאָך אָנ־געשפּאַרט זיך מיט ביידע הענט אָן בייַנקל און אָנגעהויבן:

— רעדן איז גוט. ווען אַ מענטש רעדט, ווייסן מיר וואָס ער טראַכט... ווען ער שווייגט, ווייסן מיר ניט וואָס ער איז און וואָס ער וויל האָט שוין עמיצער אַמאָל געזאָגט. דערפאַר בין איך שטענדיק גרייט צו הערן אַ מענטשן ווען ער האָט וואָס צו זאָגן און דערפאַר, ווידער, שרייב איך, ווייל איך וויל, אַז מענטשן זאָלן וויסן ווער איך בין — פאַר זיך און פאַר זיי. דאָס מאָל, איבערהויפּט, וויל איך ריידן, ווייל די קאָלאָניע דאָ איז פאַר מיר ניט אַן עקספּערימענט, ווי אייניקע חברים ווילן עס אָנרופן. סע איז ניט אַן עקספּערימענט, ווייל מיר וועלן מיט דעם לעבן אונדזערן דאָ גאָר־ניט באַווייזן, און גאָרניט פאַרערכטן,, און גאָרניט צוטראָגן צו דער ענדע־רונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. מיר זיינען ניט אומשטאַנד דאָס צו טאָן. אָבער פאַר זיך אַליין, פאַר יעדן איינעם פון אונדז, באַזונדער, איז יא פאַראַן אַ זין; און דער זין ליגט אין דעם אויסלעבן זיך אַזוי, אַז מיר זאָלן ניט דריקן קיינעם און מיר זאָלן ניט זיין געדריקט פון קיינעם; אַז מיר זאָלן ניט זיין פּאַראַזיטן צווישן פּאַראַזיטן און אַז מיר זאָלן הנאה האָבן פון דער אַרבעט וואָס מיר טוען און פון די פרוכטן און פון דעם ברויט וואָס מיר שניידן; אַז מיר זאָלן ניט צערייסן אונדזערע נערוון אין גרויסשטאָטישן ווירוואַר און יאָגעניש און מיר זאָלן קאָנען אָטעמען די לופט, און זען די זון, און זען די לבנה און די שטערן, און זען דעם וואַלד און דאָס פעלד, און פילן די נאַטור, פון וועלכער מיר זיינען אַ טייל; זען און פילן דאָס אַלעס, ווי מיר קאָנען עס ניט זען און פילן דאָרט אין שטאָט. ניין, מיר זיינען ניט קיין אָפּגעריסענע זערנעלעך — פאַרקערט, דאָ קאָנען מיר זיין משפּחהדיקער, נענטער, היימישער און בעסער איינער צום צווייטן. פּופּצן

יאָר האָב איך געוואוינט אין שטאָט טיר צו טיר מיט צענדליקער מענטשן און קיינמאָל האָב איך זייערע נעמען ניט געוואוסט און קיינמאָל האָב איך זייערע פרייד און זייערע ליידן ניט געזען. איך בין געווען אַליין, יאָ, אין דעם גרויסן דזשאַנגל פון דעם גרויסן פיל־מיליאָניקן ניו יאָרק בין איך געוועזן אַ זערנעלע —איינער אַליין .און איך רייד דאָ איצט צו אייך בלויז מיט איין ציל: צו זאָגן אייך וועגן וואָס איך טראַכט, איך, וואָס לעב צווישן אייך. נעכטן באַנאַכט בין איך אַרויסגעגאַנגען צום לייק אַ שפּאַציר טאָן, ווי איך טו עס שטענדיק, אין לבנהדיקע נעכט. עס איז געווען אַזוי שטיל און מיסטיש באַם לייק און אויף דעם פעלד אַרום און אַרום. איך האָב געזען ווי די לבנה־ליכט שפּיגלט זיך אָפּ אין די כוואַליעס און עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם פון דער שיינקייט וואָס די ווייטע לבנה גיסט ווי צעשמאָלצענעם זילבער אין וואַסער־שפּיגל אַריין. האָב איך זיך אָנגעבויגן און גענומען אַ זשמעניע וואַסער; דאָס וואַסער איז געראָנען צווישן די פינגער, אָבער די שימערירנדע לבנה-שיין איז אויף מיינע פינגער ניט געבליבן — גאָרניט... בלויז נאַסע פינגער. טאָ וואוהין איז די וואונדערבאַרע ציטערדיקע לבנה־ליכט פאַרשוואונדן? האָב איך זיך אַוועקגעדרייט פון דעם לייק און איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דער ליכט פון ברעג ,און איך האָב געזען, ווי די לבנה־שיין האָט אויף דעם גאַנצן זאַמדיקן ברעג ווי אין אַ מדבר געשאַפן די אילוזיע פון כוואַליעס . . . האָב איך זיך ווידער איינגעבויגן און האָב דאָס מאָל אָנגענומען אַ זשמעניע זאַמד; און דאָס זאַמד איז געראָנען צווישן מיינע פינגער, אָבער די אילוזיע צווישן די פינגער איז פאַרשוואונדן.. געבליבן זיינען בלויז טרוקענע פינגער. טאָ וואוהין איז די לבנה ליכט, פון צווישן מיינע פינגער, מיט דעם רינענדיקן זאַמד פאַרשוואונדן? האָב איך אַ טראַכט געטאָן: אַזוי זיינען די מענטשן. עס איז אונדז געגעבן געוואָרן אַ גייסט, אַ נשמה, אַ לבנה־ליכט אין לעבן; עס איז אונז געגעבן געוואָרן דאָס אומבאַגרייפלעכע געשאנק — דאָס וואָרט, און דער געדאַנק, און דער שמייכל, און געזאַנג — אַלעס פון דער מיסטישער קראַפט, וואָס מיר ווייסן, אַז זי איז דאָ אין אונדז. און די מיסטישע גייסטיקע געטלעכע קראַפט אין אונדז, די לבנה שיין אין אונדז, שאַפט אַזוי פיל אילוזיע, אַזוי פיל צוויבערהאַפטע שיינקייט, ווען מיר זיינען, ווי די כוואַליעס אין לייק — צעזאַמען, ווען מיר זיינען ווי די זאַמדעלעך באַם ברעג — צעזאַמען. טיילן מיר זיך אָבער פאַנאַנדער, ווי די זאַמדעלעך באַם ברעג, איז אויסלבנה־ליכט, איז אויס שיינקייט, אויס פּאָעזיע, אויס אילוזיע. אילוזיע וואָס איז אייגענטלעך ד גאַנצע פילאָזאָפיע פון לעבן. פריינט, לאָמיר זיך האַלטן צעזאַמען. לאָמיר זיך טוליען איינער צום צווייטן, ווי די כוואַליעס, ווי די זעמדעלעך — מיט אַ גוטן וואָרט, מיט אַ שמייכל מיט ליבע און פאַרשטענדעניש, וועט דאָסלעבן אונדזערעס האָבן אַ זין. און לאָמיך זיך מודה זיין פאַר אייך, מיי־

נע פריינט, די דאָזיקע ווערטער האָב איך געהערט צו זיך אַליין, נאָך איי־דער איך האָב זיי גערעדט צו אייך. איך האָב זיך אַליין אָוועקגעשטעלט אין ליכט פון בליץ און אין דער ליכט־שיין פון דער לבנה און איך האָב זיך געזאָגט: דער מענטש ווערט אויסגעלעבט און אויס־געלייזט בלויז אין טאַט, וואָס האָט אַ האַרץ און וואָס האָט אַ זין, צי דאָס איז אין פילמיליאָנאָקן ניו־יאָרק, צי דאָס איז אויף אַן איינזאַמער פּאַרמע, און טאַט, וואָס האָט אַ זין, ווי קליין ער זאָל ניט זיין, ווערט איינגעשלאָסן אין די טאַטן פון דער מענטשהייט און אַזוי אַרום אויך אין דער צוקונפט. און צום סוף וויל איך אייך זאָגן, אַז כ'האָב געבעטן די דערלויבניש פון ראָטקאָם" צו לערנען מיט די קינדער — איך וויל ווידער זיין לערער —טאַקע דאָ אויף דער מאַמע־ערד.

ער האָט פאַרענדיקט, געשטאַנען אַ ווײַלע, ווי אַרײַנטראַכטנדיק זיך אין עפּעס און אַנידערגעזעצט זיך. אַ ווײַלע איז געווען שטיל און ווען ביזלאַ האָט שטיל ווי מורא האָבנדיק אויפצואָוועקן עמיצן, געגומען אַפּלאָ־דירן, האָבן אַלע מיטאַמאָל אויסגעבראָכן אין אַפּלאָדיסמענטן.

עס האָבן נאָך דערנאָך גערעדט דער פּאָסעסאָר שלום שטערנטאַל, און קרופּקין, און די פּאַרמערס זעלצער און בלאָך און אַלע האָבן מיט אַ באַ־באַזונדער דערהויבנקייט אונטערשטראָכן זייער אַלעמענס צעפרידנקייט און גלויבן אין דער באַזונדערער בויטוועגדיקייט פון אַזאַ קאָלעקטיווער און קאָ־אָפּעראַטיווער געזעלשאַפט, וואָס קאָן מיט דער צייט ווערן אַ מוסטער פאַר נאָך אַנדערע און גרעסערע גרופּעס יידן אין אַמעריקע

צום סוף האָט זיך בערג אויפגעהויבן, געשטאַנען אַ ווײַלע שמייכ־לענדיק און ענדלעך געזאָגט, אַז ער האָט איצט מער גאָרניט וואָס צו זאָגן — די קאָלאָניסטן אַליין, איעדער אויף זיין שטייגער האָבן עס געזאָגט פאַר אים און פאַר זיך און ער זעט איצט, אַז מי, וואָס גייט צוזאַמען מיט גלויבן קאָן ניט אָפּגעמעקט ווערן. און דאָס, וואָס דער מענטש ווערט געשטרויכלט אָפט מיט ענטוישונג, מיט צאָרן און אָפט מיט האַס, איז ער דער מענטש, ווי די מאַמע־ערד. אויך פון אים ווי פון דער מאַמע ערד וואַקסן אַרויס גוטע פּרוכטן, אָבער אָפט אויך שלעכטע און ביטערע פּרוכטן; אויך אין אים אין דעם מענטשן רויען זיך אָפט ווערעם און טכוירן, און אויך אין אים אין דעם מענטשן ברומט אָפט אין די געדערים אַ לאַווע פון צאָרן און האַס — דאָס גייט אָבער פאַרביי און דאָס גוטע און דאָס שלעכטע באַלאַנסירט זיך אונ־טער דער קלוגער האַנט פון דער נאַטור, פון דער נאַטור ביי וועלכער דער מענטש לערנט זיך צו זיין קלוג, צו פאַרשטייען דעם זין פון זיין יעדן טראָט און טאַט.

און אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אויף שלום עליכם'ס פּאָרטרעט, וואָס האָט געהאַנגען אויף דער וואַנט, האָט בערג שוין מיט אַ מילדערן און

שמייכלענדיקן אויסדרוק אויפן פּנים פאַרענדיקט: אויב שלום עליכם׳ס פּאָרטרעט אויף דער וואַנט אין דער קאָלאָניע איז אפשר פאַר אייניקע בלויז אַ צופאַל, איז עס פאַר אים, פאַר בערגן אַ גרויסער סימבאָל. יאָ, טאַקע ער, און בלויז ער, שלום עליכם דאַרף דאָ זיין מיט זיי, מיט די קאָלאָניסטן, און זען ווי פון די מנחם מענדלס זיינע, פון די לופט־מענטשן זיינע וועלכע ער האָט אַזוי גוט געקאָנט, וואַקסן אַרויס מוטיקע פּראָדוקטיווע יידן, יידן מיט וועלכע דאָס יידישע פאָלק דאַרף זיך ניט שעמען. און יעדער קאָלאָניסט דאַרף אַזוי פילן און יעדער קאָלאָניסט דאַרף אַזוי זאָגן, זאָגן יעדן טאָג צו זיינע חברים — שלום עליכם!

אין דער דאָזיקער נאַכט, ווען בערג און ביולאַ זיינען צוריקגעקומען צו זיך אין צימער, איז זי צוגעגאַנגען צום אים, אַרומגענומען אים, צוגעטוליעט איר קאָפּ צו זיין ברוסט און געזאָגט:

— איך וואָלט אויך געוואָלט עפּעס זאָגן... זאָגן פּשוט, און פּראָסט, און אמתדיק. זאָגן אַזוי, אַז זאָלסט דערפילן... און גלויבן, אַז איך בין מיט דיר מיט לייב און לעבן . . .

ער האָט געקושט איר קאָפּ און אַרומנעמענדיק זי, צוגעפירט צום אָפענעם פענצטער און געזאָגט:

— זעסט די לבנה־שיין איז אויף אונדז און אין אונדז ביידן. און אַזוי וועט עס בלייבן. דיינקסטו ניט, אַז ער האָט עס שיין געזאָגט רויזענבוים?

— יאָ, און אַזוי וועט עס בלייבן... אויף אייביק.

*

בערג איז געפאָרן קיין ניו יאָרק זעען זיך מיט זיין אָנקל סעמיועל בערג. ער האָט מיטגענומען מיט זיך ביולאַן, וועלכע האָט זיך געוואָלט זען מיט דער מוטער.

דער אָנקל האָט זיי אויפגענומען מיט אַ קלוגן שמייכל און קיבעצנדיק, געכאַפּט זיך גלייך צו דער קעשענע. בערג האָט זיך אָבער ניט באַלייַדיקט פון זיין קיבעץ און דער אָנקל האָט געטריבן שפּאַס, ווייל ס׳איז אים געווען גוט אויפן האַרצן: ער האָט געמאַכט אַ סך געלט אין ריל־עסטייט, האָט ער געזאָגט. ער האָט שוין געהאַט פינף גרויסע אַפּאַרטמענט־הייזער און ער וואָלט געקאָנט אָפּקויפן די גאַנצע קאָלאָניע האָק־און־פּאַק און אַריינלייגן זי אין וועסט קעשענע.

בערג האָט גענומען וואַקסן אין זיינע אויגן, ווען ער האָט געהערט דעם באַריכט פון דער קאָלאָניע. נאָך אַלעמען, טאַקע ניט אַזאַ נאַר און „באָם״, ווי ער האָט געמיינט. עפּעס, ווייזט אויס, וואַקסט פאַרט אַרויס פון זיין קאָלאָניע מיט דער קאָמונע־שמונע.

בערג האָט געהאַלטן מיט אים אַן עצה: עס גייט צו ווינטער; דאָס הויז נומער צוויי איז קיינמאָל ניט געווען באַהייצט; איצט, אַז דער ווינטער קומט, דאַרף מען אַ טראַכט טאָן וועגן אויוונס. נו, דער אָנקל מיט זיין פּראַקטישקייט ווייסט מסתמא, ווי אַזוי און וואו מ׳קאָן איינהאַנדלען אַ צוואַנציק שטוב־אויוונס, ניט אַזוי?

אַ שאלה אויף אַ מעשה צי דער אָנקל ווייסט וואו און ווי אַזוי אייג־צעהאַנדלען "סטאָווס"... אַוודאי ווייסט ער! און זיי זייבען שוין אַזוי גוט ווי אין דער קאָלאָניע... יע.. אָבער מיט אַזאַ יונגער שיינער ווייבל, דאַרף ער בערג אויך אַן אויוון? כע, כע... — האָט דער אָנקל ווידער אָנגעהויבן קיבעצן, פון וואָס ביולאַ האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און האָט געשמייכלט.

אָבער ווען בערג האָט גלייך נאָכדעם גענומען דערציילן וועגן די עטלעכע קאָלאָניסטן, וואָס ווילן פאַרלאָזן די קאָלאָניע און האָט דערביי דערמאָנט אויך וועגן דעם אָנקומענדיקן "מאָרטגיידזש" און וועגן אַ קליינער הלוואהלע, האָט דער אָנקל גענומען קווינקלען זיך אַביסל, אָבער ביולאַס בליק האָט אים מיטאַמאָל ווי אָנגעגאָסן מיט גוטסקייט און ער האָט אַ שמייכלענדיקער גערעדט: וואָס איז, אייגענטלעך, דער אונטערשייד — דאָס געלט וועט ער מיט זיך אין קבר אַריין ניט מיטנעמען און בערג איז סייווי דער איינציקער יורש, טאָ זאָל ער הנאה האָבן פון דעם אַביסל באַם אָנקלס לעבן.. ס׳איז אָלרייט. ע רוועט שוין זען וואָס ער קען טאָן.

בערג און ביולאַ האָבן אים געדאַנקט און פאַרבעטן אים צו קומען צו זיי און פאַרברענגען אַ פּאָר וואָכן אין דער קאָלאָניע, ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון דעם. ביזנעס בעפאָר פּלעזשור — האָט ער זיי געזאָגט אין ענגליש און ווידער געשמייכלט קלוג און ווידער געקיבעצט.

און ווען זיי זיינען מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער צוריקגעקומען צו דער קאָלאָניע, האָבן זי מיטגענומען מיט זיך ביולאַס מוטער און זיי האָבן אַלע דריי באַשלאָסן, אַז זי האָט שוין גענוג געאַרבעט אין שאַפּ, אַז זי מעג שוין אָנהייבן לעבן אַ געזינטערן לעבן, נענטער צו דער נאַטור. זי האָט זיך דאָס מאָל ניט געאַמפּערט מיט זיי; ערשטנס, ווייל זי האָט שטאַרק געבייגקט נאָך ביולאַן און צווייטנס, ווייל זי האָט געפילט, אַז די כוחות פאַרלאָזן זי שוין — גענוג געשקלאַפט.

מ׳האָט איר אָפּגעגעבן דאָס צימער, וואו די אַקערמאַנס האָבן פרייער געוואוינט און אירע זאַכן האָט שוין כייפעץ אַריינגעבראַכט פון דער סטאַנציע מיט דעם טראָק.

נאָך אַ גאַסט האָט בערג געטראָפן, ווען ער איז אָנגעקומען פון ניו־יאָרק — דעם פאַרמער נאָוואַק.

ער איז געווען באַגייסטערט נאָוואַק. אַרומגעגאַנגען מיט שטערנטאַלן און מיט זעלצערן און באַוואונדערט ווי שנעל און ווי פּראַקטיש זיי האָבן

אַלעס איינגעאָרדענט און געפרייט זיך, וואָס די ווערזשעטייבלען און די תבואה איז אויפגעגאַנגען אַזוי גוט און גרויס, ניט קוקנדיק אויף דער טרוקעניש.

ער האָט געמאַכט באַמערקונגען און דאָ און דאָרט געגעבן עצות און אַלע האָבן שוין אין דעמדאָזיקן אָוונט פאַרבראַכט אין גרויסן "האָל" און געפראַוועט אַ וועטשערע מיט ווײַן לכבוד דער נײַער קאָלאָניסטקע, ביולאַס מוטער און לכבוד דעם גוטן פרײַנט מיסטער דזשיי נאָוואַק.

*

עס זײַנען אָנגעקומען ליכטיקע, גאָלד ברוינע טעג.. די זון האָט זיך געשפּילט מיט וואָלקנדלעך, ווי מיט זילבערנע דורכזיכטיקע באַלונען. דאָס פעלד איז געלעגן ווי מיט הונדערטער קאָלירטע טעפּיכער פאַרשפּרייט. דער זומער האָט זיך שוין דערנענטערט צום אָנקומענדיקן האַרבסט.

בערג, קרופּקין, כײַפעץ, זעלצער, בלאָך און שטערנטאָל האָבן מיט דערוואַכטער און אָפּגעפרישטער ענערגיע דורכגעפירט אַלע ווירטשאַפט־לעכע און עקזעקוטיווע אויפגאַבן פון דער קאָלאָניע. מ'האָט ווידער אַמאָל געדונגען זעקס אַרויסהעלפער פאַרם־אַרבעטער; מ'האָט ווידער פאַרבראַכט אין פעלד פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט; מ'האָט גענייט, געלאַטעט און צוגעגרייט זעק, און קוישן, און קאַסטנס; מ'האָט געטריקנט און גע־פּרעגלט און געזייערט פּרוכטן — אַן אַרבעט וואָס איז געפאַלן איבער־הויפּט אויף די פרויען, מ'איז שוין געווען פאַרטיק מיטן שניט און דאָס לעבן אין דער קאָלאָניע איז געווען פאַרביק און ראַשיק, אינהאַלטספול און פּרוכטבאַר. די טעג זײַנען געלאָפן שנעלער ווי די זון און די אָוונטן און די נעכט האָבן געלאָקט מיט רו, מיט געשפּרעכן, מיט געלעכטער און אַמאָל מיטן אַרויספאָר צו אַ מואווי־טעאַטער. און שוין עטלעכע מאָל האָט כײַפעץ "אײַנגעשפּאַנט" דעם טראָק און געפירט די פרויען צו דעם מואווי־טע־אַטער קיין "מ־ן" יעדעס מאָל "זיבן ווײַבער פאַרטיעס" ווי כײַפעץ האָט זיי אָנגערופן.

די אַקערמאַנס, די גאַנטשעס און די שינדלס — זיי אַלע זײַנען שוין אין דער קאָלאָניע ניט געווען. בערג האָט זיי אויסגעצאָלט האַלב פון דעם אײַנגעצאָלטן געלט און דאָס איבעריקע האָט מען זיי באַדאַרפט אויסצאָלן מיט אַ האַלבן יאָר שפּעטער.

אויך אין ביטריסעס לעבן האָט זיך לאַנגזאַם געגומען אויסקריס־טאַליזירן אַ מערקבאַרע ענדערונג. די לבנה־ליכט וועגן וועלכער רויזנבוים האָט אין יענעם אומפאַרגעסלעכן מיטינג־אָוונט גערעדט, האָט געווירקט אויף אויף איר. ניט מיטאַמאָל, אָבער לאַנגזאַם האָט זי אָנגעהויבן צו רעזאָ־נירן און האָפן אויף עפּעס, עפּעס וואָס די גרויסע ליכטיקע לבנה אויף דעם

באַנאַכטיקן גרענצלאָזן הימל האָט צוגעזאָגט.

זי האָט דערזען, אַז סיי זי אַליין און סיי די מענטשן אַרום ווערן ניט אַריינגעפּאַסט אין אייזערנע ראַמען און לעבן ניט אַפּ אַ לעבן, צוגעבונדענע מיט אומזעבאַרע שטריק צו אויסגעטרוימטע עמאָציעס. ניין, די מענטשן אין לעבן גייען דורך פאַרשידענע לאַבירינטן און אַט זיינען זיי נאָענט צוגעבונדענע מיט דעם זעלבן שיקזאַל, און אַט טיילן זיי זיך פאַנאַנדער און עס ווערט שווער צו געפינען איינער דעם צווייטן אין דעם לאַבירינט פון לעבן. און עס הייבט זיך אָן איינזאַמע בלאָנדזשעניש, אַ זוכעניש צום אַרויסגאַנג, צום ליכט, צום לבנה-ליכט, ווי סענטימענטאַל עס זאָל ניט זיין.

עס האָט זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אַ שמייכל אויף אירע ליפּן; און זי האָט אויפגעהערט צו פאַרשפּאַרן זיך ביי זיך אין צימער. און די באַציאונגען אירע צו די קינדער זייַנען געוואָרן וואַרעמער און פאַרשטענדלעכער. האָט עס קרופּקינען געפרייט. און ער האָט זיך גאַרניט געוואונדערט, ווען זי האָט איינמאָל אין אַן אָוונט, מיט איר אַגרעסיוון אימפּולס, אַ זאָג געטאָן צו אים:

— קומט אַריין צו מיר, קרופּקין... שפּעטער, נאָך דער וועטשערע.

און ווען ער איז דערנאָך נאָך דער וועטשערע אַריינגעקומען צו איר, איז אין צימערל געווען טונקל, בלויז די לבנה האָט דורכן פענצטער געוואָרפן אַ כשוף סטעזשקע צו דעם געלעגער, וואו ביטריס איז געזעסן און האָט געוואַרט אויף אים. און קרופּקין איז צוגעגאַנגען, אַנידערגעזעצט זיך לעבן איר אַ שווייגנדיקער און זיין האַרטע הייסע האַנט האָט געדריקט אירע דינע און קילע פינגער ביז ווייטיק, ביז געוויין.

די טעג און נעכט האָבן פון דעם אָוונט אָן צוגעקראָגן אַ נייעם אינהאַלט און אַ נייעם זין פאַרביידן. קרופּקין האָט פּרובירט איינצוצוימען אין זיך די עקזאַלטאַציע, וואָס האָט געפלאַמט אין אים; ער האָט פּרובירט אויפּצונעמען זיין ענדלעכע נאָענטשאַפט מיט ביטריסן פילאָזאָפיש, אָט ווי אַ פויער וואָלט עס אויפגענומען — פּשוט, ווי דעם אויפגאַנג פון דער זון, און ווי דאָס אָנקומען פון דער נאַכט, און ווי דעם אויפגאַנג פון דער תבואה אויף דעם פעלד. אַזוי האָט עס באַדאַרפט צו זיין — און אַזוי איז עס געשען. דאָס לעבן איז גוט... גוט צו אים.

*

דער זומער האָט זיך געזעגנט ווי אַ זאַטער רייכער גאַסט. אויף דעם פעלד זיינען שוין געשטאַנען סטויגן היי, צעשטעלט, ווי געל־ברוינע געצעלטן; פּאַפּשוי ,קרויטן, קאַרטאָפל און אוגערקעס זיינען געלעגן קופּעסווייז און אין געפלאָכטענע שטרויענע קוישן. ביידע טראָקס און די אויטאָ־

מאַבילן האָבן טאָג איין טאָג אויס געפירט די פּראָדוקטן צו די גרויסע האָטעלן און רעסטאָראַנען אין „מ״ן״ און די דאָזיקע וואָס האָבן זיך ניט פאַרנומען מיט די פּראָדוקטן האָבן ווי געווײנלעך באַשעפטיקט זיך מיט די הינער, מיט די בהמות, מיט פאַרבן די טירן און פענצטער און מיט דעם פאַררעכטן פון די דעכער פון די הייזער.

די טעג זיינען געווען ווינטיקע, געריסן די אַרבעט פון די הענט, גע־שטיפט מיט גוטע שטימונגען, מיט לידער און שול־נגונים. כייפעץ, בלאָך, קרופּקין און שטערנטאָל זיינען מער פון אַלעמען געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. אָנלאָדן טראָקס, אויסלאָדן די טראָקס, אַריינבריינגען פון שטאָט כלערליי זאַכן, וואָס אַ יעדער איינער באַזונדער און די קאָלאָניע בכלל האָט בעדאַרפט און געמוזט האָבן.

די פרויען, אַריינרעכענענדיק ביולאַן און ביטריסן, זיינען אויך אַלע געווען פאַרנומען מיט אַרבעט, און געווויסע טעג אפילו מיט מער אַרבעט ווי די מענער. די זעקס אַרבעטער, וועלכע מען האָט געדונגען זיי זאָלן אַרויסהעלפן אין פעלד, האָבן געאַרבעט מיט באַזונדערן פלייס און פאַרגע־ניגן. עפּעס איז זיי געפעלן געוואָרן אָט די יידישע מלוכה, וואו אַזעלכע געלערנטע, קלוגע און אינטעליגענטע פרויען שפּאַנען זיך איין אין די פאַרטאָגן צעזאַמען מיט זיי אין דער אַרבעט אַריין און קאָכן אַזעלכע גע־שמאַקע מאכלים, און גרייטן אַזעלכע ריינע טישן.

און איינער פון די אַרבעטער, דזשאָן פּעטערסאָן, אַן אַמעריקער באַר־וועגישער פאַרמער, האָט אַפילו געבעטן בערגן ער זאָל אים אַריינגעמען אין דער קאָלאָניע אַלס שטענדיקן מיטגליד. קיין סאַך געלט, האָט ער גע־זאָגט, האָט ער ניט, אָבער זיין אַרבעט און זיין איבערגעבנהייט צו דער קאָלאָניע וועט זיין ווערט מער ווי געלט. האָט בערג פּרובירט צו דער־קלערן אים די טיפערע מאָטיוון פון דער קאָלאָניע, אָנגעוויזן אויף דעם ספּעציפיש יידישן גייסט, וואָס ער וויל און אַלע ווילן דאָ אויפלעבן און ענטוויקלען און אָנהאַלטן, אַז ס׳זאָל ווערן זייער לעבנס־זין, זייער אינהאַלט און אַ מוסטער פאַר אַנדערע שטאָטישע יידן. איז ער דאָך באַשטאַנען אויף זיינעם, דער גוי, און בערג האָט אים געמוזט צוזאָגן, אַז מ׳וועט באַטראַכטן דעם ענין און אויב מעגלעך וועט מען אים אַריינעמען אין דער קאָלאָניע אַלס אַ גלייכבאַרעכטיגטן מיטגליד.

די טעג זיינען געוואָרן קורצער און אין די אָוונטן האָבן די צימער־לעך געאָטעמט מיט רו, מיט געמיטלעכע געשפּרעכן, מיט מוזיק פון דער ראַדיאָ, דאָ אין רויך פון דער לולקע, און דאָרט באַ דער שיין פון לאָמפּ — ווער מיט אַבוך, און ווער מיט אַ צייטונג אין דער האַנט.

און אַז מ׳האָט זיך פאַרזאַמלט צעזאַמען אין דעם „האָל״, איז מערי בראָדערזאָן געווען די לעבעדיקסטע און פריילעכסטע צווישן די קאָלאָניסטן.

זי האָט געזונגען, "גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער", ווי בראָדערזאָן האָט איר פאַרגעוואָרפן, און זי האָט זידגעפילט גליקלעך און צופרידן מיטן לעבן. זי האָט געהאַלטן, אַז מ'לעבט דאַרף מען הנאה האָבן, און הנאה האָט מען, ווען מ'טוט אַ זינג און אַ הוליע. האָט זי טאַקע אַראַנזשירט אַ "פייערדיקן" אָוונט באַם לייק, ווי קרופּקין האָט דעם אָוונט אָנגערופן, און וואו מ'האָט זיך אַביסל "פאַרשפּילט מיט שטימונגען" ווי רויזענבוים האָט זיך אויסגעדריקט. און מערין און די איבעריקע איז דער אָוונט געפעלן געוואָרן. מ'האָט צעלייגט אַ פלאַקערדיק פייער, מ'האָט געזונגען, מ'האָט געגעסן "האט דאָגס" און מ'האָט געטרונקען "קאָקאָ־קאָלאָ" — זאַכן וואָס מערי האָט שוין געזען, אַז כייפעץ זאָל אַריינברענגען פון שטעטל. די נאַכט איז געווען אַ ליכטיקע און סיי די לבנה און סיי דאָס פייער האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער רואיקער טיפקייט פון לייק און געוואָרפן גראָטעסק־פאַנטאַסטישע שאָטנס.. מ'האָט געזונגען "פלאַקער פייערל פלאַקער", און "מאָי קאָסטיאָר וו'טומאַנע סוויעטיט" און אויך די "התקוה". עס איז געווען דאָס געזאַנג פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון יענע יאָרן, וואָס די מערהייט פון די קאָלאָניסטן האָבן געטראָגן ערגעץ טיף אין האַרצן, באַהאַלטן ווי אַ פאַרגאַנגענעם חלום פון אַמאָל. עס איז געווען אנגענעם און טרויעריק אין דער זעלבער צייט און דאָ און דאָרט האָט אַ פרויעשער זיפץ און קרעכץ אַ הויך געטאָן מיט ציטערדיקער בענקשאַפט. און ווייל די שטימונגען האָבן ווי געשוואומען צווישן די פאַרזאַמלטע באַם זאַמדיקן ברעג און האָבן זיך געהויבן און גענידערט צעזאַמען מיט די פלאַמען פון דעם טראסקענדיקן פייער, האָבן אויך די רייד און געשפּרעכן גענידערט און געשטיגן... אָט גענייגט זיך באַ די פיס מיט שטילקייט, און אָט צעפלאַמט זיך מיט ברען.

בער בלושטיין האָט ווידער אַמאָל גערעדט וועגן פּאַלעסטינע. אוודאי, האָט ער געזאָגט, איז ער צופרידן מיטן לעבן דאָ, און אַוודאי איז זיין שטרעבונג אַוועקצופאָרן אינגיכסטן קיין ארץ ישראל און בויען דאָס לאַנד ניט ווי אַ צייטווייליקן אַאַזיס אין אַ דזשאנגל, נאָר טאַקע ווי אַ היים וואו עס זאָלן לעבן אייביק זיין שפּראַך, און זיין ליד, און זיין גייסט... אָבער ווידער אַמאָל און ווידער אַמאָל — זאָל זיך בערג, און קרופּקין און דער דאָקטאָר און די אַלע איבעריקע דאָ טויזנט מאָל שווערן, אַז זיי באַטראַכטן די קאָלאָניע אַלס לייזונג פאַר זיי אַלס יידן, וועט ער עס קיינמאָל ניט גלייבן. ניין, אַלס יידן זיינען זיי דאָ, און זיי פאַרבלייבן דאָ ווי פרעמדע, ווי געסט, ווי מענטשן, וואָס זיינען גרייט איבערצושלאָפן וואו עס זאָל ניט טרעפן, ווען עס שטורמט אַרום. און אַרום די יידן האָט שטענדיק געשטורמט; וואָרן ווען די קריסטן פירן צווישן זיך זייערע אייגענע חשבונות, שיסן זיי אַלץ אין דעם יידן, וואָס איז צווישן זיי. דערפאַר איז דאָס ניט קיין היים — עס איז אַ צייטווייליקער אַאַזיס.

— נו, און ניו יאָרק מיט די צוויי מיליאָן יידן? און וואַרשע? און מאָס־קווע? זיינען דאָס אויך אַאַזיסן? — האָט קרופקין אַרגומענטירט.

— יאָ, — האָט בלושטיין געשריגן. — דאָס זיינען גרעסערע אַאַזיסן, אָבער אויך אַאַזיסן. דאָס זיינען די קבוצים וואוהין מיר שטופּן זיך צונויפֿ־מען, מיליאָנענווייז ווי פיש אין ים, ווייל צוזאַמען ווייזט זיך אונדז אויס, זיינען מיר געזיכערטער. אָבער אַפילו מיליאָנענווייז זיינען מיר דאָך אָפּ־געזונדערטע פאַריער, — אָפּגעזונדערטע מיטן אייגענעם ווילן, און אָפּגעזונדערטע מיט'ן ווילן פון דער וועלטלעכער דזשאַנגל מאַכט.

— די וועלט־מאַכט וואָלט אונדז ניט געשאָנעוועט אַפילו ווען מיר האָבן אונדזער אייגענע היים. — האָט זיך בערג אַנגערופן. — קאָנען מיר דען חלומען אַפילו צו ווערן אַזוי מעכטיק, ווי עס איז מעכטיק די קריסט־לעכע און אַפילו די אַזיאַטישע וועלט־מאַכט? ניין, מיר וועלן עס קיינמאָל ניט באַווייזן. מיר קאָנען אָבער העלפן דעם העכערן גייסט צו דערהייבן זיך איבער דער דזשאַנגל מאַכט און מאַכן די וועלט אַ בעסערע וועלט פאַר דעם מענטשן בכלל.

— ווער זאָגט אַז ניין? — האָט בלושטיין געענטפערט. — פאַרוואָס מוזן מיר אָבער זיין די ציל ברעטער פאַר די דאָזיקע וואָס ווילן שיסן? דיינקט איר ניט, אַז אונדזער גייסט וואָלט זיך דערהויבן נאָך העכער, ווען מיר וואָלטן געלעבט אין אונדזער אייגן לאַנד, אונטער אונדזער אייגענער אַנפירערשאַפט, מיט אַלע מעגלעכקייטן צו ענטוויקלען אונדזערע קולטור־רעלע און גייסטיקע אייגנשאַפטן?

— אַודאי, — האָט בערג צוגעשטימט, — אַודאי. אָבער מיר קאָנען דאָך ניט און דאַרפן דאָך ניט גיין צו אונדזער הימלאַנד, וואו עס זאָל ניט זיין, מיט די זעלבע מעטאָדן און מיט דער זעלבער בלוטדורשטיקייט, מיט וועלכער די וועלט גייט נאָך אָן ביז איצט. מיר קאָנען ניט און מיר טאָרן ניט. זיצן און וואַרטן ביז די אויסלייזונג וועט קומען, און ווערן דע־גראַדירט און פאַסיוו אין דעם קולטורעלן און סאָציאַלן גאַנג פון דער וועלט, קאָנען מיר דאָך אויך ניט. — וואָס זשע בלייבט? בלייבט — לעבן ווי מענטשן, לעבן אַזוי, אַז אַפילו אויף דעם וועג צום אונטערגאַנג דורך אַסימילאַציע, אָדער דורך די אַלע מיתות־משונות, וואָס די וועלט טראַכט צו פאַר אונדז, זאָלן מיר דאָך אויסלעבן אונדזער לעבן ווי אַ גייסטרייך פאָלק, ווי אַ פאָלק וואָס קעמפט פאַר גערעכטיקייט, ווי אַ פאָלק פאַר וועל־כן די ערד און דער הימל, דער גייסט און דאָס לייב, דאָס לעבן און דער טויט איז ניט בלויז אַ צופעליקע פאַרבייגייענדיקע זאַך, נאָר אַ וועג דורך זינפולע, אומצושטערבאַרע און אייביקע ווערטן, וואָס פירן אין דער אייבי־קער אייביקייט פון איין מענטש צום צווייטן, פון איין פאָלק צום צווייטן.

די דאָזיקע דיסקוסיע האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט

אַריין און ווען דער פּייער האָט זיך צעפֿלאַמט מיט די לעצטע שטיקער האָלץ און די פֿלאַמען האָבן זיך אַ טראָג געטאָן הויך אין דער נאַכט אַריין, האָט דער שכנישער פּאַרמער דזשאַנסאָן, פֿאַרבײַפֿאָרנדיק מיט זײַן זון, באַשלאָסן אויסצוגעפֿינען וואָס דאָס פּייער און די געשרייען וואָס טראָגן זיך פֿון לייק באַדייטן.

ער האָט געשמייכלט דער פּאַרמער דזשאַנסאָן, ווען ער האָט דערזען די ייִדישע "ביטש פּאַרטי" און געוואונדערט זיך צוליב וואָס שרייען זיי אַזוי — ער זעט ניט, אַז אַפֿילו איינער פֿון זיי זאָל זײַן שכור.

ער איז אויפֿן צווייטן טאָג געקומען אַ קוק טאָן טאַקע אויף דעם קאָאָפּעראַטיוון פֿאַרם און ווען בערג און קרופּקין האָבן אים גענומען אַרומפֿירן איבער דער באַלעבאַטישקייט, האָט ער מיט אויפֿריכטיקער באַוואונדערונג אויסגעדריקט זײַן צופֿרידנקייט פֿון דעם וואָס ער האָט געזען.

—גוט... — האָט ער געהאַלטן אין איין ווידערהאָלן באַ יעדן פֿאַרבײַגייענדיקן פּונקט. — גוט... גוט . . .

עס האָבן זיך דערנענטערט די ייִדישע יום־טובים, אָבער איידער די יום טובים האָבן זיך דערנענטערט, האָט מען גלייך געמוזט צוטרעטן צו לייזן די פּראָבלעם פֿון באַזאָרגן די קינדער מיט טראַנספּאָרטאַציע צו דער "פּאָבליק סקול" און "היי־סקול" צו דעם שטעטל "מ־ן". דער ראַטקאָם האָט באַשלאָסן, אַז דאָס מוז ווערן כּייפּעצעס שטענדיקער דזשאָב — אָפּפֿירן די קינדער און ברענגען זיי צוריק פֿון די שולן. עס האָט אים ניט געאַרט דער דזשאָב, האָט ער געזאָגט, וואָרן, ערשטנס דאַרף ער דאָך סײַווי פֿאָרן אַפּאָר מאָל אין דער וואָך אין שטאָט אַריין און צווייטנס, וואָס טוט ניט אַ ייִד צוליב תּורה — תּורה איז די בעסטע סחורה און פֿאַר דער־דאָזיקער סחורה וועט ער קריגן באַלוינט סײַ פֿון די קאָלאָניסטן, סײַ פֿון דעם בורא — און דערבײַ האָט ער זיך געוויצלט, וואָס עס איז באַ אים אַפֿילו מיטן גראַם.

די קאָלאָניסטן שטערנטאַל, זעלצער, בלאָך, די ברידער בלושטיין, שולמאַן און זאַנגענפֿעלד האָבן באַשלאָסן, אַז אויף ראש השנה און יום כּפּור וועלן זיי פֿאָרן קיין ניו יאָרק. נישקשה, — האָבן זיי געטענהט, — איעדער איינער פֿון זיי האָט פֿריינט און קרובֿים צו וועמען צו קומען צו פֿאָרן אויף עטלעכע טעג, און חוץ דעם זײַנען אין ניו יאָרק נאָך פֿאַרבליבן אַ פּאָר האָטעלן פֿאַר באָדן" קאָלאָניסטן, וועט מען שוין האָבן אַ קאָלעקטיווע וואַקאַציע, אַזוי צו זאָגן.

איבערהויפּט זײַנען די פֿרויען געוועזן אָנגעלאָדן מיט דערוואַרטונגען און מיט באַזונדערע שטימונגען: ניו יאָרק האָט ווידער אַ בליאַסק געטאָן

פאַר זיי מיט די כשופדיקע פייערן פון "בראַדוויי", און "טיימס סקווער", וואוהין זיי פלעגן זיך אַרויסלאָזן אין די יום־טובדיקע נעכט אַ הוליע צו טאָן, — ווייל אין די יום־טובדיקע נעכט איז דאָס הוליען געווען אַנדערש־דיקער, ווי אין די וואָכעדיקע טעג און נעכט, ווען עס האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז "אפילו די גאַסן, שוין אָפּגערעדט די שעפּער, גייען אָנגעטאָן אין אָווערראָלס" ווי רויזנבוים האָט זיך אויסגעדריקט. איז שוין דאָס ריידן אַליין וועגן דעם אַרויספאָר קיין ניו יאָרק געווען יום טוב, נאָך איידער דער יום טוב איז געקומען.

ביולאַ האָט געזאָגט, אַז זי בלייבט אין דער קאָלאָניע. די טעג זיינען דאָך אַזעלכע גוטע, אַזעלכע שטימונגספולע... עס גלוסט זיך צו שפּילן עלעגיעס. זען ווי די פייגל פליען און ממש פילן דאָס פאָכן פון זייערע פליגל. און דאָס דערמאָנט איר, צו דערמאָנען בערגן, אַז ער זאָל זען גע־פינען אַ וועג ווי צו ברייגגען די פּיאַנאָ, וואָס די מוטער האָט איבערגע־לאָזט אין ניו יאָרק. אָבער... זי פאַרט ניט איצט, ווייל עמיצער מוז דאָך בלייבן דאָ צו טאָן די אַרבעט, וואָס עס מוז געטאָן ווערן... און מ׳טאָר ניט אָפּגרענצן זיך פון פשוטע פיזישע פּריווילעגיעס, אויב מ׳קאָן זיך ניט העלפן און מ׳מוז זיך אַמאָל אָפּגרענעצן מיט גייסטיקער באַזונדערקייט . . .

אַזוי האָט זי גערעדט צו ביטריסן און ביטריס האָט פאַרשטאַנען און האָט צוגעגעבן, אַז אויך זי און קרופּקין בלייבן... צוליב די זעלבע שטימונ־גען און סיבות.

*

די נאַכט פון ערב ראש השנה איז געווען די שטילסטע. אַזוי האָט זיך עס זיי די פאַרבליבענע אין דער קאָלאָניע, אויסגעוויזן.

אינדערפרי זיינען זיבן פאַמיליעס אַרויסגעפאָרן, ווער מיט מאַשי־נען, ווער מיטן באַן פון "מ־ן". פאַרבליבן זיינען בערג, ביולאַ און איר מו־טער, קרופּקין, ביטריס, דער "דאָקטאָר", רויזנבוים, די בראַדערזאָנס און שולנער. זיי האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט אין דעם עס־צימער. ביולאַ, איר מוטער ביטריס און מערי האָבן געגרייט אַ יום־טובדיקן טיש. די מענער זיינען געזעסן אַרום אין אַ רעדל און האָבן געשמועסט. בלויז רויזנבוים האָט ניט געקאָנט איינזיצן... ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן צימער, געררוי־כערט די ליולקע, וואָס כייפעץ האָט אים געבראַכט אַ מתנה און געטראַכט. ער האָט געהאַט געגנוג צייט אין דער קאָלאָניע צו טראַכטן, אָבער וואָס מער צייט ער האָט געהאַט און וואָס מער ער האָט געטראַכט, אַלץ ווייניקער שע־פעריש איז ער געווען. צופיל שטילקייט און צופיל צייט און צו ווייניק מענטשן, האָט ער מעדיטירט, רעגן ניט אָן, עס געשעט ניט גאָרניט אַזעל־כעס וואָס זאָל דערוועקן אין אים לײדנשאַפטן, פּראָבלעמען, אידייען, עפּעס

אַזוינס, וואָס זאָל אים פאַרפירן און דערהייבן צו שעפערישקייט. אין דער־זעלבער צייט האָט ער אָבער אויך אַרגומענטירט מיט זיך: וואָס הייסט עס געשעעט ניט גאָרניט, וואָס הייסט ער האָט ניט מענטשן־וועלטן אַרום? און די דאָזיקע מענטשן דאָ, זיינען זיי דען ניט וועלטן מיט פּראָבלעמען פאַר זיך? און די שאַפונג פון דער קאָלאָניע מיט אַלע פּשוטע מיטלען און מיט אַלע קליינינקע און גרעסערע געשעעניש און איבערלעבונגען איז דאָס דען ניט גענוג פּראָבלעמאַטיש, צו דערזען אין דעם אַ קוואַל פאַר אַ שאַ־פונג פאַר געזעלשאַפטלעכן און מענטשלאַכן אינטערעס? און די דערהייבונג? איז זי דען ניט פאַראַן אָט טאַקע דאָ, אָט טאַקע אין דערדאָזיקער שטילער פעלד־נאַכט, וואו אָט אַזעלכע מענטשן . . .

אומבאַוואוסטזיניקערהייט האָט ער געקוקט אויף ביולאַן. געזען דורכן רויך פון דער ליולקע איר פּנים, אירע גלאַט-פאַרקעמטע האָר, איר אויסגעטאָקטן פּראָפיל, איר שלאַנקע פיגור אין דעם גאָלד־ברוינעם קלייד, וואָס זי האָט אָנגעטאָן ספּעציעל פאַר דער יום טוב נאַכט — געקוקט אויף איר און פאַרענדיקט דעם געדאַנק: — אָט אַזעלכע מענטשן ווי ביולא וואָס זיינען ווי אַ פונק פאַר קינסטלער, אַ פונק וואָס צינדט אָן די נשמה, אָט אַזעלכע מענטשן ווי זיי זיינען גענוג צו דערהייבן, צו אינספּירירן צו שאַ־פונג . . .

— רויזענבוים גייט שוין ווידער צו קינד... מיט אַ פּאַעמע. — האָט דער "דאָקטאָר" אַ זאָג געטאָן.

שפּעטער צו האָבן קראָפּקין, בראָדערזאָן און שולנער גענומען דיס־קוטירן די פּלוצימדיקע אַרויפגעשוואומענע עקאָנאָמישע צערודערונג אין לאַנד. יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט זיין אייגענע מיינונג וועגן דעם. עס איז דער גאַנג און עס איז די עוואָלוציע פון קאַפּיטאַליזם — האָט קראָפּ־קין אַרגומענטירט; עס איז גלאַט פּאָליטיש־עקאָנאָמישע שפּילערייען און ספּעקולאַציעס פון "וואָל סטריט", האָט בראָדערזאָן פּרובירט צו באַווייזן; עס איז די איבערפּראָדוקציע און מאַנגל אין האַנדלס־מערק איז שולנער גע־ווען איבערצייגט. בערג האָט צוגעגעבן, אַז אַלע דריי זיינען גערעכט, אַז די אַלע אָנגעגעבענע טעמים צוזאַמענגענומען, און דער פאַקט פון דער נאָך־מלחמהדיקער כאַאָטישער און ניט אָרגאַניזירטער און שלעכט פּלאַנירטער באַלעבאַטישקייט, צעזאַמען מיט דעם גייסט פון דער רעוואָלוציאָנערער און צעברויזטער אייראָפּע האָט געווירקט און וועט ערשט ווירקן, אַז דאָס לאַנד זאָל מוזן רעווידירן די אָנגענומענע און איינגעפונדעוועטע באַגריפן וועגן עקאָנאָמישע און סאָציאַלע סטאַנדאַרטן. עס מוזן קומען רעפאָרמען, — האָט ער צוגעגעבן, — אָבער ווי אַזוי זיי וועלן קומען, דאָס נעמט ער זיך ניט אונטער פאָראויסצוזאָגן.

דער אָוונט איז אַוועק אַ פריילעכער, אָבער מיט אַ צומיש

פון טריבקייט. ביטריס האָט אויסגעטרונקען אַ גלעזעלע בראַנפן, פון דעם בראַנפן, וואָס כייפעץ האָט אַריינגעשמוגלט אין דער קאָלאָניע נאָך אין דער צייט פון דער דערעפּענונג. זי איז געווען פריילעך און האָט געלאַכט, האָט זיך געהאַלטן נאָענט צו קרופּקינען און געהאַלדזט אים און געקושט אים. אָבער, ווען אַלע האָבן זיך שוין אויפגעהויבן פון טיש, איז זי פּלוצים אָן אַ וואָרט אַרויס פון „האַל" און געלאָזט זיך לויפן צו איר צימער, קוים איינהאַלטנדיק דאָס געוויין.

— וואָס איז? וואָס איז, ביטריס? — איז מערי נאָכגעלאָפן. ביטריס האָט אָבער גאָרניט געענטפערט, אָפּגעשטופּט זי מיט דער האַנט און פאַרמאַכט די טיר מיט אַ טראַסק.

— די אַלטע שטימונגען אירע זיינען צוריקגעקומען. — האָט מערי דערנאָך געקוועטשט מיט די אַקסלען און געוואונקען מיט אַן אויג צו קרופּקינען. — די אַלטע שטימונגען, אויב איר פאַרשטייט וואָס איך מיין. — האָט זי צוגעגעבן.

קרופּקין האָט פאַרשטאַנען. ער איז נאָך געזעסן אַביסל און דערנאָך געלאָזט זיך גיין צו ביטריסן.

דער „דאָקטאָר" האָט זיך אויך אויפגעהויבן, געזאָגט אַז דער „פּראָהיבישן" בראַנפן האָט אים אויך פאַרשאַדט, און אַז, אין אַלגעמיין, איז ער ניט מיט אַלעמען, — זיינען שוין די איבעריקע אויך געקומען צום באַשלוס, אַז דער ערשטער ערב ראש השנה אין דער קאָלאָניע איז געשלאָסן.

בראָדערזאָן איז געווען דער לעצטער אַרויסצוגיין און צו פאַרלעשן די לאָמפּן. עס איז געוואָרן שטיל און פינצטער אַרום. בלויז אין די צימערלעך אין דעם הויז נומער צוויי האָבן די באַלויכטענע און פאַרהאַנגענע פענצטער געוואָרפן פאַסן ליכט ווי סטעזשקעס אין דער טונקלקייט אַריין און צו ביסלעך זיינען אויך די סטעזשקעס־ליכט פאַרשוואונדן, געבליבן איז בלויז באַלויכטן דאָס פענצטער אין בערגס צימער.

פאַר בערגן איז די דאַזיקע נאַכט געווען אַ מעדיטאַטיווע, געדאַנקען און שטימונגען זיינען געקומען און געביטן זיך ווי שאָטנס אַרום פייערלעך. די ראש השנה נאַכט האָט דערמאָנט אין דער אַלטער היים, אָן יענע שטימונגען, וואָס האָבן געהערשט אין דעם הויז פון זיינע עלטערן און אין די יידישע גאַסן און געסלעך פון דער שטאָט... און די דאָזיקע נאַכט האָט אויך געררופן און געפירט אים אַהינצו, צו דער קאָלירפולער און כישופדיקער ניו יאָרקישער נאַכט, וואוהין די קאָלאָניסטן מיט זייערע פרויען זיינען אַוועק. איבערהויפּט אָבער האָט ער געטראַכט פון די דאָזיקע, וואָס זיינען פאַרבליבן אין דער קאָלאָניע, וואָס האָבן מיט דער גאַנצער פריילעכקייט זייערער אויסגעזעצן איינזאַם, אַ יעדער איינער פאַרטראַגן פון זכרונות אפשר; אַ יעדער מיט זיינע טרוימען אפשר, פאַרווירקלעכטע און ניט־פאַרווירק־

לעבטע טרוימען, געמישטע מיט געלעכטער און מיט פאַרשלונגענע טרערן.

און איצט, דאָ, באַ זיך אין צימער, מיט ביולאַן, וואָס קוקט אויף אים מיט איר פאַרשנדן און רואיקן בליק.

— וועגן וואָס טראַכסטו? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

— וועגן דער נאַכט, און וועגן די מענטשן, און וועגן די שטימונגען אַרום. און דו וועגן וואָס טראַכסטו?

— איך טראַכט... — איז זי צוגעגאַנגען צו אים און האָט אַרומגענומען מיטביידע הענט זיין האַלדז, ווי זי פלעגט עס שטענדיק טאָן. — איך טראַכט, אַז איך ווער .. אָט ווי אַ טייל פון דעם פעלד, אַ מוטער פון וועמען עס דאַרפן אַרויסקומען פרוכטן . . .

— דו.. פילסט.. ווי אַ מוטער? — האָט זיך זיין שטימע אָנגעגאָסן מיט וואַרימקייט.

זי האָט אַ שמייכל געטאָן און צוגעטוליעט איר קאָפּ צו זיין ברוסט.

ער האָט זי אויפגעהויבן, געהאַלטן אויף די הענט ווי אַ קינד; געקוקט אין אירע סודותפולע, שמייכלענדיקע אויגן און געזאָגט :

— ווי אַ מוטער.. אָ? ווי אַ מוטער? מוטערלעכקייט מוז זיין אַ וואונדערבאַרער געפיל און דער געדאַנק וועגן דעם שטאַרקט, באַפעסטיקט. זאָג, רעד... ווי אַ מוטער... ביולאַ?

זי האָט זיך שטאַרקער צוגעדריקט צו אים און ער האָט געפילט און געהערט ווי זי לאַכט אין טרערן.

עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. דער הימל האָט געוואַכט מיט טויזנטער אויגן. דאָס פעלד איז אַ נאַקעטס און אויפגעדעקטס געלעגן אין בריליאַנטענעם טוי. די שטילקייט האָט זיך אויסגעוויזן שעפּטשעט פון דער ערד צום הימל און פון דעם הימל צו דער ערד.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט דאָס בילן און דער געוואָי פון כייפעצעס הונט. דאָס פעלד פון צפון־זייט האָט גענומען רויטלען זיך און די פענצטער פון הויז נומער צוויי האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט פייער־שיין, ווי אויגן מיט בלוט.

קרופּקין איז געווען דער ערשטער צו דערהערן דאָס בילן פון הונט. ער איז צו צום אָפענעם פענצטער און האָט אַרויסגעקוקט. דאָס בלוט האָט אים ווי מיט אַ האַמער אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ. אויף גיך האָט ער אַ כאַפּ געטאָן אויף זיך די הויזן און איז אַרויס אין קאָרידאָר, שרייענדיק: בערג! בערג! ס'איז אַ פייער! שטייט אויף! ס'אַפּייער!

ער האָט זיך געלאָזט לויפן צום הויז נומער איינס און גלייך הינטער אים איז געלאָפן בערג, רויזנבוים, בראָדערזאָן, שולנער און דער "דאָקטאָר" — אַלע האַלב אָנגעטאָן, אַלע דערשראָקענע . . .

ווען קראָפּקין איז צו צום הויז, האָט ער דערזען, אַז דאָס פייער רייסט זיך פון אַ פענצטער אין דער קיך. ער איז גלייך אַריין אין הויז, בערג און די איבעריקע נאָך אים. בערג האָט זיך גלייך געלאָזט לויפן צום מעטאַלענעם צילינדער, וואָס האָט געהאַנגען אין אַ ווינקל, אָנגעפּילט מיט אַ כעמישן פייער־לעשנדן שטאָף. די איבעריקע הינטער אים האָבן גע־קוקט ווי ער שפּריצט די פליסיקייט פון דעם צילינדער ווי פון אַ פאָנטאַן אַרויס. די צונגען פייער, וואָס האָבן זיך געצויגן פון די טישטוכער און האַנטיכער זיינען פאַרשוואונדן און די קיך האָט זיך אָנגעפילט מיט רויך און מיט שטיקנדיקע אַמאָניע־גאַז.

אַלע זיינען אַרויס אין דרויסן און אין פלאָנטער פון פראַגן, פון אַלערליי סברות, וואָס סיי די מענער און סיי די פרויען האָבן פאַרוואָרפן איינער דעם צווייטן אין דער אַלגעמיינער צעטומעלטקייט, האָט קראָפּקין אין דער פינצטערניש געקוקט אויף שולנערן און געוואָלט דורכנעמען אים מיט זיין בליק ווי מיט אַ מעסער.

מ'איז ווידער אַריין אין הויז. דורך די אָפענע פענצטער האָבן זיך די אַמאָניע־גאַז געטראָגן אין דער נאַכט אַריין און ווען מ'האָט געמאַכט ליכטיק, האָט מען דערזען, אַז דער שאָדן איז אַ קליינער — בלויז עטלעכע טישטוכער און אַ צענדליק האַנטוכער זיינען פאַרברענט געוואָרן. קיינער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין פון וואַנען דאָס פייער האָט זיך גענומען; ס'איז אָבער געווען קלאָר, אַז ניט פון דעם אויוון, ווייל אַלע רערן זיינען געווען פאַרמאַכט און באַם אויוון האָט גאָרנישט געברענט. דער העלד פון דער פּאַסירונג איז געווען דער הונט און אַלע האָבן אים געדריקט, גע־גלעט, גערעדט צו אים ווי צו אַ מענטשן און שיער ניט געקושט.

— נו, גוט. — האָט בערג ענדלעך געזאָגט. — די נאַכט איז נאָך ניט פאַראיבער... לאָמיר גיין שלאָפן. מיר קאָנען דאָך ניט שטיין דאָ אַלע און היטן די קיך. קיין פייער ווי איר זעט, וועט שוין מער ניט זיין.

ווען אַלע זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען צו זייערע צימערן, זיינען בערג און קראָפּקין געבליבן שטיין אינדרויסן ביי דער טיר.

— נו, האָבן מיר שוין אַ פייער אויך געהאַט. — האָט בערג גע־זאָגט. — און גוט, וואָס מ'איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. די חברה וועט קומען פון דער שטאָט און זיי וועלן דערהערן וואָס זיי האָבן דאָ אָנגע־וואוירן, וועט זיי באַנג טאָן... נו, אַ גוטע נאַכט, קראָפּקין.

עס האָט זיך ניט געגלוסט אַריינצוגיין צוריק אין צימער אַריין. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין דרויסן און געהאַלטן אין איין קוקן צו שולנערס פענצטער וואו עס איז נאָך געווען ליכטיק. ווען ער האָט אָבער דערהערט ווי שולנער עפנט דאָס פענצטער, איז ער דורכגעגאַנגען, האָפנדיק, אַז שול־

נער וועט זיך פּאַראינטערעסירן צו זען ווער עס גייט דאָרט און ער וועט אַרויסקוקן.

און אַזוי איז געווען. שולנער האָט דערהערט, אַז עמיצער דרייט זיך אַרום באַם פענצטער, האָט ער אַרויסגעקוקט.

—אַה, דאָס זענט איר קרופּקין... — האָט ער געזאָגט. — איר קאָנט ניט שלאָפן וואָס איר דרייט זיך אַרום?

— ניין, איך קאָן ניט. און איר? — האָט קרופּקין אַ פרעג געטאָן.

— איך קאָן אויך ניט, איך וועל אָבער פּרובירן.

— איר האָט ליב צו פּרובירן, זע איך.

— וואָס מיינט איר? — האָט שולנער געפרעגט שטילער.

— וואָס אַ שטייגער קאָן איך מיינען, מיינט איר?

— מ׳דאַרף ניט זיין קיין גרויסער חכם אָנצושטויסן זיך לויט אייער טאָן און לויט אייערע בליקן, וואָס איר האָט געוואָרפן אויף מיר. עס איז טאַקע געווען פינצטערלעך, אָבער אייער פּאָזע לעבן מיר, ווי איר זענט געשטאַנען, האָט מיר גאַנץ גענוג געזאָגט. און לאָמיר איך זאָגן, קרופּקין, עס איז זייער ניט אָנגענעם פאַר מיר און ס׳איז אַפילו נידעריקער פון מיין ווירדע צו ריידן וועגן דעם און פאַרטיידיקן זיך פון עפּעס, וואָס איז... נישט געשטויגן און ניט געפלויגן. איך וויל אָבער ניט אַז איר זאָלט בלייבןביים איינדרוק און באַ דעם חשד אין וועלכן מיין נאַרישער אויסדרוק מיטן ״שוועבעלע״ האָט אייך דעמאָלט אַריינגעוואָרפן. מ׳דאַרף זיין, ווייזט אויס, פאַרזיכטיק מיט ווערטער אין אַ שפּאַס און איבערהויפּט אין אַ אומשולדיקן ערנסט. דאָס אַלעס וואָס איך האָב אייך צו זאָגן. אַ גוטע נאַכט.

ער איז אַוועקגעגאַנגען פון פענצטער און געלאָזט קרופּקינען אַליין. קרופּקין איז געשטאַנען אַ ווײַלע, ניט ווויסנדיק ווי אַפּצעשאַצן שולנערס אָפּענעם געשפּרעך; דערנאָך איז ער ווידער אַוועקגעגאַנגען צו דער קיך צו איבערצייגן זיך, אַז אַלעס איז אין אָרדענונג און ווען ער איז שוין געגאַנגען צוריק אין זיין צימער, האָט ער געטראָפן ביי זיין טיר רויזנבוימען,

רויזענבוים איז געשטאַנען מיט זיין לולקע אין דער האַנט און דערזעענדיק קרופּקינען, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב ערשט געוואָלט אַריינגיין צו אייך, קרופּקין.

— וואָס עפּעס . . .

— איך האָב אייך עפּעס וואָס צו זאָגן.

קרופּקין האָט ווידער אַ טראַכטגעטאָן וועגן שולנערן: אָט קומט עס... רויזענבוים ווייסט אויך מסתמא. . .

— נו, קומט אַריין.. — האָט ער געזאָגט.

—ניין. אַז איר זענט שוין דאָ, וועל איך עס זאָגן אייך דאָ. עס וועט ניט נעמען לאַנג. איך מוז עס אייך זאָגן, ווייל אויב ניט, וועל איך ניט

שלאָפן די גאַנצע נאַכט און מיין געוויסן וועט מיך מוטשען . . .

— עפּעס וועגן שולנערן? — האָט אים קרופּקין געוואָלט אונטער־העלפן.

— וועגן שולנערן? ניין... וואָס גאָר וועגן שולנערן. ס'איז וועגן מיר זעלבסט. איר פאַרשטייט... איך קאָן עס ניט זאָגן פאַר אַלעמען... נאָך אַלעמען, ס'ווילט זיך ניט ריידן פאַר אַלעמען. אָבער אייך וועל איך זאָגן און איך וויל, אַז בערג זאָל אויך וויסן, אַז איך בין דערדאָזיקער וואָס האָט געמאַכט דאָס פייער . . .

— איר?! האָט קרופּקין כמעט אויסגעשריגן.

— יאָ, איך..—האָט רויזענבוים שטיל געזאָגט. — ווען איך האָב באַ דער וועטשערע געראַכערט מיין ליולקע און געוואָלט אַרויסטרייסלען דעם אַש, בין איך אַריינגעגאַנגען אין קיך, געמיינט איך וועל עס טאָן אין דעם אייזערנעם פעסל. אָבער ווען איך בין צוריק אַרויסגעגאַנגען פון דער קיך, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז כ'האָב געזען ווי צעזאַמען מיטן אַש זיי־נען פונקען געפלויגן פון דער ליולקע... כ'האָב אָבער ניט געטראַכט וועגן דעם אין דער צייט... איצט פאַרשטיי איך... איך בין אפילו זיכער, אַז די פונקען וואָס האָבן אונטערגעצונדען די טישטוכער, זיינען געווען פון מיין ליולקע... איך האָב עס אייך געמוזט זאָגן... און איצט פיל איך בעסער . . .

— איר פילט בעסער?! — האָט אים קרופּקין אָנגעכאַפּט באַ דער האַנט אַ דערפרייטער. — און איך, מענטש! ווי דיינקט איר פיל איך?! נו, גייט שלאָפן, גייט, און פאַרגעסט וועגן דעם... איר זעט דאָך — בלויז עט־לעכע טישטוכער, אַ כפּרה!

ווען רויזענבוים איז אַ שטילער אַריין צוריק אין צימער, האָט קרופּקין אָנגעקלאַפּט אין שולנערס טיר.

שולנער האָט געעפנט די טיר און איז געבליבן שטיין אַ קאַלטער.

— איך מוז זיך ענטשולדיקן פאַר אייך שולנער — האָט קרופּקין גע־זאָגט. — ווייל איך בין דאַכט זיך דער נאַר, און ווען איך זאָל זיך ניט ענט־שולדיקן איצט פאַר אייך, וואָלט איך ניט געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט. און אַז די נאַכט איז שוין באַלד אַוועק — האָט ער גוטמוטיק אָנגעוויזן אויפן פענצ־טער — וויל איך סיי ווי סיי ניט, אַז מיין געוויסן זאָל מיך מוטשן.. ענטשול־דיקט. — האָט ער אַ פרעג געטאָן און אַ קלאַפּ געטאָן שולנערן אין אַקסל.

— אָל־רייט — האָט שולנער זויער אַ שמייכל געטאָן און האָט פאַר־מאַכט די טיר.

קרופּקין איז מיט אַ גרינגן האַרץ אַריין צו זיך אין צימער.

*

אין דעם אינדערפרי, אַ טאָג נאָך יום כּפּור זײנען שוין כמעט אַלע געװען צוריק פון שטאָט. אַ יעדער אײנער מיט זײן שטימונג. פאַר אײניקע איז דאָס צוריקקומען צו די קלײנע צימערלעך און צום שטילן פעלד און הימל געװען טרויעריק און ענטוישנד; פאַר די אַנדערע — אַ דער־לײכטערונג, װאָס ענדלעך זײנען זײ צוריקגעקומען צו זײערע אײגענע װינק־לען פון דעם טומלדיקן אויסמאַטערנדיקן ניו יאָרק. די עלטערע, די פאַרמערס איבערהויפּט, זײנען געװען צופרידן צו זײן ענדלעך אינדער־הײם, די פרויען אָבער, די אינגערע האָבן נאָך אַלץ ענטוישטע געקוקט אויף די שמאָלע צימערלעך, אויף די אַנגעװאָרפּענע פּעקלעך װאָס זײ האָבן אָנגעבראַכט פון ניו יאָרק. מ'האָט נאָך אַלץ גערעט װעגן בראָדװײ, װעגן די טעאַטערס, װעגן די רעסטאָראַנען און װעגן דעם װאָס מ'האָט געזען, און װאָס מ'האָט געגעסן, און װי שפּעט אין די נעכט מ'האָט אַרומ־געהוליעט מיט פרײנט און בעקאַנטע.

די אײנציקע, װאָס זײנען צוריקגעקומען שטילע און שװײגנדיקע, זײ־נען געװען די ברידער בלושטײן. די װאָך אין הויז פון די עלטערן האָט זײ אויסגעמאַטערט מיט דער צוגעבונדנקײט און איבערטריבענער אויפ־מערקזאַמקײט. זײ האָבן אָבער געפילט, אַז ערגעץ װאו פעלט דער קאָנ־טאַקט, דער אַמאָליקער שטאַטישער פּולס און ריטם אין זײ, דער ראַשיקער און ברויזנדער אינטערעס צו דעם, װאָס האָט אַזױ פאַכאַפּט די יונגעלײט און די מײדלעך פון זײער שטאַנד. די געשפּרעכן זײערע האָבן װידער און װידער אַמאָל געדרײט זיך אַרום פּאַלעסטינא און אַרום דער ענגלישער פּאָליטיק. און ניט באַמערקט אַפילו װי אַזױ זײ האָבן אין זײערע געשפּרעכן יעדעס מאָל אומגעקערט זיך צום הויפּט־פּונקט פון זײער גע־שפּרעך — צו דער קאָלאָניע „באָזן; געמאָלן די אַרבעט אין איר, און די קאָלאָניסטן אין איר, איבערהויפּט בערגן, מיט די ליכטיקסטע פאַרבן, און געהאַלטן אין אײן באַװײזן, אַז די אײנציקע טירן צו אויסלײזונג פון אַנטי־סעמיטיזם פירן דורך אַזעלכע לאַנדװירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס. דער על־טערער בלושטײן האָט איבערהויפּט געצילעװעט דידאַזיקע רײד אין די אויערן פון אַ בלאָנדער מײדל, װעלע איז אין זײנע אויגן געװען אַזױ צױבערדיק װי ביולאַ. און ער האָט איר אַפילו געגעבן אַנצוהערן, אַז ער װאָלט געװאָלט ,אַז אויך זי זאָל װי ביולאַ קומען אין דער קאָלאָניע, פאַר־בינדן זיך מיט אים און טײלן מיט אים זײן לעבן און זײן אידעאַל. די מײדל האָט געשמײכלט סודותדיק און געקוקט ערגעץ אינדערװײטנס... איר שמײכל און איר בליק האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך אין דער קאָ־לאָניע, װאו דער ברײטער מרה־שחורהדיקער הימל האָט פאַרדעקט מיט גרױקײט זײן טרױם.

*

דאָס פּעלד איז שוין געלעגן ווי אַן אַלטער אויסגעריבענער און צעריסענער טעפּיך. דער לייק האָט זיך געהוידעט מיט גרויסע כוואַליעס; דאָס וועלדל אינדערווייטנס איז געשטאַנען ווי אַ שוואַרצער וועכטער; סטייעס פייגל זיינען געפלויגן אונטער גרויע כמאַרעס, עס זיינען געווען ווינטיקע און אויך רעגנדיקע טעג און נעכט.

די אַרבעט אין דער קאָלאָניע האָט אויסגעוויזן גרוי און פּוסט. עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך מי און אַרבעט איינצושטעלן די אָנגעקומענע אויוונס; מ׳האָט באַדאַרפט איינקויפן קוילן און װאַרעמע קליידונג פאַר אייניקע פון די קאָלאָניסטן און בערג צעזאַמען מיטן ״ראַטקאָם״, האָבן מיט פאַראויסגעזעענע שוועריקייטן פּלאַנירט דעם בודזשעט פאַר דעם ווינטער.

בערג האָט דערוויילע אַריינגעבראַכט פון דער שטאָט ביולאָס פּיאַנאָ, וועלכע מ׳האָט אַוועקגעשטעלט אין ״האָלל״, און דער ״דאָקטאָר״ האָט שוין איינמאָל אַראַנזשירט אַ גרויסאַרטיקן ״ליטעראַריש מוזיקאַלישן אָוונט״ מיט דער באַטייליגונג פון ביולאַן, פון דעם דיכטער רויזענבוים און פון מערי בראָדערזאָן, וועלכע האָט געזונגען אידישע און רוסישע לידער אונטער ביולאָס אַקאָמפּאַנימענט.

איינמאָל איז אויך דער ״דאָקטאָר״ געפאָרן קיין ניו יאָרק. געקומען צוריק אַ פאַרוואָלקנטער. פון דער פאַרוואָלקנקייט האָבן אָבער אַרויסגעשיינט ווי זון־שטראַלן זיינע איבערצייגנדע און אָפּטימיסטישע ווערטער:
— איר ווייסט גאָר ניט ווי גוט עס איז אונדז דאָ, מיינע פריינט. דאָס לאַנד שטייט אויף דער שוועל פון געשעענישן וואָס וועלן אויפרייסן דעם גהינום, מיר שטייען אָבער דאָ אויף אַ זיכערן באָדן... — ער איז געווען ענטוישט אין דער שטאָט דער ״דאָקטאָר״ און איבערהויפּט איז ער געווען ענטוישט מיט זיין פריינט דעם קאַפּיטאַליסט, וועלכער האָט אים דאָס מאָל ניט געוואָלט אויפנעמען אַפילו.

אַפאַר מאָל זיינען געקומען געסט פון ניו יאָרק אַ פּאָר שרייבער, אַ פּאָר קולטור־טוער אַן אַקטיאָר און אַ יוניאָן־פירער — אַלע בערגס פּערזענלעכע פריינט, געקומען אַ קוק טאָן און אויסגעפינען וואָס ס׳איז געוואָרן פון בערגס אַנאַרכאָ־קאָמוניסטישע פאַנטאַזיעס. זיי זיינען איבערגעשטאַנען אַ טאָג און איבערגענעכטיקט אַ נאַכט און אַוועקגעפאָרן באַגייסטערטע פון ביולאַן, אָבער ווייניקער פון דער קאָלאָניע, וואָס האָט אין דעם האַרבסטיקן רעגנדיקן טאָג אויסגעקוקט גרוי, בלאַטיק און נודנע. די שרייבער האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן שרייבן וועגן דער קאָלאָניע. דער אַקטיאָר האָט צוגעזאָגט אַריינצעכאַפּן זיך אַמאָל מיט אַ קאָנצערט און די איבעריקע געסט האָבן געמאַכט קאָמפּלימענטן אין וועלכע בערג האָט געשפּירט אַ העפלעכע גלייכגילטיקייט.

ער האָט אָבער געשמייכלט אין זיך און געקוקט מיט ליבשאַפט אויף

ביולאָן און אויף דעם פעלד און כאָטש אַ פאַרגעפּיל פון אַן אָנקומענדיקער קאַטאַסטראָפע האָט געגאָגט און מאָמענטווייז געשראָקן, דאָך האָט ער גע־טריבן פון זיך די שאָטנדיקע געדאַנקען און אַ טיפערע, אינערלעכע שטי־מע האָט געמונטערט: עס איז בעסער און געזינטער צו האַלטן זיך בײַ דער ערד, אויפאַקערן זי און פאַרזייען זי, און דערנערן זיך פון איר גוטס־קייט, איידער צו קלעטערן און רייסן זיך אויף די גלייכע הימלקראַצער־ווענט, , אָדער פאַרדרייט ווערן אין וויר־וואַר פון האַנדל וואַנדל. אַ שטורם קומט און אַ שטורם פאַרגייט, אָבער זי, די ערד, וועט בלייבן און יעדן טאָג וועט זי זען ווי עס גייט אויף די זון. און מיט דער אויפגייענדיקער זון, וועט אויך ער און ביולאָ זען, ווי עס מאַכט זייַנע ערשטע טריט און ווי עס גייט אויף אַ נייער מענטש אויף דער מאַמע־ערד — זייער אייגענער, זייער נייגעבוירענער זון.

**
*

ז. וויינפער

# ביים גרענד קעניאן

— 1 —

אַזוי אומגעריכט איז געווען די אַנטפּלעקונג,
אַז אַפילו די פּלוצימדיקע אַנטדעקונג
פון אייגענער שטוביקייט,
און דרויביקייט
איז שטוביק
און דרויביק
געוואָרן.
אַזוי האָט משה ביים הייליקן פייער פון דאָרן
געקניט צו דער נידער מסתמאו!
אַן אויסטערלישע גאַמע
פון קאָלירקער נישט־דאַגעדאכטקייט —
אַן אָפּנקייט און דאָך אַ צוגעמאַכטקייט!

— 2 —

די וואָר איז פאַרשפּילט דאָ מיט חלום.
איז דאָס מיט קלאָרן וואָרט
זע, זע, עס לעבן בשלום
דאָביידע.
אָט זיצט דאָך דער זיידע
ביים אייניקל׳ס וויג.

און אָט איז די ציג,
די ווייסע,
די אייביקע מעשה
פון דאָרטן און דאַנען
איז ענדלעך פאַרשטאַנען,
איז ענדלעך באַנומען.
פון וואַנען און נאָך וואָס בין איך אַהער געקומען?
דער גאַנצער אַהינטער איז ווייט ערגיצוואו,
און איך בין אויפגעלייזט אין דער רו
פון לויטערסטן ליד
אויף ווענט פון גראַניט.

— 3 —

אַזוי פיל רו איצט אין מיר!
עס איז די רו ביי אַ טיר,
וואו מען טוט אויס די שיך,
און אַלצדינג פון זיך.
עס האָט גאָר נישט געטראָפן,
עס איז גאָרנישט פאַרלאָפן,
דער וואָלף און די שאָף
שטייען אויף פונעם רואיקסטן שלאָף,
און זאָגן זיך: — גוט מאָרגן.
די וועלט טראָגט פאַרבאָרגן
די לויטערסטע מעשה.
זי שוועבט, ווי אַ טויב אום, אַ ווייסע,
ווייל שוועבן
מיינט לעבן.

4 —

איך בין איצט בראשית, וואָס טראַכט נישט פון סוף.
איך בין איצט די רו פון אַ שאָף,
וואָס גריזשעט אויף זאַפטיקער לאַנקע דאָס גראָז,
און מעקעט אַזוי זיך אָן אַ פאַרוואָס.
איך בין איצט אַ טייל פון דער אייביקייט,
וואָס רייט אָן צער און אָן פרייד
אויף אייגענעם רוקן,
און הערט נישט אויף גלייכגילטיק אין אייגענעם פנים צו קוקן.

— 5 —

די אייביקייט, — אָטאָם שוין צעשפּאָלטן
קאָן מער זיך נישט האַלטן
און טראָגט זיך צעברויזט.
געפּרייזט און געגרויסט
איז יעדע באַשאַפונג.
אַ ליד פון גרויסער פאַרגאַפונג
גייט אויף און דערפרישט,
כאָטש מען דערהערט דאָס נישט.

— 6 —

די ערד האָט שטום זיך געוואַשן אין זילבערנעם טוי.
זי האָט אויפגענומען דעם פרימאָרגנגרוי,
ווי אַ האָרעפּאַשניק נעמט אויף זיין מלאכה גאַנצפרי.
די זון האָט געשיקט איר ערשטן גלי
פון גאָלד און ראָז.
בלויז ווינטל־בלאָז
האָט נאָך געטראָגן אין זיך
די קילקייט פון דער נאַכט און איך?
אַן אָפּגעשיידטער פון אַלץ אַהינטער מיר
האָב זיך דערפילט ביים שוועל פון גאָר אַ נייער טיר.

— 7 —

די נייע טיר, —
וואָס איז אַ הינטער איר?
אַזוי פיל שיינקייטן אין שטילער פאַרגליווערונג
און איבער זיי אַ ציטערדיקע שימערונג
פון נאָר וואָס אויפגעוועקטע שטראַלן.
ווער איז דער גאָט, וואָס איז אָט די שיינקייטן באַפאַלן,
און אַזוי גרויזאַם זייער לשון אָפּגענומען?
איך בין אַהער פון ווייט געקומען
צוזאַמען מיט דער זון, צעבלענדט, צעגליט,
נאָר שיינקייטן אין דעם גראַניט,
ווי דרעמלענדיקע פייגל אין שטייגן
באַגעגענען מיך מיט עקשנותדיקן שווייגן
און אַזאַ שווייגעניש איז אויך אין מיר.

די נײַע אויפגעפּראַלטע טיר?
זי איז אַן אָפענע און דאָך אַ צוגעמאַכטע.
אַ וועלט אַן אויסגעטראַכטע,
און דאָך אַזוי קלאָר.
אַן אויסטערלישע וואָר,
ווי אַ קאַשמאַר.
אַ טיף אַנטוישטער גאָט האָט דאָ אין גרויסן צער
זײַן שאַפונג און אויך זיך אַליין
פאַרגליווערט אין דער קילקייט פון אַ שטיין.

— 8 —

פּחד און דערהויבונג,
ציטערדיקע דבקות,
שטילע, נײַע גלויבונג,
טונקל־שווערע ספקות.

ספק פאַלט דאָ צו דער נידער,
צאַפּלט זיך, צעפאַלט זיך.
גאָט אין אַלע מײַנע גלידער
זינגט אויף און צעשטראַלט זיך.

זע, דאָס ליכט אין האַרץ פון שאָטן
שפּיזלט זיך און רײַסט דאָרט שטיקער.
גאָרנישט, גאָרנישט איז פאַרבאָטן
אויפן וועג צום גרויסן עיקר.
אַ שטאָט אין קילער, שטאַרער פאַרגליווערונג
און איבער איר אַ ציטערדיקע שימערונג
פון בלענדנדיקן ליכט און שלאָפנדיקן שאָטן.

— 9 —

און איך זישע בן רב יצחק לייב הקטן
בין איצט אין סדום, — די שטאָט פון פעטער לוטן?
צי אפשר בין איך גאָר דער אַלטער זיידע אָדם אין גן־עדן?
איך זוך אַרום אַ פײַגנבלאַט זיך צו באַקליידן,
נאָר מער, ווי דערנער שפּיציקע איז גאָרנישט צו געפינען.
און פּלוצלונג קומט מיר אויף מײַן זינען,

אַז איך בין גאָר נאָך נישט געבוירן.
אַט פיל איך נישט מיין גוף, — נשמה מיינע בלאָנדזשעט אום פאַרלוירן
צווישן עפּעסן, וואָס האַלטן ערשט אין יערן.
זאָל כאָטש אַ גוטע מאַמע מיך געבערן —
אַ מאַמע, אַט אַזאַ, וואָס האָט מיך אין אַן אַנדער דור דערצויגן.
ווי גוט עס ווערט מיר אונטער יענער מאַמעס בלויע אויגן
אין אַט דעם אויסטערלישן און שווייגיקן אַרום,
וואָס קוקט אויף מיר דאָ אַזוי קאַלט און האַרט און שטום.
די לופט אַפילו, — איר אָטעם איינגעהאַלטן
פון שרעק פאַר דעם, וואָס ליגט אַט דאָ בעהאַלטן,
און לויערט פון די שטיינערדיקע שפּאַלטן.

— 10 —

פּאַלאַצן אויסטערלישע און לאַבירינטיש־מאָדעלירטע.
אַזוי פיל שוועלן און קיין איינע נישט באַטירטע.
אַזוי פיל ווענט אָן פענצטער און אָן שויבן,
אַ וואַלד פון טורעמס און איבער זיי פון אויבן
אַ העלער, קילער, שווייגנדיקער הימל,
ווי איבער אים וואַלט עמיצער געכאַפּט אַ דרימל
נאָך שווערער אַרבעט מיט דלאָטע און מיט האַמער,
עס שלאָפט אַ שטאָט אין צוואַנגנדיקן שטיינגעקלאַמער
פאַרכישופט פון קאָשמאַרנדיקער נישטדאָגעדאַכטקייט.
אַן אויפגעפּראַלטקייט אין אַזאַ פאַרמאַכטקייט
אויף שלעסער און אויף ריגלען אייזערנע און שווערע.
בלויז דינער שטויב אויף רוקן פונעם ווינט אויף גאַסן לערע
זוכט שטיל פון דער אַרומיקייט זיך צו באַפרייען.
איך פיל אַ גליעקן באַגער נאָך הילף צו שרייען,
נאָר קול מיינס איז אין האַלדז ווי אָפּגענומען
נאָך וואָס, צו וואָס בין איך אַהער געקומען?
דער דינער שטויב אויף רוקן פונעם ווינט
יאָגט אום זיך בלינד, —
וואָס איז ער אין זיין יאָגעניש איצט אויסן?
ער זוכט פאַרצווייפלט אום אַ טיר צום דרויסן,
און קאָן זי נישט געפינען.
איך שטיי פאַרפלאָנטערט, ווי אין אַ געוועב פון שפּינען.

און מײַנע אויגן קוקן ,קוקן.
און מײַנע אַקסלען צוקן, צוקן.

— 11 —

אַן אומזיניקע באַשאַפונג,
וואָס וועקט פאַרגאַפונג,
און געפּלעפּטקייט.
איך בין איצט דורך און דורך באַהעפטקייט
מיט עפּעס, וואָס איז מוראדיקער סוד.
די לופט איז אָנגעפּילט מיט שווערן טראָט
פון עפּעס אַן אומהיימלעכן גאָט.
ווער איז ער? וואָס ברענגט ער מיט זיך מיט?
אַ גאָט מיט גלידער פון גראַניט
באַוועגט זיך שווער דאָ, ווי אַ גולם.
נאָר זע, — אויך ער פאַרמאָגט אַן עולם,
וואָס פאַלט פאַר אים אין שטויב,
און זינגט צו אים אַ לויב.
אַ לויב צו וועמען און צו וואָס?
צום אומזיניקן ווינטל־בלאָז
אויף שווייגיקן גראַניט?
איך בין אַ ייד! אַ ייד!
אַ זון פון יענעם פאָלק, וואָס האָט זיין גאַנצן שייער
פאַרברענט אין פלאַם פון סיני־פייער,
און צו דעם אַש דעם קאָפּ געבויגן.
די צייט האָט דורך די דורות אונדזער בלוט געזויגן
און דאָס געבראַכט אויף יעדערנס מזבח פאַר אַ קרבן,
נאָר אונדזער גאָט איז נישט געשטאָרבן.

נישט איינמאָל איז ער אונדזער רוט,
און דאָך איז ער אין אונדזער בלוט, —
מיר טראָגן אים אין זיך דורך גאַז און שייטער
אַלץ ווייטער און אַלץ ווייטער.

פאַרגאַפונג און געפּלעפּטקייט,
און דורך און דורך באַהעפטקייט
מיט גרעסטן, וואונדערלעכסטן סוד,
וואָס איז אין דעם א ח ד !

— 12 —

אויב מער נישט אַלטער גאָט,
איז נייער מענטש.
איך הער זיין טראָט,
און בענטש.

אַ גאָט פון שווייגיקן גראניט
צושטויסן האָבן מיר שוין לאַנג.
איך הער פון יענעם שטויס אין מיין געמיט
דעם ווידערקלאַנג.

און ווידערקלאַנג
איז מער שוין נישט
קיין העל געזאַנג,
וואָס פרישט דערפרישט.

— 13 —

פאַרריגלטקייט,
פאַרזיגלטקייט,
כאָטש נישט קיין ריגל
און קיין זיגל
איז אויפצוכאַפּן מיטן אויג.
די לופט אַן אויסגעוואַשענע אין לויג
פון פאַרפיומירסטן זייף
פאַרצויגן האָט אַ שלייף
אויף יעדער רעגונג
און באַוועגונג .
אַלץ איז אָפּגעשטעלט.
פאַרזונקען איז אַ וועלט
אין טיפן שווייגן.
איצט קוקן אויס די טורעמס גאָר ווי שטייגן,
און מיינע אויגן זוכן אום די גראַטעס.
איך ציטער אויף, — מיר דאַכט, אַז גאַרנישט גלאַט איז
אָט דאָס, וואָס איז איצט אַרום מיר.
איך זוך אַ טיר
צו די געפאַנגענע
און אפשר לאַנג שוין אויסגעגאַנגענע

דורך רשעותדיקע הענט.
נאָר אַזאַ שטומעניש אויף אַלע ווענט,
אַז איך אַליין פאַרשטומט אויך ווער.
און אָנגעשטרענגטס איז מיין געהער
צו אַט דער שטומעניש.
קאָן זיין, אַז זי איז אַזאַ אָפּקומעניש
פאַר גרויסע און פאַר שווערע זינד.
זע, זע, — דער בלעזלדיקער ווינט
טוט דאָך אַ הויב
אַביסל שטויב
און שיקט אים שטיל פאַנאַדער
אין אומזיניקן וואַנדער, —
וואוהין? צו וואָס? צו וועמען?
אַ וואָלקן אין דער הויך, ווי אַ זקן מיט שווערע ברעמען
שלעפּט שטום זיך צו דעם פּנים פון פרימאָרגן, —
אויך ער האַלט טיף אין זיך דעם סוד פאַרבאָרגן
פון די פאַרריגלטע,
פאַרזיגלטע.

— 14 —

און פלוצלונג שלאָגט זיך אויף אַ קול, —
איז דאָס פון טאָל?
צי פון דער הויך?
אַ וואָלקן, ווי צעניפּגעפּרעסטער רויך
אין דער מסיבה פון וואָלקנס איידעלע און ווייסע.
נו יאָ, אַזוי איז דאָך מיט יעדער מעשה, —
דאָס אייביקע געמיש פון שיין
מיט פּיין.

עס ציטערט דאָס קויל
פון טאָל
פון באַרג,
און אַזוי קאַרג
איז דאָס מיט קלאָרן וואָרט.
פון יעדן אָרט, —
אַ שווער געדיכט געברום,
און דאָך ווי שטום!

— 15 —

ווי לאַנג שוין, אַז איך זיץ דאָ אַט אַזוי?
געבראַכט האָט מיך אַהער דער מאַרגנגרוי,
דורך חושך און צעווילדעטן קאָשמאַר.
אַזוי פיל צער
אַהינטער מיינע שטרעקעס!
און ווייסן ווייס איך, אַז מיט טשוועקעס
איז דער פּאַראַדיס אויך אויף מיין וועג.
נישט איין מאָל וועט אַ זעג
מיט אירע ציין צעזעגן
בנינים איבער מיינע וועגן,
וואָס בויען וועלן מיינע הענט,
און דאָך וועל איך פאַרלייגן גאָר אַ נייעם פונדאַמענט,
ווייל בויאונג איז דער שענסטער בלענד,
וואָס ציט און ציט.
איז וואָס זשע טוט אַן אומרואיקער ייד
אין אַט דער שעה
אַט דאָ?
אַ גאַרנישט, גאַרנישט טוט ער!
די זון האָט אויפגעמאַכט די אויגן מיט דער צאַרטקייט פון אַ מוטער,
וואָס גרייט זיך פרישטיק אָפּצוקאָכן.
נאָר אירע קינדער זענען זיך צעקראָכן
און קיינער איז דאָ ניט געבליבן.
דער ווינט האָט זיי צעטריבן
אויף ווייטע און אויף פרעמדע וועגן
און קיינער קומט דער מאַמען נישט אַנטקעגן
אַ גוטמאָרגן זאָגן.
כדאי געווען דאָס טראָגן,
געבערן,
דערנערן,
און אויף דער עלטער בלייבן דאָ אַליין
אין גליווערדיקער וועלט פון שטיין.

— העי קינדער ,קינדער, קערט זיך אום אַהיים צוריק!
עס וואַרט אויף אייך דער מאַמעס בענקענדיקער בליק,
דער אָנבייסן פון טייגלעך מיט פּאַסאָליעס,

די פינגער אירע מיט מאַזאָליעס,
דאָס ברויט געבאַקן ביי דער באָבע העניען!

אַ מאַמע, אַבי איך האָב געמיינט, אַז ביי דעם קעניאָן
איז אויפגעלייזט געוואָרן אַלץ אַהינטער מיר.
הער, הער, אַט טראַכט איך גאָר פון דיר,
און פון דער באָבען, וואָס האָט געבאַקן
דאָס קימל־ברויט מיט טויזנטער געשמאַקן.

— 16 —

דו, אַ דו! —
ווער און וואָס ביסטו?
ביסט ווייס פּאַפּיר
און אַלץ פאַרשריבן, וואָס געווען אַהינטער דיר.
ביסט ברויז
אין דעם געיעג פאַראויס.
ביסט גליוער אינעם שטיין,
וואָס ווייסט אַליין
נישט ווען און וואָס.
ביסט גרינס פון גראָז,
און אויך די קראָפּעווע, וואָס בריט.
ביסט ליד,
וואָס וויינט און זינגט,
ביסט גלאָק, וואָס קלינגט
און רופט זאָגט אָן.
ביסט פלאַטערדיקע פאָן
אין יעדנס שענסטן טרוים.
אַמאָל ביסטו די פרוכט אויף בוים,
און אָפטמאָל ווירבלדיקער ווינט,
וואָס ברויזט אויף בלינד,
און וואַרפט די פרוכטן צו דער ערד.
דו ביסט די שווערד,
וואָס ברענגט דעם טויט,
און אויך דאָס מעסער אויף צו שניידן ברויט,
וואָס ברענגט דאָס לעבן.
ביסט שפין, וואָס פרעסט די אייגענע געוועבן,
ביסט אויך אין דעם מאָטאָר די שטאַרקסטע שרויף,

וואָס טרייבט צום באַרג אַרויף,
און אויך אַרונטער צו דעם טאָל.
דו ביסט אין דעם אַמאָל, אַמאָל,
און אויך אין דעם וואָס וועט ערשט זיין.
אַמאָל ביסטו די שיין.
און אָפט מאָל אויך די פינצטערניש.
דו ביסט דאָס אייביקע געמיש, —
די דאָאיקייט,
נישטאָאיקייט!

— 17 —

דער מאַרגנגרוי איז אומבאַמערקטערהייט פאַרשוואונדן,
דאָס ליכט פון טאָג, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן
געשיינט האָט שווייגנדיק ווי אַ וואַקסן ליכט פאַר טויטע.
די טורעמס אויף די אויסטערלישע גאַסן נישט דערבויטע,
ווי קרישלענדיקע שטיין־מצבות איבער מאַסן־קברים.
אַ בייזער גאָט האָט שווערן, שטראָפנדיקן אַרעם
אַראָפּגעלאָזט אָט דאָ פאַר שווערע זינד באַגאַנגענע.
אין לופטן האָט געציטערט דער לעצטער צאַפּל פון געהאַנגענע,
פון קינדערגלידערלעך צעדריבלטע אויף האַרטע ווענט,
פון ביינער מענטשלעכע אין גאַז־אויוונס פאַרברענט,
פון טויט־דערשלאָגענע דורך קנאַלנדיקע בייטשן.
אַ גאָט, צי האָבן נישט געלעבט אָט דאָ די דייטשן
יאַ יאָ! נישט אַנדערש — איז זיי געבענטשט דו מוראדיקע שטראָף,
וואָס האָסט געבראַכט אויף זיי אַזאַ מין שטראָף,
און זיי פאַרוואַנדלט אין פאַרגליווערונג.
פאַרדריסלעך איז מיר בלויז געווען די שימערונג
פון ביסל ליכט אין אָט דעם ים פון שאָטן.
געטראַכט האָב איך, ווען איך בין גאָט, וואָלט איך פאַרבאָטן
דער זון, לבנה און אויך אַלע שטערן
די שאָטנס דאָ מיט ליכטיקייט צו נערן.

ווען איך וואָלט איצט אַ גאָט געווען! אַ גאָט? איך?
אַ שוידער האָט מיך אויפגעוועקט און שטיל געבראַכט צו זיך.
און אַזאַ ווייטיקדיקע פיין האָט מיך גענומען בייטשן
למאי איך האָב פאַרשעמט די שאָטנס און זיי פאַרגליכן מיט די דייטשן.

— 18 —

זעט אויס, אַז ווער עס זוכט אוועק צו גײן
פון זיך אַלײן, —
פון אײגענעם געמיט,
דער גײט מיט זײנע טריט
סײַווי צוריק צו זיך.
אַ שטיקל מענטשנס איך,
און זע, ווי רײַך, ווי פול.
וואָס איז די שײנקײט דען,
אויב נישט סטימול
נאָך שענערס צו דערזען? —
נאָך טיפערס צו באַנעמען מיטן מות און געמיט?
ווער זינגט עס איצט אַ ליד, —
די טורעמס פון גראַניט,
צי איך?
אַ מענטש טוט אויס די שיך
פאַר לויטערקײט פון שײן,
נאָר הארץ נעמט אַלץ אין זיך אַרײַן, —
די פרײד, די פּײַן,
און ווערט צעגליט,
ווי איצט מײַן ליד.

— 19 —

עס רײַסט זיך איצט אַ ליד
פון מײַן געמיט
צו יענע ליבע טריט,
וואָס זענען געגאַנגען,
און נישט דערגאַנגען.
איך שטײ געפאַנגען
פון בויאונג, וואָס געבליבן איז אינמיטן.
ווער האָט די בויער דאָ פאַרשניטן?
די ערד, — אַ הענגנדיקע בריק
אויף ווײכע שטריק,
וואָס ציטערט אום, אַט, אַט!
און דאָך איז מײַן געזאַנג
צום טראָט
אין גאַנג,

און מיין געווייין
אויף די וואָס בלייבן שטיין.

זינג, זינג מיין האַרץ!
דאָס שוואַרץ
וועט ווערן הימל־בלוי,
און אויך אַזוי
דאָס ליד
אין מיין געמיט.

— 20 —

— דאָס איז די קרעאַטור
פון דער נאַטור ! —
לאָזט פלוצלונג זיך אַ קול דערהערן.

אַ מאַן מיט אַ געקאַרבטן שטערן,
און לאַקן, ווי פאַרוויאַנעט גראָז,
פאַרריכט די ברילן אויף דער נאָז,
און רעדט, דערציילט ,דערקלערט
די וואונדער פון דער ערד, —
די וואונדער פון דעם דומם.
דער עולם הערט און איז נשתומם .
ער הערט אין נייגעריקן פיבער,
און חזר׳ט איבער :
— דאָס איז די קרעאַטור
פון דער נאַטור !

נאָר ווען דער מאַן מיט דעם געקאַרבטן שטערן
הייבט אָן דערקלערן
דעם קאָלאָראַדאָ טייך,
וואָס איז אַ קעניגרייך
פון זעמדעלעך־סקולפּטאָרן,
צעבייזערט זיך אַ גלח׳ל מיט צאָרן,
און הייבט אָן איריטירט צו שטערן :
— קומט, קומט, — מען טאָר אַזוינס נישט הערן ! —
צעברומט ער זיך און ציילעמט זיך מיט פרומקייט.
אַ שווערע און פאַרשטאַרטע שטומקייט

פֿאַרשטאָפּט דאָס מויל פֿון דעם דערקלערער,
דאָס אָרט הייבט אָן צו ווערן לערער,
און באַלד איז קיינער שוין נישטאָ אים אויסצוהערן,
דער מאַן מיט דעם געקאָרבטן שטערן,
און לאָקן, ווי פֿאַרוויאַנעט גראָז
דריקט נערוועז זיינע ברילן צו דער נאָז,
און מיט די בליקן ווייט פֿאַרקוקטע,
און מיט די אַקסלען שטום צעצוקטע
צעברומט ער זיך אויפֿן קול,
נאָר דאַכטן דאַכט זיך, אַז עס ברומט דער גאַנצער טאָל!
— איך בין די קרעאַטור
פֿון דער נאַטור!

— 21 —

געדאַנק אין שטיין, —
אַ שטיינערנער געדאַנק!
אַזיינער וועט נישט גיין
פֿאַר דיר קיין גאַנג.

אַזוינער שטייט,
און קוקט דיין פּנים אָן,
אַ וועלט פֿאַרגייט?
וואָס גייט עס אים דען אָן!

ער איז צעבלענד
פֿון אייגענעם באַזיץ. —
דער פֿונדאַמענט,
און העכסטער שפּיץ.

אַט שטיי איך דאָ,
איך קוק צו אים זיך צו, —
וואָס מיינט אַ שעה
אין זיין פֿאַרשטאַרטער רו?

און איך וואָס מיין?
אַזאַ, ווי איך פֿאַרגייט!
ער אין דעם שטיין

איז גאַלע אייביקייט.

— די אייביקייט?
דאָס איז אַ גאָט אַזאַ,
וואָס זעט, פאַרשטייט.
און אַלץ אין אים איז שטיל און שאַ.

—22 —

גרענד־קעניאָן.
עס טויכט אין מוח אויף דער נאָמען לענין.
ווי קומט אינמיטן דרינען
דער נאָמען לענין מיר אין זינען?
צוליבן גראַם מסתמא.
אָט שטייט פאַר מיר דאָך אויך מיין מאַמע
צוליב׳ן גראַם מסתמא,
דאָך זע איך קלאָר זי מיטן קרבן־מנחה סידור,
און אָט זענען מיינע ברידער,
און אויך די שוועסטער מיינע,
וואָס רוצחים האָבן אומגעבראַכט אין דער אוקריינע.
אָט זע איך קלאָר אויך שטיין
גאָר זיך אַליין, —
אַ אינגעלע מיט פאַהלעך פאַרשייטע,
וואָס כשופט אויס פון האָריזאָנטן ווייטע
אַן אויסטערלישע קעניגרייך.

אַ זעמדעלע פון קאָלאָראַדאָ טייך,
וואָס קריצט,
און שניצט
און מאָדעלירט,
און האָט דערפירט
צו אָט דעם קעניאָן.
אַ מענטש, וואָס הייסט וולאַדימיר איליטש לענין
האָט אויפגעברויזט די ערד
און טיף אין איר צעיערט
אַ נייַ געוויקס, וואָס בליט
מיט רויטן צוויט.
הער, הער, — ביים שטיינגראַניט

פון אַט דעם קעניאָן
דער נאָמען : לענין
אין מיין זינען !
און כאָטש עס איז אינמיטן דרינען
איז אַט דער גרויסער כוח
אַן אַנגעלייגט גאַסט איצט אין מיין מוח,
ווי אַנגעלייגט עס זענען אַלע גאַנטע
און גלאַט אַזוי באַקאַנטע,
וואָס גייען איצט פאַרביי מיין זינען.
אפנים, אַז נישטאָ איז גאָר אַזוינס, וואָס איז אינמיטן דרינען !
עס איז ווי טויט און לעבן
וואָלטן זיך די הענט געגעבן
און זיך דערקלערט
אין גאַנצקייט אויף דער ערד.

דאָס זעמדעלע אין קעניגרייך
פון קאָלאָראַדאָר טייך,
וואָס שניצט,
און קריצט
און מאָדעלירט,
דערפירט
צו אַט אַזאַ מין קעניאָן, —
וולאַדימיר איליטש לענין,
עס איז נישט סתם
דער גראַם,
וואָס האָט געבראַכט דיך אין מיין מוח, —
עס איז דיין גרויסער כוח
פון גיין
דערגיין
אפילו דורך דער גליווערונג פון שטיין.

— 23 —

בלימלעך דורך די שפּאַלטן פון די שטיינער
בליען פאַר די אויגן, ווי להכעיס.
אַז פאַרזעצט האָט זיי נישט קיינער,
האָט דאָך קיינער נישט קיין נחת.

נחת נישט, נאָר אָנצוקוקן איז דאָך אַ מחיה
זע, אַ מענטש פֿאַרקוקט זיך אויף אַ בלימל,
וואָס בלימלט זיך ביי אַ לוויה
אונטער שווערן, כמורנעם הימל.

בלימעלעך צווישן שטיינער, — זיי דערמאָנען
ברענגען אַלטע בילדער אין זכרון.
רויטע, בלוט־באַפֿלעקטע פֿאָנען
אונטער שווערע טריט מיט שפּאָרן.

בלימלעך צווישן שטיינער, — זיי דערמאָנען,
קינדער יידישע פֿון טריסק און ראַכמעסטריווקע, —
ענגלאַנד שיסט אויף זיי אין חיפה מיט קאַנאָנען,
און זיי זינגען די התקוה.

— 24 —

וואונדערלעכע רגע׳ס און דערהויבענע מינוטן!
זאָל זיך אויסלאָזן צום גוטן, —
דאָס צעברויזקייט אין די בלוטן,
דאָס צעבלענדקייט אין די אויגן.
דאַכט זיך נישט געפֿלויגן, נישט געשטויגן,
דאָך די שיינקייט פֿון אַ רעגנבויגן.

— 25 —

מענטשן אויף דער ערד, דער רונדער
ציען זיך צו וואונדער־שעבעוואונדער,
כאָטש אַ יעדערער באַזונדער
איז אַליין אַ וואונדער־שעבעוואונדער,
אויף דער ערד, דער רונדער.

— 26 —

שטייסט אָט דאָ, און זעסט, וואָס דאָרטן,
און דער דאָרטן קוקט אַהער, —
וועלט איז אַ קאַלירנדיקער גאָרטן,
גאָרנישט איז אין איר דאָך לער.

אויך דער גאָרנישט איז אָן עפּעס,
אויג איז נאָך נישט צוגעוואוינט, —
זעסט אָ בלעזעלע, פֿאַרקלעפּ עס,
פֿרעג ביי זיך נישט צי עס לוינט.

יאָ עס לוינט, עס לוינט, אַוואדע,
טואונג איז אַליין פֿאַר זיך אָ שכר,
ווענן זיינען נישט קיין גראדע,
אויך די פֿרייד איז פֿול מיט צער.

וואָס אָ שטייגער וועל איך האָבן
פֿון דעם שווייגיקן גראניט?
הער, עס ווערן אויפֿגעגראָבן
אוצרות פּיל־פֿון מיין געמיט.

אינעם קאָסמאָס ביז איך חלק.
איך אין אים און ער אין מיר, —
אַלץ איז הייליק, הייליק, הייליק, —
הייליקייט אין מיר, אין דיר.

## — 27 —

אָ זקן אויף אָ באַנק, ווי אָ דעמב, אָ סוקעוואַטער,
און לעבן אים אָ ברוינער הונט, אָ קודלעוואַטער.
עס שפּאַנט פֿאַרביי אָ מיידל מיט שלאַנקע פֿיס אין קורצע זאָקן.
צעאייגלט זיך וואוילליונגעריש דער זקן,
און קוקט אויף איר מיט שמאַלציקייט אין זיינע בליקן.
נאָר פּלוצלינג הייבט אָן דער אַרום אָ שטריקעריי צושטריקן, —
די שטראַלנדיקע נאָדלען נעמען זיך מיט שאַטנדיקע שפּיזלען,
און איבער אַלע אָרעמס הייבן אָן צו ריזלען
אַזוי פּיל אויסטערלישע, פֿאַרביקע אוזאָרן.
קאַלירנדיקע קאָטשן קומען פֿון דער לופֿט צופֿאָרן.
מיט שטרויס־פֿייגל אין די גאָלדענע געשפּאַנען.
עס פֿאָכן מיט די בייטשלעך אדלערס און פּאַזאַנען.
אָ פֿעטער אָקס און דינע ציג באַגערן זיך צו פֿאָרן.
אָ האָן, — אָ רויטער שפּאַרט די שאַרפֿע שפּאָרן
דעם ספּריטנעם פֿערדל אין די זייטן.
אָ גאָלדן שיפֿל שיפֿלט אָן זיך פֿון דערווייטן. —

אַ קראָקאָדיל מיט פּיסק צעעפנטן — דער שיפער,
און דאָרטן ביי דעם אָפּגרונד טיפער, טיפער
אַ שווער געראַנגל צווישן יעקב'ן דעם טאַטן און עשו'ן דעם פעטער.
אַ טיגער צופט פון בוראקעס די בלעטער,
אַ לעמפּערט כאַפּט מיט שעפעלע אַ טענצל,
און אַ באַראַן פלעכט פון הושענות זיך אַ קרענצל.
אַ קאַטשקע קוואַקעט, קאַטשענדיק אַ פעסל
אַ קינד פאַלט שווער אויף דעם געזעסל,
און ווייַנט זיך אויפן קול פאַנאַדער.

דער גאַנצער האָריזאָנט איז איצט אַ וואַנדער,
ווי גאָט וואָלט אָפּגעלאָזט פון זיין באַשאַף די לייצעס ,
הער, הער, — דער זקן גיט דער יונגער מיידל עצות,
מיט וואָס זיך קעגן די "נישט־גוטע" צו באַשיצן.
ער בעט זי נאָענט ביי זיין זייט צוזיצן,
און זי הכנעה'דיק, ווי אַן איינינקל אויף שויס פון זיידן, —
די קעניאָן־טורעמס באַטראַכטן שוויַיגנדיק זיי ביידן.

— 28 —

פון ערגיץ
ביז ערגיץ,
און פלוצלונג אָט אַזוינס דאָ אין דער מיטן,
אַן עראָפּלאַן, וואָס האָט די לופט געשניטן
פאַרלאַנגזאַמט האָט זיין פלי,
אַ זילבערדיקער גלי
האָט זיך פון אים צעשפּילט,
און אויף אַ ווייל האָט זיך פאַרשטילט
זיין רוישנדיק געברויז.

די וועלט איז ברייט און גרויס,
און עראָפּלאַנען מוזן איילן,
ווייל וועלט איז איינגעטיילט אויף מיילן,
וואָס ציען זיך פון ערגיץ
ביז ערגיץ,
און אַלע ערגיצן מוז ער באַדינען.
ווען ער אַזוינס נאָך ערגיצוואו געפינען
אין איילנדיקן פלי?

דער עראָפּלאַן נישטאָ, געבליבן איז דער גלי, —
די בענקשאַפט זיינע אויף צוריק מסתמא.
איצט מישט זיך אין איין קאָלירנדיקער גאַמע
דער גלי מיט טויזנטער קאָליריקע געמישן,
און קאָן זיך נישט צעמישן.

— 29 —

אַ דאַמע, אַ קאַקעטקע
שפּילט אום זיך אין די הענט מיט איר לאָרנעטקע.
און רעדט צו זיך, אַז אַלע זאָלן הערן:
— נישטאָ מיט וואָס דאָס אויג אָט דאָ צו נערן!
גאַנץ אַנדערש איז דער יעלאָסטאָן פּאַרק, —
דאָרט איז אַ באַרג, אַ באַרג,
און איינער איז גאָר דאָרט פאַראַן,
וואָס שפּריצט, ווי אַ פאָנטאַן
אין אַ באַשטימטער רגע פון דער שעה, —
און דאָ?

זי רעדט און רעדט, ווי עמיצער איז איר אַ חוב דאָ שולדיק,
עס ציטערט די לאָרנעטקע אומגעדולדיק
ביי אירע אויגן:
— וואָלט כאָטש אַ פויגל אַנגעפלויגן!
וואָלט כאָטש אַ חיה זיך באַוויזן!
בלויז טורעמס, טורעמס, ווי די שפּיזן,
און אַלץ איז שווייגיקער גראַניט, —
ווי שווער עס פאַלט אויף דעם געמיט!

עס שיקט די דאַמע — די קאָקעטקע
אַ חנדל־בליקעלע דורך איר לאָרנעטקע
צו מיין פּנים.
— מיינע שונאים! —
מורמל איך צו זיך,
און שאַר זיך אָפּ אויף גיך.

די דאַמע קומט מיר נאָך.
זי טוט אַ פאָך
מיט דער לאָרנעטקע.

— וואָס ווילן זי, די קאַקטעסקע, —
וואָס זוכט זי דאָ אַרום?
די טורעמס שטייען שטום, —
דער הימל אויבן, אויך אַזוי, —
עס רירט זיי נישט דער לײַכטזין פון דער פרוי.

— 30 —

אומרו!
אומרו —
אַזוינס איז נאָר בײַ דיר,
בײַ אים און איר און מיר!
שטיינער ווייסן נישט דערפון.
זע, עס רירט זיי נישט די זון,
די שאָטנס אויך.
שטייען זיך און קוקן אין דער הויך,
קוקן אין דער ווייט.
זעען נישט די צייט,
פילן נישט דעם ווינט,
שטיינער זיינען בלינד,
און עס אַרט זיי נישט.
ווערן נישט דערפרישט
פון גאָרנישט נישט.
שטיינער זיינען שטום
צו אַלע קולות פון אַרום.
קוקן שטום און שטאַר
אויף דער פרייד און אויף דעם צער.
שטיינער זיינען טויב.
הערן נישט קיין לויב, —
שטייען, ווי די גלאָמפּן שווייגנדיקערהייט, —
שטיינער זיינען אייביקייט!

— 31 —

אַ מוטער מיט אַ מיידעלע,
און ביידע דינע, איידעלע,
נאָר אָנגעפּוישט, ווי וואַטע,
שטייט לאַנגווייליק דער טאַטע
און בלאָזט פון דעם ציגאַר דעם רויך:

— דאָס עסן דאָ, — אַ שטיין אין בויך!
מעשטיינסגעזאָגט, דאָס ביסל יויך!
אַ זויל, — דאָס שטיקל סטעיק!
אַן אָנגעבלאָזן שטיקל קעיק!
איך וואָלט דאָ אויפגעשטעלט אַ רעסטאָראַן!

— אַ זשאַן!
באַליידיקט זיך די פרוי, די איידעלע
און קלאָגט זיך פאַרן מיידעלע:
— דיין פאָטער איז וואולגאַר!

זשאַן טרייסלט שטום דאָס אַש פון דעם ציגאַר,
און מורמלט ווערטער קאַלט און טרוקן:
מעשטיינסגעזאָגט, אויף וואָס צו שטיין און קוקן!
אַזוי פיל מויערן
און טויערן!
אַזוי פיל ברייטע הויפן.
און גאָרנישט צו פאַרקויפן,
און צו קויפן!

די פרוי די איידעלע,
דריקט שטום צו זיך דאָס מיידעלע
זי מורמלט ווערטער שטילע, איריטירטע,
און זשאַן צעפינטלט זיינע אויגן רעזיגנירטע.
די טורעמס — האַרטע, קאַלטע און פאַרשטאַרטע, —
וואָס גייט זיי אָן די מענטשן דאָרט, די אָפּגעגאַרטע!

— 32 —

אויך אָפּגעגאַרט בין איך
ווי לאַנג איז, אַז איך טראָג אויף זיך
דאָס שווער געפּעק
פון וועג צו וועג?
זע, זע, — אַט זיץ איך דאָ
אַ שעה נאָך שעה,
און וואָלט זיך דאָס אין מיר געווענט,
וואָלט איך זיך אויפגעלייזט אין אַט דעם בלענד,
וואָס איז צעשפּילט דאָ אָן אַ זין און אָן אַ צוועק.

וואָס וואַרט אויף מיר איצט אויפן וועג?
געפּעק
צערויבט,
צעדרויבט,
צערויעט!
אַ שווערער ווינט איז איצט אין מיר צעוואויעט, —
וואָס וויל דער ווינט פון מיר? — ער וויל! ער וויל!
זיי שטיל מיין האַרץ, זיי שטיל!

— 33 —

— אַהאַ! ווי גראַנדיעז!
אַ שטיקל ברויט מיט קעז
פון גרוי פּאַפּיר,
און אַ פּאָר אויגן איבער מיר,
וואָס גריסן מיך און לאַכן:
— אַזוי פיל מאוס'ע זאַכן
אין אונדזער ערדישן פאַרמעגן,
נאָר אַז עס קומט אַנטקעגן
אַזוינס דיר אויף די וועגן
איז . . .
ער טוט אַ שאַרפן ביס,
און קייט מיט אַפּעטיט,
און באַלד צעגליט,
צעבלענד,
איז ער צו מיר געווענט:
— אַ שטיקל ברויט מיט קעז?
איך האָב אויך אַ מאַראַנץ!
— אַהאַ! ווי גראַנדיעז! —
טוט ברויזנדיק אַ טאַנץ
מיין האַרץ פון פרייד.
— ווי רופט מען דיך? און ווער ביסטו? פון וואַנען?
— וואָס איז דער אונטערשייד?
פון דאָרטן און פון דאַנען!
קלינגט אויף פאַר מיר אַ מויל מיט ברויט און קעז.
אַהאַ! ווי גראַנדיעז! —
צעלאַך איך זיך און פּנים פונעם מענטשן.
און ווייס שוין גאָרנישט, וואָס אַ פרייער דאָ צו בענטשן, —
די שיינקייט פון אַרום, צי אָט דעם ליבען מענטשן!

— 34 —

די זון פֿאַרגייט אַזוי פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, —
אַ דינער מיט אַ ליכט אין האַנט פֿאַרלאָזט דעם מלך
אין אָונטיקער שעה. ער שליסט די טיר אַהינטער זיך
מיט ווייכע, וואַטעווענע פֿינגער.
דאָס לעבן אינעם פּאַלאַץ טוט זיך אויס די שיך,
כּדי צו טרעטן שטילער, גרינגער,
דעם שלאָפֿנדיקן מלך נישט צו וועקן מיט די טריט.
עס דרימלט אויך דער זינגער
שוין איצט אין מײַן געמיט.
ווי שיין עס איז דאָ איצט דער זונפֿאַרגאַנג, —
ער איז ווי תּפֿילהדיק געזאַנג.

— 35 —

אָונטיקע שעהן האָבן שטיל פֿאַרצויגן
טונקעלע פֿאָרהאַנגען פֿאַר די אויגן
אָבער זעענדיקע זײַנען אַלע מײַנע גלידער
ליכטיקסטע און וואונדערליכסטע לידער
זײַנען יעצט בלויז, וואָס לאָזן זיך דערהערן און דערזען.
עפּעס אויסטערלישעס איז הײַנט געשען,
אַזאַ גרויסע זכיה!
אַלץ אין מיר איז איצט עליה,
טראָגט מיך צו די הויכן.
הינטער מיר אַ וועלט אין רויכן —
מענטש — אַן אָפּגענאַרטער,
נאָר פֿאַרויס אַ גאָט אַ קילער און אַ האַרטער,
האַלט אַ דלאָטע און אַ האַמער אין די הענט,
און ער שלאָגט מיט זיי אַ נײַעם פֿונדאַמענט. —
הערט! הערט!
עס יערט
גאָר עפּעס נײַס אויף אונדזער ערד!

גאָט וועט געבן
אויך דאָס לעבן
צום גראַניט.
זעט, ווי שיין עס גליט
אָונטיקע שטערן זיך פֿאַנאַנדער, —
וועלט איז נאָך אין וואַנדער!

ל. מילער

# שלום עליכם און זיין הויפט העלד דאָס פאָלק

— 1 —

ווען מיר עפענען אויף אַ בוך פון שלום עליכם׳ס שריפטן, וואָס פאַר אַ בוך דאָס זאָל ניט זיין, האָבן מיר דאָס געפיל, ווי עס וואָלט זיך פאַר אונזערע אויגן פאַנאַנדער־געעפנט אַ פאָרהאַנג פון אַ בינע, און אויף דער בינע הייבן אָן אַרויפצוקומען שלום עליכם׳ס מענטשן, טיפן, געשטאַלטן און עס שפילט זיך פאַר אונז אָפּ אויף אַ לעבעדיקן שטייגער, דאָס יידישע לעבן אין אַלטן רוסלאַנד; און אין אַ געוויסן זין אויך אין אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער בואַ היינטיקן טאָג.

יעדער בוך שלום עליכם׳ס איז אַ טייל און אַלע ווערק צוזאַמענגענומען, שטעלען מיט זיך פאָר, די גרויסע פאַר־מלחמה׳דיקע קאָמעדיע־דראַמע פון יידישן לעבן ,געשפילט, ג ע ל ע ב ט  פאַר אונזערע אויגן, נישט פון יחידים־העלדן, נאָר פון דעם פאָלק אַליין.

״מנחם מענדל״ — זאָגט שלום עליכם — איז נישט קיין העלד פון אַ ראָמאַן, און איבערהויפּט נישט קיין אויסגעקלערטע פיגור, דאָס איז נעביך אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר״. —

און טביה דער מילכיקער זאָגט אויף זיך : — ״איך בין אַ פּראָסטער חי וקים, פאַר וואָס קומט מיר אַזאַ שטריימל, אַז אַ וועלט מיט מענטשן זאָלן פּלוצים געוואויר־געוואָרן, אַז אויף יענער זייט בויבעריק ניט ווייט פון אַנאַטיווקע, געפינט זיך אַ ייד, וואָס הייסט טביה דער מילכיקער״. —

דאָס זעלביקע וואָלטן געקענט טענהן, שימעלע סאָראָקער, דוד שאַפּירא, פּעפּערל, האָדל און אַלע אַנדערע הונדערטער טיפּן פון שלום־עליכם׳ס ווערק. — אָבער שלום עליכם וואָלט זיי געוויס געענטפערט, קיינער פון אייך באַזונדער, איז טאַקע נישט קיין ספּעציעלער העלד, אָבער יעדער

פון אייך איז אַ טייל פון גאָר אַ גרויסן העלד — דאָס פאָלק: איר אַלע, מ י ר אַלע צוזאַמען שפּילן דאָס שפּיל פון דעם פאַרבן־רייכסטן העלד אין דער וועלט — דאָס יידישע פאָלק.

דאָס איז אַ שפּיל אין אַ סך אַקטן, אין הונדערטער סצענעס, בילדער, דיאַלאָגן און מאָנאָלאָגן; און אומגעהויער גרויס איז די צאָל פון דעם פאָלק־פּערסאָנאַל, וואָס באַטייליקט זיך אַזוי לעבעדיק אין דעם שפּיל, אונ־טער דער צויבער־קראַפט פון שלום עליכם׳ס קינסטלער־האַנט.

דאָס פּלאַץ פון האַנדלונג בייט זיך, די בילדער טוישן זיך, ענדערן זיך אין גאַנג פון אומפאַרמיידלעכע, געשיכטלעכע אַנטוויקלונגען, אָבער קיינמאָל גייט דאָס פאָלק בא שלום־עליכם׳ן ניט אַרונטער פון דער בינע — און צוזאַמען מיטן פאָלק, צוזאַמען מיט אַלע זיינע טיפּן, צווישן זיי און מיט זיי, ש פּ י ל ט ש ט ע נ ד י ק מ י ט ש ל ו ם ע ל י כ ם א ל י י ן.

אויך ער, שלום עליכם, שפּילט ניט קיין ראָלע פון אַ יחיד, אַ גדול אַ שרייבער, נאָר, ווי איינער פון פאָלק, אַן פּרעטענזיעס, שפּילט ער זיין ראָלע אין דעם גרויסן פאָלק־שפּיל; און פּונקט ווי א י י נ ע ר ה י י ס ט בא שלום־עליכם׳ען יאָסעלע סאָלאָוויי, און א י י נ ע ר ה י י ס ט: טביה דער מילכיקער, הייסט ער אַליין אַלס טיפּ שלום עליכם, דער יידי־שער פאָלקס שרייבער.

שלום עליכם האָט אויף אַ וואונדערבאַרן אופן אָפּגעשאַפט די מחיצה צווישן זיך און די הונדערטער און הונדערטער פאָלקס־טיפּן פון זיין גרויסן שפּיל, אַזוי אַז ער און זיינע מענטשן זיינען גאָר נאָענטע מחותנים.

מיט מנחם מענדלען, איז שלום עליכם געקנופּט און געבונדן, ווי זאָגט שלום עליכם: — ״מיר האָבן דורכגעמאַכט האַנט בא האַנט אַלע שבעה מדורי גיהנום אין יעהופּעץ אויף דער בערזע״.

פון טביה דעם מילכיקן, איז דאָך אָפּגערעדט, טביה דערציילט שלום עליכם׳ן, זיין לעבנס־געשיכטע, ניט ווי צו עפּעס אַ פרעמדן, אַ שריי־בער, פאַר וועמען אַ פּשוט׳ער בשר ודם דאַרף זיך היטן, ווי אַזוי צו ריידן. נאָר ווי צו אַן אייגענעם, מיט וועמען מען טרעפט זיך, אויב אפילו ניט צו אָפט, איז אָבער שטענדיק מיט גרויס צופרידנהייט . . .

״און ווייטער אַזוי בריוועלעך״ — זאָגט אַן טביה שלום עליכם׳ען, — קאָנט איר שיקן צו מיר גלייך קיין בויבעריק, אויף מיין נאָמען, בזה הלשון: ״פערעדאט גאָספאָדינו טעוועליו מאָלאָטשנאָהאָ יעוורייאָ״ . . .

אָבער ניט נאָר אין בויבעריק און אין קאַסרילעווקע, נאָר אויך אין אַמעריקע, ווי — נאָר שלום עליכם האָט אָוועקגעשטעלט דעם ערשטן טראָט אויף דער אַמעריקאַנער ערד, הערט ער, ווי מען רופט אים: — האו דו יו דו, מיסטער שלום עליכם״ איך ווייס ניט אויב איר קענט מיך! איך קער מיך אָן מיט אייך שטיקלעך שני שבשלישית, דאָס הייסט ניט מיט

אייך, נאָר מיט אייער טביה דעם מילכיקן און מיט זיין קרוב מנחם־מענדל פון יעהופּעץ". —

אַזוי אומעטום איבער דער גאָרער וועלט, וואו עס זיינען דאָ יידי־שע פאָלקס מענטשן, זיינען זיי שלום־עליכםס "קרובים", זיינע טיפּן, און ע ר א ל י י ן א ט י פּ ב ת ו כ ם.

אויף וויפיל שלום עליכם אַליין האַלט זיך פאַר אַ טיפּ פון זיינע טיפּן, קאָן מען זען פון דעם, ווי ער דערציילט פאַרן זיידען ר' מענדעלי, ביאַליקן און דעם רוסיש־יידישן שריפטשטעלער בן עמי'ן, אַן עפּיזאָד פון זיין לעבן, ווי אַזוי ער האָט אַמאָל באַדאַרפט פאָרן אויף אַ פאַרלעזונג קיין מאָהליוו, געמיינט האָט ער, אַז ער פאָרט קיין וויטעבסק און פאַרפאָרן איז ער קיין סמאָלענסק, און ווי ער האָט געקלאַפּט אַ דעפּעש צו זיין פרוי, אויסצוגעפינען, וואוהין ער פאָרט — באַהאַנדלט ער דאָרט זיך אַליין, אַ האָר ניט אַנדערש, ווי ער באַהאַנדלט אַלע אַנדערע מענטשן אין זיינע ווערק.

דאָס זעלביקע, ווען ער רעדט וועגן זיך אין דער דערציילונג: "אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט", אָדער אין דעם אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן: "פונעם יאריד", — אומעטום רעדט שלום עליכם פון זיך אַליין, מיטן זעלביקן הו־מאָריסטישן נוסח, מיטן זעלביקן ווערטל, גענומען דירעקט פון דעם לעבן און דער סביבה, אין וועלכער ער האָט געלעבט, און ער שאַפט פון זיך אַליין אַ טיפּ — אַ טיפּ פון זיינע הונדערטער פאָלקס־טיפּן.

שלום עליכם איז געווען צו שטאַרק פאַרליבט אין זיינע פאָלקס־מענטשן און ער איז אַליין געווען צופיל איינער פון זיי, אַז ער זאָל קאָנען בלייבן אין דרויסן פון דער בינע, אויף וועלכער עס שפּילט זיך אָפּ דאָס דורות'דיקע שפּיל פון זיין פאָלק, און ווי רייך אין צאָל עס זאָל ניט זיין דער שלום עליכם טיפּאַזש, איז יעדער איינער פון זיי אַ טייל, אַ שיכט, אַ נערוו פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק, אויף אַזויפיל, אַז כמעט אַלע שלום־עליכם טיפּן, זיינען אין אַ קלענערער, אָדער אַ גרעסערער מאָס לעבעדיקע פאָלקס סימבאָלן.

— 2 —

שלום עליכם איז ניט געקומען פון דער דרויסנדיקער, רייכער וועלט, ברענגען זיין פאָלק עפּעס אַזוינס, וואָס דאָס פאָלק פאַרמאָגט נישט, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט פרץ'ן אין די ערשטע יאָרן פון זיין שאַפן. שלום עליכם איז געקומען מיטן פאָלק נישט נ ע מ ע ן פון דער וועלט, נאָר ג ע ב ן ד ע ר ו ו ע ל ט ע פּ ע ס אַ ז ו י נ ס ו וָ אָ ס ד י ו ו ע ל ט ה אָ ט נ י ש ט . . . און דאָס איז: געבן דער וועלט די גרויסע יידישע נישט אָפּגעשאַצטע נ י ש ט פ אַ ר ש ט אַ נ ע נ ע פ אָ ל ק א י י ג נ אַ ר ט י ק י י ט.

ער איז געקומען צ ו צ ו ג ע ב ן צ ו ד ע ר ו ו ע ל ט ס ל ש ו ־

נ ו ת פ ו ן פ ע ל ק ע ר א ו י ך ז י י ן פ אָ ל ק ס ל ש ו ן, די פון פאָלק אַליין געשאַפענע שפּראַך און קולטור, אין וועלכער עס דריקט זיך אויס דעם פאָלקס אַנדערשדיקער לעבנס־שטייגער, און אַן אייגנאַרט, וואָס האָט זיך אויסגעפאָרמירט אין די ספּעציפישע לעבנס באַדינגונגען, אין וועלכע, ס'איז דעם יידישן פאָלק אויסגעקומען צו לעבן, זיך ראַנגלען און בייצוקומען די שטערונגען אויפן וועג פון זיין לעבנס־געשיכטע.

ווען שלום עליכם האָט זיך געווענדעט צו פּרצ'ן, אין די פריע יאָרן פון פּרץ'ס שאַפן אין יידיש, אַז ער זאָל שרייבן פאַר זיינע פאָלקס אויסגאַבעס, האָט אים פּרץ געענטפערט (אין העברייאיש) — "איך ווייס די אַרבעט פון מיין האַר: זיין ווילן און שטרעבן איז (אויף וויפיל איך האָב געקענט פאַרשטיין) צו שרייבן צוליבן עולם, וואָס רעדט זשאַרגאָן פון זשאַרגאָנען לאַנד. איך אָבער שרייב צוליב זיך, צוליב מיין הנאה וועגן, און אויב איך דערמאָן מיך אַמאָל אין דעם לעזער, איז ער פון אַ העכערער מדרגה פון דער געזעלשאַפט, עס איז דער מענטש, ו ו אָ ס ה אָ ט ג ע ל י י ע נ ט א ו ן ג ע ל ע ר נ ט א י ן אַ ל ע ב ע ד י ק ע ר ש פּ ר אַ ך" — (פון מיר אונטערשטראָכן, ל. מ.).

דאָס ווייזט גאַנץ בולט, אַז פּרץ איז דאַן געקומען צום פאָלק פון דרויסן און, ווי ער האָט נאָך דאַן געקוקט אויף דער יידישער שפּראַך. שלום עליכם אָבער, האָט שוין דאַן זיכער געהאַט זיין גרויס־קינסטלערישע הנאה פון דעם , וואָס פאַר אים האָבן זיך צעעפנט אַלע פאַרבאָרגענע אוצרות פון פאָלקס שפּראַך און הומאָר, וואָס איז אַליין קאָלעקטיווע שאַפונג און דירעקטער אויסדרוק פון פאָלקס לעבעדיקן שאַפונגס־כח.

פאַר שלום עליכם'ן, איז גראַד יידיש געווען "די לעבעדיקע שפּראַך", וועגן וועלכער פּרץ האָט אים געשריבן, און ווייל ער איז געווען דער מבין, דער פאָלקס־קינסטלער, דער באַזיצער פון אָט די שפּראַך־אוצרות, האָט ער געוואוסט, ווי זיך אויסצוהיטן ניט געשטרויכלט צו ווערן, און ניט וועלן אויסבעסערן און צופוצן אַזעלכע פערלדיקע פאָלקס אימאַזשן און בילדער, ווי: "זי דרייט זיך אויפן קאַריק", "ער גראַבט מיט דער נאָז די ערד", אָדער: "הער מיר אויף צו גראַגערן אין קאָפּ אַריין"; צי דעם פאָלקס־שטיפערישן איינפאַל עפּעס מבטל צו זיין דורך אַ געגראַמטן חנו'דיקן זאָג ווי: "געלט־שמעלט", "גראַם־שטראַם", "כאַפּ לאַפּ" א. א. וו.

שלום עליכם האָט געוואוסט, ווי אַזוי זיך צו באַנוצן מיט אָט דער שפע, און ער האָט מיט פולע הענט געשעפּט פון פאָלקס קוואַל, אַלס אַ צושטייער אין דער שותפות, וואָס דאָס פאָלק האָט צוגעגרייט פאַר י ע נ ע ם קינסטלער, וואָס וועט וויסן ווי עס אָפּצושאַצן — און קיינער האָט עס ניט געוואוסט און אַזוי געשאַצט, ווי שלום עליכם.

ביז שלום עליכמן און אַ לאַנגע צייט נאָך אים, האָט מען ווי פאַרגעסן

אַז דעם שפּרוך: „קול העם כקול שדי". — לויט דער משכּילישער באַציאונג צום פאָלק האָט זיך גיכער באַקומען, אַז דאָס פאָלק אַליין האָט נישט וואָס צו זאָגן, און שטענדיק האָט מען געהאַלטן אין איין זאָגן און ריידן צ ו ם פאָלק. — דאָס פאָלק האָט נאָר באַדאַרפט הערן און דוקא גאָרניט קיין שמייכלענדיקע קאָמפּלימענטן.

אין שלום עליכמן האָט דאָס פאָלק געפונען דעם ערשטן, וואָס איז א י ם געקומען אויסהערן — און שלום עליכם האָט ליב צו הערן ווי דאָס פאָלק רעדט; ער איז דער געדולדיקסטער צוהערער, און ווייל ער הערט זיך צו אַזוי גערן, רעדט דאָס פאָלק צו אים פון דער טיפעניש פון האַרצן, פּשוט, אמתדיק און שטענדיק קאָליר־רייך.

צוליב שלום עליכמס גרויס קינסטלערישער פּשטות, קאָן זיך אַמאָל באַקומען דער איינדרוק, אַז שלום עליכם, כאַפּט אַלץ אויף דאָס דרויסנדיקע פון זיינע מענטשן, זייערע אויבערפלעכלעכע זיטן און געוואוינהייטן; דאָס אויבנאויף קאָמישע, וואָס מאַכט אונז סתם צום לאַכן, אָבער אַזאַ איינדרוק, וואָלט געווען דורכאויס פאַלש דערפאַר, וואָס מיט געוויסע אויסנאַמען, גיט אונז שלום עליכם זיינע פאָלקס מענטשן אין זייער אינערליך צערודערטן געמיט, — אַ געמיטס־צושטאַנד, וואָס קומט פון באַליידיגונגען, פאַרפאָלגונגען און אומרעכט קעגן וועלכע מ'איז אומבאַהאָלפן זיך צו ווערן.

שלום עליכמס מענטשן זיינען אָפט זייער באַרעדעוודיק, אָבער די באַריידעוודיקייט איז אין דער אמתן אַ געמיטס צושטאַנד, וואָס קומט פון דעם, וואָס די אינערלעכע ברויזנדיקע ענערגיע ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ יוירינדיקן פאַרדראָס — אַ מין זיס־זויערן עסיק; עס קומט פון דעם, וואָס די רייכע יידישע פאַנטאַזיע, איז אָפט געצוואונגען אַרומטאַנצן, ווי אַ געפּענטעטער הירש אויף דער בינע פון אַ צירק. דאָס איז לעבנס כח וואָס לייזט זיך אויף אין אַ שוים פון האַלב־היסטערישער באַריידעוודיקייט.

שלום עליכם'ס מענטשן ראַטעווען זיך אין זייער אייגענער באַרייִדעוודיקייט, — דאָס אַראָפּריידן זיך פון האַרצן, דאָס פאַרריידן זיך אַליין די צרות; גוט אויסלאַכן, אויסשעלטן יענעם און זיך אַליין, ראַטעוועט זיי אָפט פון פאַרצווייפלונג, פון רעזיגנאַציע און אונטערגאַנג:

— „האָצמאַך, פאַרברענט זאָלסטו ווערן! וואו זיינען געווען דיינע אויגן? — זאָגט האָצמאַך צו זיך אַליין און זשאַלעוועט זיך ניט קיין קללות. קללות אַליין אָבער איז נאָך ווינציק. ער זאָל קאָנען זיך אויספּאַטשן. — האָצמאַך, ביזט דאָס ווערט!" אַזוי שרייט אויף זיך אַליין האָצמאַך־האָלצמאַן, ווען ער פאַרהוסט זיך. בשעת־מעשה זשאַלעוועט ער ניט קיין קללה אויף דעם אייגענעם הוסט: — דער הוסט, אַ כאָלירע זאָל אויף אים קומען!" („בלאָנדזשענדע שטערן").

און מיט וויפיל ענערגיע, אונטערנעמונגס קראַפט און פאַנטאַזיע,

ניט קיין אויסגענוצטע, עס שלאָגט פון ביסל שוואָלבס גוט־ברודערשער באַ־ריידעוודיקייט. ווי צענדליקער מאָטאָרן וואָלטן געאַרבעט צו פאַרוואַנד־לען זיין ענערגיע אין אַ באַריידעוודיקייט, וואָס שלאָגט מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איר דערפילט אָרום זיך די וויברירנדיקע וואָרעמקייט פון באַוועגונג... און ווען אָט דער ביסל שוואָלב, האַלצמאַנס נייער שותף, טוט זיך אינמיטן פון זיינע שטראָמען רייד און גוזמאות, אויף שנעל אַ שוואָר־אָפּ: "זאָל איך אַזוי האָבן אַלעמענס גוטס", אָדער: "ווי איר זעט מיך אַ שווימענדיקן", האָט איר גאָר קיין צייט ניט צו כאַפּן, אַז זיינע שבועות זיינען אויף "קאַ־טאָוועס", אַז דאָס לאַכט ער פון אייך און פון זיך אַליין. איר כאַפּט זיך, און לאַכט מיט אים צוזאַמען, דעם שטענדיקן שלום־עליכם׳דיקן געלעכטער, וואָס פאַרענדיגט זיך אומבאַמערקטערהייט מיט אַ זיפץ.

און פונקט אַזוי הערט זיך שלום עליכם אליין, אין דער פאַרצווייפלונג וואָס שרייט אַרויס פון אַ יידן אויף אַ שמחה: "יידן—שרייט ער—"יידן לאָ־מיר פריילעך זיין!" און אַז דער ייד קומט זיך משמח זיין אויף אַ חתונה, קאָנען די כלי־זמר ניט פארשפּילן זיין אַנגעווייטיקט געמיט, און עס שרייט פון אים אַרויס אַ געשריי, וואָס שרייט אַריבער דאָס שפּילן פון די כלי־זמר און דאָס אייגענע היסטערישע געמיט: — "שטאַרקער!" — שרייט ער — שטאַרקער!! לעבעדיקער! שטאַרקער!" (יאסעלע סאָלאָוויי").

אַזוי הערט זיך שלום עליכם אליין מיט יעדן נערוו, אין דער באַריי־דעוודיקייט פון זיין פאָלק, ווייל עס אַנטפּלעקט פאַר **א י ם**, ווי עס ווערט דורך אים אַנטפּלעקט פאַר **א ו נ ז**, די נשמה פון שלום עליכם׳ס העלד — דאָס פאָלק, דאָס פאָלק, וואָס ער האָט אַזוי ליב.

דערפאַר פינקלט יעדע שורה שלום עליכם׳ס מיט פאָלקס קאָלאָריט און שטייגער; יעדע שורה איז דורכגעזאַפּט מיט פאָלקס־ליבע, האָפענונג, עקשנות, גוטסקייט, אויסדויער און ווידערשטאַנד; דעם פאָלקס פעאיקייט צו לעבן דורך ליידן און לאַכן דורך טרערן. און מער פון אַלץ שרייט אַרויס פון שלום עליכם׳ס ווערק, דעם פאָלקס בענקשאַפט נאָך יושר.

— 3 —

ווי בלוט פליסט דורך די אָדערן פון אַ געזונטן מענטשלעכן קער־פּער, אַזוי פולסירט אין יעדער שורה פון שלום עליכם׳ס ווערק, דעם פאָלקס גאַרונג נאָך יושר.

באַ אַ פאָלק, אַ קרבן פון סאָציאַלן אומרעכט, וואָס האָט נישט קיין פיזישן כח זיך צו ווערן, ווען עס ווערט באַ׳עוולה׳ט, איז געשריי פאַר יושר, אויך אַ וואָפן — אָפּט אַ גאַנץ שטאַרקער וואָפן.

דערפאַר מאָנען אַלע שלום־עליכם׳ס מענטשן — **י ו ש ר !** — יע־דער מאָנט אויף זיין שטייגער. — ווער עס מאָנט באַ גאָט, ווער עס מאָנט באַ דער וועלט, ווער עס זוכט יושר באַ די יידישע גבירים. — די גרעסטע צאָל שלום־עליכם־יידן, מאָנען יושר באַ ביידע, באַ גאָט און באַם גביר...

גיטל פורישקעוויטש מאָנט "יושר" באַ גאָט און "סאָוועסט" באַ די גבירים...

טביה דער מילכיקער "קיבעצט" אויף זיין יידיש-פויעריש שטייגער דעם רבונו של עולם: — "דו ביזט דאָך עפּעס, טענה'ט ער, אַ גרויסער גאָט, מיט חסד און יושר, ווי קומט עס, דו זאָלסט אוועקגעבן איינעם גאָר, דעם אַנדערן גאָרנישט"?

און וועגן די יעהופּיצער גבירים, טענה'ט דער האַרעפּאַשנער טביה אַז עס וואָלט שוין אפשר געווען: "אַ יושר כ'לעבן, אַז ער, טביה, זאָל זיך אוועקזעצן כאָטש איין זומער אויף אַ דאַטשע" און זיי, די יעהופּעצער גבירים, די "סטיקראַטן" זאָלן מעלקן די בהמות...

און אַזוי מאָנען אַלע! — דאָס גאַנצע פאָלק שלום עליכם'ס, מיט שלום עליכם'ן צוזאַמען — מ אָ נ ע ן י ו ש ר.

וועד עס מאָנט ניט קיין יושר איז דער יידישער גביר. פאַרקערט, ער איז ד ע ר, באַ וועמען מען מאָנט. און שוין דאָס אַליין, שליסט אים אויס פון שלום עליכם'ס גרויסער משפּחה, וואָס הייסט פאָלק.

ווייל שלום עליכם קוקט אויף זיין פאָלק מיט אַלע זיינע שיכטן, מיט אַלע זיינע גרופּירונגען און גראַדאַציעס פון יחוס, פאַך און ראַנג, ווי אויף איין גרויסער משפּחה, וואו אָט, דאַכט זיך, שעלט מען זיך מיט אַזעלכע קללות, צו וועלכן קיין פאָלק האָט זיך ניט דערטראַכט — קללות וואָס באַרואיקן אויף אַ רגע דאָס פאַרביטערטע געמיט, ווען ס'איז "אָנגעזאַלצן" אויפן האַרצן און מען דאַרף צו עמיצן "אויסלאָזן", — אָבער טאַקע באַלד, בעט מען זיך איבער און מען ווינטשעוועט איינער דעם אַנדערן אַזעלכע ברכות, וואָס נאָר די יידישע ארימשאַפט און צעוויטיקטע מענטאַליטעט האָט דערפונדען.

דאָס זיינען ביי שלום עליכם'ן משפּחה קריגערייען. און שלום עליכם, וועלכער איז געווען אין זיין פּריוואַטן לעבן, אפשר דער געטרייסטער, דער איבערגעגעבנסטער טאַטע, פאַמיליען און משפּחה-מענטש, צווישן יידישע און ניט-יידישע קינסטלער, ווייזט אַרויס אַ זעלטענעם משפּחה-געפיל צו זיין פאָלק.

פאַר שלום עליכמן איז אין דער אמתן דאָס פאָלק נאָך מער ווי משפּחה — פאָלק איז דער כלל, וואָס איז כולל אַלע משפּחות און בינדט זיי צוזאַמען אין איין גאַנצן, אין איין כח, וואָס הייסט פאָלק. און אָט די צוזאַמענגעבונדנקייט העלפט דעם יידישן פאָלק זיך ווערן קעגן אַלע בייזע כוחות אין אונזער געזעלשאַפט, קעגן אַלע גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען; און דערפאַר, שטייט ביי שלום-עליכם'ן דאָס פאָלק, נישט נאָר א י ב ע ר דעם י ח י ד נאָר אויך א י ב ע ר דער פ אַ מ י ל י ע, וואָס איז אים אַזוי טייער, אָבער וועלכע טאָר זיך ניט אָפּטיילן פונעם כלל, טאַקע, ווייל דער גאַנצער כלל ווערט פאַרפאָלגט אַלס כלל און זיך אָפּטיילן פון אים, מיינט אָפּשוואַכן, מיינט פאַרראַטן דאָס פאָלק.

זייער בולט ווייזט עס אונז שלום עליכם, טאַקע דורך זיין באַליבטן און געזונטן פאָלקס טיפּ טביה דער מילכיקער, אין זיינע באַציאונגען צו זיין גע׳שמד׳טער טאָכטער חוה.

טביה האָט ליב זיינע טעכטער, מיט אַן אמת׳ער שלום עליכם׳דיקער משפחה און פאַמיליע־ליבע, נאָר קיין סך נחת האָט ער ניט פון קיין איינציקער פון די טעכטער.

אָבער בעת ער פאַרגיט יעדער איינער פון זיי, די צרות און האַרצוויי־טיק וואָס זיי פאַרשאַפן אים, און ער מאַכט שלום מיט זיי און געפינט נאָך אַפילו אַ זכות, און העלפט זיי אָפט אַליין דורכפירן זייערע פּלענער, און אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרטראַכט קעגן זיין ווילן און אַן זיין וויסן, קאָן ער אָבער נישט מוחל זיין חוה׳ן איר שמד, ווייל דאָ איז שוין נישט טביה דער באַלעבאָס איבער דער סיטואַציע נ אָ ר ד אָ ס פ אָ ל ק .

ער, טוביה בלייבט טויב צו זיין טאָכטער׳ס געוויין און געבעט, דאָס האַרץ ווערט אים צעריסן, אָבער ע ר קאָן איר ניט מוחל זיין פ אַ ר ע פּ ע ס וואָס ז י א י ז ש ו ל ד י ק ק ע ג ן פ אָ ל ק.

וואָלט זיין טאָכטער חוה געווען אויסגעביטן אים אַליין, טביה׳ן דעם טאַטן וואָלט ער געקאָנט מוחל זיין; ווען זי וואָלט געזינדיקט נאָר קעגן דער רעליגיע, קעגן דעם רבונו של עולם, וואָלט אפשר טביה׳ס ליבע צו זיין טאָכטער גובר געווען, און דער ערדישער כמעט ראַציאָנאַלער טביה ווען די דערפאַרונג האָט שוין געלערנט, אַז: ״אַ מנחה איז ניט קיין ציג און זי וועט ניט אַנטלויפן״, וואָלט זיך שוין מיטן רבונו של עולם אויסגעטענה׳ט אויף זיין שטייגער מיט אַ טענה און מיט אַ פסוק, נאָך וועלכן, אי טביה, אי דער רבונו של עולם, וואָלטן געבליבן גערעכט . . .

אָבער חוה האָט א ו י ס ג ע ב י ט ן דאָס יידישע פאָלק, זי האָט זיך גע׳שמד׳ט, מעג ער זי ווי שטאַרק ליב האָבן, ה אָ ט ע ר נ י ט ד י ד ע ה מוחל צו זיין, — אַלץ וואָס ער קאָן טאָן, איז אויסגיין פון ליבע, ווייטיק און רחמנות, אָבער מוחל זיין, דאָס קאָן ע ר ניט. דאָס איז דעם פאָלקס אַן ענין, זי האָט געזינדיקט קעגן פאָלק וואָס שטייט העכער פון משפחה און נישט ער, נישט שלום עליכם האָבן די דעה איבער פאַרראַט צום פאָלק.

ערשט דאַן, ווען מען טרייבט טביה׳ן אַרויס פון דעם דאָרף און חוה קומט צולויפן מיט איר קלומיקל און געוויין, אַז אויב מען טרייבט, אים, ״טרייבט מען אונז אַלעמען״ און ״אונזער גלות — איז איר גלות״, ווערט מעגליך אַ שלום.

שלום עליכם לעבט און פילט מיט אַלע שיכטן פון פאָלק, מיט אַלע באַזונדערע קאַטעגאָריעס און גרופּירונגען פון פאָלק, ער האָט ליב דעם פּראָסטאַק, ווי דעם למדן, דעם אַלטמאָדישן, דעם פרומען, ווי דעם הייַנטיקן

דעם אויפגעקלערטן, אַזוי לאַנג ווי זיי טראָגן אויף זיך דעם יידישן גורל, און טיילן צוזאַמען די ליידן און פריידן, די גזירות און האַפנונגען פון זייער פאָלק.

איין אויסנאַם, איין שיכט פון פאָלק האָט שלום עליכם נישט ליב, דאָס איז דער שיכט יידישע נגידים.

ער האָט ניט ליב דעם יידישן נגיד, ווייל דער יידישער גביר בײַ שלום עליכם׳ן איז ניט פאָלק.

פאָלק האָבן מיר שוין פריער געזען, איז כלל, איז אַלע צוזאַמען אין צרות און אין פריידן, איז בענקשאַפט נאָך יושר: ווייל אַן יושר, איז אומגליק פאַרן פאָלק, איז אומקום, איז אונטערגאַנג!

פאָלק, בײַ שלום עליכם׳ען איז שפראַך, איז גלייכווערטל, איז קולטור איז שאַפונג: איז שטענדיקער זיפץ. — "אוי ס׳איז שווער צו זיין אַ יידז" — אַ זיפץ וואָס באַגלייט שטענדיק שלום־עליכם׳ס האַרציקן הומאָר, אַ זיפץ, וואָס, ווי שטאַרק מיר זאָלן ניט לאַכן, ווען מיר לייענען שלום עליכם׳ן, הערן מיר אים אינעם געלעכטער, און ער בלייבט אין אונזער געמיט לאַנג נאָכדעם, ווי מיר האָבן געענדיקט לייענען.

אָבער דער יידישער גביר פון יענע צייטן און מיט קליינע אויסנאַמען פון אַלע צייטן, שעמט זיך מיט דער שפראַך פון זיין פאָלק. עס איז אים פרעמד די קולטור פון זיין פאָלק און מיט זיין אייגענעם נאָמען אפילו, שעמט זיך אויך דער יידישער נגיד. — ער איז דער היפוך פון יושר, פון כלל, פון פאָלק: ער איז דער פּריווילעגירטער, דער "פּערווי גילדייניק" — ער זיפצט נישט: "אוי ס׳איז שווער צו זיין אַ יידז!" ווייל ס׳איז אים נישט שווער און ער איז ניט קיין ייד...

ווען עס קומט צום יידישן גביר, בייט זיך שלום עליכם׳ס ליטערער גוטמוטיקער הומאָר, עס בייט זיך זיין גוטמוטיקער געלעכטער אויף שאַרפער סאַטירע, אָבער וויפיל ער איז ניט בייסיק אין זיין סאַטירע איבער די אויפגעקומענע גבירים, די "האַלרייטעניקעס" די אָסקאַר סאַלאָמאָנאָוויטשעס, אַרויסשטעלנדיק זיי און זייערע זינדלעך און טעכטערלעך אין זייער פולן קאָמיזם, אויפגעבלאָזענער פוסטקייט און גייסטיקער אָרימקייט, מיט זייערע מאַלפּישע, נאָכמאַכערישע תנועות, צביעות און רשעות, איז ער נאָך שאַרפער, נאָך קינסטלערישער אין זיינע שילדערונגען פון דעם טיפּ יידישע נגידים, ווי ר׳ שמחה׳לע וויינער. — דעם טיפּ גביר ווען דאָס פאָלק רופט: "גאָטס גנב".

אין עטלעכע שורות גיט אונז שלום עליכם דעם טיפּ אין זיין פולער אומסימפּאַטישקייט: ר׳ שמחה׳לע וויינער האָט געהאַלטן, "סאַמע נאָכן עסן" ווען אַן אלמנה איז געקומען, ביי אים בעטן אַ טובה: — ר׳ שמחה׳לע האָט אויסגעהערט מיט קאָפּ די גאַנצע צייט, געקאַלופּעט די ציין, געווען רויט, אַ ביסל געשוויצט און עטוואָס געדרימלט: דאָס הייסט, חלילה ניט

געשלאָפן, נאָר געדרימלט געקוקט אויף איר נאָר מיט איין האַלב אויג, בשעת מעשה געקלערט אַביסל וועגן געשעפט און אַביסל וועגן עניני המאָגן". די אלמנה בעט שטאַמלט־וואָס דערשראָקן און ר' שמחה'לע ווייַנער טראַכט: — "וואָס איז די מעשה וואָס ס'איז אַזוי אָנגעפילט דער מאָגן?"... ("דער יונגסטע פון די מלאכים")

גאַנץ לאַנג איז דער צעטל נעמען פון יידישע גבירים וואָס טיילט זיך אַרויס בולט אין שלום־עליכם'ס ווערק, ניט ווי אַ טייל פון פאָלק, נאָר, ווי עפּעס, וואָס איז פרעמד און אפילו שנאה'דיק צום פאָלק, אַ קלאַס פאַר זיך, מיט גאָר באַזונדערע א י ג ע נ ע אינטערעסן, וואָס גייען להיפוך די אינטערעסן פון דעם פאָלק

און ווי לאַנג דאָס צעטל גבירישע נעמען זאָל ניט זיין, איז דאָס צעטל קללות וואָס די יידישע אָרימשאַפט שיקט "אַרויף" צו די הייזער פון די נגידים אַסאַך אַסאַך גרעסער.. — דאָס איז ניט פון דעם מין קללות, וואָס דאָס פאָלק באַנוצט צווישן זיך אין טאָג טעגלעכן אומגאַנג, — מיט די קללות וואָס דאָס פאָלק שעלט די גבירים, שעלט מען אַ פרעמדן, אַ טויט־לעכן שונא: —

— אַ חלירע, אַ מיתה משונה, זיבעצן חלירע'ס! אַכצן מית משונה'ס! ס'זאָל אייך אָנכאַפּן און ס'זאָל אייך קויקלען און אויסקויקלען איינציקווייז, און ס'זאָל ניט בלייבן פון אייך קיין שריד ופליט". — אַזוי שעלט פישל דער הויז־דינער, איינער פון די "מענטשן" אין שלום עליכם'ס שפּיל: "מענטשן", מיט אַ פויסט אַרויף צום הויז, וואו עס וואוינט די גביר'נטע, די מאַדאַם גאָלד מיט איר געזינדל.

וואָס שלום עליכם אַליין האָט געפילט לגבי די נגידים קאָן מען זען פון די שורות אין זיין צוואה, וואו ער זאָגט אָן: — וואו איך זאָל ניט שטאַרבן, זאָל מען מיך באַהאַלטן נישט צווישן "אַריסטאָקראַטן", אָדער גבירים נאָר גראָד צווישן פּראָסטע יידן, אַרבעטער מיטן אמת'ן פאָלק".

אָט די שאַרפע מחיצה צווישן פאָלק און גביר אין שלום עליכם'ס ווערק, איז דער נאַטירלעכער פועל יוצא פון זיין גרויס־קינסטלערישן אמת, צו זיך אַלס קינסטלער און פון זיין אומבאַגרעניצטער ליבע צו זיין פאָלק. — ער קוקט אויף די נגידים ווי אויף אַלץ, דורך די אויגן און די אינטערעסן פון זיין פאָלק, און זיין שנאה צו די יידישע גבירים, קאָן מען זאָגן איז אַ סאָציאַל־פאָלקישע:—דער גביר איז אַנטי־פאָלק, איז שלום־עליכם אַנטי גביר . . .

— 4 —

פון דער גרויסער צאָל סאָציאַלע פאָלק־סימבאָלן ביי שלום עליכמן איז אָן אַ ספק, מנחם מענדל, די בולטסטע סאָציאַלע פיגור.

מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז ווען שלום עליכם'ס ווערק וועלן

איבערזעצט ווערן, אין אַלע וועלט־שפּראַכן, וועט די וועלט קריגן אין מנחם מענדלען, נישט נאָר אַ פאָלקס־ סימבאָל פון אַ באַשטימטן פּעריאָד, אין אַלטן צאַרישן און קאַפּיטאַליסטישן רוסלאַנד, נאָר אַ וועלט־סימבאָל, אַ סאָציאַלן קרבן פון אַ באַשטימטער עפּאָכע אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

אויבן אויף איז מנחם מענדל, דער סימבאָל פון דעם יידישן לופט־מענטשן. אין אַלטן רוסלאַנד, — אַ שיכט אַן באָדן אונטער די פיס; אַ שיכט וואָס איז געהאַנגען אין דערלופטן, מיטן רוקן צום בעל מלאכה, מיט די פּאָלעס אין ווינט און מיטן פּנים, צו די צו די בראָדסקיס און די ראָטשילדס.

פון אַלע זיינע בערזע־ספּעקולאַציעס און שטעקל־דרייעניש, האָט ער פאַרדרייט שיינע־שיינדלס נדן, טביה'ס אַ שווער־פאַרהאָרעוועטן הונדערטער, און יעדן מאָל, וואָס שיינע שיינדל האָט אים געשיקט אויף הוצאות, אַהיים צו קומען, האָט ער די הוצאות אויך פאַר'מנחם־מענדלע־וועט און איז אַהיים ניט געקומען . . .

איז סך הכל האָט זיך באַקומען אַ טראַגי־קאָמישע פיגור.

אָבער, עס איז וויכטיק צו געדענקען, אַז אָט דער מנחם מענדל, איז נישט דווקא קיין אויסגעשפּראָכענע יידישע אָנשיקעניש פון דעם אַמאָליקן רוסלאַנד, — אין דער אמתן איז דער מנחם־מענדעליזם, אויך איצט אַן אָפּטע דערשיינונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. און אומעטום, וואו נאָר עס הערשט די איצטיקע אָרדענונג, „בליען" די מנחם מענדלס, *נישט נאָר באַם יידישן פאָלק, נאָר ביי אַלע פעלקער.*

אמת, באַ די יידן איז דער מנחם מענדל טיפּ, צוליב די ספּעציפישע באַדינגונגען, אַן אָפּטערע, אַ בולט'ערע דערשיינונג, אָבער דאָס יידישע פאָלק איז נישט קיין אויסנאַם און נישט קיין בן־יחיד באַ דער וועלט.

אַז דער מנחם מענדעליזם איז אין דער אמתן, אַ פּראָדוקט פון דער איצטיקער אָרדענונג, איז שוין קלאָר פון דעם אַליין, וואָס אין סאָוועט־פאַרבאַנד, וואו דער קאַפּיטאַליזם איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, איז אויך פאַרשוואונדן געוואָרן דער מנחם מענדל טיפּ.

דאָרט פאַרקערט, האָט מען געזוכט צו העלפן מנחם מענדלען, זיך צו שטעלן מיט ביידע פיס אויף דר'ערד. צענדליקער טויזנטער האָבן טאָקע אָנגעהויבן דערפילן דעם באָדן אונטער די פיס; יענע ווידער, וואָס זיינען שוין געווען צו שטאַרק צוגעוואוינט צו הענגען אין דער לופטן, דרייען מיטן שטעקעלע און זיך יאָגן נאָכן ווינט, האָבן געכאַפּט די פיס אויף די פלייצעס און מען איז געלאָפן, וואו דער ווינט האָט געטראָגן; מען איז געלאָפן אין יענע לענדער, וואו דער מנחם מענדעליזם איז נאָך נישט אויסגעשפּילט . . .

שלום עליכם'ס מנחם מענדל האָט עס הפּנים פאַראויסגעפילט...

ווייל אין זיין לעצטן בריוו צו שיינע־שיינדלען שרייבט ער טאקע: — "עי־קר שכחתי, איך האב דיר פארגעסן שרייבן וואוהין איך פאר, זוגתי היקרה, איך פאר קיין אמעריקע... נישט אליין פארן מיר, א גאנצע קאמפאניע פארן מיר. וואס עפעס קיין אמעריקע? ווייל אין אמעריקע זאגט מען, ווערן יידן גליקלעך, גאלד, זאגט מען וואלגערט זיך אין די גאסן" . . .

מנחם מענדל קאן לעבן נאר אין קאפיטאליסטישע לענדער, און קיינעם וועט נישט איינפאלן אפצולייקענען, אז מיר האבן אויך אין אמע־ריקע ,א גאנץ ביסל יידישע מנחם־מענדלס. דער אמת איז אבער אז עס זיינען דא בא אונז אין לאנד, נישט נאר יידישע, נאר אלע סארטן אמערי־קאנער מנחם מענדלס . . .

מיט וואס אייגנטלעך, זיינען די מנחם־מענדל־ספעקולאנטן, אויף דער אדעסער און יעהופעצער בערזעס און זייערע מעקלערישע עסקים און "פאפירן" ספעקולאציעס, געווען אנדערש פון אונזערע אמעריקאנער, אידישע און ניט יידישע מנחם מענדלס, וואס "שפילן" אויף וואל סטריט און אין אלע סארטן "אויל" און "וואסער אקציעס", "שטעלן איין" "אויף פערדלעך", ווארטן אויף די גרויסע געווינסן פון "סוויפ סטייק", שמאיען א וועלט אין ריעל עסטייט "בומס", און אין אלע סארטן ספעקולאציעס, אין א משוגענעם, מנחם מענדלדיקן געיעג שנעל רייך צו ווערן?

ניין, דער מנחם מענדעליזם איז לחלוטין ניט קיין "געוועזענע" אויס־שליסלעך יידישע צרה, נאר אויך א א י צ ט י ק ע , אן אלגעמיין־ גע־זעלשאפטלעכע צרה, — דורכאויס דער פועל יוצא פון דער קאפיטאליסטי־שער, הו־הא־ארדענונג.

אין שלום עליכם'ס גרויסן פאלק אנסאמבל שפילט מנחם מענדל אן ספק זיין זייער וויכטיקע און גאר אנגעזעענע קאמי־טראגישע ראלע, אבער דוקא ע ר איז בא שלום עליכם'ן ניט דער י י ד י ש ס ט ע ר טיפ, אוודאי און אוודאי ניט, דער כאראקטעריסטישער יידישער פ א ל ק ס ־ טיפ , — ער איז א ס א צ י א ל ע ר ו ו ע ל ט ־ סי מ ־ ב א ל .

— 5 —

אין שארפן קאנטראסט צו מנחם־מענדלען, נישט ווינציקער סאציאל און אין גאר א גרויסער מאס נאך קינסטלערישער, איז שלום עליכמס טביה ד ע ר מ י ל כ י ק ע ר . עפעס ווי שלום עליכם וואלט בכיון גע־וואלט ארויסשטעלן דעם סאציאל־פאזיטיוון טביה דעם מילכיקן, קעגן דעם סאציאל נעגאטיוון מנחם מענדל.

טביה אליין זאגט וועגן מנחם מענדלען: — "א קרוב האט מיר גאט צוגעשיקט, עפעס א שמעלקע, וויס איך! מיין פערדס בייטש שטעקל מנחם מענדל הייסט ער, א פליער, א ברעכער, א לויפער, א דרייער, א נעכטיקער

טאָג, אויף קיין גוט אָרט זאָל ער ניט שטייען״ . . .

טביה איז אַ דאָרפס מענטש, אַ האָרעפּאַנשניק. די קעז און פּוטער און סמעטענע, וואָס ער פירט פאַרקויפן צו די יעהופּיצער נגידים איז בא אים פון: ״איי געניר האַרעוואַניע! וואָרים מיר אַלע אַרבעטן! קיינער זיצט ניט ליידיק״.

שוין אָפּגערעדט פון יענער צייט, ווען ער האָט: ״געהאָרעוועט ווי אַן אייזל, געשלעפּט קלעצער, פונעם וואַלד צום וואָקזאַל אַ פולן וואָגן, עס זאָל אייך צו קיין חרפּה ניט זיין פאַר צוויי גילדן אַ טאָג״.

טביה לעבט אַלע זיינע יאָרן צווישן פּויערים, אויפן דאָרף, דאָס דאָרף האָט ער ליב, און מיט די פּויערים האָט ער זיך גוט צונויפגעלעבט:

— ״ניין זאָגט טביה — זאָגט אייך וואָס איר ווילט, גיט מיר די בעסטע פּרנסה איך זאָל אַרויספאָרן פון דאָרף אין שטאָט אַריין, וועל איך מיך מיט אייך ניט בייטן.

שלום עליכם׳ס טביה איז שטענדיק געווען איבערצייגט, אַז ייִד און ״גויי״ קאָנען זיך לעבן בשלום, אויב נאָר געוויסע מענטשן, אָדער גרו־פּעס, זיינען נישט פאַראינטערעסירט, צוליב אייגענע אינטערעסן זיי אויפ־צורייצן איינעם קעגן אַנדערן, כדי זיי ביידן אויסצונוצן.

ווי חנ׳עוודיק דאָס ווערט אילוסטרירט פון שלום עליכם׳ן, ווען טביה דערציילט, ווי אַזוי, דורך דער צייט ווען די פּאָגראָמען כוואַליע, האָט זיך דורכגעטראָגן אין 1905־1906 איבער די ייִדישע ישובים, — די צייט וואָס טביה רופט אָן: ״די צייט פון רעוואָלוציעס, קאָנסטיטוציעס און פּאָגראָמען״. זיינען די אַנאַטעווקער פּויערים געקומען צו טביהן מיט זייער ראש המדברים, דער סטאַראָסטע איוואַן פּאָפּאַרילע, וועלכער ווענדט זיך צו טביהן בזה הלשון: — ״מיר ווילן דיר, זאָגט ער, כאָטש אויסהאַקן די פענצטער, דאָס זאָגט ער מוזן מיר! — ווייל טאָמער, זאָגט ער, פאָרט עמעצער דורך, טאָ לאָז מען זאָגט ער, זען, אַז מ׳האָט דיך גע־שלאָגן, אַ ניט, זאָגט, ער, וועט מען אונז נאָך שטראַפירן — מיר מוזן, זאָגט ער, יוצא זיין פאַר נאַטשאַלסטווע, טאָמער טראָגט אָן דער רוח, אַ קנעפּל, אַ שוואַרץ יאָר״ . . . און טביה שטעלט בראַנפן, און די האַרמאַדע צעגייט זיך, איבערלאָזנדיק טוביה׳ן, אַז ער זאָל זיך אַליין אויסשלאָגן אַ פּאָר שויבן, כדי אָפּצונאַרן נאַטשאַלסטווע . . .

שלום עליכם׳ס געזונטער קינסטלערישער און סאָציאַלער חוש, האָט אים היינטערגעזאָגט, אַז די אמת׳ע סיבה פון אַנטיסעמיטיזם און ראַסן־האַס איז ניט קיין קיין פּאַטאַלע, אַ מין גורל זאַך, וואָס עס האַלט נאָך בא היינטיקן טאָג, אַ געוויסער טייל פון דער ייִדישער אינטעליגענץ, וואָס וויל איינריידן, אַז די ייִדישע מיסיע אַלס פאָלק איז צו ליידן . . .

שלום עליכם האָט צו שטאַרק ליב געהאַט זיין פאָלק, און געווען צו־

פיל אַ טייל פון אים, אַז ער זאָל זיך לאָזן פאַרפירן פון אַזעלכע איינגערעדטע אויסדאַכטענישן. ער האָט קלאָר געזען אַז דער אַנטיסעמיטיזם און יידן־פאַרפאָלגונגען זיינען דער פועל יוצא פון געוויסע פּאָליטישע אינטע־רעסן, פון קלאַסן כוחות, וואָס זוכן אַנצוהאַלטן זייער עקזיסטענץ אויף דער באַזע פון ראַסן האַס און שנאה.

שלום עליכם׳ס טביה איז דער יידישער פויער־טיפּ, הגם אַן ערד, איז ער אַ פויער לויט די דאָרפישע געוואוינהייטן, לעבנסשטייגער און אין דער זעלביקער צייט איז ער אפשר דער "יידישסטער" ייד.

אַ געזונטער ערדישער מענטש, מיט אַסאַך יידישן בטחון און פויער־שע סבלנות, ערלעך און געדולדיק מיט מענטשן, איז גוט־האַרציק, אויסער־געוויינלעך צוגעבונדן צו זיין פאַמיליע מיט די שיינע גראַטענע טעכטער.

ווי יעדער פויער, באַציט ער זיך מיט חשד צום שטאָטישן מענטשן; קוקט פון אויבן אַראָפּ אויפן בעל מלאכה, וואָס האָט גאָר ניט קיין אייגנס, אַחוץ דאָס אָרימע בעל־מלאכה׳שע געצייג... צוגיין צו אַן ענין, ווען ער רעדט מיט עמיצן, גייט ער צו, נישט דירעקט, נאָר מיט פויערשע פאַר־זיכטיקייט, פאַוואָלינקע( כדי פריער אויסגעפינען, וואָס און ווען . . .

צום רבונו של עולם, האָט ער זיין אייגענעם צוגאַנג, פונקט ווי ער האָט זיך זיין אייגענעם טייטש אויף יעדן פסוק . . .

דינען דינט ער, דאַכט זיך, דעם רבונו של עלם נישט אַזוי אויס פרומקייט, ווי אויס פויערישן חשבון — מיט אַ גאָט דאַרף מען ניט זיין צעקריגט... — "מיט אים, מיט׳ן רבננו של עולם — זאָגט טביה — שפּילט מען זיך ניט, מיט אים באַדאַרף מען גיין מיט גוטן" . . .

כמעט אַן ענלעכע באַציאונג האָט ער צו די יידישע גבירים מיט וועלכע ער האָט זיך מורא אַנצוהויבן כאָטש ער האָט גענוג טענות צו זיי, אָבער ז י י ע ר מאַכט פילט ער מער דירעקט, ווי דעם רבונו של עולם׳ס; דעם רבונו של עולם קאָן ער פאַרט אַריינזאָגן אין דער זיבעטער ריפּ אַריין און בלייבן אומבאַשטראָפט . . .

וועגן דעם רבונו של עולם קאָן ער זיך אַ זאָגט טאָן, ווען ער זעט, אַז זיין גאָלדע, די מאַמע פון זיינע קינדער, שטאַרבט אים אַוועק: — "מיר האָבן, זאָג איך, אַ גרויסען גאָט און אַ גוטן גאָט און אַ שטאַרקן גאָט, נאָר פונדעסטוועגן זאָג איך, לאָם איך האָבן די ברכות, וויפל מאָל דער רבונו של עולם, זאָג איך, טוט אָפּ אַ שטיקל אַרבעט, מעגן שוין, זאָג איך, די שונאים האָבן אַזאַ יאָר"...

נאָך טביה׳דיקער און העכער אין טאָן, איז זיין טענה צום רבונו של עולם, ווען עס קומט דער "אוקאַז" פון דער גובערניע, אַז ער, טביה, מוז אויף די עלטערע יאָרן פאַרלאָזן אנאַטאָווקע. דאָן פּראָטעסטירט ער פאַר־צווייפלט: "אוי רבונו של עולם, גאָטעניו, וואָס האָסטו זיך עפּעס צוגעטשע־פּעט צו טביה׳ן גאָר? פאַרוואָס זאָלסטו בעסער ניט אַ שפּיל־טאָן זיך אַמאָל

אויף טשיקאַוועס למשל מיט בראַצקין, אָדער מיט ראַטשילדן? פאַרוואָס לערנסטו מיט זיי ניט די סדרה לך־לך? זיי וואָלט, דאַכט מיר, בעסער אָנגעשטאַנען? ערשטנס, וואָלטן זיי דערפילט דעם אמת'ן טעם, וואָס הייסט ייִד, והשנית? זאָלן זיי אויך זען, אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט! " . . .

בכלל, דאַרף מן־הסתם דער רבונו של עולם האָבן ווינציק נחת פון זיין טביה'ן, וועלכער האָט ליב כסדר צו פרעגן פראַגעלעך אויף אַ טאָמערוואָטן, הכנעה'דיקן, פויערשן שטייגער, און וויפיל טענות, דאָס ייִדישע פאָלק האָט אָנגעזאַמלט קעגן די גבירים, וואַרפט זיי טביה פאַר דעם רבונו של עולם . . .

אמת, אַליין זיך קריגן מיט די גבירים, איז נישט אין טביה'ס נאַטור, ער טביה איז נישט דער מענטש זיך צו גיין שלאָגן מיט דער וועלט, אָבער, ווען גאָט וואָלט געהאָלפן, אַז די פּ ע פּ ע ר ל ע ך זאָלן איינשטעלן אַביסל מער יושר אויף דער וועלט, וואָלט ער, טביה, אַוודאי געווען זייער צופרידן . . .

צו פעפערלען, דעם רעוואָלוציאָנער, האָט טביה גאָר אַ באַזונדער מין וואָרימע באַציאונג, ער האָט זיך צו אים צוגעבונדן, פון דער ערשטער באַגעגעניש אָן, פון דעם ערשטן שמועס, וואָס טביה האָט מיט אים געמאַכט; און טאַקע וועגן נגידים... — ביזט מיר עפּעס שטאַרק, זאָג איך, אויפגעטראָגן, זאָג איך, אויף די נגידים? איך האָב מורא זאָג איך, אויב זיי האָבן זיך ניט צעטיילט, זאָג איך, מיט זיין טאַטנס ירושה"... זאָלט איר טאַקע וויסן, מאַכט פעפערל, אַז איך און איר, און מיר אַלע, קאָן זיין, האָבן אַ גרויסן חלק ביי זיי אין דער ירושה".. און דאָס איז געווען גענוג פאַר טביה'ן: "ווייסטו וואָס, זאָג איך, לאָזן שוין דיינע שונאים רעדן פאַר דיר. איך זע אַרויס, זאָג איך, נאָר איין זאַך, אַז דו ביזט אַ אינגל נישט קיין פאַרפאַלענער און די צונג באַדאַרף מען דיר ניט פּיקן" . . .

אין פעפערלען געפינט טביה דאָס, וואָס אים אַליין פעלט, און וואָס איז, ד ע ר מ ו ט ז י ך צ ו ש ל אָ ג ן א ו מ ד ע ר ש ר אָ ק ן מ י ט ד ע ר ו ו ע ל ט פ אַ ר י ו ש ר — פאַר דעם יושר וואָס ער, טביה האָלט אין איין מאָנען באַ גאָט. אָט די באַציאונג צו פעפערלען, הערט זיך אין טביה'ס רייד, בעת ער רעדט צו זיין יונגסטער טאָכטער ביילקע, ווען יענע האָט חתונה מיט דעם רייכן פּאָדריאַטשיק.

אונז דאַכט זיך, אַז זיין שנאה, צו אָט דעם אויפגעקומענעם גביר, זיין אייִדעם, נעמט זיך דערפון, וואָס שטענדיק שטייט אים פאַר די אויגן, פעפערל, וועלכער געפינט זיך ערגעץ אין עק וועלט, וואו ער קומט אָפּ פאַרן פאָלק און פאַרן יושר.

און ווען דער רייכער פּאָהצור, דער אייִדעם זיינער, וויל אים, טביה'ן אָפּקויפן מיט געלט, ער זאָל אָוועקפאָרן, ווייל עס שטייט אים ניט אָן, וואָס טביה האַנדלט מיט מילכיקס, זיצט טביה און קוקט אויף זיין אייִדעמס

גלאַנציקער ליסינע און טראַכט, זאָגן האָט טביה נישט דעם מוט, נאָר טראַכטן, טראַכט ער ביטער — „עס קאָן זיין" טראַכט ער: „אַז דו קאָנסט זיך ליטשנע מיטן גובערנאַטאָר און אַז ראָטשילד, זאָל אַמאָל קומען צו דיר אַין שטוב אַריין, נאָר ריידן, רעדסטו, ווי אַ כלב שבכלבים ! " . . .

און אַז טביה קומט נאָכדעם צו זיין טאָכטער, זאָגט ער איר מיט ווייטיק: — „לאָמיך האָבן די ברכות, וואָס דיין שוועסטער האָדל, האָט בעסער געמאַכט פון דיר. וואָס אמת איז אמת, זי האָט נישט אַזאַ שטוב מיט אַזוי פיל שמאַכטעלקעס ווי דו, דערפאַר האָט זי אָבער אַ מאַן, אַ פעפערל איז ער דאָך אַ מענטש קאַטאַרי, וואָס ער אַליין איז באַ זיך הפקר, און דער גאַנצער עיקר איז די וועלט! און דערצו האָט ער אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס, נישט קיין לאָקשענטעפּל מיט אַ גלאַנציקער ליסינע" . . .

דער ערלעכער האַרעפּאַשנער און יושר זוכנדיקער טביה פילט, אַז זיין גורל איז ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון די פעפערלעך, פּונקט ווי שלום עליכם פילט, אַז דער גורל פון זיין פאָלק איז פאַרבונדן מיט די יידישע פעפערלעך און די רוסישע ראַמאַנענקאָס, וועלכע ער שילדערט מיט אַזוי־פיל ליבע און פּיעטעט אין זיין: „אין שטורעם".

דער גאַנג פון דער געשיכטע האָט עס באַשטעטיקט. עס איז געווען באַשטימט פון דער געשיכטע, אַז די מנחם מענדלס זאָלן פאַרשווינדן, מיטן אָנקומען פון דער סאָוועטישער מאַכט, און אַז די טביה׳ס זאָלן אויפגעריכט ווערן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. אויב טוביה איז פריער געווען אַ האַלבער פויער אָן ערד, און אָן לעבנס רעכט, איז ער איצט, דער יידישער פויער, מיט אייגענער ערד און אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיט אַלע פעלקער.

עס איז געווען שלום־עליכמס ליבע צו זיין פאָלק, וואָס האָט אים געהאָלפן קינסטלעריש באַנעמען, אַז נאָר אין אַ וועלט פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, וועט זיין פאָלק, דאָס יידישע פאָלק, אויפגעריכט ווערן מיט אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט.

און אין טביה דעם מילכיקן האָט ער געגעבן דעם געזונטן יידישן פויער־טיפּ וואָס, וואו ער זאָל זיך נישט געפינען איז ער די ערלעכע און געזונטע באַזע פאַר דער עקזיסטענץ פון זיין פאָלק.

— 6 —

אַזוי ווי אין טביה דעם מילכיקן, האָט שלום עליכם געזוכט צו פאַרקערפּערן, דאָס פּאָזיטיווע, דאָס געזונט־יידישע, דאָס פאָלקישע, אַזוי האָט ער אין „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס" געזוכט אונז צו געבן, דאָס געזונטע דאָס עכטע, אין דער קינדער־וועלט פון דער יידישער אָרימשאַפט.

אויף שלום עליכם׳ס בינע, וואו דאָס פאָלק איז דער העלד, שפּילט דאָס יידישע קינד, גאָר אַ גרויסע ראָלע — ריכטיקער, די יידישע קינדער

ש פּ י ל ן  ז י ך  אויף שלום־עליכם׳ס בינע אַזוי פריי, אַזוי נישט גע־צוואונגען, ווי עס האַנדלען ביי אים די טאַטעס און די מאַמעס, וואָס לאָזן זיך גערן דערקענען צו אונז, דורך און מיט שלום עליכם׳ן.

און אויב די יידישע קינדער האָבן אָפּט באַדאַרפט פאַרהוילן זייער קינדערשע וועלט פון די אויגן פון זייערע טאַטעס און מאַמעס, און פון זיי־ערע שטרענגע מלמדים, האָבן זיי פאַר שלום־עליכם׳ן נישט קיין סודות, קיין באַהעלטענישן — מיט אים איז אַן אָפענע וועלט, אַן אָפענער שפּיל.

ווען מיר לייענען שלום עליכם׳ן און פרייען זיך מיט זיין ליבהאַרציקן הומאָר, האָבן מיר אָפּט דאָס געפיל, אַז ווייל ער האָט ליב זיינע מענטשן, דערפאַר פאַרשטייט ער זיי אַזוי גוט. און אַז מיר לייענען זיינע קינדער־מעשיות, דאַכט זיך אונז, אַז ווייל ער פאַרשטייט אַזוי דאָס קינד, דערפאַר האָט ער עס אַזוי ליב

ביז שלום עליכמן האָבן מיר זעלטן געזען די יידישע קינדער אין זייי־ער נאַטירלעכער מיליע און רעכט אויף זייער קינדערשקייט.

האָט שלום עליכם, אויף זיין שטייגער, מיט זיין גרויס־קינסטלערי־שער פּשטות, צעעפנט פאַר אונז דעם פאַרהאַנג פון זיין בינע, און פאַר אונז האָט זיך באַוויזן אַ נייע קינדערשע וועלט, מיט אַלע חנ׳ען פון רייכער קינדערשער פאַנטאַזיע, מיט אַלע פריידן פון שפּיל באַוועגלעכקייט; אינער־לעכע קאָנפליקטן, שמעוודיקע חנ׳עוודיקע קינדער ליבעס; אַלערליי אייג־פאַלן, ווי צו פאַרוואַנדלען, אַלץ וואָס קומט צו דער האַנט אין שפּיל־צייג, און ווי אַזוי אויסצונוצן  י ע ד ן  פלאַץ, יעדע מעגליכע און אומ־מעגליכע סיטואַציע — אָפּן, צי באַהאַלטענערהייד — פאַר אַ שפּיל־פלאַץ.

מיר האָבן זיך דערפרייט מיט די קינדערשע המצאות און שפּיצלעך, און נישט איינמאָל באַוואונדערט זייער סטראַטעגיע אין דער ״מלחמה״ מיט די גרויסע; מיר האָבן זיך אויך דערוואוסט אַז אין אַט דער ״מלחמה״ צווישן קליין און גרויס, וואָס עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אין שלום עליכם׳ס ווערק, איז דאָס קליינוואַרג, ניט שטענדיק דער שוואַכערער צד...

דער רבי מיטן קאַנטשיק דער טאַטע מיט די פּעטש, די מאַמע מיט די סטוסאַקעס און סתם גוטע שכנים, האָבן אויף זיך גענומען די טרחה, אויס ליבע פאַרשטייט זיך, צו מאַכן פון דעם קינד, אַ ״מענטשן״, אַ ״סטאַ־טיק״, און געזוכט מיט אַלע מיטלען, ביי אים אָוועקצונעמען די סאַמע עיק־רים פון זיין קינדערשער עקזיסטענץ — דאָס שפּיל, דאָס שפּילצייג, און דעם דרויסן.

און אין דעם געראַנגל, פון גאָר ניט קיין גלייכע כחות, האָט דעם קינדס נאַטירלעכער דראַנג, דער מוז אויסצוברייגען זיינע פריש־קוועלנ־דיקע ענערגיעס אין באַוועגונג אין שפּיל אויף דער פריי — אים געהאָלפן בייצוקומען אַלע גזירות״ און ״רדיפות״ מצד די גרויסע; דער מוז זיך אויס־צולעבן אויף אַ נאַטירלעך קינדערשן שטייגער, האָט פאַר זיי געפונען, אַז

אַ שיעור אָפענע און באַהאַלטענע וועגן און ביי־וועגן, פאַר זייער "שקאָצע־ריי" און שפּיל — נישט געקוקט אויף אַלע חכמות און גבורות, שמיץ און פּעטש פון די גרויסע.

אין דער אויסערגעוויינלעך, דראַמאַטישער, טיף־פּסיכאָלאָגישער קינ־דער דערציילונג: "דאָס מעסערל", נעמט דאָס קינד, אַלץ אַן פאַר ליב, צו־ליב אַ מעסערל: — "וויפיל דער טאַטע רודפ'ט מיך און יאָגט מיך, וויפל דער רבי הרג'עט מיך און שלאָגט מיך, איז דאָס בלאָטע, קעגן יענעם פאַר־געניגן, וואָס איך האָב, בשעת איך קום פון חדר און זע מיך — מיט מיין מעסערל" . . .

גאָר אַן אַנדער באַציאונג צווישן קליין און גרויס, וויזט אונז שלום עליכם, האָט געהערשט, דורך דער צייט פון די יידישע ימים טובים; דאָס זיינען געווען טעג פון "וואַפנשטילשטאַנד", טעג פון שלום און הארמאָניע צווישן די גרויסע און דעם קליינוואַרג

דאָס יידישע קינד האָט אויסגענוצט אין פולער מאָס, די ספּעקטאַקל־מעסיקע צערעמאָניעס, דאָס דעקאָראַטיווע און שפּילעוודיקע אין דער טראַ־דיציע פון די יידישע ימים־טובים.

דאָ האָט דאָס קינד געפונען אַ ברייט פעלד פאַר לעגיטימען שפּיל און פריייערע באַוועגונג, איבער וועלכן דער רבי האָט ניט געהאַט קיין יוריסדיקציע און טאַטע־מאַמע האָבן דאָס געהאָלפן באַשאַפן און דורכפירן.

דאָס דריידל, דער גראַגער, דער פיילבויגן, די קאָלירפולע פאָן מיט דעם רויטן עפּעלע, מיטן ברענענדיקן ליכטל — גאָר ניט קיין שלעכטע שפּילצייג! און אַלע אַנדערע יום־טוב־טראַדיציעס און מנהגים, מיטן אויס־נאַם פון די ריין־רעליגיעזע יום טובים; ראש השנה און יום כפור, איז פאַרן קינד געווען אַ וועלט מיט שפּיל, אין פולן הסכם און קאָאָפּעראַציע פון די גרויסע.

חנוכה־געלט, דריידל־שפּיל, המן־קלאַפּער, פּורים־שפּילער, דאָס שלח מנות שיקן און צוריקקריגן, אַרום וועלכן, קליינוואַרג האָט געקלעפּט, ווי בינען אַרום האָניק... היינט, דאָס רייסן גרינס אויף שבועות, הוי־שענות־רייסן און שלאָגן... באַדיקעס רייסן, וואַרפן און טרעפן אַ מיידל אין די האָר, אָדער אַ יידן אין באָרד אַריין... העלפן בויען די סוכה, גיין מיט הקפות, פּראַווען דעם סדר און איבער אַלץ — דער ע ר ב ־ פּ ס ח , שלום עליכם'ס וואונדערלעכער ערב פּסח וואָס איז, ווי באַשאַפן געוואָרן ספּעציעל פאַר יידישע קינדער, ווען דער הויף איז פול מיט "זאַכן" צום כשרן, אומעטום איז עפּעס דאָ צו "טאָן", און דאָס איינציקע מאָל אין יאָר, וואָס די מאַמע "געוועלטיקט" . . .

שוין דאָס אַליין, וואָס די מאַמע "קאָמאַנדעוועט" אזוי מיטן טאַטן און ער בורטשעט און פאָלגט, איז אַ פרייד פאַר זיך אַליין; אַ חוץ וואָס מען דערלעבט זיך טאָקע אַ נקמה אָן דעם טאַטן... זי שיקט אים "אַלקער" גייט

מען אין אַלקער, פון דאַרטן איז זי אים משלח אין דער "שפּיזאַרניע" אַריין, פון דאַרטן ווידער אין קעלער אַריין, און פון קעלער, עט אַרויף אויפן בוידים . . .

— "איך פאַרשטיי ניט — חידושט זיך אַ וויסער־חברה'ניק אין שלום עליכם'ס: "די ערב־פּסח'דיקע עמיגראַציע" — איך פאַרשטיי ניט, וואָס קרימט זיך אַזוי דער טאַטע? אַ שטייגער, וואָס פאַר אַן אומגליק איז דאָס אַז מען עסט איין מאָל אין קעלער?... וואָס איז אַזוי ביטער, אַז מען נעמט צוויי איבערגעקערטע פעסלעך און מען לייגט איבער אַ לאַקשנברעט און אַליין זעצט מען זיך אויך אויף איבערגעקערטע פעסלעך און מען עסט, אדרבה, מיר דאַכט זיך, אַז אַזוי איז בעסער און אַסאַך פריילעכער. מען קאָן זיך בשעת מעשה קאַטשען מיטן פעסל איבערן גאַנצן קעלער, אַי מען פאַלט? שטייט מען אויף און מען קאַטשעט זיך נאָכאַמאָל" . . .

און דער זעלבער ווייסער חברה'ניק רייצט זיך מיט די טאַטעס און לאַכט פון זיי: מ'הייסט דעם טאַטן קריכן אויפן בוידעם, איז ער אויך ניט צופרידן. — "איך ווייס? מיר דאַכט, איך וואָלט אַ בעלן געווען סואָל זיין אַלע וואָך ערב פּסח און מע זאָל אַלע וואָך דאַרפן קריכן אויפן בוידעם, ערשטנס איז דאָס קריכן אַליין, אויך עפּעס אַ שטיקל עסק ,אַ שטייגער אין מיטן וואָך, איך זאָל זיך אויסציען, וועט מען מיך דען לאָזן קריכן אויפן בוידעם ? " . . .

און וואָס עס טוט זיך אויפן בוידעם! — "כעבראָכענע גלעזלעך, — שאַרבנס פון טעפּ... אַ דורכגעברענטער קוימען פון אַ סאַמאָוואַר. אַ צעריסענע זיפּ, אַן אַלטער לולב. — היינט די קראַקוועס!... היינט דער דאַך! — אַ קלייניקט האַלטן דעם דאַך מיט די הענט ! " . . . .

אַזוי האָבן די יידישע יום טובים געדינט דעם קינד, כמעט אַלץ דאָס איינציקע שפּיל־פעלד, וואו דאָס קינדערשע איז געקומען צום אויסדרוק דורך דעם טראַדיציאָנעלן שפּיל

אָבער ניט שטענדיק איז יום טוב. נאָכן יום טוב קומען ווידער די גרויע, נודנע וואָכעדיקע טעג, דאָס שפּיל פון מלך־מלכה און פּרינץ, האָט זיך געענדיקט — און די "מלחמה" צעפלאַקערט זיך פון סניי .

— "ווידער אין חדר אַריין — קלאָגט זיך דער קרבן פון דעם מע־סערל — ווידער "שור שנגח את הפרה" — אַן אָקס, וואָס האָט געשטויסן אַ בהמה; ווידער מאָטי מלאך המות'ס קלעפּ; ווידער דעם טאַטנס כעס, דעם טאַטנס הוסט, דעם טאַטנס קללות" . . .

מיר הערן ווידער ווי דער רבי קנעלט מיטן גאַנצן חדר קינדער צוזאַמען, די סדרה בראשית, עס ציט זיך דער נודנע מאָנאָטאָן אין ענגן פינצטערן חדר: — והנחש — און דער שלאַנג! היה — איז געווען ערום — קליגער! מכל — פון אַלע! חיות — חיות!"... און בעני, וואָס האָט אַ וויכטיקן ענין צו דערליידיקן מיט אַ יינגל אַ שכן און האָט עס פיינט אָפּ־

צולייגן, שטייט נישט אָפּ פון דעם גאַנצן חדר, קינדער און ער זאָגט־מיט:
— והאדם — און דער מענטש! ידע — האָט באַוואוסט! נאַ דיר אָוועק די
קנעפּלעך! את חוה — חוה׳ן! אשתו — זיין ווייב! גיב מיר אַ באַקסער״...
און תוך כדי דיבור, גיט ער טאַקע אונטערן טיש, פאַרשטייט זיך, צום
יינגעלע דעם שכן: — ״עטלעכע קליינע, גלאַטע, גליטשיקע הויזן־קנעפּ־
לעך״, און דער צווייטער בעל־דבר, ענטפערט אָפּ מיטן זעלבן ניגון. —
ותהר — און זי איז טראָגעדיק געוואָרן! ווער האָט דיר געזאָגט! ותלד
— און זי האָט געוואונען! אַז איך האָב באַ זיך באַקסערן?״ . . .

פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט זיך געענדיקט מיט שמיץ. דער רבי
שמייסט, דער טאַטע שעלט און שלאָגט, די קינדער וויינען; זיי וויינען זיך
אויס און מאַכן ווידער בגניבה, מעסערלעך פון ״סטאָלקעס״, וואָס מען
״ציט״ אַרויס פון דער מאַמעס ״קרינאָלינע״... מען שפּילט אין קנעפּלעך
אונטער דעם רבינס נאָז און מען נאגלט צו זיינע פאַנטאָפל צו דער ערד —
מען פירט די ״מלחמה״ קעגן די גרויסע — אמת, ניט קיין אָנגרייפערישע.
נאָר אַ פאַרטיידיגונגס ״מלחמה״ . . .

מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס פירט נישט קיין מלחמות מיט די גרויסע,
— ״מיר איז גוט, איך בין אַ יתום״, באַרימט ער זיך, אָן דער מינדסטער
פאַרלעגנהייט.. און אויב זיין ברודער אליהו, וויל שפּילן איבער אים די
ראָלע פון אַ ״טאַטן״, איז דאָס ״בלאָטע״. פאַרקערט, מאָטל באַנוצט זיך
מיט אים, צו ״סטראַשן״ די יינגלעך אין גאַס: אָט, וועל איך אַרויסרופן
מיין ברודער ! . .

מאָטל איז אַ קינד, אין וועמען די גרויסע האָבן נישט געהאַט די
געלעגנהייט בייצוקומען זיין קינדערשקייט, אים ״אָפּגעוויינען״ פון זיינע
״קינדערשע שטיק״... ער איז ג אַ נ ץ אין זיין אייגענער קינדערשער
וועלט, ער איז פשוט נישט מסוגל, אין זיין עכטער קינדערשקייט, צו נע־
מען אויף זיך דעם ״גלות״, די צרות און די טראַגעדיעס פון די גרויסע.
נישט ווייל ער איז אַ ש ל ע כ ט קינד, נאָר ווייל ער איז אַ ק י נ ד .

זיין וועלט איז באַ די קלעצער, אין דרויסן, וואו עס וואַקסן, ״קרי־
געלעך וואָס קנאַקן״, ״שטעכעלקעס, וואָס שטעכן״, נישט אין הויז, וואו דער
טאַטע איז קראַנק און האַלט באַם שטאַרבן, די מאַמע וויינט און דער ברו־
דער אליהו, וויל שפּילן די ראָלע פון אַ ״טאַטן״, שרייען און געבן פעטש
—כאַטש נעם און ווער אויס קינד ! . . .

ליגט ער בעסער אין דרויסן אויף די קלעצער, און טראַכט פון דעם
שכנס קעלבל ״מעני״ און האָט זיך זיינע אייגענע זאָרג, טאָמער האָט מען
דאָס קעלבל פאַרקויפט צום קצב... טאָמער, וועט מען דאָס קעלבן קוילען.

אין מאָטלס וועלטל איז נישטאָ קיין טויט, דאָס קעלבל שטאַרבט
ניט. מען קוילעט עס... די גרויסע פאַרקויפן עס צום קצב און דער קצב

קוילעט עס... אָבער "טויט", "שטאַרבן" דאָס איז ניט פון מאָטלס וועלט.

מאָטל האָט דוקא זייער ליב די גרויסע, כאָטש אָפט זיינען זיי אַזוינע קאַמישע — די גרויסע, כאָטש נעם און "מאָל זיי אָפּ".. אפילו זיין שטענדיק וויינענדיקע מאַמע. — מאָדנע מענטשן די גרויסע, דאַכט זיך, אַזאַ גוטע מאַמע, נאָר זי וויינט שטענדיק... אין זיין וועלט אין מאָטלס, וויינט מען נישט — סיידן מען כאַפּט פּעטש, און אָפט טרעפט אַז מען כאַפּט פּעטש און מען וויינט ניט... און זי, די מאַמע, קיינער טשעפּעט זי נישט, און זי וויינט. סאיז נאָר צום לאַכן בנאמנות . . .

היינט, פּעסי די גראַבע מיטן גוידער, און איר מאַן דער אייבינדער און זיין אייגענער ברודער אליהו און זיין קורצזיכטיקער חבר פּיני און אַלע, אַלע גרויסע, דאַכט זיך אַזוינע גוטע, נאָר קאַמישע.

מאָטל פירט ניט קיין "מלחמות" מיט די גרויסע, פאַרקערט, ער האָט זייער ליב, זיך צו עסקן מיט זיי און זיי העלפן אין זייערע עסקים... העלפן מאַכן קוואַס און גיין אין גאַס פאַרקויפן? מהיכה תיתי. טינט? אַוודאי! די שטוביקע אָרימקייט טראָגט ער אויף זיך ניט ערגער פון די גרויסע.

מאָטל האָט זיך זיין וועלטל און זיין אייגענעם צוגאַנג צו לעבנספראַגן. און אויב זיי, די גרויסע, האָבן זיך אין זייער אייגענער וועלט, געוויסע פירעכצן מנהגים און כללים; פּרובירט ער נאָכצוקומען אויף אַזויפיל, אויף וויפל עס קומט ניט אין קאָנפליקט מיט זיינע אייגענע כללים, אויב ער קאָן ניט, האַלט ער עס ניט פאַר אַ מוז, נאָכצוקומען . . .

זאָגן קדיש למשל, נאָך אַ טאַטן, פאַרשטייט ער, נאָר אַ גאַנץ יאָר גיין יעדן אינדערפרי און פאַרנאַכט אין שול אַריין זאָגן קדיש, — דאָס איז שוין צופיל! — דער עיקר נאָך אין די פאַרנאַכטן ווען ס'איז די סאַמע בעסטע צייט צו רייסן עפּל און פערשקעס, אין מנשה'כע דער רופא'טעס גאָרטן . . .

אין מאָטלען האָט אונז שלום עליכם געגעבן, פּאָלקס פּשטות אין אַ יידיש-קינד,, יידיש דורך און דורך, נישט קיין בית מדרש און ישיבה יידישקייט, נאָר אַ געזונט, עמכה'דיק יידיש קינד, וואָס פילט זיך באַרעכטיקט צו זיין קינדערשקייט, אַ קינד, וואָס ווערט נישט בטול צווישן די גרויסע.

דאָס, וואָס מאָטל און אַלע יידישע קינדער, באַ שלום עליכם'ן ריידן, ווי "גרויסע" איז דאָס דערפאַר, וואָס צום יידישן קינד, האָט מען פון וויגל און גערעדט ווי צו אַ גרויסן.

אין חדר אַפילו, פון דרדקי מלמד אָן, האָט מען גערעדט צו אים, ווי צו אַ דערוואַקסענעם און דערפאַר, וואָס דעם קינד איז אויסגעקומען צו זיין אַ גאַנצן טאָג אין חדר, וואו דער לימוד, האָט ניט געהאַט קיין שייכות צום קינד — נישט דער "שור שנגח את הפרה", נישט דער: "ותהר — און זי איז טראָגעדיק געוואָרן", — ותלד — און זי האָט געוואונען" האָבן

אין זיך פאַרמאָגט שפּראַך פון און פאַר קינדער.

אין דער היים האָט מען אויך נישט גערעדט צום קינד אַנדערש: — ״אַזאַ יונגאַטש! — שרייט שלום עליכם׳ס אַ טאַטע אויף זיין אַכט יאָריק קינד — קראַנק ביסטו בעמען אַ ספר אין האַנט?״ . . .

אונטער אַזעלכע דערציאונגס באַדינגונגען האָט דאָס קינד נאַטיר־לעך איבערגענומען די רעדנס־אַרטן און מיינונגען פון די גרויסע און נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו אַנטוויקלען אַן אייגענע קינדערשע שפּראַך.

אָבער מאָטל, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער רעדט, ווי אַ גרוי־סער, מיט יעדן קנייטש און בויג פון דעם פאָלקס לשון, איז ער אַזוי גע־זונט; שפּילעוודיק — קינדערש, אַז אַפילו די שפּראַך פון די גרויסע קלינגט קינדערש־חנעוודיק, ווען ער רעדט.

מאָטל פּייסי דעם חזנס, דער סימבאָל פון שלום עליכם׳ס יונגסטן דור יידישע אימיגראַנטן אין אַמעריקע, אויף וועמען שלום עליכם האָט גע־לייגט זיינע האָפנונגען, אַז ער, דאָס געזונטע פאָלקס־קינד, וועט ניט בטל ווערן אין דעם מעכטיקן שטראָם פון ביליגער און גרינגער אַמעריקאַני־זאַציע פון וועלכן, אַזוי פיל ״כתרילעווקער״ יידן, האָבן זיך געלאָזט איב־גאַנצן פאַרטראָגן, פאַרגעסנדיק זייער שפּראַך, זייער קולטור און זייער פאָלקס אייגנאַרט.

שלום עליכם׳ס קינסטלעריש אויג האָט שנעל באַמערקט, וואָס סאיז דאָ אין אַמעריקע געוואָרן פון גאָר אַ גרויסן טייל פון זיינע יידן, וועלכע האָבן זיך דאָ ״אַרויפגעאַרבעט״ און פאַרגעסן זייער פאָלק און אין בעסטן פאַל געוואָרן ״עולם הבא״ קויפער און פאַרקויפער, ניט האָבנדיק קיין צובונד צום פאָלק, צום יידישן כלל.

מאָטל איז נישט געקומען אַליין קיין אַמעריקע, ער איז געקומען מיט פּיניע אליהו׳ן ברכה׳ן און גאָר אַ גרויסער עדה פון די יידישע צעכן — די בעקער, שניידער, סטאָליער, איינבינדער, דאָס סאַמע אַרבעטער פאָלק, וואָס האָט דאַן אָהער געשטראָמט און זיך דאָ אַריינגעגאָסן אין דעם נאָך גאָר יונגן יידישן אַרבעטער לעבן, וואָס האָט זיך דאַן געהאַלטן אין אָרגאַניזירן.

מאָטל — דאַכט זיך אונדז, איז נישט געווען דער מיטפאָרער, מיט די גרויסע, נאָר פאַרקערט, דורך דער גאַנצער צייט פון דעם וואַנדערן, און דורך דער צייט וואָס זיי זיינען שוין אין אַמעריקע, האָבן מיר דעם איינדרוק, אַז ניט ער איז געקומען מיט זיי, נאָר אַז זיי זיינען געקומען מיט אים, מיט מאָטלען.

ער ווערט דער אָפיציעלער פראַגע שטעלער און קשיות־פרעגער, ער העלפט פּיניען מיט אליהו׳ן מיט ברכהן געפינען דעם יידישן שורש אין די ענגלישע ווערטער... ער רעדט שטענדיק בלשון רבים, ס׳איז נישטאָ באַ אים קיין ״איך״ און ״זיי״ נאָר ״מיר״ — ״מיר אַרבעטן״, ״מיר סטרייקן״.

ער, מאָטל און אַלע מאָטלס, די קלענערע און די גרעסערע, די פּיניס די ברכה׳ס, די אליהו׳ס, און שלום עליכם׳ס באַליבטע בעלי־מלאָכות, די פאָלקס מענטשן, זיינען געוואָרן שלום־עליכם׳ס האָפענונג, אַז די יידישע שפּראַך, די יידישע קולטור, דאָס יידישע לעבן, דאָס געפיל פאַר יושר, פאַר גלייכהייט און פרייהייט וועט דאָ אין דעם נייעם לאַנד נישט בטול ווערן. די מאָטלס און די אַלע וואָס זיינען געקומען מיט מאָטלען — ״ מ י ר ״ וועלן עס אָפּהיטן!

עס איז אַ גרויס פאַרלוסט, וואָס ״מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס״ איז געבליבן נישט פאַרענדיקט, ווי עס זיינען געבליבן אַנדערע ניט פאַרענדיקטע אַרבעטן פון דער פּען פון אונזער גרויסן קינסטלער.

אָבער שלום עליכם׳ס מאָטל און די מאָטלס און ברכה׳ס און פּיני׳ס און אליהו׳ס האָבן נישט אָפּגענאַרט זיינע האָפענונגען, זיי לעבן און ווירקן אין דעם פּראָגרעסיוון יידישן לעבן פון אַמעריקע, זיי האַלטן אויף די יידישע שפּראַך די יידישע קולטור און זיי טראָגן אַ גרויסן טייל פון דעם פאָלקס־אַחריות אויף זייערע פּלייצעס. און שלום עליכם לעבט אין זיינע ווערק צוזאַמען מיטן פאָלק — זיין העלד און דורך זיין אייגענעם נאָמען, וואָס קלינגט ווי אַ ברכה אויף יעדנס ליפּן. — אַ ברכה, מיט וועלכער איין ייד באַגריסט דעם צווייטן און גיט אים די האַנט, אַלס צייכן פון פריידן און פריידלעכער אַנגעהעריקייט.

— ״מה שמיכם״ פרעגט שלום עליכם׳ס אַ ייד בײַ שלום עליכם׳ן. און שלום עליכם ענטפערט אים: ״שלום עליכם״.

״עליכם שלום״ ענטפערט אָפּ דער ייד, ״אָבער ווי אַזוי ר ו פ ט מען אייך?״

״שלום עליכם רופט מען אים!״ און אַזוי איז געבליבן אויף שטענדיק, ווי אַ ברכה אויף די ליפּן פון דעם פאָלק דער נאָמען — ש ל ו ם ־ ע ל י ־ כ ם.



ווילִיאַם שוואַרץ　　　　פּאָרטרעט פון אַ דיכטער

שלמה שוואַרץ

# צווישן טאָוול און שטיין

## א

עס בליט די זונשאַפּט, ס'בליט.
די געטאָ מיין לימוד.
קאַנאַסוער פון: יאַ זיין ניט זיין.
אַ פאַרבייכלטע קלוגשאַפּט
די צוגעזאָגטע אינוועטאַר
פון גן עדן. (ס'איז ליידיק חבר.)
דער פּראָפעסאָר, דער נאַר,
זוכט מיסטיק אין פאַרברענטן שטרוי
בעת די סובסטילסטע גרין איז איצטער זשאַווער.

גיי זיי ציטעריק אין חלבדיקן מולטער.
דער געשוטער אין שטילסטע אַקאָרדן
איז דער מת, מת, ווידער מת.
ס'טעלערל פון הימל אַראָפּגעשאָסן ווי אַ פלוך,
נאָר דער וואונדער איז מער ניט בוך,
נייערט די ערד וואָס איז אָפן מיט אומגעגנוגשאַפט.
דער ווין איז מער ניט סוד, דער ווין איז אַ דראַג.
און אויף באַמבאַדירטע טישלאַך אַ סידור, אַ קאָפּ.
דער ווינט ווייס דאָס אָרט, ווייס די וואָג.

## ב

לכה דודי, די מצבות צעבליטע ליכט.
די נאַכט ווערט באַגענט צווישן דראַט;
איצט איז דער קדיש אַ ברודער, דערצו —
די יוגנט הינקט הינטער דיר.

די נאַקעטקייט פאַרזיגלט די ערד.
דער וואַלד איז דער אייביקער ריטואַל.
אומעטום די גרינע שריפט, דער פרומער שטאַם:
די אַם, די טרער, זי שטראַלט מיט רו.

אייביק און אייביק די רידל־רייד.
דין, דינער די פרייד; בן ישעיה, בן נון.
די לויה איז שטיל, די לויה איז גרין —
ביזט שיין אַ מאַמע אין בלאַסן מום.

ג

די שטאָט איז פול מיט ניגונים.
אַ צעלעכערט זאַק איז די נאַכט.
נאָר דאָס ליד, אַ לבנה פעטיט:
די שטערן סופלירן, פאַרפירן.

און בליי און טרער מיין סידור, מיין ברויט.
די טויב געפאַנגען אין מיין שויב
איז רויט, איז ביינערלאָז מיד.
נאָר שטאָל איז מער ווי סוד, מער ווי יאַריד.

דער ווינט, דער לוח פון סעזאָנען.
שיר השירים, די ליבע אוראַלטע כאַרן.
דער שטיין וואַקסט שמאָל אין יצירה פון קאָלאָרן
משמעות, אַז טויט און איך, די זעלבע יאָרן.

ד

איצט די ווידערשפעניקע ליפּן
פאַרקניפּן אַ קריגשאַפט
צווישן טאַוול און ציגל.
דער גראַם איז דער הימל, אַ צעשאָסענער שפּיגל.

אַ בלעטל אין ווינט לערנט מיר פשט:
דער מענטש איז משפט! איוב אַנטראַקט.
אַזוי צי אַזוי —
אום צו קענען זען גאָט
איז דער שכר פון ווערן גרוי.

גרויזאַם און שאַרף דער שמאָלער שטיין.
אַלע ביינער גיבן זיך די הענט, אומפּרעמד.
אַ געטלאַכער הוסט, דער דונער פון בבל!
כ'בין שטענדיק דער געגאַגלטער איינער צו דיין ערד.

ה

ווי וואונדערלאַך די דרשה פון אייביקייט.
מען דאַרף האָבן אויג, ביינקשאַפט, תענתים.
אַזוי קנוילט דער ווינט אויפן קול
צווישן שכן'ס ביימל,
ווען האַרבסט איז עול.

מיין שכן דער קריסט קוקט אויף מיין גוף
און טראַכט מסתמא פון נייעם טעסטאַמענט.
נאָר דער רעגן ווי שטומע זינגער,
האָבן דערווייל באַווײנט
די יידישלאַכע פינגער.

די קרעמאַטאָריע מוז זיין גרויס ווי די נאַכט
און רויטער ווי אויפגאַנג, דער שכן צו מיין אויער.
דער זייגער האָט געציילט די שטונדן
געציילט די בלוט פלעקן —
האַרבסט ווי מיין שטאָם אַ געקרייציקטער אין נייע וואונדן.

ו

דער פחדן ווי אַ שאָטן אומגערוט.
דער שטאָטנער טאָג ער קומט.
נאָר די זון איז וואונד.
דער טויט אַ געטרייער מעדיקאַמענט,
און די דאַרע צווייגן צוגעקלעפּט
צו דיין אויג, צו דיין גוף — ברענט.

די וואַכעדיקייט ווייינט אַראָפּ פון יעדן בוים.
מה רעש?
דער ווינט קערט אַפּ דורך טיר און וואַלד
דעם קרבן —
אַ טרוים.
איצט שמעקט די וועלט מיט אַש.

ווי קען איך דיך ליבן?
געבליבן איז איצט דער האַז
נאַקעט אינמיטן וואָר.
די יונגע האר, גאר ווייענדיקע גראז.
דער הימל אַ זכר, אַ בלויער פּנקס
און הארבסט ווי מיין שטאַם איז גאַלער פלאַם.

ז

דיין זעגלשיף.. דער קילער פלי פון וואסער.
די כוואַליעס, ווי פליטים, העלע רעטעניש.
דער ברעג איז מאַלעריש, געהיימניספול אַליין
נאָר דער ווינט פאַרקניפּט. דער שטח איז סכנה.
דאָ דאַוונט איצט די וואָראַנע:
דער תהום, דער געביין.

די זון הינטער דיר איז הוילע בושה.
די שטריק ווי רצועות ווערן ענגער.
שטרענגער איז די נאַכט ווי דאָס אינגעווייד.
איצט איז די שעה פון קאַלטן צאַל:
דער שטומער ווי, פון איינס, פון צוויי.

די בלויע קלייד פון ים קליידט דיר.
כ׳האָב דיך דערקענט און די טונקעלע טראָפּנס
אויף מיין ליפּ. (ביזט אי מאַמע, אי טרער.)
דער שטערן זוכט: ווער איז ווער?
די חכמה שטאַמלט, דער גזר אין פלי —
די לבנה פאַראַדירט ווי שבתי צבי.

ח

מיין פּנים צום מזרח־וואַנט:
ווער איך ווידער קינד.
בלי, בלי גאָט אין מיין אויג.
די זון וואַקסט אין יעדן בויג.
דער שטן איז זיכרון אַצינד.

די חכמה אין צעדולטן גראניט
פאַרשלינגט דעם רעגנבויגן, אי דעם שווייגן.
וואַקס, וואַקס גאָט אין מיינע טריט .

פאַרפלעכט די שעה אין נעאָן ליד.
די לבנה פרום אויף אָנגעגליטע צווייגן.

נאָר מיין אור־טער, סודות׳דיקער שריפט
אין געגאָגלטן וויג — דערקלער!
וויג, וויג גאָט מיין בראַנדזענעם שטריק.
די זון איז וואונד, די הענט אַ בריק.
דער שטן אַ צעוואַקסענער גר.

ט

כ׳בין רייף. דער קאַלטער פיבער פון אלול
איז אין שטיין.
גאָט איז איצט אַ שווערער גראַם.
די בוימער רייסן פון זיך קריעה —
ווער קען איינשטילן זייער געוויין?

דער מזרח קילט טרויבן און עפּל.
אויף די דעכער אויסגעבלייכטע אותיות.
דאָס וואַסער איז מיט זאַמד אָנגעזויגן
און אַלע רייד ווערן בלאַסער
ווען די זון טרערט אין דיינע אויגן.

דער שניי קומט מיט אַ פּוד טאַלאַנט
ווי געראָטענע קינדער.
די ניכטערע פונקען פאַרפעלן אָנצעצינדן מיין לייב.
נאָר גאָט איז איצט היימיש אין שטאָטישן נעאָן.
צי זאָל איך וואגן חלילה, פאַרבינדן זיך
מיט אים אויפן טעלעפאָן?

י

כ׳בין האָריזאָנט.
דערקאָנט דורך די גרינע גריבער
דער פיבער פון אייער וואָרט.
גרינע בלעטער אין דער לופט,
אייערע פליענדיקע בריוו.

יעדער בוים פון דער ווייט איז מער ווי אות.
כ׳זע דעם טאָג אין צעכראַסטעטן וואַריאַנט.
די זון נידערט טיף צווישן פאַרשטיקטע גראָזן.
געמיינט, געאָנט,
ס׳איז אַ גרינער נאָגל פון אַ צעשטאָכענער לבנה
וואָס וויל דוקא בליען .

אגב אורחא:
די גן עדן׳שע אינווענטאַר, פרעג דעם פאַרטיזאַן
אין אָפּגרונטן פון שרעק
אונטער אומגעהובלטע ברעטער.
דער טאָג, אוי דער טאָג, איז דורכאויס חורבה.
די וואָלקנס, די שטילע רעטער.

ווען דער חלף זינגט: ווייַנט דער ווינט ווי הבל.
דער בית עלמין גרינט און פאַרשלינגט
די פאַרב אי פון ביינקשאָפּט, אי פון בלוט.
און טביה איז גרוי (אדוני איז גרויער.)
ווער קען אָפּשטעלן זיין פערד און וואָגן
גאָט׳ס איינזאַמקייט איצט צו באַקלאָגן?

* *
*

# מאַטעס דייטש

## מעטעמפּסיכאָזיעס

(דראַמאַטישע סקיצע)

צו פּרץ הירשביין: — מיט המשכדיקער ליבשאַפט צו אַלץ וואָס טראָגט דעם שורשדיקן יידיש אין אייער שריפטשטעלערישן שאַפן פאַר אַלע קלאַסן פון אונדזער פאָלק, אין גרויסער פאַרערונג ווידמע איך דידאַזיקע פּאָעמע צו אייער פינף און זעכציקסטן געבוירן־יאָר.)

**דאָס מענטשענגעשטאַלט ליגט, קריכט, דראַפּעט זיך פון שטיין אויף שטיין;**
**קלעטערט פון בוים אויף בוים; שווימט, פליט און פאַלט אַנידער צו דער**
**ערד ווי אַ קלומעקל זאַמד**
**ס'איז צווישן פינצטערקייט און ליכטיקייט.**
**אַרום אים דערהויבן זיך הויכע בערג, געדיכטע וועלדער און ימען**
**און ער איז ווי אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.**
**דער מאָרגנשטערן שיינט אָפּ אויף אים און עס וועקט אים.**
**ער דערוואַכט און קוקט זיך לאַנג אַרום ניט אויס מורא נאָר מיט פאָרשונג,**
**מיט אַן אָנשטרענג ווי עפּעס צו דערהערן און עס אויפכאַפּן.**
**ראַפּטאָם גיט ער זיך אַ שטעל אויף, אַ שטרעק די הענט צו דער הויך, צו**
**דער ווייטקייט און פאַלט אַנידער אָפּהענגיק. ער שטריינגט זיך אָן**
**אויף אויפצושטיין און ווען ער האַלט אין סאַמע מיט פון זיך אויפ־**
**הייבן, רייסט זיך אַרויס פון זיין ברוסט אַפריער שטומע טענער און**
**דערנאָך ווערן זיי אַלץ קלאָרער דייטלעכער און ער ווענדט זיך צום**
**אַרום פונקט ווי ער וואָלט אַדרעסירן אַ אוידיענץ.**
**ער ווערט בשעת ריידן פאַרוואַנדלט ביסלעכוויז אין אַ דיקן שאָטן.**

ווער רעדט עס אין מיר?
ווער מאָנט עס מאָנונגען פון מיר?
צו וועמענס קול זאָל איך זיך צוהערן?
און וועמענס זאָל איך צוערשט געהאָרכן?
און וועלכע איז דאָס גערעכטע קול
וואָס איך זאָל עס לאָזן אויסגעשטאָלטן?

שוין אַזויפיל מאָל דאָס געהערט
ווי עס טוט זיך איבערחזן אין מיר
און דאָך איז עס אַזוי מאָדנע אומקלאָר,
אָט איז עס, —
דאָס קול פון אדמען און קינען.
און אָט,
פון אברהמען און משהן.
אָט, —
די קולות פון די מתי מדבר
און אָט,
פון די נביאים.
אָט איז עס דאָס זינגעוודיקע קול
פון שלמהן און דודן, די שטאָלצע קעניגן,
און אָט,
דער געטאָדיקער, פונעם דערשטיקטן ייד דעם געל־געלאַטעטן.
און אָט,
דער שלמה מולכודיקער קול.
אָט, — דער אַמסטערדאַמער, דער טיפסטער קול.
דער ישראל בעל שם טובדיקער.
און אָט, — דאָכ שרה בת טובימדיקע האַרציקע קול.

וואָס ראַנגלט זיך אין מיר? ווער?
ווער קנוילט זיך עס אויף אין מיין געמיט. ווער?
ווער שטורמט עס אויף אין מיר דעם געשטורעם
און צעשאַרט אין פלאַנטער די דורות?

אָ, ווי איך פיל נאָך דעם אורמענטש אין זיך, —
זיין סאָלידע געזעצטקייט פון פלאַטן שטיין באַשווערט מיך;
די אומרו פון פייער מיט קאַמעטישן גלי
פיל איך אין זיך שפּריציק און גייזערדיק קאַכיק.
אָ, די הייל, דער וואַלד, די מדבר און דער ים

רעדן, שטורעמען, ברויזן אין מיר קויקלדיק.
וואָרט! וואָרט! טויב־שטום וואָרט!
האַרנעקיג, שטיינערדיק וואָרט, —
פעלזנדיק־שרעקיק — ראַנגלדיק וואָרט!
פיל דורותדיק לעבעדיק וואָרט!
אָ, געטלעך, שכינהדיק וואָרט!

ווער רעדט עס דורך מיר?
רעדט בייז־שטאַמלדיק און פאַרביטערט האַסנדיק;
רעדט מילד־חכמהדיק און מיט גרויס טרייסט־ליבשאַפט, —
ווער? ווער? ווער רעדט עס צו מיר און רופט: מענטש!
אָ. ווער רופט מיך דורך דער פינצטערקייט?
אָט די וואָס איז אין מיין גוף און איבער אים, —
אַ פינטל ליכט רופט מיך; אַ מאַיאָקן־אויג, איינציק.

מיין גייסט אין מיר איז אומרואיק ווי שאול׳ס.
וואָס איז אַזוי אומרואיק דער גייסט מיינער?
אים איז ניט געפעלן די דירה —מיין גוף?
איך־מין איז אים ניט געפעלן? מענטש־מין איז אים צו־ווידער?
אָ, ווי אומרואיק מיין גייסט איז אין מיר. —
די אומרו פון אַלע אומרואיקייטן באַאומרואיקט אים.

אָ, וועלט־גייסט! מיין קרובהשאַפט מיט דיר
איז דאָך אַן אַבסאָלוטע! אַ ספּיריטואַל־מוטערלעכע:
האָסטו, וועלט־בורא, דען ניט באַשאַפן דורכן וואָרט.
ווידעראַמאָל וואָרט! וואָרט! אוי; תמיד, — וואָרט!
צום אַלעם ערשטן און צום סאַמע אומענדלעכן, וואָרט!
און איך אויך, — דורכן זעלבן מעדיום, — וואָרט! וואָרט!

אָ, פאַרוואָס טיילסטו מיך? שפּאַלטסט מיך?
און ברעקלסט מיך אין אַ הויפן
פול מיט תאוות און סתירות! ?
בין איך גאָלע חיה?
מיט אַלע פּיטשעווקעס — חיה! ?
טאָ ציוואָס אָט דער אומרואיקער גייסט?
דער פיל דורותדיקער אומרואיקער גייסט אין מיר?
וואו רופט מיך דער האָריזאָנטישער באַגין?
ווער שטויסט מיך אַהין? צום פינטל ליכט, ווער?

פון וואַנען קומען די פייערן וואָס ברענען?
די פילע ראַנגלדיקע איכן מיינע
און וועקן, וועקן שטאַרק דעם געשטאַמטן באַוואוסטזיין?

אָ, גייסט, דו ליידסט־מיט מיט מיר מיין ליידן,
אויך אַלע דורות אין מיר ליידן־מיט מיין ליידן.

„העי, דו, אין וועלכן מיר וואוינען אין דיר,
ס'ווערט פון דור צו דור פאַרקלענערט
אונדזער דירה אין דיר, זי פאַרמינערט זיך;
און פאַרמערט ווערן די איינוואוינער פיל
וואָס האָבן נאָך ניט קיין נעמען".

אָ, ווער גייט עס דורך דורך מיר?
ווער רעדט עס דורך מיר?
ווער וואוינט עס אין מיר?

ממרא? מצרים? גושן? בבל?
פרת ומדי? יבנה? שפּאַניע? אייראָפּע?
אַמעריקע, סאָוועטנלאַנד, ארץ ישראל?
אָ, וואָס פאַר אַ קאָנטינענטן ראַלן זיך אין מיר?
די מדבר צי דער באַרג סיני זאָל מיך באַהערשן??

אָ, גייסט פון דורות אַלערלייאיקע, ענטפער מיר.

(ס'איז די מזרח־ליכט אַרויס,
אַ ווינטל שוועבט פאַרביי.
און עס רעדט זיך דאָס ווינטל יידישדיקע רייד:)

„רו און פריד צו דיין גייסט,
כבין דאָס שליחות פון אַלע דורות יידן,
שלום ! אַ גרוס פון אַלע דורות איז עס.
רו און פריד צו דיין גייסט, —
אַלעס איז געווען גוט.
פון אָנהייב ביז איצט,
געווען איז גוט און גוט וועט ערשט זיין
באַם סאַמע סוף פון דער גרויסער ענד.
ווייל אין אייביקייט איז דער שלום. —

און דו ביסט אייביק און אייביק.
טאָקע נאָר דער בפירושדיקער שלום.
(דער שאָטן גלייכט זיך אויס, פונעם קלומעקל ווערט אַ מענטש,
אַ ליכטיק געשטאַלט.)

## די וואַרשעווער געטאָ

דער טאָג.
דער טאָג.

דע לעצטער, דער אייביקער —
דער הייליקער טאָג
אין דער וואַרשעווער געטאָ.

דער טאָג.
דער טאָג.

און עס זיינען געווען נעכט,
און עס זיינען אַוועק — טעג
ביז געוואָרן פון אַלע
איין אָפּגרונט־נאַכט
און פון איר — איין לעצטער, ציטערדיקער טאָג.
ער איז געלעגן, אין די אויגן געגליט,
אַט די וואָס האָבן פאַרחתמעט און געוואוסט,
פאַרחתמעט דעם הייליקן סוד פון שטאַרבן
מיט אַ ברייזן נקמה פאַרן מעכטיקן שונא.

די שטיינער פונעם ברוק,
די פּרענטעס פון די ווענט
און דאָס גלאָז פון די שויבן
אַליין זיך אַרויסגעריסן —
פאַרן כבוד פונעם יידישן געוויסן,
פאַרן מענטשלעכן און וועלטלעכן — אויך;
געשפּרונגען אין די פיבערדיקע הענט פון די

וואָס האָבן טיף פאַרבאָרגן אין זיך דעם סוד
פון הייליקן שטאַרבן מיט אַ ברייזן נקמה
פאַרן נאַציע דעם מעכטיקן שונא,

דער טאָג.
דער טאָג.
דער לעצטער, דער אייביקער, —
דער הייליקער טאָג
אין דער וואַרשעווער געטאָ.
דער טאָג.

ווען סע האָט זיך אָנגערוקט דער נאַצישער טאַנק,
ווען סע האָט פאַרשפּרייט זיך דער נאַצישער עראָפּלאַן,
איז די לופט געוואָרן מבולדיק־קראַנק,
די גאַסן — אַ העליש־בראַנדיק, געטאָ־קלעמיקער שפּאַן.

די ווענט געראָלט האָבן זיך ווי יריחו׳ס
און אַלץ האָט אין תהו־ובהו געבראָכן מיט פייער.
און די וואָס האָבן געזעען די ברענענדיקע נאַצישע רוחות,
דערפילט האָבן העלדיש ווי דער ברייזן נקמה איז טייער.

די יידישע האַנט האָט פּאַרכטיק געצילט צום נאַצי אַהין;
יעדער איז געווען זיין סאָלדאַט, זיין גענעראַל — אָן צעמיש.
סיי דער שטיין און סיי די קויל פונעם אַלטן קאַראַבין
האָבן זכיהדיק געפּאָלגט און געוויספּערט: אַשרי האיש . . .

אה, וואָלט דאָן ירמיהו הנביא געווען אין געטאָ צווישן,
ער וואָלט ניט געוויינט . . . וויינען זאָל אָן אַ טאָלק
די שוידערלעכע וועלט, ווען זי וועט זיך דערוויסן
פונעם חשמונאים־גייסט ביים תהילימדיקן פאָלק . . .

דער טאָג, דער לעצטער טאָג;
דער אייביקער, הייליקער טאָג
אין דער וואַרשעווער געטאָ.
דער טאָג.

ס׳איז דער טויט אַליין שוין, אַליין דאָרט,
אין דער וואַרשעווער געטאָ געבליבן;

געזעסן מיט זיך דאָרט איז דער פּאַרטיליקטער טויט
און באַוויינט די הריגה פון לעבן;
ס'איז דער טויט בלויז מיט זיך דאָרט געבליבן,
געשפּרייט זיך און געקלאָגט איבערן כאָאָס,
איבערן ים מיט קוואַליקן, העלישן חורבן.

דער טויט האָט געוויינט,
זיין ליד האָט געמיינט —
דעם טויטס אייגן ליד
האָט געשפּרייט זיך
מיט אַ קלאָג און געמיינט:

דו, העלישער, טייוולשער, העלישער נאַציע,
פאַרשאָלטן ווער מיט גהינומשע קללות!
פאַרשאָלטן זיי מיט די פּלאָגן פון פּרעהן, —
געטאָפּלטע מכות און בכורות פאַר דיר,
דו, לייזיקער, בלוטיקער, לייזיקער נאַציע!

דער טויט האָט געוויינט,
זיין ליד האָ טגעמיינט:
מיט יעדן העלדישן ייד וואָס געדאַרפט
האָב איך זיך פאַרבונדן אין פּאָרן
אין דער וואַרשעווער בראַנדיקער געטאָ
האָט קעגן אים דער מעכטיקער שונא פאַרלאָרן, —
דער טייוולשער, העלישער, טייוולשער נאַציע!
דו, ברויזיקע, גיפטיקע דומהייט — נאַציע־מגפה!

אַזוי וועט זיין פאַר דורות — די גראָדע ליניע;
דער העכסטער העלדישער גראַד, —
ווען אַלע פעלקערשע פינגער און לענדן
וועלן זיך ציען און טייטלען קיין סטאַלינגראַד,
וועט די מוטערשטאָט — דער גואל־הדם־העלד —
צו דער וואַרשעווער געטאָ זיי ווענדן:

דער מעכטיקער שונא דעם מענטשנס,
דער טייוולשער, העלישער, האַסיקער נאַציע,
האָט פאַרלאָרן, אויף תמיד פאַרלאָרן!

די העלדישע פינגער — ביקסן געצילטע,
פון קדושים די פינגער וועלן ווייזן.

דער שונא דער וויסטער,
די גיפטיקע דומהייט, די נאַציע־מגפה,
פאַרלאָרן האָט אויך אין דער וואַרשעווער געטאָ!

ער האָט איינמאָל באַ דער וועלט פאַרלאָרן
און באַם טויט — אַלע מאָל — פאַרלאָרן!

אה, געבליבן איז דאָס לעבן!
דאָס לעבן געבליבן — איבעראַלעס!

ס'האָט דער פינצטערער שונא, דער נאַציע, דער וויסטער,
פאַרשלונגען דעם טויט גאָר אינגאַנצן;
זיך פאַרכלינעט מיט גרוילן און געבליבן דערוואָרגן!

ער האָט באַ דער וועלט און באַם טויט — פאַרלאָרן!
געבליבן איז לעבן — דאָס לעבן — איבעראַלעס!
דער ליכטיקער, פריידיקער מאָרגן!

אַזוי און אַזוי, נאָר אַזוי,
איז די וואַרשעווער געטאָ — אַן אייביק!
דער קדושים גייסט פון וואַרשעווער געטאָ
איז אייביק ווי מיר זיינען אייביק.
איז אייביק און אייביק אויף אייביק
ווי אַלץ וואָס מוז לעבן און שאַפן — אייביק.

אָ, מוט פון וואַרשעווער געטאָ, ביסט אייביק!
אייביק גרויס איז דער מוט,
דער הייליקער מוט איז געגרויסט פון די לעצטע
וואָס האָט זינלעך געמאַכט דאָס יידישע לעבן!

גאָט און וועלט, זעט: דער לעצטער ייד, אַ שטאָלצער מענטש
אין בוינע.
אין לעצטער שעה פון טאָג, אין הייליקסטן לעצטן טאָג
מיט דעם ברייזן נקמה פאַרן גיפטיקן, בראַנדיקן שונא!

אָ, לאָמיר דעם גורל אויף תמיד,
דעם גורל געדענקען פון לעצטן,
דעם גורל פון העלדישן ייד,
דעם פלאַמיקן מענטשלעכן נר־תמיד!

אָ, וואויל, ס'איז לעבן געבליבן דאָס לעבן!
דאָס לעבן צו צינדן דאָס ליכט,
דאָס ליכט פונעם גייסטיקן אייל!
זאָל זינגען דאָס לעבן און געדענקען צו זינגען
דאָס ליד פונעם ייד, דעם ייד, דעם ייד מיטן גורל
צו זיין דער ראַנגלענדיקער לעצטער
אין דער העלישער וואַרשעווער געטאָ!

לאָמיר אַלע אינאייינעם, אינאייינעם,
זינגען דאָס העלדישע ליד פון ישראל:

ובמקהלות, רבבות עמך ישראל . . .

לאָמיר אַלע אינאייינעם, אינאייינעם
צינדן דאָס ליכט פונעם גייסטיקן אייל;
דעם פלאַמיקסטן, יידישן אייל וואָס ברענט ליכטיק
אויף דורות און דורות צווישן די גויאישע פעלקער.

אָ נצח ישראל! נצח ישראל, —
פון וואַרשעווער געטאָ — די לעצטע!
פון קדושים־גבורים — די ערשטע!
פון טויטע פרינצן די שענצטע!

דער טאָג.

דער טאָג.

דער לעצטער, דער אייביקער —

דער הייליקער טאָג

אין דער וואַרשעווער געטאָ.

דער טאָג.

# דער פּאָעט אויפֿן בילד

דער פּאָעט אויפֿן געמעל, זינגט ניט,
דענקט ניט און איז ניט באַגייסטערט
כאָטש ער איז אַ ממשותדיק שטיק רוח־הקודש.

זיין עקסטרעם לידער־בוך שטייט לעם זיין שונא׳ס;
אָט דער וואָס זינגט מיט חלב־עקסטאַז
וועגן אונדזער אָריגינעלקייט אויפֿן חרוסתדיק געביט, —
נאָר ביכער זיינען ביכער — זיי ווייסן ניט פֿון שנאהשאַפֿט;
זיינען זיי צוגעטוליעט זייט צו זייט שטענדיק
אויף דער פּאָליצע און שוייגן
די מנוחהדיקע שטילקייט פֿון שלוהדיקער טאָלעראַנץ.
אַזוי צו אַנדערש, פּונעם פּאָטום דרייט מען זיך ניט אויס;
ווארים וואָס איז דען אַ בוך מיט געדאַנקען ווען ס׳איז רואיק
לעם זיין באַשעפֿער׳ס שונא (דעם חלב עקסטאַזניק)
און וואַרפֿט זיך ניט אַראָפּ פֿון דער פּאָליצע צו זעלבסטמאָרד
כדי ניט זיין צוגעטוליעט צו דער גאָרנישטקייט וואָס הייסט בוך?

איז עס דערפֿאַר ווייל ביכער שטייען העכער פֿון מענטשן?
איז עס דערפֿאַר ווייל מענטשן האָבן זיך נאָך ניט דערהויבן
צו דער פּאָליצע־הויכקייט פֿון ביכער וואָס דולדן זייערע שכנים?
אַזוי צי אַנדערש, כ׳וואָלט וועלן מיר זאָל באַשערט זיין
אָנצושרייבן אָט דאָס בוך וואָס וואָלט ניט וועלן איינשטיין רואיק
לעם אַ סך נישטיקע ביכער, — אַראָפּשטויסן זאָל עס זיי.

און אָט די מענטשן וואָס פֿאַרדינען געשלאָגנוווערן מיט אמתדיקייט,
זאָל עס באַם לייענען פֿאַרכישופֿן מיטן וואָרט
דעם שלעכטן שכל אין זיי, און ווען נויטיק גאָר,
שטרענג זיין מיט די בלעטער און טאָוולען, —
זיי זאָלן שלאָגן גלייך איבערן פּנים די בן־אדמס
פּראַסקען איבערן פֿאַרשניטענעם צלם אלקים — — —

# שפּליטערלעך טראַכטשאַפֿט

מיין טאַטע האָט מיט התלהבות געדאַוונט אַ ליד:
אָז ישיר משה ובני ישראל את השירה הזאת.

מיין מאַמע האָט מיט אמונה־טרערן געשעפּטשעט אַ ליד .
גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב באַהיט דיין פאָלק . . .

מיין ברודער האָט מיט לירישער בענקשאַפט רעציטירט אַ ליד :
בלויע אָוונט שטונדן; שטילער, שטילער, רעדט ניט הויך.

און איך? איך דאַוון, איך זינג און לייען מיט טייטש,
באַם שאַפן נאָך אַ ליד צו די פּיל־אַלאַרמירטע קידוש־השמיקע לידער —

## ווען אַלץ איז אויסגעטון

מיינע שיך אין ווינקל
בענקען נאָך מיינע פיס.
און איך אין סאַמע רויש פון וועלט,
צעבלוטיק בענק נאָך מיין פאָלק.
מיין פאָלק האַפּקעט ניט —
דער ים זינגט איבערן געביין
פון מיין פאַרזייעט פאָלק
אין אַלע גרונטן — — —
די ערד איז אַרויסגעריסן
פון מיין פאָלקס לויפנדיקע פיס;
אָ, ערד! איינגעשרומפּענע קאַרגשאַפט!
ביסט מענטש הארציק קליין
און דיין גויאישע חן אַזוי וואויל
אינעם יאָר ניינצן הונדערט
איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף
און זעקס און פערציק — און גרויל.

## דורותדיקע פּאָעזיע

דיינע צעשראָקענע פרויענקליידער ליגן אויף מיינע מאַנוסקריפּטן, —
און זיי — נאָכנישט קיין געבוירענע לידער
וואָס טליען אין פּראָצעס פון געשאַפנווערן;
זייער ערב געבירט איז נאַקעט, פרישע נאַקעטקייט,
בכלל, רעדט אַלץ אָט־איצט פון דער הוילקייט אַרויס,
זי איז טיף־טאַליק שטיל ביז פאַרטיליקטקייט —

דער בלחשדיקער מאָמענט (סאַמע מיט סאַד־שווייגעניש)
איז געקומען נאָך דונערן, בליצן און שלאַקסן,
נאָך געווירבלען, פון צעפּראַלטע באַרג־אַראָפּן,
נאָך געוויטערדיקע הורוקאַנען פון באַרג־אַרויפן.

דיינע דרעמלדיקע פּרויענקליידער אויף מיינע מאַנוסקריפּטן
מיט נאָכנישט געבוירענע לידער, נגונים און מאָטיוון,
זשאַרען אין געדאַנקען ווי רויך פון קטורת־קריגעלעך:
זיי ליגן — לעבעדיקע יעקב אבינו׳ס געפלעקטע ציגעלעך.
אַה, ווי וואויל איז די תורה וואָס איז אַזוי אויפגעוויקלט
און אויך אָט אַזוי־אַ איז דאָס ליבע מעשהלע פון אַ ״ערשטן״,
פון אַ טאַטן וואָס אָט געקאַרבט שטעקעלעך פאַר ציגעלעך און בעקעלעך.

אָ, גאָט, אָ גאָט, טאַטע פאַרוואָס רעדט אַלץ אַזוי אדם נאַקעט?
און עס ווערט טיף־טאַליק שטיל, שטיל; גאַר געשטילטיקט — — —

עס לויערט די שטילקייט אַ רואיקע אויף אונדז ווי אַ צודעק
און עס באַפאַלט אונדז דער בלחשדיקער מאָמענט,
דער איינציקער עקסטאַז וואָס פול מיט נאַקעטקייט איז און איבער:
די נאַקעטקייט איז ווי גאָט און זיין אמת און זיין תורה, פּריש־נאַקעט.

אַ וועלטיקער דראַנג, און פאַרלאַנג און געפּאַנג,
בליקט אַריין־אַרויס אין אונדזערע געפּאַרטע פיר אויגן:
כ׳זע מיין מאַמע טייבעלע׳ס שבת־קודשדיקע ליכטבענטשנדיקע הענט:
זי איז מזווג פאַרן אומגראַדע — פינגער צו פינגער אין פרומער באַרירונג:
צען אומגראַדן ווערן באַהעפט אין אחדות פאַרן ליכט פון שבת־שיין . . .
דאָס זיינען מיר; דאָס איז ער — דער איצט פון דורות — דאָס זיין !

דיינע צעוואָרפענע פּרויען־קליידער אויף מיינע מאַנוסקריפּטן:
אַ שטיל־לעבן — דרעמלט קעגן אונדז ווי גן עדן־בלעטער
בעת אדם־חוה, צום ערשטן מאָל דערזענדיק, זייער הוילע נאַקעטקייט,
און מיר, קעגן אָט־דעם אַלץ, זיינען דער אייביקער באַדייט,
דער אומענדלעכער ר ז ה ד ש ב ת אין חומשטימלעכן מאָמענט, —
קינדערלעך מיט פאַרזשמורעטע אויגן, שטיל, שטיל; איינגעשטילטע.
דער נחת־רוח פון אונדזערע פרומע עלטערן פאַרוויגט אונדז:

וויגט אונדז, וויגט אונדז, וויגט אונדז.
וויגט איין־און־אויס מיט פרידלעכע אָפּקלאַנגען — דורותדיק.

עכאָ נאָך עכאָ שאַלט אָפּ אין דער לופט דער געשטילטיקטער:
גוט שבת, גוט שבת, א גוטן שבת גאָטס קינדער!
איר — דער נוסח פון דורותדיקער פּאָעזיע — — —

## אַ פליגעלע אין האָניק

אַ ברוינפּעניצדיק וועגעטאַריערל
אויפן ערשטן אָנבליק — אַ „שוויענטע דוך"!
זיצט מיט זיין פערטל הינטערשט באַם ברעג טיש
און קייעט אַ פולוויצנדיק שטיקעלע מצה;
ער, מאַכט אַ צעזאָמענלייגאכטס פון פּוטער־קעז,
האָניק, סאַלאַטע און וואַטערקרעס,
אַ פליגעלע זשומט אַרום ווי אַ באָמבע־וואַרפער
און סע טוט זיך אַריס צום שעלעכל זיסקייט.
עס פליט פאַרביי דעם וועגעטאַריערס מויל מיטן פרעס
און סע ווערט נבהל ונשתומם אריינקוקנדיק אינעם קראַטער:
אַזויפיל ווייסע שפּיציקע סקאַלעס און אַ מוראדיקער תהום, —
אָן אומענדליכע היציקע טיפענייש.
עס ווערט מבולבל פון גאַר־דערשרעק
און פאַרלירט די פליענדיקע גלייכגעוויכט;
עס לאַנדעט קוים אויפן באַרגשפּיץ — רויטע נאָז.
אַ דאַר הענטעלע ווי אַ כינעזיש קראַצשטעקעלע
גיט אַ געשווינדן באַך, דאָס פליגעלע פרישטשמעליט זיך
און ס'ווערט פאַרשמיסן אין סאַמע שיסעלע האָניק אַריין.
דאָס סענסיטיווע וועגעטאַריערל ווערט צעדרומדזשעט
און מעדיטירט: שמשון! אברהם אינעם קאַלעכאויון,
היינט דניאל, דניאל אין לייבנגרוב . . .
און דאָ, ווי אַ קריכפלאַנץ דראַפּעט אים דער געדאַנק:
האניק קומט פון בינען. — לעבעדיקייטן
און אין היינטיקע פאַשיסטישע ש נ י ם־נ ו ר א י ם
מעג מען אוודאי און אוודאי ראַטעווען
אָן אַרים פליגעלע פון אַ זיסן טויט.
ער ציט אַרויס דאָס פליגעלע פונם טויט'ס קלעמענזיסקייט
נאָר צווישן זיינע האָניק־פינגער ווערט עס צעקוועטשט.
ער וואַשט תכף אָפּ זיינע הענט ווי פּילאַטוס
און שעפּטשעט צו זיך אין אויער אַז גאָט זאָל אויך הערן.
אַזאַ זיסינקער טויט אויף אַלע היטלעריסטישע געדעכענישן;

ער פֿאַרלאָזט דעם טיש וואָס קוקט אויס צו אים אַ שלאַכטפֿעלד, —
ווער קען עס איצטער עסן שמורה־מצה אין צוזאַמענלייגאַכט
אין דער אַנוועזנהייט פֿון אַזאַ שווידערלעכן בר־מינן? — — —

## דער פּלאַם ברענט אָן קנויטן

דער פּאָעט קאָכט אַ מאכל
אויף פּאַפּירענעם קאַכל.

דער פּלאַם ברענט אָן קנויטן
און דאָס טעפּל קאָכט ריטמען

דער מאָגן בונטעוועט זיך
אין אַלע זיינע טאָלן
אמאי ניט אים נאָר דאָס געקעכץ היט מען.

היינט דאָס געקעכטץ אַליין, נעבעך
עס בעט זיך רחמים: טו מיר אַ מיש,
כאָטש קער אַ קאָפּיטשקע איבער;

נאָר דער פּאָעט ליגט איבערן טיש
אין הוילן שמחת־תורהדיקן פֿיבער —
ער בראָקט אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט,
גיסט טינט ווי בוימל־פּליס;
שנייט פּאַפּיר ווי לאָקשן
און זיין פּען מישט דעם לידער־טאָרט
וואָס איז זויער, ביטער און פּאָרט זיס.
ווען דאָס מאכל איז פֿאַרפֿאַרטיקט
איז שוין אַרום דריי פּונט אַ זייגער
און ווי ס'איז דער שטייגער,
זוכט ער פֿאַר דעם אַ בעסטן לייענער,
און איצט וואָלט ער געוואונטשן
אַז כאָטש עמיץ נאָך איינער
זאָל עס מיט אים אַזוי אייגנאַרטיק
פֿאַרזוכן ווי ע ס ש ט י י ט ־ א ו ן ־ ג י י ט — אומאַנטאַרטיקט.

## אַ גן־עדן אין מיטן שטאָט

איך האָב געזען ווי אַ קראַנק אינגעלע
האָט געשמייכלט אין אַ צען־סענט־סטאָר —
אַ קליין צדיקל אין אַזאַ גרויסן גן־עדן:
נו, וואָס הייסט מען זיך אַ שטייגער געבן
פאַר אַ ניקל אַז סע זאָל מיר טאַקע דערקוויקן
אַלע מיינע קינדעריש־מאַרודנע ביינדעלעך?

כ'האָב אויך געזען אַן אַלטיטשקע, אַ זקנה,
אַרומפּאָדען צווישן ליאַלקעס און צאַצקעלעך,
מיט אַ קינדיש־געלייטערט נחמהדיק פּנים, —
אַ פאַרשמייעטע מעכעטענעסטע וואָס טיילט פאַרציעס קוגל צו מחותנים.
אַ, וועלטעניו, ווי גרוי און וואכיק וואָלט געווען דאָס לעבן בײַ דיר
(פאַר קינדער און זקנות) ווען דו זאָלסט זיי ניט געבן
קיין צען־סענט־סטאָר — — —

## דאָס יידנפאָלק דאָס גאָט־נאַשערל

אַ קליין יידנפאָלק ליגט אויסגעשפּרייט
איבער דעם גאַנצן ערדקיילעך
מ'און נאַשט גרויסע פאַרציעס — ג אַ נ ץ ג אָ ט ;
עס נאַשט און נאַשט, שטיקער גאַנצע, נאַשט עס,
און די וועלט קען זיך מיטן קטנתי־פאָלק
(דאָס גאָט־נאַשערל) קיין עצה ניט געבן, — טראַט נאָך טראַט.
די גויאישע יעזוסדיקע וועלט מיט גאָר איר פעלקערליכן חן
בייסט און בייסט דעם ייד און קאָן אים ניט צעקייען, ניט פאַרשטיין;
מחמת דאָס גרויסע אָנגעוואַקסענע יידישע ג אָ ט ש ט י ק
שוויגט און שטילט גאַנץ באַרוט אין אים;
עס וויל ווי גלעקער, מיט ניסים, זיך ניט צעקלינגען . . .
האָט דאָס גאָט־שטיק זיך אָנגעזאַמלט צווישן די גויאישע ציין
און זיי ווערן דערשטיקט מיטן אייגענעם גיפט דערפאַר
וואָס זיי קאָנען שוין קיינמאָל ניט קענען, דורך געפאַר,
דעם לעצטן ייד, דעם קלענצטיקן, אין גאַנצן דערשלינגען.
עס שרייט דאָס יידעלע, ניין און ניין, —
יידמאָל ניין!

ס'איז וואָר, מיר אַלע הערן ווי עס קלינגט אַפּ
אין דער נאַציפּאַשיסטישער, טריפענער וועלט, . . . אמן!
אַט דער אייביק־יידיש־עקשנותדיקער ניין און — ניין;
י י ד מ אָ ל נ י י ן ! יידמאָל ניין!

## שטאָטישע לאַנדשאַפט

פּלאַקאַטן ווי ווענט און ווענט ווי פּלאַקאַטן:
מיט מוידן און פיס פון מוידן אין זיידענע זאָקן
וואָס ציען זיך געשליינגלט ווי טייכן און טאָלן.
פיס און הענט און קניעס און אָרעמס ווי ביימער, —
ווידער פון מוידן מיט זאָקן ווי פאַסן געמאָלן
וואָס שניידן די טאַליעס ווי שפּרינגעוודיקע כוואַליעס.

פּלאַקאַטן ווי ווענט און ווענט ווי פּלאַקאַטן:
ציגאַרן? אַ מויד, ליקער — אַ מויד.
ביר — אַ מויד. מילך — אַ מויד.
ברויט — אַ מויד. פלייש — טאַקע ווידער אַ מויד.
אַמאָל פאַרבייט אַ פערד אָדער אַ הונט די מויד.
ס'איז אָבער אַלץ די זעלבע טריקן און פּלוידעריי.
אַמשטאַרקסטן רעקלאַמירט מען אַלץ מיט דער מויד;
וואָס פאַר אַ לאַנדשאַפטן איר זעט אויף שטעטישע ווענט
איז עס מעטראָפּאָלישע געבירטיקייט — מוידעריי!!!

## שניי אין דער מעטראָפּאָליע

אין פרימאָרגן בלוי האָט מען געקרייציקט דעם שניי;
איבערגעשניטענע מיט איילנדיקע שטאָטישע טריט
איז ער ליגנגעבליבן ווי פאַרפרוירענע צעפערטלטע קווערן
וואָס ציען זיך אין שטעגן ווי אומענדלעכע צלמים, —
דער טאָג — אַ וואָגלער — פאַלט מיד אויפן געקרייציקטן שניי.

## און . . .

אָדם יסודו מעפר
איז אַן אייביקער — און . . .

און מענטש קומט פון דער ערד
און גייט צו דער ערד.
און ערד ווערט זאמד
און זאַמד ווערט שטיין,
און שטיין ווערט צוריק זאַמד
און זאַמד ווערט שטויב
און שטויב ווערט היץ
און היץ ווערט פייער
און פייער ווערט ווינט
און ווינט ווערט געדאַנק
און געדאַנק ווערט צייט
און צייט — בראשית
און בראשית איז אָנפאַנג וועלט
און אָנפאַנג וועלט איז אָנהייב מענטש
און אָנהייב מענטש אידייע!
מענטש, מענטש, מענטש
אַ ברכה פון גאָט:
כ׳וועל דיך מאַכן זיך מערן
כחול־הים און פיל ווי די שטערן.
איז מענטש פייער,
ווינט, שטויב, זאַמד און שטיין;
שטיין, אָ, שטיין, וואָס ווערט פון דיר?
ז־ז־ז־זאמד, זאמד־ז־ז־זיין.
זאַמד, אָ, זאַמד, וואָס ווערט פון דיר?
ש־ש־ש־שטיין, שטיין אָין צעגיין;
ווייל דער ווינט און דער רעגן
קומען אויף אים צווישן פייער
ווערט ער עפר־ואפר.
אַזויפיל זעמדעלעך, אַזויפיל מענטשן —
אַ ברכה פון גאָט:
כ׳וועל דיך מאַכן כחול־הים.
יעדער זעמדעלע איז אַ מענטש,
אַ טאַטע, אַ מאַמע, אַ זיידע, אַ באָבע;
אַן עלטער־זיידע, אַן עלטער, עלטער.
עלטער, עלטער איינשטיין־ציפער.
אַן אַ סוף איז ער, דער עפראַ־דארעאַ
און דער עפר־ואפר — איין בלויזער —
און, און, און . . .

# אין ראַם פון טויט

מיין געשטאַלט ליגט אויף דער לינקער זייט —
אַ גימל אויף אַ בלאַנקן פּאַליאַנט.
ער איז שלאַפלאַז, רולאַז באַר קלערשאַפטיק.
אויף דער רעכטער באַק אַנקערט מיין האַנט
מיט צוויי פינגער צו דער הייסער שלייף אַרויף.
דער אומרואיקער דופק קלאַפּט אַ דעפּעשע
צום האַר פונעם פרעמדן לאַנד — שלאַפשאַפט:
שיק דיין קרישמעדיק באַוואָפנט חייל מיר אַקעגן;
איך קען ניט פאַרלאָזן די וואַר פון מיינע אויגן
און קען דעריבער ניט אַריין אין דיין חלומטום.

מיינע צוויי פינגער ליגן אויסגעצויגן זעלנעריש
אויף דער רעכטער פּאה און סאַלוטירן דעם מלך טויט
וואָס באַווייזט זיך אַזוי איינפאַך גאַנץ אַליין,
אויף דער גרעניץ פון זיכערטום באַפאַלט מיר די שלויע בעסטיע.
זיין קעניגרייך איז אויף מינדסטער ווייניקייט ניט געמינערט.
קיין שום צייט האָט נאָך ניט אויפגעטרייסלט זיין טראָן
אַז ער זאָל געצוואונגען זיין געבן דעם לעבן אַן אַמנעסטיע — — — —
דאָס גימל־געשטאַלט ציט זיך פאַר אים אויס —
אַ שטערן פאַלט גלייך אַריין אין היימלאַנד־רוים
פון גאַלע שטילשאַפט און בלויזן טרוים.

# אַ בית עלמין אין מיטן שטאָט

אַ בלאַנד קינד און נאָך בלאַנדער די מאַמע,
פאָרן פאַרביי אין אַ טראַמוויי, אַ בית עלמין
דאָס קינד רופט אויס אין טשיקאַווער פרייד :
"מאַטהער, וואָט איז דיס?
אַלע פאַסאַזשירן דרייען אויס די קעפּ
אין דערוואַרטונג פון אַ פיינלעכן ענטפער
און קוקן זיך איבער, מיטן בליק פונעם הארץ.
די מאַמע באַמיט זיך צו דערקלערן דעם קינד:
"דיס איז . . . עי פאַרק . . . און זי פילט,
פילט ווי אַלע מענטשן פילן אַז זי פאַרפאַקט
אַלעמענס אמתן געדאַנק אין אַ טרייסטשטייגל
פון איר אימהדיקער ליגנערישער בלאַנדקייט — — —

# אשרי האיש

(אַ קאַפּיטל פּערזן)

צו א. סוצקעווער.

אַז וואויל איז צו אַט דעם מאַן
וואָס האָט נאָך גרויסע בענקשאַפטן צו דיר
און ווייסט אַז ערגיץ וואַרטסטו, איינאיינציק,
מיט אַ סאַך גלוסטונג און פאַרשטענדעניש פאַר אים —
אַט אַדעם מאַן איז צו מקנא זיין שטאַרק,
ווארום ער איז געגליכן צו אַ הונגעריק־ שרייאיקער מעווע
וואָס לאָזט זיך אַראָפּ שפּייזן אויף די שטורעמדיקע וואַסערן.
נאָר ווי איז צו דעם מאַן וואָס איז ליידיק פון בענקשאַפטן
און דאַרף גאָר ניט אַז ערגיץ, איינאיינציק, זאָלסטו אומרואיק
און אומגעדולדיק, מיטן געבעריקן וואַרט אויף אים וואַרטן.

אַזוינער ווייסן מיר, איז געגליכן צו אַ פיש
וואָס גוססט גראָד אויף דער הייסער יבשה
בעת ער איז גאָר־נאָענט — איין שפּאַן פונעם וואַסער.
אי, וואָס זאָלסטו זאָגן צו וואָס דו ביסט געגליכן?
צו אַ זינגעוודיקן אינגליינג באַ אַ פאַרוואָרלאָזט פאָלק
וואָס האָט ניט קיין יוגנטלעכע נאָכפאָלגער לעם זיך,
ניערט, מיאשדיקע זקנים און זקנות
וואָס קיין שום ליד, אַ יוגנטלעכס, קאָן זיי ניט וואַרעמען.
אַז ווי איז צום זינגער וואָס ווייסט עס אַליין
און מוז נאָך דעם טרויער אויך זינגען זייער פאַרזיכטיק.
אַז ווי איז צו אַ פאָלק, אַן אַלט פאָלק,
וואָס האָט ניט קיין אויער פאַר זיינע פאָעטן,
און נאָך פיל מער ווי איז צום פאָעט
וואָס האָט ניט קיין אייגנאַרטיק פאָלק.
און נאָך פילוויימער איז צום פאָעט
וואָס האָט ניט קיין אייגנאַרטיק פאָלק.
און זיי זענען געגליכן צו איינציקע, טרוקענע שטרוי
וואָס פאַלן אויף פלאַמיקע צונגען פון דורשטיקע פייערן, —
ביידע שטאַרבן אינעם אַנגעזיכט פון וואָרטגעבערישער ליכטיקייט
און ווערן פאַרגעסן אין דער קאַלטער אַנוועזנהייט פונעם אָרום.
אַ, אַשרי האיש,
ווען וועט זיך אָפּטון פון אונדז
דאָס פילפּרעסיקע פעלקערגעמיש — — —

# לעבן, וואָס איז לעבן?

לעבן, וואָס איז לעבן.
אַט דאָס וואָס סע מאַכט מידטרויעריק?
וואָס וואַרפט אַן אויף מיר אַ מורא?
וואָס קלעמט מיך איין מיט פּחד און גרוילשרעק
און מאַכט אַז איך זאָל גיין מיטן קאָפּ געבויגן?
אַז איך זאָל פאַרדעכטיקן זיך אַליין, יעדן און אַלעמען?
איך זאָל פאַלן אונטער די רעדער פון ווינטפליגל
פון מענטשלעכן חשכותדיקן יאוש?
איז דאָס לעבן?

וואָס איז לעבן?

אַט דאָס וואָס סע מאַכט מיך פריידיק?
איך זאָל פליען ענטוזיאַסטיש אויף די פליגל
פון פאַנטאַזיע צום לויטערן הימל פון בטחון
און שרייען ווי געזאַנג שטאַרק: איך גלויב! גלויב ן
איך גלויב זיך אַליין, יעדן און אַלעמען?

איז דאָס לעבן?

לעבן, וואָס איז לעבן.
אַט דאָס וואָס איך פיל זיך צווישן ביכער
הימלעכער און בעסער ווי צווישן מענטשן?
און אַז אין אַ הויז אַן ביכער
וואָלט איך מורא געהאַט צו נעכטיקן איין שלאָפנאַכט;
די ליידיקע ווענט וואָלטן מיך אויסגעצאַנקט מיט שרעק
און באַציערייכיק גערויבט מיין זיכערקייט.

אַ, לעבן!

איך גיי אַרום באַ דיר צווישן ביכער
אין דער פינצטער אָבער אָן מורא.
איך טאַפּ אָן די סטאַרטשנדיקע רוקנס
און שטעל זיך גופא אַוועק — אַ בוך
צווישן אַ געדולדיק, שטייענדיק ביכער־פאָלק.

אָ, לעבן!
איך פרעג מיט אַ פאַרטאָגיקער און פאַרנאַכטיקער שטים:
וואָס איז לעבן?

איך פרעג מיט אַלע ביכער צוזאַמען:
וואָס איז לעבן?

איז מיין פראַגע — לעבן?

## אויף איין געלעגער

צווי פּאָעטן ליגן אין איין בעט.
איינער פונעם צווייטן איז העט, העט.
נאָר ווען דער וואָרטאַל באַפּאַלט זיי
דערנערטערטביידן דער זעלבער ווי.

זאָגט דער איינגערער,
דער וואָרטפּלאָטערער.
שוין דרייסיק טעג אַז די לידשאַפט
ווי אַן אינוואַזיע שטראַלט אין מיר.

און דו, אין דער גאַנצער לענג פון שלושים,
באַהאַלטסט זיך אונטער איין פּאָרטרייב;
שווייג, שווייג, פאַרעקשנטער שווייגן.
אָ, באַווייז מיר דיין קאָלירטן רעגנבויגן:
איין פערד מיט דריי מעטאַפאָרן
זאָל פאַרבן און אַרבן איבער ביידנס גיטער.
דער דיכטערישער בונד זאָל געצונדוועררן
מיט שעפערישקייט פון וועגן אונדזערע געמיטער.

נאָר ס׳אָט דער עלטערער אַנגעוויזן
אויף דער נאַכט וואָס טאָגט
און מיט פיל דורותדיקע דעוויזן
באַרואיקט געזאָגט:
מאָרגן, מאָרגן וועל איך שרייבן,
זאָל דער היינט שוין אַזוי פאַרבלייבן —
היינט פראָזער,

מאָרגן ראָזער.
כה אָמר דער עלטערער פּאָעט,
אָן אַ אם ירצה השם גערעדט:

איך, וואָס האָב געזונגען מזמור צום שטאַרבן
וויל שטאַרק אין אַלע מינים פּאַזן דאָס לעבן.
נישט געגוג פאַר מיר די אויסגעטראַכטע פאַרבן,
כ׳וויל די וועלט פון מיינע לידער צוריק זיך געבן.

ווען מ׳זאָל קענען (גאָט באַוואַר און באַהיט)
די ווערטער פון אַלע ביכער באַפרייען,
וואָלט די וועלט פונעם שטויב אַליין
בייטן געמוזט איר געוויינטלעכן אַרביט.

דעם וואָרטפלאַטערס אָרעם
האָט געוויגט זיך —
אַ צווייג אין שטורעם.
געגלעט לאַנגזאַם
און גיך
דעם דינעם גוף
פונעם עלטערן פּאָעט
און צוגעפאַלן מיטן שטערן
פיבערדיק, צו זיין דיך.
אַ, ברודער, חבר־פּאָעט,
עס ציטערט אין מיר אַן על־חטא:

ווען ניט דאָס לעבן פאַרן שעפערישן וואָרט,
פאַרשטיינערט געוואָרן וואָלטן מיר אויפן אָרט.
איך, וואָס געזונגען האָב און זינג נאָך היינט
פון אַלע מינים לעבנס־וויטאַלן,
וואָלט אין די אָרעמס פון טויט, אַט איצט, געפאַלן.

צוויי פּאָעטן ליגן אין איין בעט.
איינער פונעם צווייטן איז העט, העט.
נאָר ווען דער וואָרטאַל באַפאַלט זיי
דערנענטערטביידן דערזעלבער וויי.

# ווען איך קוק אויף זיך

ווען איך קוק אויף זיך
דורך מיין מאַמעס אויגן,
פיל איך אויף זיך מיטלייד.

ווען איך קוק אויף זיך
דורך מיין טאַטנס אויגן,
פיל איך זיך ווי צו שטראָפן.

ווען איך קוק אויף זיך
דורך מיינע קינדערס אויגן,
פיל איך זיך גאַלע עגאָאיסטיש.

ווען איך קוק אויף זיך
דורך מיינע קריטיקערס אויגן,
פיל איך זיך אומוואויל־וואויל.

ווען איך קוק אויף זיך
דורך דעם פאַשיסט׳ס אויגן,
דאַרף איך תיכף ומיד — שטאַרבן . . .

ווען איך קוק אויף זיך
דורך די אויגן פונעם לעבן,
פיל איך זיך אין די קלעמען פון אַ שיישאַ. *)
ווען איך קוק אויף זיך
דורך מיינע אייגענע אויגן,
פאַרשווינד איך אין פאַרגאַנגענע דורות . . .

בלייבט מיר בלויז
קוקן אויף זיך,
דורכן בעל שם טוב׳ס אויגן.
אי, רב ישראל בעל שם טוב
אי ,רב לוי יצחק בערדיטשעווער !

*) אינדיש מיטאָלאָגישע שלאַנג מיט הונדערט קעפּ און אויגן

זאָל מיר באַוויליגט זיין צו זעען זיך
דורך אייערע ליכטיקע, צדיקימדיקע אויגן.

ווי וואויל וואָלט מיר זיין
און ניכע דאָס לעבן, —
אי, רב ישראל בעל שם טוב!
אי, רב לוי יצחק בערדיטשעווער!



ל. כאַנוקאָוו

# דער יינגל מיטן האַנט-גראַנאַט

"...מ'האָט דערציילט וועגן אַ יידישן יינגל פון וואַרשע, וועמען מ'האָט מיט אַנדערע יידן געבראַכט קיין טרעבלינקע, וואָס האָט, עפּעס ווי דורך אַ נס, אויסבאַהאַלטן פון די דייטשן אַ האַנט־גראַנאַט. זייענדיק שוין נאַקעט, גרייט אַריינצוגיין אין די גאַז־אויוונס, האָט דער יינגל באַוויזן צו וואַרפן דעם גראַנאַט אויף די נאַציישע הענקערס..."

(פון "שוואַרצן בוך" וואַסילי גראָסמאַן — "דער גהינום טרעבלינקע)

דער יינגלס נאָמען איז אין ערגעץ ניט פאַרשריבן געוואָרן. ניט פאַרצייכנט געוואָרן מיט פּען און טינט. ניט אויסגעקריצט געוואָרן אין שטיין און מעטאַל. און ניט באַזונגען געוואָרן אין פייערלעכע אָדעס. ער איז געווען איינער פון מיליאָנען.

וועל איך זיך דורכגיין צווישן דעם גרוי פונעם הייליקן אַש פון קדושים, אויפהייבן אַ הויפן אַש און וועל זאָגן: אָט דאָס איז ער. כ'וועל באַשיטן מיטן הויפן אַש מיין געבויגענעם קאָפּ און אַוועקזעצן זיך אויף דער פאַרבלוטיקטער ערד זיצן שבעה, און זיצנדיק דערציילן די פּשוטע און דיי־העראָאישע מעשה פון זיין לעבן.

— א —

דעם ייִנגל האָט מען גערופן מ אָ ט ל. ער איז געווען קליינגע־וויקסיק און דאַר. דאַרע, ביינערדיקע הענט און פיס. אַ דאַרער, שפּיציקער ברוסט־קאַסטן, ווי ביי אַן אַלטן פייגל, און אַ רוקן שוין אַביסל געבויגן, ווי ביי אַן עלטערן מענטשן, וואָס האָט אין משך פון יאָרן איבערגעטראָגן שווערע משאות. נאָר דער קאָפּ איז ביים ייִנגל געווע יוגנטלעך באַוואָקסן מיט געדיכטע שוואַרץ־געקרויזטע האָר און די אויגן האָבן לעבעדיק גע־ברענט מיט אומרואיקע פייערלעך. די באַוועגונגען פון זיינע שפּיציקע גלידער זיינען אַלע מאָל געווען אייליק־אומגעדולדיקע, ווי ער וואָלט זיך אין ערגעץ געאיילט ניט צו פאַרשפּעטיקן.

מאָטלס פאָטער, שלמה דער קאָמאַשנשטעפּער פון דער דזשיקע־גאַס, וואָס אין וואַרשע, איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ ישיבה־בחור. אָבער, דורך אַ צופאַל, איז אים אין יענער צייט אויסגעקומען צו באַטייליקן זיך אין אַ סאָציאַליסטישער מאַי־דעמאָנסטראַציע. מ׳האָט אים דאַן אַרעסטירט, ביטער צעשלאָגן מיט נאַגייקעס און געהאַלטן אַ לאַנגע צייט פאַרשפּאַרט אין אַ תפיסה. די קלעפּ האָט שלמה באַלד פאַרגעסן, אָבער די באַליידיקונגען פון די שלעגער האָט ער קיינמאָל ניט געקענט פאַרגעסן. זיי זיינען אין אים פאַרבליבן ווי אַ פיינלעכע וואונד, וואָס האָט אַלע מאָל דערמאַנט. דאָס איז אָפּנים געווען דערפאַר, וואָס מ׳האָט אים דאַן באַליידיקט ווי אַ ייִדן.

שוין דאַן האָט ער דערפילט, אַז שלאָגן האָט מען אים געשלאָגן, ווי אַ בונטאַר, אָבער באַליידיקן האָט מען אים דוקא געוואָלט ווי אַ ייִדן. און אויך שפּעטער, ווען פּוילן איז שוין געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיק לאַנד, האָבן פּוילישע מיטבירגער ניט אויפגעהערט יאָרן לאַנג, דורך פאַרפאָל־גונגען און שנאה, צו דערנידעריקן אים, ווי אַ ייִדן. דאָס אַלץ האָט ער גע־פילט ביי אַלע אַנטיסעמיטישע עקסצעסן און פּאָגראָמען, וואָס זיינען פאַר־געקומען דורך די יאָרן.

און ס׳האָט איינמאָל געטראָפן, — שלמה איז שוין געווען אַ טאַטע פון צוויי היפּשע קינדער, — אַז גייענדיק אין דעם פּוילישן טייל פון שטאָט, האָט ער דערזען ווי צוויי פּוילישע כוליגאַנעס האָבן צוגעדריקט צו אַ וואַנט אַ מיטעלייעריקן ייִדן און האָבן מיט אַ חוזק־געלעכטער און אַ הוקעריי געצופּט דעם ייִדנס באָרד. דער ייִד, אַ בלייכער, אַ דערשראָקענער צום טויט, האָט זיך געריסן פון זייערע הענט, געבעטן זיך און אַפילו גע־וויינט מיט אַ מאָדנעם געוויין פון גרויסער געפאַלנקייט, אָבער די פּייניקער

האָבן אים ניט אָפּגעלאָזט, האָבן איבערגעקרימט דעם יידנס רחמים־געֿבעט, זיינע תנועות און געהאַט דערביי אַ ווילדע חיהשע הנאה.

אין שלמהן האָבן אויפגעשריען די בלוטן:

— טו עפּעס! מ׳צאַפּט דאָך דאָס בלוט פון דיין ברודער ! . . ,

אָבער די אַלטע שרעק, וואָס איז געלעגן אין אים זינט די ערשטע תפיסה־יאָרן האָט זיך אויפגעכאַפּט און פאַרטונקלט זיין פאַרשטאַנד. פאַר די אויגן איז געוואָרן פינצטער. די שרעק אין אים האָט אויפגעשריען מיט קולי־קולות: — ראַטעווע זיך, אַנטלויף! און ער איז טאַקע אַנטלאָפן. ווי אַ מענטש קען נאָר לויפן אין אַ ווילדן וואַלד, אַ געיאָגטער פון אַ פאַר־צוקנדיקער חיה. ער איז געלאָפן פון דער געפאַר, אָבער אין דער אמתן האָט זיך אים די גאַנצע צייט געדוכט, אַז ער אַנטלויפט פונעם יידן, פון זיי־נע רחמימדיקע בליקן פון זיין יאָמערדיקן טענהן, וואָס איז געווען זיין אייגענער געוויין און זיין אייגענע חרפּה. און אָט די חרפּה איז געווען שטאַרקער פון טויט.

אַז ער איז געקומען אַהיים, אַן אויסגעשעפּטער, אַ בלייכער, האָט ער, צוליב עפּעס, פריער פון אַלץ, אַ פרעג געטאָן וועגן די קינדער :

— וואו זיינען די קינדער? זאָג שוין, מלכה, וואו זיינען די קינדער?

דאָס ווייב האָט ניט באַלד פאַרשטאַנען :

— וואָס הייסט, וואו ס׳זיינען די קינדער? וואו זאָלן זיי זיין, זיי זיי־נען נאָך פון שול ניט געקומען.

אָבער אַז זי האָט דערזען די קרענקלעכע בלייכקייט אויפן מאַנס פּנים און דעם שרעק אין זיינע אויגן, האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און מיט שרעק געזאָגט :

— ווײ איז מיר!... וואָס האָט, חלילה, געטראָפן? זאָג, וואָס? זאָג שוין !

שלמה איז אַריינגעפאַלן אין אַ שטול און האָט געוואָלט דערציילן. אָבער די פּאַסירונג האָט זיך בשום אופן ניט געלאָזט איבערדערציילן. אַלע זיינע ווערטער זיינען געווען חוזק. ס׳איז עפּעס ווי גאָר ניט געווען קיין ענטפער און קיין פאַרענטפערונג פאַר אַזאַ איבערלעבונג. האָט ער שוין געזאָגט, ווי איינער וואָס ראַטעוועט זיך :

— צווישן וואַלד־חיות לעבן מיר, מלכה. מיר זיינען ניט זיכער מיטן לעבן. איך זאָג דיר: אונדזערע קינדער וואַקסן אויף צווישן ווילדע חיות, מלכה.

מלכה איז געווען אַ געטרייע ווייב, אַ גוטהאַרציקע מאַמע צו אירע קינדער און געצויגט צו פרומקייט. און איצט, אַז זי האָט דערהערט די פאַרצווייפלטע רייד פונעם מאַן, האָט זי פרום אויפגעהויבן אירע אויגן צום באַלקן און געזאָגט :

— שלמה, מיר האָבן נאָך אַ גאָט. גאָט וועט אונדז באַהיטן און באַ־

שיצן. אונדז און אונדזערע קינדערלעך.

שלמה האָט אָפּגעשוויגן, אָבער זי האָט נאָך אַמאָל אויפגעהויבן אירע אויגן, אַן איבערגעפּילטע מיט גלויבן, צונויפגעלייגט, אירע הענט אין געבעט:

— גאָט דערבאַרעמדיקער, האַרציקער, געטרייער, באַהיטן זאָלסטו אונדז און באַשיצן פון אונדזערע שונאים. אַ געטרייער שומר זאָלסטו זיין פאַר דיין פאָלק ישראל!

און אירע ווערטער זיינען געווען ווי אַן אייביקער, סימבאָלישער שפּרוך פון אַלע יידישע דורות, פון אַלע צייטן, פון אַלע רדיפות.

שלמה, אַ דערשיטערטער פון דער ערשט־איבערגעלעבטער שרעק, האָט אויך געהאָט אַ פאַרלאַנג אַראָפּצולאָזן זיך אויף די קני, אויפהייבן די הענט און זאָגן:

— גאָט, דערבאַרעמדיקער, באַהיט און באַשיץ.

אָבער ער איז געבליבן זיצן און צוגעהערט זיך צו די רייד פון עם ווייב, וואָס האָט דערציילט וועגן אַלערליי אכזריותן, וואָס יידן שטייען אויס. און ווען די קינדער זיינען אַריינגעפאַלן אין הויז, פאַרפלאָמטע און אויפגערוימטע פון געמיטלעכער געאיילטקייט צו קומען אַהיים, האָבן זיך טאַטע־מאַמע מיט זיי מאָדנע אַרומגעכאַפּט. ווי זיי וואָלטן זיך ווער־ווייס ווי־פיל צייט ניט געזען. אין אַן איבערפלוס פון גרויסער צערטלעכקייט, האָבן זיי אַרומגענומען די קינדער, געדריקט זיי צום האַרצן און, אויפגערעגטע, געקושט זייערע פנימער. די מאַמע האָט געזאָגט.

— קינדערלעך מיינע, גאָט זאָל אייך אויסהיטן און באַשיצן פון גוי־אישע הענט . . .

און דער טאַטע איז דערביי געשטאַנען אַן ווערטער מיט אַ פאַר־טרערטן בליק און געהאַט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג אַרויפצולייגן זיינע ציטערי־קע הענט אויף די קעפּ פון זיינע קינדער. די קינדער האָבן שוין געזען, אַז זיין פנים איז פאַרוואָלקנט מיט אַ טיפן צער. און רבקהלע, וואָס איז צו אי־רע פופצן יאָר שוין געווען ווי אַ דערוואַקסענער מענטש, האָט אָנגעקוקט די עלטערן מיט אַ פאַרשנדיקן בליק און האָט געזאָגט:

— איר קוקט אויס אַזוי בלייך און דערשלאָגן . . . וואָס האָט פּאַסירט?

די מאַמע האָט ווידער די ערשטע אָפּגעענטפערט:

— וואָס זאָל פּאַסירן? מ'שלאָגט שוין ווידער יידן אויף די גאַסן. דער טאַטע איז קוים אַ לעבעדיקער אַריינגעפאַלן אין הויז. גאָט זאָל זיך נאָר אויף אונדז דערבאַרעמען . . .

רבקהלע האָט שוין געלערנט אין דער מיטלשול און איז געווען באַ־וואוסטזיניק אין די געזעלשאַפטלעכע פראַגן פון דער צייט און אָביסל אויך מיט דער פּאָליטישער לאַגע אויף דער וועלט. זי האָט מיט אַן איינגעהאַל־טענעם פאַרוואורף געזאָגט:

— נו, דאָס איז ביי בײַ איך עפּעס אַ נייס! וואָסי, איר האָט צום ערשטן מאָל דערהערט וועגן דעם מאַרש פון פאַשיזם אויף דער וועלט? צי איר האָט זיך ערשט דערוואוסט, אַז היטלערס לערע האָט געפונען אַ גוטן באָדן אויף דער פּוילישער ערד? און וועגן דעם, אַז יידישע סטודענטן ווערן טאָג־טעגלעך געשלאָגן און באַליידיקט האָט איר אויך ניט געהערט?

אָבער אַז זי האָט ניט געזען קיין טרייסט אויף די פּנימער פון טאָ־טע־מאַמע, האָט זי אָפּגעוואָרט אַ רגע און צוגעגעבן, שוין אַן אויפגעפלאַמ־טע מיט אינערלעכער רעגונג.

אָבער די גאַנצע בעסערע וועלט איז מיט אונדז. די בעסטע מענטשן קעמפן איצט אונדזער קאַמף .מיר זיינען ניט אַליין, די בעסערע מענטש־הייט ליידט מיט אונדז און ווערט פאַרפאָלגט מיט אונדז צוגלייך. און מיר וועלן אינאיינעם אויסקעמפן די בעסערע וועלט.

און דאָ איז אויך מאָטל, וואָס איז דאַן קוים אַלט געווען צוועלף יאָר, אפשר צום ערשטן מאָל, געקומען מיט זיין וואָרט:

—און איך זאָג, אַז מ׳דאַרף זיך אַנטקעגנשטעלן. אַז מ׳שלאָגט אונדז, דאַרפן מיר צוריקשלאָגן... זיי שלאָגן אונדז, ווייל מיר אַנטלויפן פון זיי.

ס׳איז געווען מאָדנע צו הערן צום ערשטן מאָל אַזעלכע ערנסטע רייד פון מאָטלען, וואָס איז געווען קליינגעוויקסיק און דאַר, גאָר ניט נאָך זיינע יאָרן.

האָט די מאַמע געזאָגט:

— גיי, ביסט אַ קינד. וואָס הייסט, דו וועסט זיך אַנטקעגנשטעלן די מערדער? זיי וועלן נאָך דיך, חלילה, דערהרגענען. קענסט זיך פאַרמעסטן מיט כוליגאַנעס, צי וואָס? וואָס איז אַ מענטשנס לעבן אין זייערע הענט, מ׳שטיינס געזאָגט? גיי, ביסט אַ קינד ! . . .

מאָטל האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי זיינס:

— און איך וואָלט זיך אַנטקעגנגעשטעלט. וואָס ס׳זאָל ניט זיין, — איך וואָלט זיך אַנטקעגנגעשטעלט! איך וואָלט ניט אַנטלאָפן!

די מאַמע האָט אָבער ווידער געזאָגט:

— זע ווער ס׳רעדט! קוים וואָס די נשמה הלאָט זיך אין אים, גאָט זאָל ניט שטראָפן פאַר די רייד . . .

און אין אַ פיינלעכן אָנפאַל פון מוטערלעכער זאָרג, האָט זי אים צוגעדריקט צו זיך, ווי זי וואָלט אים וועלן באַשיצן, און צוגעגעבן:

— זאָלסט זיך פאַר זיי היטן ווי פאַר פייער, מיין קינד. גאָט זאָל דיך נאָר אויסהיטן פון גויאישע הענט, קינד מיינס!

מאָטל האָט זיך באַפרייט פון איר אומאַרמונג און פאַרעקשנט גע־זאָגט:

— אַז מ׳וועט מיך שלאָגן, וועל איך צוריקשלאָגן!

ער האָט דאָס געזאָגט, און אַלע האָבן צום ערשטן מאָל דערזען אין

זיינע אויגן אַ מאָדנעם פּייערל, וואָס האָט זיך אין זיי אָנגעצונדן און ווי גע־בליבן דאָרטן ברענען אויף אַלע מאָל. אויף זיינע בלייכע באַקן איז אָנגע־לאָפן אַ רויטלעכקייט. אין קערפּער האָט זיך אַ שטייף געטאָן עקשנות. ס׳איז געווען ווי ער וואָלט אין דער רגע געוואָלט פאַרנעמען אַ גלייכן אָרט אין דער מפשחה, שוין ניט ווי אַ קינד, נאָר ווי אַ דערוואַקסענער. זיינען אַלע טאַקע געבליבן שווייגן פאַר דער עקשנות פונעם מענטשן, וואָס האָט געפאָדערט זיין אָרט.

— ב —

און טאַקע פון יענעם טאָג אָן האָט מען גענומען באַמערקן, ווי מאָטל פלעגט פון דער שול און פון דער גאַס ברענגען אין הויז אַלערליי בייעסן. ער פלעגט אין אָט די בייעסן אַריינלייגן זיינע אייגענע אויסטייטשונגען און אַרויסבאַקומען אומדערוואַרטעטע אויספירונגען. ער פלעגט דערפאַר טאַקע אַריינפאַלן אין אַלערליי קאָנפליקטן מיט די מיינונגען פון טאַטע־מאַמע און שוועסטער און זיך אַריינלאָזן אַפילו אין לאַנגע דיסקוסיעס מיט עלטערע מענטשן, וואָס פלעגן אין הויז ריידן וועגן דער פּאָליטיק פון דער צייט.

און די צייט איז דאַן געווען אַן אומרואיקע, מ׳האָט גערעדט וועגן אַ צווייטער וועלט־מלחמה, וועגן די ספּעציפישע יידישע פּראָבלעמען. מאָטל פלעגט זיך אַלע מאָל אַרומדרייען אַרום דערוואַקסענע, פלעגט צו־לייגן אַן אויער צו די געשפּרעכן, פּרובירט באַנעמען די קאָמפּלעקס־פּראָב־לעמען, וואָס האָבן אויפגערודערט די יידישע גאַס. מענטשן זיינען געווען דערשראָקן און אומרואיק. מענטשן האָבן מורא געהאַט פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.איבערן לאַנד האָבן זיך אַרומגעטראָגן קלאַנגען וואָס האָבן באַשווערט אַ יעדערנס געמיט.

און טאַקע באַלד איז אויסגעבראָכן די מלחמה. אַלץ האָט אָנגעהויבן פאַלן. טויזנטער טויטן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן לעבן. מחנות זיי־נען געקראָכן אויפן לעבן מיט מערדערלעכער גבורה. דאָס ליכט פון מענטשלעכע אויגן איז אויסגעלאָשן געוואָרן. פינצטערניש האָט אָנגעפילט מענשטשלעכע געמיטער. פאַשיזם איז געקראָכן אויפן מענטשלעכן לעבן ווי אַ מאָנסטער, מיט טויט און פאַרוויסטונג. די וועלט איז געוואָרן ענג. מענטשן האָבן געזוכט אַ רעטונג אין פינסטערע לעכער אונטער דער ערד, אין טיפע קעלערס, אין פאַרהוילענע גראָבנס אונטער מויערן, אין קראַ־טערן פון אויפגעריסענע באָמבעס.

נאָכדעם זיינען געקומען געטאָס, קאָנצענטראַציע לאַגערן, פאַרשיקונ־גען. עס זיינען צעריסן געוואָרן משפּחות. עלטערן זיינען אָפּגעריסן געוואָרן פון קינדער און קינדער פון זייערע עלטערן. מאַן און ווייב זיינען צעשיידט געוואָרן — ניט צו וויסן וואוהין דאָס געביין איז אַהינגעקומען. מענטשן האָבן געזוכט אַן אָנהאַלט אין לעבן, אָבער דער אָנהאַלט איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע הענט, אָוועקגענומען געוואָרן פון אונטער זייערע פיס

און זיי זייַנען געפאַלן אין אָפּגרונט. קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס די קו־מענדיקע שעה וועט ברענגען. מ'האָט געלעבט פון מינוט צו מינוט, געטאַפּט דעם וועג דורכן לעבן, ווי בלינדע, און מ'איז געשטרייכלט געוואָרן, ווייל דער טויט איז שוין אַרומגעקראָכן צווישן די ענגע געטאָ־גאַסן, ווי אַ הונ־געריקער וואָלף און צוגעגנומען מענטשלעכע לעבנס.

שלמה דער קאַמאַשן שטעפּער מיט זיין קליינעם הויזגעזינד איז עפּעס ווי דורך אַ נס ניצול געוואָרן. ער אַליין האָט עפּעס געקראָגן אַרבעט ביי די דייטשן אין אַ שוך־פאַבריק. רבקהלע האָט זיך צוגעשלאָגן צו אַ שטעל אינעם יידישן שפּיטאָל. און מאָטל האָט, ווי אַ פאַרוואָגלט קינד, גאַנצענע טעג אַרומגעבלאָנדזשעט צווישן די חורבות פון דער געטאָ, זיין דאַרער קער־פּער האָט זיך דורכגעשלייכט דורך טירן און קעלערן און פאַרבאַרגענע דורכ־גאַנגען, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט.

מאָטל האָט געזען ווי טאַטע־מאַמע זייַנען פּלוצלונג אַלט געוואָרן, באַ־זונדערסט — דער טאַטע. ער האָט אויסגעזען ווי אַ זקן. דערצו איז ער נאָך געוואָרן זייער פרום. ער האָט זיך אָפּגעלאָזט אַ לאַנגע באָרד און פאות. יעדן טאָג, ווען ער האָט נאָר געפונען אַ פרייע מינוט, האָט ער געזאָגט תהילים, געמורמלט אונטערן נאָז אַלערליי תפילות און ניט אויפגעהערט צו פאָדערן פון מאָטלען פרומקייט. געוואָלט ער זאָל דאַוונען יעדן טאָג און אין אָוונט ניט פאַרפעלן מנחה און מעריב און דעם קריאת שמע פאַרן שלאָפן גיין. די גויאים און אפילו די יידן אין דער פאַבריק האָבן חוזק געמאַכט פון שלמהן, זייַנען אים דערגאַנגען די יאָרן פאַר זיין אויסזען, אָבער שלמה האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. געפילט אין זיך עפּעס אַ מאָדנע עקשנות דווקא מיט פרומ־קייט קעגנשטעלן זיך דעם שפּאָס פון אַ גוי. ביסלעכווייז איז די עקשנות איבערגעגאַנגען אין אַ מין מאַרטירערישן קדוש־השם געפיל איבערצוגעבן זיך מיט לייב און לעבן, מיט טיפער הכנעה צו גאָט. גאָט איז געווען די איינציקע מנוחה. אין אים איז געווען דער ענטפער אויף אַלע מאַטערנישן. צו אים האָט מען געקענט אויפהייבן די אויגן און אויסטענהן זיך, ווי מיט אַ נאָענטן, מיטן נוסח פון די האַרציקסטע יידישע תפילות און מיטן רוף פון ממעמקים קראתיך.

מאָטל איז צו יענער צייט שוין געווען אַ בר מצוה בחורל. שלמה האָט אים פאַרזאָרגט מיט תפילין, געזען, אַז ער זאָל די תפילין לייגן יעדן טאָג און האָט מיט אים ניט אופגעהערט איינצולערנען אַלע מצוות פון אַ גוטן און פרומען יידן. מאָטל האָט אָבער איצט געהאַט אַנדערע אינטערעסן. ער האָט געהאַט זיינע חברים צווישן די יינגלעך פון זיין עלטער און אויך צווישן דערוואַקסענע. פון די דערוואַקסענע האָט ער זיך אָנגעהערט וועגן די געהיימע קרייזלעך, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין דער געטאָ, וועגן באַהאַלטענע לאַבאָראַטאָריעס, וואו מ'האָט געמאַכט אויפרייס געווער. וועגן געהיימע אונטערערדישע דורכגאַנגען, וואָס האָבן פאַרבונדן די געטאָ מיט

דער פּוילישער "אונטערגרונט". ער האָט שוין געוואוסט וועגן די פונקציעס פון אַלערליי האַנט־גראַנאַטן, אויטאָמאַטישע רעוואָלווערן, — האַנט־געווער וועגן היימיש־געמאַכטע באָמבעס. זיין גרעסטער באַגער איז געווען צו גע־פינען ערגעץ אַ געווער וואָס ער זאָל קענען אויסבאַהאַלטן אין זיינע קליי־דער און, ווען מ׳וועט דאַרפן, זאָל אַט דאָס שטיקל געווער אויפטאָן אַ גרוי־סע זאַך קעגן דעם שונא. מיט עפּעס אַן אויסטערלישער טאַט וואָל ער גע־קענט שאַפן וואונדער. ער, מאָטל, וואָס איז געווען קליין און דאַר און שוואַכער פאַר יעדן אַנדערן מענטשן אויף דער וועלט, וואָלט געקענט ווערן אַ העלד. זיין קאָפּ איז פול געווען מיט פּלענער, מיט מאָדנע פאַנ־טאַזיעס, וואָס ווען זיי ווערן פאַרווירקלעכט, וואָלט זיך אַלץ געביטן אין דעם לעבן פון דער געטאָ. די אַלע פּלענער האָבן אויפגערעגט זיינע בלוטן. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט אין זיין דאַרן ברוסט קאַסטן ווי אַ פּייקל, וואָס רופט צו אַן אַלאַרם... אָ, ס׳איז אַלץ מעגלעך געווען! מ׳האָט געקענט אויפ־רייסן דעם צענטער פונעם דייטשן גאַרניזאָן, איבערכאַפּן אַ באַן מיט אַמו־ניציע, צושטערן אייזנבאַן־קאָמוניקאַציעס, באַפאַלן די נאַכט־וועכטער . . .

און דאָ איז געקומען דער ערשטער בראָך אין דער קליינער מש־פּחה. די געסטאַפּאָ האָט ערגעץ אַוועקגעפירט רבקהן אין איינעם מיט אַ גרויסער צאָל יידישע מיידלעך, און זי איז שוין צוריק ניט געקומען. מ׳האָט אַפילו ניט געוואוסט וואוהין זי איז אַהינגעקומען. די מאַמע האָט געוויינט, געריסן די האָר פון קאָפּ אין די אַפּטע היסטערישע אָנפאַלן, און דער טאַטע פלעגט זיך פאַרקלייבן אין אַ פינצטערן ווינקל, און מאָטל האָט אָפט געזען ווי זיינע פּלייצעס האָבן זיך געוואָרפן אין אַ שווערן מענערשן געוויין.

מאָטל האָט שוין צו יענער צייט געוואוסט אַ סך זאַכן. ער האָט גוט פאַרשטאַנען וואוהין די דייטשן האָבן צוגענומען זיין שוועסטער מיט די אַנדערע מיידלעך. יידישע מיידלעך זיינען נאָך פריער פאַרלאָרן געגאַנגען אין די באַרדעלן פאַר נאַצישע זעלנער און אָפיצערן. דער געדאַנק, אַז רבקה איז ערגעץ אין אַ באַרדעל האָט אַרויסגערופן אַלערליי שענדלעכע געפילן, קרענקלעכע זעענישן, זינדיקע מחשבות, וואָס האָבן זיינע נעכט פאַרוואַנדלט אין מוראדיקע קאָשמאַרן. ס׳איז געווען צעטומלעניש און שאַנד, ס׳איז געווען כאַאָס. קלאָר איז נאָר געווען דאָס געפיל פון נקמה, בלויז נקמה האָט געקענט אַלץ פאַרענטפערן. און בלויז נקמה איז געווען מעגלעך.

אין הויז האָט ער געהערט דאָס געוויין און די ביטערע, אומבאַהאַל־פענע קללות פון דער מאַמען, וועלכע זי האָט צונויפגענומען, ווי אַ בערגל הרודעס, און זיי געוואָרפן הרודע נאָך הרודע, אויף די קעפּ פון די שונאים. דער טאַטע האָט זיך צוגעהערט צו די קללות און זיך געקוויקט מיט אַ מאָדנער קוויקעניש, און איין מאָל האָט ער זיך אַפילו אַוועקגעשטעלט אין

טיפער עקסטאַטישקייט און געמאַכט אַ האַרצרייסנדיקן אל מלא רחמים, האָט אַריינגעוואָרפן די מאַמען אין אַ היסטעריקע און אין אַ לאַנגער חלשות, פון וועלכער מ׳האָט זיך קוים אַרויסגערופן צום לעבן.

דאַן האָט מאָטל געזאָגט דורך אַ פאַרוואָרגענעם האַלדז און פאַרשטיקטן געוויין עפּעס אַזוינס, וואָס איז קיין־מאָל פריער ניט געהערט געוואָרן פון אַ ייִנגל אין זיין עלטער, אין דער אַנוועזנהייט פון פרומע טאַטע־מאַמע. און ער האָט עס געזאָגט אָן אַוועלכער עס איז מורא, אָדער שרעק, און דוקא מיט שנאהדיקייט און אַרויסרוף:

—גאָט האָט קיין רחמנות ניט. ער האָט קיין רחמנות ניט אויף אַלע ייִדן. ער האָט ניט קיין רחמנות אויף אונדז. ניטאָ וואָס צו רופן צו אים. און איך וועל מער ניט דאַווענען . . . כ׳וועל בעסער שטאַרבן ! . . כ׳וועל זיך בעסער אַוועקלייגן און שטאַרבן.

טאַטע־מאַמע האָבן געזען אַז מאָטל איז זייער אויפגערעגט. ניט געוואָלט אים מער מצער זיין מיט שטראָף־רייד, נאָר געזעסן אַליין דערשראָקענע און אומגליקלעכע מיט אויגן אַראָפּגעלאָזענע צו ערד און מיט געפאַלענע געמיטער.

מאָטל האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל און אַ סך שעהן איז ער אַזוי דאָרטן געזעסן און געטראַכט זיינע געדאַנקען. און ווי נאָר די שוועסטער איז געקומען אויפן זינען האָבן אים טרערן פאַרוואָרגן דעם גאָרגל. ס׳האָט זיך געוואָלט פאַלן אויף דער ערד, שרייען און וויינען און חלשן, ווי די מאַמע האָט עס פריער געטאָן . . .

— ג —

זינט רבקהלע איז אַוועק פון דער היים איז אין הויז געווען אַ חורבן. אַ קעלט האָט אָנגעפילט די צימערן. ווען רבקה איז געווען אין דער היים איז די היים געווען אַ היים. זי איז געווען זיין שוועסטער און זיין עלטערער חבר. זי האָט זיך מיט אים געטיילט מיט איר וויסן. איר קלינגענדיק קול האָט אַריינגעבראַכט פרייד אין זייער אָרעמקייט. זי האָט געזונגען לידער. זי האָט געקענט דעקלאַמירן ייִדישע און פּוילישע פּאָעמעס. זי פלעגט זיך מיט אים טיילן וועגן געלייענטע ביכער, אויסדערציילן אים וועגן גרויסע העלדן, וועגן גרויסע קעמפער, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייער לעבן פאַר דער וועלט, פאַר אַ בעסערער וועלט. רבקה — דאָס איז געווען די פרייד פון זייער הויז.

און איצט איז זי ניט געווען, ניט געווען אויף אַלע מאָל, אויף אייביק. אפשר איז זי שוין געווען אַ פאַרפייניקטע צום טויט. ער האָט דורך די אָנגעלאָפענע טרערן געזען שענדלעכע בילדער פון פייניגונגען. אַזעלכע זעאונגען זיינען געקומען פאַר די אויגן, פון וועלכע מ׳האָט ניט געקענט ריידן מיט די עלטערן, ניט מיט חברים. ס׳איז געווען אַ שרעק צו טראַכטן,

וואָס דער שונא האָט געטאָן מיט רבקהן, אָבער ס׳האָט זיך דוקא געטראַכט. מ׳האָט איר ניט געקענט העלפן און מ׳האָט זיך אַליין ניט געקענט העלפן.

ס׳האָט זיך נאָר געוואָלט אָוועקגעבן דאָס לעבן פאַר רבקהלען. נײַן, ווען ער וואָלט געהאַט הונדערט לעבנס, וואָלט ער זיי מיט פרייד אָוועקגעגעבן פאַר איר, זי זאָל נאָר קענען קומען צוריק אַהיים, דערפרייען טאַטע־מאַמע.

און לעבן האָט ער איצט געמוזט, געמוזט צוליב רבקהלען. ניט צוליב זיך און ניט צוליב טאַטע־מאַמע. נאָר צוליב רבקהלען, וואָס גראָד וועגן איר איז ער אפילו ניט געווען זיכער, צי זי לעבט. ער האָט געוואָלט פריער נקמה פאַר איר, און ערשט נאָכדעם — שטאַרבן. ס׳איז נאָר ניט געווען קלאָר ווי אַ מענטש אין זײַנע יאָרן און מיט זײַנע כחות קען נעמען נקמה פון אַזאַ מעכטיקן שונא. אָבער ס׳איז געווען אַלץ איינס: די נקמה האָט געמוזט גענומען ווערן.

אין אָוונט איז דער טאַטע געקומען פון דער אַרבעט. מאַטל האָט געזען, ווי ער האָט אָפּגעגעסן זײַן אָוונט־ברויט, אַ שווײַגנדיקער, ווי אַלע מאָל. ער האָט געזען ווי די מאַמע איז געזעסן קעגנאיבער און האָט מיט קיין איינציקן וואָרט ניט איבערגעריסן די שטילקייט. נאָכדעם האָט זיך דער טאַטע אָנגעלענט אויף די צוויי האַרעפּאַשנע הענט זײַנע און גענומען בענטשן, ניט אויפהייבנדיק זײַנע אויגן צו אים, אָדער צו דער מאַמען, ווי ער וואָלט דאָ געווען איינער אַליין.

ערשט נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעבענטשט, האָט ער געזאָגט:

— האָסט שוין מסתמא געהערט, מלכה, זיי האָבן הײַנט ווידער אָוועקגעשיקט אַן אָנגעפּאַקטע באַן מיט יידן. אַ גאַנצע נאַכט זײַנען די מערדער אַרומגעגאַנגען איבער דער געטאָ מיט דער יידישער ״אָרדענונגס־דינסט״ און געכאַפּט יידן. אַרויסגעשלעפּט זיי פון אַלע לעכער און זיי אָוועקגעפירט צו דער שחיטה. איך זאָג דיר, מלכה, אַלעמען וועלן די שעכטער אויסקוילן. קיין איין ייד וועט ניט בלײַבן אין דער געטאָ. ס׳וועט קומען אונדזער ריי, מלכה. דער סוף פון דער וועלט קומט אָן, ס׳איז באו מים עד נפש. ס׳איז פאַרפאַלן, מלכה, פאַרפאַלן!

— וואָס מיינסטו, פאַרפאַלן, שלמה? און וואו איז גאָט?

שלמה האָט אָפּגעוואָרט אַ רגע און ניט מיט זײַן קול געזאָגט:

— ס׳איז ניטאָ קיין גאָט, מלכה!

מאַטל האָט געזען ווי דער מאַמעס הענט זײַנען אַראָפּגעפאַלן אין אָנמאַכט. די אויגן אירע זײַנען פאַרטונקלט געוואָרן מיט נאַכט, ווי מ׳וואָלט בײַ איר ערשט צוגענומען די סאַמע לעצטע טרייסט און געלאָזן זי, אַ געפּײַניקטע אין טויזנט צערן, איינע אַליין מיטן טויט. זי האָט אַ קוק געטאָן מיט שרעק אויפן מאַן און האָט אויסגעשריען:

—דו ווייסט דען, וואָס דו רעדסט, שלמה? ביסט משוגע, גאָט זאָל ניט

שטראָפן פאַר די ריידן. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים איין מאָל און נאָך אַמאָל. אַפנים אַז אין זיינע אויגן האָט זי ניט געפונען קיין ענטפער, ווייל זי האָט זיך פּלוצלונג אַ הייב געטאָן צו אים מיט אַ מאָדנעם געבעט, געמישט מיט שרעק און נאָך אַמאָל געזאָגט:

— האָסט דען געהערט, וואָס דיינע ליפּן האָבן ערשט געזאָגט?

שלמה האָט נאָך אַמאָל געזאָגט:

— איך זאָג: ס׳איז ניטאָ קיין גאָט! אָט דאָס האָב איך געזאָגט. ווייל ס׳איז ניטאָ קיין זין אין דעם אַלעמען. דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר. — ניטאָ קיין גאָט ווייל ס׳איז ניטאָ קיין נקמה. טויזנטער יאָרן פּייניקט ער זיין פאָלק, — פאַרוואָס? טויזנטער יאָרן אויסראָטונג, אָן נקמה און אָן אויסלייז! זיי נעמען די ערלעכסטע יידן און טוען זיי אָן די גרעסטע נגישות, — פאַרוואָס? ס׳איז ניטאָ קיין זין!

מאָטל האָט געזען ווי די מאַמע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט. זי האָט געוויינט אויף אַ קול, יאָמערלעך געטענהט מיט פרומע ווייבערשע רייד, ווי אַ מאַמע, וואָס האָט ערשט פאַרלאָרן איר ליבסטן קינד:

— גאָט דערבאַרעמדיקער, האַרציקער, געטרייער, פאַרוואָס האָסטו זיך אָפּגעקערט פון דיין פאָלק ישראל?... פאַרוואָס האָסטו דעם אומגליק געבראַכט אויף מיין הויז, אויף מיינע קינדערלעך? פאַרוואָס האָסטו צעריסן אויף פיצלעך דער מאַמעס האַרץ?...

און אַזוי האָט זי ניט אויפגעהערט צו טענהן, ווי אין דעם טאָג, ווען מ׳האָט צוגענומען רבקהן.

שלמה האָט אַ לאַנגע צייט געהערט איר טענהן און איר געקלאָג, און אַז זי האָט זיך אַביסל איינגעשטילט, האָט ער געזאָגט מיט ביטערקייט:

— צו וועמען טענהסטו, מלכה? ווער הערט דיין געוויין? ער איז ניטאָ, וואָס דאַרף דיין געוויין, ס׳איז אַ חוזק טענהן צו אימיצן, וואָס הערט ניט, וואָס זעט ניט און וואָס ווייל ניט וויסן, ס׳איז אָפּנאַרעריי. ס׳איז חוזק!

מלכה האָט ניט געענטפערט. זי איז געזעסן אָן אויסגעליידיקטע. אין איר איז שוין קיין זאַך ניט געבליבן. ס׳איז געווען פּוסט און וויסט אין איר לעבן, ס׳איז ניט געווען קיין אָנהאַלט. עס האָט זיך נאָר געוואָלט שטאַרבן.

מאָטל, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו די רייד פון טאַטע־מאַמע, האָט איצט ניט געקענט אַריבערטראָגן דער מאַמעס געפאַלנקייט. ער איז אינגאַנצן געווען אַרומגענומען מיט מורא. עס האָט זיך געדוכט, אַז איצט, די רגע, וועט זיך עפענען די טיר און עס וועלן אַריינקומען די געסטאַפּאָ־לייט און מ׳וועט זיי אַוועקפירן, וואוהין מ׳האָט אַוועקגעפירט אַזוי פיל טויזנטער יידן פון דער געטאָ.

ער האָט צוגעזען, ווי די מאַמע האָט זיך אויפגעהויבן און זיך אַרויסגעוואַקלט אויף אירע שוואַכע פיס ווי אַ שכורע. דער טאַטע איז געבליבן

זיצן ביים טיש, זיינען ליפּן האָבן געמורמלט פרום אַ תּפילה. מאָטל איז געווען זיכער אַז דער טאַטע זאָגט תּהילים. ער האָט אַפילו דערקענט פון דער באַוועגונג פון זיינע ליפּן עטלעכע אָפּגעריסענע ווערטער פון די באַקאַנטע קאַפּיטלען. אַזוי האָט געדויערט אַ היפּשע ווײַלע. דער טאַטע האָט מיט כוונה ניט אויפגעהערט צו זאָגן זיין תּהילים. און ס'איז געווען מאָדנע, וואָס אָט האָט ער ערשט אַליין געזאָגט, אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט און ס'איז ניטאָ צו וועמען צו טענהן, און דאָ האָט ער גאָר תּפילה געטאָן, פרום און האַרציק, מיט כוונה. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן תּהילים זאָגן, האָט ער זיך אויפגעהויבן און געזאָגט צו מאָטלען:

— גיי שלאָפן, מאָטל. ווי לאַנג וועסטו אַזוי זיצן?

ער האָט געזאָגט אַזוי זיך. מסתּמא צוליב גרויסער איינזאַמקייט. מאָטל האָט געזאָגט.

— האָסט ניט באַדאַרפט מצער זיין די מאַמען.

— ביסט גערעכט. ניט באַדאַרפט מצער זיין. אַ רחמנות אויף דער מאַמען. וואָס קען מען טאָן? אַז ס'איז ניטאָ קיין טרייסט . . . ניטאָ קיין טרייסט. און גאָטס נאָמען האָב איך ניט געטאָרט לעסטערן... אַ מענטש ווייס דען וואָס ער טוט?

דער טאַטע איז געווען פאַרטרוילעך. גערעדט צו אים ווי צו אַ גרויסן. אפשר דעם ערשטן מאָל האָט ער אַזוי גערעדט צו מאָטלען. האָט מאָטל געזאָגט:

— וועסט זען, טאַטע, מ'וועט נעמען נקמה. ס'איז ניט הפקר אַ וועלט...

שלמה האָט ביטער און פאַרלאָרן אַ שמייכל געטאָן:

— ווער וועט נעמען נקמה? ווי קאָן אַ ייד נעמען נקמה פון אַ גוי? וועט אַ ייד קענען אָט אַזוי נעמען קוילן אַ גוי? וועט אַ ייד קענען פירן מענטשן צו דער שחיטה? וועט אַ ייד קענען צונעמען ביי אַ גוי זיין קינד און עס פאַרפייניקן? זאָג, ווי אַזוי?

שלמה האָט אינגאַנצן געציטערט פון די אייגענע רייד און פון שוואַכקייט. ס'איז געווען אַ חידוש ווי ער האָט זיך נאָך געקענט האַלטן אויף זיינע פיס פון אויפרעגונג.

מאָטל האָט אָפּגעוואַרט און געזאָגט:

— אויף דער סמאָטשע, זאָגט מען, איז פאַראַן אַ סך געווער . . . מ'זאָגט ס'וועט זיין אַן אויפשטאַנד. דאָרטן זיינען פאַראַן ביקסן, האַנטגראַנאַטן, באָמבעס . . . יידן זיצן ניט מיט צונויפגעלייגטע הענט. וועסט זען, מ'וועט נעמען נקמה!

אַז דער טאַטע האָט געשוויגן, האָט שוין מאָטל אויך צוגעגעבן:

— און אויך פאַר רבקהלען וועט מען נעמען נקמה. פאַר אַלעמען. וועסט זען.

שלמהס פּנים איז נאָך פינצטערער געוואָרן. מאָטל האָט באַמערקט

טרערן אין די ווינקלען פון זיינע אויגן. פלוצלונג האָט ער געזאָגט מיט וואַרנונג צו מאַטלען.

—און רבקהס נאָמען טאָרסטו ניט דערמאָנען. מ׳דאַרף ניט. און פאַר דער דער מאַמען זאָלסטו זי אויך ניט דערמאָנען . . .דו הערסט?

מאַטלען האָט פלוצלונג אַ וואַרג געטאָן אין גאַרגל, ווי אין אַן אַנפאַל פון היסטעריע. עקשנות האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ ביז ווייטיק.

— איך וועל דערמאָנען כ׳וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן! ביזן טויט וועל איך ניט פאַרגעסן רבקהלען ! . . .

דער טאַטע האָט שוין אָבער, דורך טרערן, געפּרוּווט אים באַרו־איקן:

— גיי, ביסט אַ קינד, וואָס הייסט — פאַרגעסן? ווער קען זי פאַר־געסן? איך וועל זי פאַרגעסן? צי די מאַמע וועט זי פאַרגעסן? גאַרניט, מ׳דאַרף ניט גלאַט ריידן . . . — דאַרף מען ניט !

ער האָט אַרויסגענומען אַ טיכל און אָפּגעווישט די טרערן, וואָס זיי־נען אים פריי געלאָפן איבער די באַקן אין באָרד אַריין.

האָט מאַטל זיך אָפּגעקערט צו דער וואַנט, טיפער איינגענורעט אין זיך אין די ניט געקאָנט זען דעם טאַטנס טרערן.

אַז ער האָט שפּעטער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, איז שוין דער טאַטע ניט געווען. דאָס ליכט איז געווען אויסגעלאָשן, אין דער פינסטערניש איז מאַטל אַ לאַנגע צייט געלעגן און געטראַכט. אַ סך פלענער האָבן אים געהאַלטן וואַך. פלענער און טאַטן פון געוואַגטקייט האָבן גערעגט די בלוטן. און צווישן די אויסטערלישע בילדער, וואָס זיינען אויפגעשוואָומען און פאַרשוואונדן אין דער פינצטערניש, איז אַלע מאָל געווען איין בילד, אַ קלאָר בילד, ווי מאַטל וואָלט פאַר אים געשטאַנען מיט אָפענע אויגן, און דאָס בילד איז ניט פאַרשוואונדן, געבליבן אין דמיון איינגעקריצט. סאיז געווען דער דייטש ביי דער וואַנט פון דער געטאָ. ער איז געשטאַנען ביי דער וואַנט מיט אַ ביקס. אַ ביקס מיט אַ באַיאָנעט, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ גאַרטל פול מיט קוילן, מיט אַראָפּהענגענדיקע צוויי גראַנאַטן ביי די זייטן. זיי האָבן זיך געביטן די דייטשישע וועכטער, אָבער איצט האָבן זיי אַלע געהאַט איין פּנים. דעם פּנים פון יענעם איינציקן דייטש, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין זיין זכרון. און ס׳איז געווען מאָדנע, וואָס ער האָט יענעם דייטש גע־זען אויך שפּעטער, ווען ער איז איינגעשלאָפן, אין חלום, און ער איז גע־קומען אין זינען אויך אינדערפרי, באַלד, ווי מאַטל האָט געעפנט זיינע אויגן. יע, ס׳איז געווען מאָדנע. אָבער איצט האָט ער אים געזען די גאַנצע צייט פאַר די אויגן אויף דער וואַרער וואַך, יענעם דייטש. ער איז פון זיין דמיון ניט אַרויס: אַ באַוואָפנטער מיט אַ ביקס און באַיאָנעט און מיט אַראָפּהענגענדיקע האַנט גראַנאַטן ביי דער זייט איז דער דייטש אַרומגעגאַנ־גען ביי דער וואַנט און געהיט די געטאָ.

— ד —

עס זיינען אַוועק נאָך עטלעכע וואָכן. אויף דער גאַס האָט ער זיך אָפט געטראָפן מיט זיינע חברים. אָבער ניט מיט אַלעמען: אייניקע זיינען שוין ניט געווען. מ׳האָט זיי מיט זייערע עלטערן אין ערגעץ אַוועקגעפירט, פון וואַנען זיי האָבן זיך ניט צוריקגעקערט. די רייד מיט די פריינט זיינען געווען אַלע מאָל דיזעלביקע. דאָס זיינען געווען געשפּרעכן וועגן די געהיימע קרייזלעך פון דער סמאַטשע, פון דער פראַציסקאַנע, וואָס האָבן זיך אין געהיים געגרייט צו עפּעס אַ גרויסער טאָט, געשפּרעכן וועגן געווער, מיט וועלכן מ׳וועט אַמאָל נקמה נעמען פון דער געסטאַפּאָ און וועגן דעם אייגענעם אנטייל אין אַזאַ אויפשטאַנד פון דער געטאָ. און איין מאָל האָט זיך מאָטל אַרויסגערעדט:

— ווען איך האָב אַ האַנט־גראַנאַט! כ׳וואָלט זיך אָפּגערעכנט פאַר רבקהלען, אַי וואָלט איך זיך אָפּגערעכנט!

די חברים האָבן געמיינט, אַז דאָס איז נאָר אַ באַרימערײַ אַזאַ ביי מאָטלען, זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר איינעם, וואָס האָט ליב מגזם צו זיין. האָבן זיי זיינע ווערטער באַגעגנט מיט חוזק:

— מיט אַ האַנט־גראַנאַט וועט ער זיך אַנטקעגנשטעלן דער דייטשער מאַכט! די דייטשן פאַרמאָגן באָמבעס, עראָפּלאַנען און טאַנקען און אַן אַרמיי, די שטאַרקסטע אין דער וועלט. ניטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן! . . .

מאָטל האָט געמוזט צוגעבן: פאַר אַלע יידן וואָלט ער מיט איין גראַנאַט טאַקע קיין נקמה ניט געקענט נעמען. אָבער פאַר זיין שוועסטער רקהלען וואָלט ער יאָ גענומען. ער וואָלט מיט איין גראַנאַטע געקענט אומברענגען אַ צענדליק דייטשן . . .

און אין קאָפּ האָט ער שוין סיי־ווי־סיי געהאַט אַ פּלאַן. ער האָט דעם פּלאַן דורכגעטראַכט דורך די לאַנגע שלאָפלאָזע נעכט. ס׳איז געווען אַ געוואָגטער פּלאַן, וואָס מ׳האָט אים באַדאַרפט דורכפירן אין אַ פינצטערער נאַכט, ווען די געטאָ וועט שלאָפן, גאַנץ וואַרשע וועט שלאָפן. ער וועט דעם דייטש ״אַוועקלייגן״ מיט אַ גוט־געצילטן שטיין אין קאָפּ אַריין, ווי דוד האָט אַוועקגעלייגט גליתן, און ביי אים צונעמען אַ גראַנאַט. ער איז ניט אויסן געווען דוקא צו טויטן דעם דייטש, עס איז גענוג, אַז ער זאָל אים ״אַוועקלייגן״ אויף אַ קליינער רגע, כדי נאָר אַוועקצונעמען פון אים אַ גראַנאַט.

און די צייט דורכצופירן דעם פּלאַן איז געקומען אין אַ פינצטערער נאַכט מיט אַ שניי־שטורעם. קיין לעבעדיקער מענטש וואָלט ניט געוואַגט אין אַזאַ נאַכט אַרויסצוגיין אין דרויסן. מאָטל האָט זיך איינגעוויקלט אין וואָס ער האָט נאָר געקענט. אין די קעשענעס פון זיין ווינטערדיקן מאַנטל, וואָס ס׳איז איצט געווען ענג און אין אַ סך ערטער פאַרלאַטעט, ווייל דעם

מאַטל האָט מען אים געקויפט ווען ער איז געווען קוים צען יאָר אַלט. האָט ער געהאַט צוויי שטיינער, אין יעדער קעשענע אַ שטיין. פון דעם איז באַלד שווער געווען צו באַוועגן זיך. ער האָט געפילט אַ שוואַכקייט און אַ ציטערדיקייט אין די גלידער. געפילט, ווי ער וואָלט גיין אויף אַ זיכערן טויט. סיידן ס׳וועט געשען אַ נס. אַט איז דאָך דוד אַמאָל געגאַנגען אויף גליתן מיט אַ שטיין, און ס׳איז געווען אַ נס. צוליב רבקהלען האָט באַ־דאַרפט געשען דער נס. ניט צוליב אים, צוליב רבקהלען . . .

אין דרויסן האָט געקערט ווענטן, ווי נאָר ער איז אַרויס, האָט אַ פראָסטיקער ווינט אַ שמיץ געטאָן אים אין פּנים און אין די אויגן מיט האַר־טע שטעכיקע שנייעלעך און פאַרגאָסן די אויגן מיט טרערן. ס׳איז שווער געווען צו מאַכן דעם ערשטן טראָט. אָבער ער האָט געמוזט גיין, גיין, ראַנגלען זיך מיטן ווינט און גיין. אַזוי האָט ער זיך געשאַרט אַרום די ווענט, ווי אַן איינזאַמע געיאָגטע חיה אין אַ מוראַדיקער וועלט. די באַ־קאַנטע גאַסן זיינען איצט געווען פרעמד, ווי ער וואָלט זיי צום ערשטן מאָל געזען פאַר די אויגן. בערג מיט שניי און די פינצטערניש האָבן פאַר־וואַנדלט שטאָט און די גאַסן אין אומבאַקאַנטע בערגיקע שפּאַלטן.

אַזוי איז ער, אַן אויסגעמאַטערטער, צוגעקומען צו דער וואַנט. דער זעלנער איז מיט דער ביקס אויף דער פּלייצע, אין אַ לאַנגער שינעל, אַרומגעגאַנגען הין און צוריק, אַ פאַרשנייטער, ווי אַ באַוועגלעך בערגל שניי און גאָר ניט געהערט ווי מאַטל איז צוגעגאַנגען צו אים נאָענט, און צוליב עפּעס באַלד אַנגעהויבן מיט אַ וויינענדיקן קול צו רייַן:

— די מאַמעשי . . . די מאַמעשי איז זייער קראַנק געוואָרן . . . אַ דאָקטער . . . איך מוז געפינען אַ דאָקטער . . . אוי, די מאַמעשי . . . ווייסט אפשר וואו איך קאָן געפינען אַ דאָקטער פאַר דער מאַמעשין . . .

דער זעלנער איז צעטומלט געוואָרן. ניט גלייך פאַרשטאַנען. אַ כאַפּ געטאָן די ביקס און מיטן באַיאָנעט אַ רוק געטאָן זיך אויף מאַטלען:

שטיי! ריר זיך ניט פון אָרט!

ער האָט אַרויסגענומען פון דער שינעל־קעשענע זיין האַנט־לעמפּל און אַ וואַרף געטאָן אַ סנאָפּ ליכט מאַטלען גלייך אין פּנים אַריין. פאַר־בלענדט אים די אויגן.

דער זעלנער האָט שוין געזען, אַז דאָס איז נאָך גאָר אַ קינד, מיט אַ פּיצעלע דאַרע פּנים, איינגעוויקלט אין שמאַטעס.

— וואָס צום טייוול, טוסטו דאָ יידליק!

מאַטל האָט ווידער געזאָגט:

— די מאַמעשי . . .איך דאַרף אַ דאָקטער . . . די מאַמע איז זיי־ער קראַנק . . . אוי, זי וועט שטאַרבן . . . האָב רחמנות . .

— צום טייוול מיט דיין מאַמען! ווילסט אפשר ,איך זאָל זיך אַט אַזוי אַוועקלאָזן זוכן אַ דאָקטער פאַר דיין טייוולעשער מאַמען? דאַנער וועטער! אַט

וועל איך דיך אַ שטאָך טאָן מיטן באַיאָנעט און אַוועקלייגן ווי אַ קרעציקן הינטל.

און ער האָט זיך טאַקע אַ רוק געטאָן אויף מאָטלען, ווי ער וואָלט אים טאַקע געוואָלט דורכשטעכן מיטן באַיאָנעט. אָבער מאָטל האָט שוין ווידער מיט טרערן און מיט געבעט געזאָגט:

— ניין, ניין . . . האָב רחמנות . . . דו האָסט דאָך אויך אַ מאַמען . . אַ מאַמעשין ! . . . האָסט דאָך אין דער היים אַ מאַמעשי ! . . .

דער זעלנער האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער אייגענער מאַמעס בילד האָט אַ ריר געטאָן זיין האַרץ מיט וואַרעמקייט. אָט דאָ איז ער געווען אין דער קאַלטער נאַכט אין דער פרעמד און די מאַמע איז געווען ווייט. אַן אַלטע בענקשאַפט האָט אַ וואַרעם געטאָן זיינע גלידער. געזאָגט:

— גיי אַהיים, יידליק, גיי אַהיים, זאָג איך דיר, איידער איך לייג דיך אַוועק.

מאָטל איז געשטאַנען און געוויינט. ס'איז געווען אַזוי ווי די מאַמע וואָלט אין דער אמתן געווען זייער קראַנק און ער וואָלט איצט פאַר איר געזוכט הילף ביי אַ פרעמדן, פיינטלעכן מענטשן. זיין האַרץ האָט קוים אויסגעהאַלטן די איבערלעבונג. דער זעלנער האָט שוין ווייכער געזאָגט:

— אַזאַ פאַרשאָלטן פאָלק . . . אין אַזאַ נאַכט גייט ער זוכן אַ דאָקטאָר פאַר זיין מאַמען . . . וואָס טראַכסטו זיך, איך וועל אָפּלאָזן די וואַך און גיין זוכן אַ דאָקטאָר? אַזאַ פאַרשאָלטן פאָלק. כ'וואָלט אים באַדאַרפט אַוועקלייגן, און אַ סוף . . . גיי אַריין איןביידל . . . וואַרעם זיך אָפּ, און גיי אַהיים.

מאָטל האָט טאַקע דערביי דערזען דאָס ביידל. אַ פּנים, אַז מ'האָט עס דאָ אַוועקגעשטעלט דורכן ווינטער פאַר דער וואַך. אינווייניק האָט גע־ברענט אַ לעמפל. פונעם שמאָלן רער־קוימענדל זיינען געפלויגן קליינטשינ־קע פונקן און באַלד אויסגעלאָשן געוואָרן אין דער ביטערער קעלט. מאָטל האָט געזאָגט:

— אַ דאַנק . . . אַ דאַנק . . . ביסט אַ גוטער מענטש . . האָסט אַ מאַמעשין . . .

געזאָגט, און ניט געוואוסט פאַרוואָס ער איז אַריין אינווייניק. דאָ איז געווען זייער הייס פון דעם אָנגעברענטן אייזערנעם אויוועלע, וואָס זיי־נע זייטן זיינען געווען רויט־צונטער. ער איז געשטאַנען אַ צעטומלטער. פאַרגעסן אַלץ, שוין ניט געוואַרט נאָך וואָס ער איז אַהערצו געקומען. נאָר געוואוסט, אַז ס'איז אַ חלום, אַ מוראדיקער חלום. באַלד האָט ער דערהערט פון דרויסן אַ שטימע. נאָכדעם — צוויי באַזונדערע שטימעס. ס'זיינען שוין דאָרטן געווען צוויי מענטשן. די וואַך האָט זיך געביטן. אין אַ מינוט אַרום איז דער פריערדיקער זעלנער אַריינגעקומען אַ פאַרשנייטער. מיט אַ ביקס און קוילן־גאַרטל און מיט צוויי אַראָפּהענגנדיקע האַנט־גראַנאַטן. געזאָגט .

— ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן, יידליק? — ביסט אַ שפּיאָן! דאָס האָבן דיך די פאַרדאַמטע יידן אַרויסגעשיקט אָהער נאָכצושפּיאָנירן. מיר וועלן דיך אַביסל אַ טרייבער טאָן. וועסטו זיך אַליין מודה זיין, אַז דו ביסט אַ שפּיאָן . . מיר קאָנען אייך, די יידעלעך ! . . גוט, וואָס איך האָב דיך אָהער אַריינגענאַרט . . כ'בין גאָר ניט קיין נאַר, גאָר ניט קיין נאַר . . כ'וועל זיך אַביסל אָנוואָרעמען און דיך נעמען אין דער הויפּט־קוואַרטיר... מ'וועט שוין אויסגעפינען וועגן דיין מאַמעשין . . .כע־כע !

און אַזוי ריידנדיק האָט ער זיך איינגעבויגן, געעפנט דאָס טירל פונ־נעם אייווועלע און האָט זיך גוט איינגעקוקט, רייבנדיק די אָפּגעקילטע הענט אַנטקעגן דעם פלאַם. און נאָך אַלץ אַן אויפגעלייגטער גערעדט:

—יאָ! מיר האָבן זיך דאָרטן מיט מיין פריינט אַדורכגערעדט וועגן דיר — און אַז איך וועל זיך אָנוואָרעמען, וועלן מיר זיך לאָזן גיין . . . דו און איך . . .כע־כע !

מאָטל האָט אָבער ניט קלאָר געהערט די רייד פונעם זעלנער. זיין בליק האָט זיך בשום אופן ניט געקענט אָפּרייסן פון דעם אייזערנעם דרענגל, מיט וועלכן מ'שאַרט פאַנאַנדער די קוילן אין אויוועלע. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס דרענגל און מיטן גאַנצן כוח אַ זעץ געטאָן איבערן איינגע־בויגענעם קאָפּ . דער זעלנער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אויף די אונטערגע־בויגענע פיס און מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם צונטער־הייסן אויוון, ווי ער וואָלט אים געוואָלט אַרומנעמען. און מאָטל האָט ניט אויפ־געהערט צו זעצן איבערן פאַלנדיקן קאָפּ, איבער די פּלייצעס. ניט גע־וואוסט, פון וואַנען עס האָבן זיך נאָך ביי אים גענומען כחות. ניט פאַר־שטאַנען וואָס וועט פון דעם אַלעם אַרויסקומען. פאַרגעסן נאָך וואָס ער איז אָהער, דורך דער נאַכט און שניי־שטורעם געקומען. פאַרגעסן וועגן דעם גראַנאַט, פאַרגעסן, פאַרגעסן ! ס'איז געווען נאָר פאַרלאָרנטקייט, האָפ־נונגלאָזיקייט און אַ פוסטקייט אין קאָפּ, ס'איז געווען אַן אָפּגעשוואַכטקייט פון גלידער און אַ פאַרשיכורונג ווי אין אַן אָנפאַל פון משוגעת. נאָר גע־זען פאַר זיך דעם שווערלעך אָנגעטאָנענעם זעלנער, וועלכער איז איצט געפאַלן אָן אַ זייט, האַרט צוגעדריקט מיט דער זעלנערישער שינעל זיינער צום אויוון. פון דעם האָט זיך דער שינעל אָנגעהויבן צו רויכערן און באַלד זיך אָנגעצונדן מיט פלעמלעך. אויף אַ רגע האָט ער צייט געהאַט צו באַ־מערקן דאָס שטראָמענדיקע בלוט פון קאָפּ און שטערן און די אויגן, וואָס זיינען באַלד אויסגעלאָשן געוואָרן מיט די שטרעמלעך בלוט, וואָס האָבן איבערגעפילט די אויגן־לעכער. ער האָט געזען ווי די רויכיקע פלעמלעך האָבן זיך שנעל פאַנאַדערגעפויזעט איבערן שינעל און האָבן אָנגעפילט מיט אַ שטיקנדיקן רויך דעם ענגן חלל פונעם ביידל .

ניט וויסנדיק פאַרוואָס, מסתמא אויס פשוטער טויטלעכער שרעק און פאַרלאָרנטקייט, האָט מאָטל פלוצלונג אָנגעהויבן צו שרייען און רופן :

— עס ברענט !... עס ברענט !.. ראַטעוועט !!...

אַן עפן געטאָן דאָס טירל צו דער גאַס און ווידער גענומען שרייען מיט ווילדע קולות און געוויין:

— ראַטעוועט !... עס ברענט, עס ברענט !

געשריען און געקוקט מיט שרעק אויף דעם ברענענדיקן זעלנער. פלוצלונג, ווי צום ערשטן מאָל, האָט ער דערזען דעם קיילעך פון אַ גראַנאַט, וואָס האָט געשטעקט פון אונטער דער זייט און זיך דערמאָנט — דער האַנט־גראַנאַט! צוגעלאָפן און אַ ריס געטאָן דעם גראַנאַט אין איינעם מיטן שיידל און שוין מיט אים אין דער האַנט ווידער אָנגעהויבן שרייען און רופן דורך דער אָפענער טיר:

— ראַטעוועט !...ראַטעוועט !...

אין איין רגע האָט זיך אויף אים אַ רוק געטאָן פון דער פינצטערניש מיט דער ביקס און מיט דער באַיאָנעט פאָרויס אַ זעלנער, אַ שטויס געטאָן אָן אַ זייט מיט זיין גאַנצער יאַגנדיקער קראַפט דעם צעטומלטן מאַטלען. מאַטל האָט נאָך געזען, ווי ער האָט אין גרויס איילעניש אַ כאַפּ געטאָן דעם ברענענדיקן זעלנער פאַר אַ פוס און גענומען אים שלעפּן דורך דער טיר צו דעם פאַרשנייטן דרויסן. איין פוס האָט זיך דערביי פאַרטשעפּעט אָן דעם געזימס, ניט געלאָזט דעם קערפּער אַרויסשלעפּן.

דער זעלנער האָט געשלעפּט און געשלעפּט און ניט אויפגעהערט צו שילטן:

— דאָנער וועטער!... דאָנער וועטער!...

מאַטל איז געשטאַנען מיט דער גראַנאַט אין דער האַנט, ווי אַ צוגעשמידטער צו דער ערד. ערשט ווען דער קערפּער איז שוין געווען אין דרויסן, האָט ער זיך אָפּגעריסן פון אָרט און גענומען לויפן. ער איז געלאָפן איבער די בערג שניי, געלאָפן און געפאַלן, געלאָפן און געפאַלן. קיין זאַך מער ניט געהערט, קיין זאַך פאַר זיך ניט געזען, אַ חוץ דער פינצטערניש און שרעק. אין האַנט האָט ער געהאַלטן דעם גראַנאַט שטאַרק פאַרקלעמט אין זיין קליינעם פויסט, ווי אַ טייערן אוצר, וואָס מ'האָט, דורך גרויל און טויט, באַדאַרפט ראַטעווען און ערגעץ ברענגען צו אַ ציל. די ציטערדיקע ליפּן האָבן ניט אויפגעהערט צו מורמלען מיט אַ לעצטער מענשלעכער עקשנות:

—פאַר רבקלען... פאַר רבקהלען... רבקהלען!.

און אַזוי מורמלענדיק איז ער איין מאָל געפאַלן טיף אין שניי און האָט זיך בשום אופן ניט געקענט אויפהויבן. שוין ליגנדיק אָן כחות האָט ער פלוצלונג דערפילט אין די קעשענעס די צוויי שטיינער וועלכע ער האָט פריער מיטגענומען. זיי האָבן אים די גאַנצע צייט באַשווערט דעם טראָט, אָבער ער האָט וועגן זיי פאַרגעסן. איצט האָט ער זיך דערמאָנט. אַרויסגעוואָרפן זיי און פּרובירט זיך נאָך אַמאָל אויפהויבן. ניט געקענט.

און דער שניי איז איבער אים געפאַלן און פאַרוויש זיין קליי־נעם קערפּער, פאַרשאָטן אים מיט וואַרעמקייט און פאַרגעסונג. נאָך אַ רגע און ער וואָלט פאַרלאָרן דעם באַוואוסטזיין. אָבער די ליפּן האָבן נאָך אַלץ געמורמלט:

—פאַר רבקהלען . . . פאַר רבקהלען . . . פאַר רבקהלען . . .

דאָס האָט אים נאָך אַמאָל אויפגעוועקט צום באַוואוסטזיין. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אָבער לויפן האָט ער שוין ניט געקענט. דער ווינט און פראָסט האָבן צוגענומען דעם אָטעם פון זיינע לונגען. ער האָט נאָר געקענט וויינען. האָט ער זיך אַזוי געפּלאָנטערט איבערן שניי און געכליפּעט הויך אויפן קול, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט קינד אין אַ געדיכטן וואַלד. ניט גע־וואוסט ווען און ווי אַזוי ער איז געקומען אַהיים. אין האַנט האָט ער נאָך געהאַט דעם גראַנאַט איינגעקלאַמערט אין די פאַרפראָרענע פינגער. ערשט ווען ער האָט נאָך זיך אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער דרויסנדיקער טיר, האָט ער באַלד דערהערט פון אַלקערל דער מאַמעס אומרואיק קול, וואָס האָט גערעדט צום טאַטן:

— האָסט געהערט, שלמה? אימיצער האָט, דאַכט זיך, אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר . . . גיי, שטיי אויף, גיב אַ קוק ! . . .

מאָטל איז פון דער מאַמעס קול געקומען צום באַוואוסטזיין. שנעל זיך דורכגעשלייכט צום קליידער־אַלמער און פאַרשטעקט דאָרטן צווישן די קליידער אין אַ ווינקל, דעם גראַנאַט. אין אַ מינוט אַרום איז אַרויסגע־קומען דער טאַטע מיט אַ ליכט אין דער האַנט און דערשראָקן געזאָגט:

— ווער איז דאָ ? . . . ווער איז אין הויז, ענטפער ! . . .

נאָכן טאַטן איז נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן די מאַמע. אין שוואַכן ליכט האָט מאָטל ניט געקענט פאַרשטיין וואָס מיט אים האָט געטראָפן. פון שרעק, וואָס האָט אים פאַרכאַפּט דעם אָטעם, האָט ער ניט געקענט זאָגן אַ וואָרט. דער טאַטע האָט שוין אים אָבער דערזען, ווי ער איז גע־שטאַנען, אַ פאַרשנייטער פון קאָפּ ביז די פיס, ביי דעם אַלמער און זיך ניט גערירט פון אָרט, ווי אַ פאַרשטיינערטער. ער האָט נאָך צייט געהאַט צו הערן דער מאַמעס אויסגעשריי:

— אוי, גאָטעניו, דאָס איז דאָך מאָטל !

אָבער מער האָט ער ניט געהערט. ער איז אומגעפאַלן צו דער ערד אין אַ טיפער חלשות. ווען מ׳האָט אים אויסגעטאָן און מיט שווערקייט דער־מינטערט, האָבן זיינע ליפּן ניט אויפגעהערט צו מורמלען. פאַר רבקה־לען . . . פאַר רבקהלען . . . און טאַטע־מאַמע האָבן זיך נאָך לאַנג באַ־דאַרפט פּאָרן אַרום אים צו ברענגען אים צום פולן באַוואוסטזיין. ער איז איצט געלעגן אונטער אַ באַרג שמאַטעס, אַ דערוואָרעמטער; געקוקט אויף טאַטע־מאַמע און ניט געקענט פאַרשטיין וואָס מיט אים האָט געטראָפן. האָט זיך ערשט דערמאָנט, ווען די מאַמע האָט ניט אויפגעהערט אים פאַנאַנדער־

פרעגן וואוהין ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין אַזאַ נאַכט און נאָך וואָס. האָט ער לאַנג ניט געענטפערט. נאָכדעם צוגעטראַכט אַ ליגן:

— כ'בין געגאַנגען זוכן רבקהלען . . .

— רבקהלען אין דער געטאָ ? . . .ביסט משוגע, צי וואָס ?! . . .

אָבער מאָטל האָט זיך געהאַלטן ביים ליגן. ס'איז ניט געווען קיין געראָטענער ליגן. טאַטע־מאַמע האָבן ניט געגלויבט. האָבן אפילו, אין פאַר־צווייפלונג, אָנגעשריען אויף אים. און די מאַמע האָט געוויינט און געטענהט. אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן. מאָטל האָט ניט אויסגעזאָגט דעם אמת. שפּע־טער אַז זיי זיינען אַוועק שלאָפן, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט פון בעט, שטי־לערהייט צוגעגאַנגען צום אַלמער, אַרויסגענומען דעם האַנט־גראַנאַט און אים פאַרזיכטיק אַריינגערוקט אין זיין תפילין זעקל וואָס איז געלעגן צווישן זיינע מכשירים אין אַ הילצערן קעסטל אונטער דער אַלטער קאַנאַפּע.

פון יענער נאַכטיקער איבערלעבונג איז מאָטל קראַנק געוואָרן. גע־לעגן אין בעט אין היץ. די מאַמע האָט אים איינגעדעקט מיט אַ באַרג שמאַ־טעס, געקאָכט אים יאַכלעך. אין דרויסן איז געווען קאַלטער ווינטער. דאָס הויז איז כמעט ניט באַהייצט געוואָרן. קיין דאָקטאָר איז אויך ניט געווען צו קריגן, און שוין דעם צווייטן אָוונט איז דער טאַטע געקומען פון דער אַרבעט מיט שרעקנדיקע נייעס:

מ'האָט אין דער געטאָ געזוכט אַ יידיש קינד, נאָך גאָר אַ פּיצל, וואָס האָט אונטערגעצונדן אַ דייטשישביידל. אין ביידל איז געווען אַ דייטשי־שער וועכטער, וואָס איז שטאַרק צעברענט געוואָרן. אַ סך יידן זיינען דער־ביי געכאַפּט געוואָרן. מ'האַלט זיי אַלס משכנות, און ווער ווייס, וואָס ס'וועט מיט זיי זיין . . .

מאָטל האָט געזען, אַז טאַטע־מאַמע האָבן זיך געשושקעט צווישן זיך. ביידע זיינען געווען בלייך און דערשראָקן. געוואָרפן אויף אים פאַרדעכטי־קע בליקן. עס איז געווען קלאָר, אַז זיי האָבן אים פאַרדעכטיקט, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט צו ברענגען זייער פאַרדאַכט צו מאָטלען.

ערשט אויף מאָרגן איז די מאַמע צוגעגאַנגען צו זיין געלעגער און גע־נומען טענהן דורך טרערן:

— זון מיינער, ווי איז מיר און ווינד . . . דו ביסט ביי מיר געבליבן איין אויג אין קאָפּ . . . ווי איז דער מאַמען . . ווי איז אונדז אַלעמען . גאָט זאָל דיך באַהיטן און באַשיצן, קינד מיינס . . . זיי גייען אַרום איבער דער געטאָ און זוכן יידישע קינדער, די מערדער . . . וואָס וועט מיט אונדז זיין?

און ס'איז געווען אַזוי, ווי זי וואָלט זיך ביי אים געבעטן: זאָג אויס, מאָטל, זאָג דעם אמת! באַהאַלט קיין זאַך ניט אויס פון דיין מאַמען, פון דיין אומגליקלעכער מאַמען . . .

מאָטל האָט ניט געענטפערט. ס'איז נאָר געווען אַ רחמנות אויף דער

מאַמען. אַליין פֿאַר זיך איז ניט געווען קיין שום מורא. נאָר פֿאַר דער מאַ־
מען. ער אַליין וואָלט געקענט גיין צום טויט אָן שרעק. פֿאַרקערט, אים
האָט זיך איצט געוואָלט שטאַרבן. בעסער דער טויט, אײדער אַזאַ לעבן. ער
האָט ניט געהאַט קיין כוח מער צו טראָגן זיין לעבן. לעבן איז שוין געווען
צופֿיל אַריבערצוטראָגן. אָבער אויף דער מאַמען איז געווען אַ גרויס רחמ־
נות. און אויך אויפֿן טאַטן. האָט ער געזאָגט:

מאַמע, איך האָב ד אָ ס ניט געטאָן . . . זיי רואיק איך האָב דאָס
ניט געטאָן . . .

אָט דער ליגן האָט געטאָן וואונדער. דער מאַמעס אויגן זיינען פֿול געוואָרן מיט ליכטיקער פֿרייד. עפּעס אַזוי ווי מ׳וואָלט מיט אַמאָל אַריינגעגאָסן נייע בלוטן אין איר אויסגעבליכטן פּנים. זי איז צוגעפֿאַלן צו מאָטלען מיט הייסע קושן. די טרערן האָבן זיך פֿון אירע אויגן אַ גאָס געטאָן מיט נייע שטראָמען, אָבער דאָס זיינען שוין געווען גאָר אַנדערע טרערן. דאָס זיינען געווען טרערן פֿון גרויסער דערלייכטערונג און פֿרייד.

אין דער געטאָ זיינען דורכגעפֿירט געוואָרן אַ סך הויז־זוכונגען.
אָבער שלמהס הויז איז עפּעס, ווי דורך אַ נס, ניצול געוואָרן.

— ה —

מאָטל איז ביסלעכווייז געזונט געוואָרן.

אָבער שוין אויפֿן צווייטן טאָג נאָך זיין פֿאַרלאָזן האָס קראַנקע געלעגער, אין מיטן דער נאַכט, זיינען מיט אַ טומל אַנגעקומען די געסטאַפּאַ אַגענטן אין דער באַגלייטונג פֿון אַ באַקאַנטן יידישן באַאַמטן און האָבן געהייסן אַלעמען אָנטאָן זיך, מיטנעמען פֿון סאַמע נויטיקסטן און גיין מיט זיי צו דער אייזנבאַן־סטאַנציע. ס׳איז ניט געווען קלאָר וואוהין מ׳וועט זיי פֿירן און נאָך וואָס, אָבער דער שרעק פֿון טויט איז שוין געווען אין שלמהס אויגן און אין דעם בלייכן פּנים פֿון דער מאַמען. טאַטע־מאַמע האָבן איינגעפּאַקט קלומיקלעך מיט וועש און עסנוואַרג, וואָס מ׳האָט געפֿונען אין שטוב, פֿאַר יעדן איינעם אַ באַזונדער פּעקל, ווי מ׳וואָלט שוין אין פֿאַרויס מורא געהאַט, אַז מ׳וועט זיך, חלילה, אָפּזונדערן איינער פֿונעם אַנדערן. טאַטע־מאַמע האָט זיך געאיילט און אַלע מאָל געזוכט אויסצומיידן איינער דעם אַנדערנס בליק.

שלמה האָט אָפּנים ניט געקענט אויסהאַלטן די גרויסע אָנשטרענגונג. פּלוצלונג געזאָגט הויך, ניט מיט זיין קול, צו דעם יידישן פּאָליציימאַן

— ווי גאָט איז איך ליב, — זאָגט, — זאָגט, וואוהין נעמט מען
אונדז? פֿאַרוואָס נעמט מען אונדז אַזוי אַוועק אין מיטן נאַכט?

יענער האָט זיך אָפּגעקערט און געשוויגן.

האָט זיך שלמה געווענדעט צו די צוויי געסטאַפּאָ לייט, וואָס זיינען

ברייט געזעסן אויף די שטולן מיט אויסגעצויגענע פיס און האָבן גערייכערט סיגאַרעטן:

— פאַרוואָס נעמט מען אונדז אַוועק פון אונדזער היים? פאַר וועלכע זינד? איך האָב די גאַנצע צייט שווער געאַרבעט פאַר דער דייטשישער מאַכט...

ער האָט אויסגעשטרעקט זיינע צוויי האַרעפּאַשנע הענט צו די צוויי אומפּריינטלעכע מענטשן און ווידער געזאָגט:

— אָט זעט מיינע הענט. איך האָב מיט זיי געאַרבעט פאַר דער דייטשישער מאַכט און איצט נעמט איר אונדז אַוועק... פאַרוואָס? פאַרוואָס?... זעט, מיין יינגל איז נאָך קראַנק, און איר נעמט אונדז אַוועק אין מיטן נאַכט... האָט רחמנות אויף אונדז. האָט רחמנות...

און זיין אויפגערעגט קול האָט זיך איבערגעבראָכן מיט אַ פאַרשטיקטן געוויין. אָבער איינער פון דער געסטאַפּאָ האָט זיך צו אים אַ הייב געטאָן מיט רוגזה:

—רעד וויניקער יודע! דו רעדסט אַ סך!

און האָט צוליב עפּעס, אַ שטאַרקן שלעפּ געטאָן שלמהן פאַרביידע לאַצן פון זיין מאַנטל. ס'איז געווען אי אַ צי, אי אַ שטופּ אין אייענם, פון וואָס שלמהס קאָפּ האָט זיך שטאַרק אַ שאָקל געטאָן הין און צוריק. מלכה איז באַלד אויסגעוואַקסן צווישן דעם מאַן און דעם דייטש מיט פאַרבראָכענע הענט:

— אוי, האַר מיינער, האָב רחמנות... מיין מאַן האָט קיין שלעכטס, חלילה, ניט געטאָן...

דאָ האָט זיך אויך אַ הייב געטאָן דער צווייטער דייטש און האָט זיך אַריינגעמישט, ווי ער וואָלט וועלן אימיצן דערמאָנען אויף וועגן זיין אויטאָריטעט:

— נו, נו, גיט זיך אַ ריר... מיר וועלן דאָ ניט זיצן אַ גאַנצע נאַכט!

שלמה האָט זיך אָפּגעריסן פון אָרט, צוגעגאַנגען צום טיש, וואו ס'איז געלעגן זיין טלית און תפילין־זעקל און אים אַריינגערוקט אין פּעקל. און צו מאַטלען האָט ער געזאָגט:

— פאַרגעס ניט דיינע תפילין מיין זון, זאָלן זיי דיר ביישטיין פאַרן רבונו של עולם... און וואו דו זאָלסט ניט זיין, זאָלסטו דאַוונען...

און גאָט וועט זיין מיט דיר, וואו דו וועסט זיך קערן און ווענדן...

און אין אַ פּלוצלעכער עקסטאַטישקייט איז ער צוגעגאַנגען צו אים, אַרויפגעלייגט זיינע ביידע הענט אויף מאָטלס קאָפּ און האָט אים געבענטשט, ווי ער האָט עס געטאָן יעדן ערב יום כפור, מיט אינערלעכן אויפציטער, מיט גרענעצלאָזער פאַרטרוילעכקייט צו אימיצן, וואָס איז געווען גרעסער פון אַלץ אויף דער וועלט. פרום, אויף אַ קול, האָט ער קלאָר

אַרויסגעזאָגט די ווערטער ווי ער וואָלט וועלן, אַז אַלע זאָלן זיי דערהערן און פאַרשטיין:

— יברכך יי וישמרך. יאר יי פניו אליך ויחנך, ישא יי פניו אליך וישם לך שלום!

מלכה איז געשטאַנען מיט אויגן, אויפגעהויבענע צום הימל, ווי אַ פאַרשטיינערטע. איבער די בלייכע באַקן זיינען איר געלאָפן טרערן.

די צוויי דייטשן האָבן זיך שווייגנדיקע צוגעקוקט צו דער אויסטער־לישער סצענע. און איינער פון זיי האָט אַ פרעג געטאָן דעם יידישן פּאָ־ליציימאַן:

— וואָס איז דאָס?

יענער האָט אים פּרובירט דערקלערן. ער איז אַליין געווען טיף גערירט, און די ווערטער האָבן אים געוואָרגן אין גאָרגל:

— ס'איז אַ יידישער מנהג אַזאַ . . . ער בענטשט זיין יינגל, ס'זאָל אים קיין בייז ניט געשען . . . אַזאַ מנהג ביי פרומע יידן . . .

דער צווייטער דייטש האָט זיך מיט חוזק אָפּגערופן:

— מאָדנע מענטשן אייערע יידן. אַנומלט זיינען מיר געקומען אין אַ הויז. אַ גרויסע פאַמיליע געווען. דאָרטן איז דער טאַטע אַרומגעגאַנגען פון איין קינד צו דעם אַנדערן . . . אפשר אַהאַלבן טוץ פון זיי האָט ער באַדאַרפט אַזוי אַרויפלייגן די הענט אויף די קעפּ און זאָגן אַ תפילה. אַ לאַנגע פּראָצעדור געווען . . .

מאָטלען האָט זייער פאַרדריקט ביים האַרצן. אים האָט זיך איצט געוואָלט שטאַרק וויינען. ער האָט אָבער ניט געוואָלט מצער זיין די מאַ־מען. נאָר געשטאַנען אויפן אָרט זייער אַ פאַרלאָרענער.

די מאַמע האָט צו אים געזאָגט:

— פאַרגעס ניט די תפילין, מיין זון, האָסט געהערט וואָס דער טאַ־טעשי האָט געזאָגט? — פאַרגעס ניט די תפילין . . .

מאָטל האָט מיט ציטערנדיקע הענט אַרויסגענומען זיין תפילין־זעקל. ער איז געווען שווערער, ווי אַלע מאָל. פּלוצלונג זיך דערמאָנט: דער האַנט־גראַנאַט! האָט ער, אין גרויס איילעניש, אַריינגעשטופּט דעם תפילין־ זעקל אין זיין קלומיקל, אויסמיידנדיק די בליקן פון די דייטשן.

דער עלטערער דייטש האָט ווידער געפרעגט:

— און וואָס איז דאָס? דאָס פּעקל . . .

דער יידישער פּאָליציאַנט האָט אַן חשק פּרובירט דערקלערן.

— דאָס זיינען תפילין . . . יידן דאַווענען אין זיי . .

דער צווייטער דייטש האָט ווידער געוואָלט וויזן זיין וויסן וועגן יידן:

— יידן טוען זיי אָן אויפן קאָפּ און אויפן אָרעם . . . זיי שלעפּן אַלע מאָל זייער גאָט, וואוהין זיי גייען. ס'איז טשיקאַווע, ווי זיי דעקן זיך אי־

בער מיט אַזאַ ווייסן טוך מיט שטרייפן, וויקלען אַרום זייער קאָפּ און די אָרעמסט מיט אַזעלכע לעדערנע פּאַסן . . . ס'איז טשיקאַווע צו קוקן. איך האָב אַמאָל געזען . . .

דער עלטערער דייטש האָט אים איבערגעריסן:

— נו, נו, מיר גייען! גיט זיך אַ ריר. ניטאָ קיין צייט.

געזאָגט, און זיך דער ערשטער אַ לאָז געטאָן צו דער טיר.

שלמה איז געווען דער לעצטער. ער האָט זיך אויף אַ רגע אָפּגע־שטעלט ביי דער טיר, אומגעקערט דעם קאָפּ אויף צוריק, זיין בליק איז געפאַלן אויף די ווענט, אויף דעם ביסל אָרעמקייט, וואָס האָט איצט שטום געוויינט מיט גרוי־עלנטקייט, ווי ער וואָלט זיך מיט אַלץ געוואָלט געזעגע־נען. אויפן טיש איז געבליבן ברענען דאָס קליינע קעראָסין לעמ־פעלע. שלמה האָט אויף אַ רגע אַ טראַכט געטאָן, אַז מ'האָט באַדאַרפט אויס־לעשן דאָס לעמפל, און באַלד פאַרגעסן, אַרויסגעגאַנגען און אָנגעהויבן שפּאַנען הינטער די איבעריקע, וואָס האָבן אין דער פינצטערניש פון הויף אויסגעזען ווי אַ געזעמל געהיימניספולע באַשעפענישן.

אויף דער גאַס איז געשטאַנען אַ גרויסער לאַסט־וואָגן, באַוואַכט פון צוויי זעלנער מיט אויסגעשטערעקטע ביקסן. די קליינע משפחה האָט אַרויפ־געקלעטערט און זיך באַלד אָנגעטראָפן מיט די דערשראָקענע נאַכ־טיקע יידישע בליקן, וואָס האָבן זיי געוואָלט דערקענען. דער יידישער פּאָליציימאַן האָט נאָך געהאַט צייט אַ זאָג געטאָן צו שלמהן:

— פאַרצווייפלט ניט, שלמה . . . זאָל זיך גאָט מרחם זיין . . . זאָל גאָט אייך און אַלע יידן העלפן ! . . .

אָבער אין דער רגע האָט זיך די פּאָל־טיר אַ הויב געטאָן און איינ־געשלאָסן אַלעמען אינעווייניק. ס'האָט זיך דערהערט אַ ריטשן פון אַ קייט, וואָס מ'האָט דורכגעצויגן דורך אייזערנע רינגען. ס'האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע. אַפּ ! . . . און דער לאַסט־וואָגן האָט זיך מיט אַ שטאַרקן גע־רויש פון דעם מאָטאָר, אַ לאָז געטאָן איבער פאַרפראָרענע הרודעס שניי, געקראָכן איבער שנייאיקע בערגלעך, שטאַרק געטרייסלט די מענטשן איינ־ווייניק ,אָבער די מענטשן האָבן זיך געהאַלטן שטאַרק צוגעדריקט איינע צו די אַנדערע, ווי שאָף, באַפאַלן פון שטורם און קעלט. אַלע זיינען געווען אין איינעם, אָבער יעדער איינער האָט געוויינט זיין אייגענעם געוויין אין דער קאַלטער נאַכט אַריין, אין דער האָפנונגסלאָזער נאַכט אַריין .

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ האַרצרייסנדיקער געיאָמער פון אַ פרויען קול, וואָס האָט געשריען אין דער נאַכט אַריין:

— יידן, וואוהין פירט מען אונדז ? ! . . . גוואַלד, יידן, וואוהין פירט מען אונדז ? ! . . . כ'וועל עס מער ניט אויסהאַלטן ! . . .

איר שטים האָט זיך איבערגעריסן. עמעצער האָט זיך לעבן איר גע־פּאָרעט, עפּעס גערעדט צו איר. אָבער די איבעריקע האָבן געשוויגן. און

ס׳איז גוט געווען איר אויסגעשריי און אויך גוט געווען די שווייגעניש. ווייל איר געיאָמער איז געווען אַלעמענס געיאָמער און די שווייגעניש — אַלעמענס שווייגעניש. און אַלע זיינען געווען פאַראייניקט אין דער נאַכט, וואָס האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט.

— ו —

ערשט צו אינדערפרי־צו איז מען אָנגעקומען צו אַ הינטער־שטאָטי־שער באַן סטאַנציע. דער קליינער וואָקזאַל און די פּלאַטפאָרמע איז גע־ווען פול מיט יידן, מיט קליינעם און גרעסערן געפעק. יידן האָבן זיך גע־טוליעט צו זייערע וואַליזעס, צו זייערע זעק און קלומיקלעך. יידן האָבן גע־רעדט דערשראָקענע רייד, איבערגערופן זיך מיט באַקאַנטע און אומבאַקאַנ־טע, און אויף אַלע פּנימער איז געווען סוד און האַפנונגלאָזיקייט און גרויסע פאַרלאָרנקייט. אַלע האָבן געפרעגט איין פראַגע:

— וואוהין פירט מען אונדז. רבונו של עולם, וואוהין פירט מען אונדז?

און קיינער האָט ניט געקענט קומען און אָנרופן אַן אָרט. ניט גאָט און ניט מענטשן. אָבער אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז אָט באַלד וועט אָנ־קומען אַ באַן און וועט זיי ערגעץ אַוועקפירן, אַוועקפירן.

פון אומעטום האָט זיך געהערט דער געוויין פון קינדער, וואָס האָבן געוויינט פון קעלט, פון הונגער, פון וואָרלאָזיקייט. מאַמעס האָבן ניט גע־קענט איינשטילן זייער געוויין. פאַרביטערטע מאַמעס האָבן געשאָלטן זיי־ער לעבן, געשאָלטן זייער בלוט און פלייש, געשאָלטן דעם הימל און די ערד, וואָס האָט זיי געבוירן אויף דער וועלט. אַנטקעגן די אויגן האָבן אַרויסגעשטאַרטשעט ביקסן מיט באַיאָנעטן פון דייטשישע זעלנער. אָפענע מיילער פון מאַשין־ביקסן אויף הויכע געשטעלן האָבן אַראָפּגעקוקט פון אַלע פיר ווינקלען פון דער פּלאַטפאָרמע.

פּלוצלונג האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז מ׳פירט די יידן אויף אַר־בעט, אַ סך אַרבעט. דער דייטש בויט פאַבריקן, זאַוואָדן . . .

ווי אַ כוואַליע איז דער קלאַנג דורכגעלאָפן איבער די טויזנטער יידן און אויפגעוועקט אין די הערצער אַ האָפענונג. אפשר . . . אפשר איז די שרעק געווען אַן אומזיסטע? אפשר איז דאָס נאָר געווען אַ וויס־טער, אַ פינצטערער חלום, וואָס איז מיטן אָנקום פון טאָג פּלוצלונג צערו־נען געוואָרן? מענטשן, וואָס זייער האָפענונג איז די גאַנצע צייט געהאַנגען אויף אַ האָר, זיינען גרייט געווען אָנצעכאַפּן זיך פאַר דעם קלאַנג, ווי פאַר אַ רעטונג. מענטשן האָבן געוואָרפן איבער די קעפּ פון עולם צו עולם האָ־פערדיקע רייד:

— יידן, פאַרלאָזט זיך אויף גאָט ! . . . ס'איז נאָך דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט ! . . .

— ווייבער, וויינט ניט, קלאָגט ניט . . . גאָט וועט זיך מרחם זיין אויף אייערע קינדער ! . . .

און נאָר די קאַלטע מוחות האָבן נאָך ניט אויפגעהערט צו פרעגן פראַגעס. און ס'איז טאַקע געווען מאָדנע: דער דייטש האָט געטאָן זיין אַר־בעט סיסטעמאַטיש. ער האָט ליב געהאַט צו אָרגאַניזירן די אַרבעט מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט. און ס'איז קיין מאָל ניט געווען זיין טבע צו פירן צו דער אַרבעט אַלטע לייט, קראַנקע מענער און פרויען מיט זייערע קינ־דער, צונויפגעטריבן, ערגעץ הינטערן שטאָט, אָן אָפּקלייב, אָן אָרדענונג. דערפאַר האָבן זיי ניט אויפגעהערט צו טענהן זייער טענה:

—אויב מ'פירט אונז אויף אַרבעט, פאַרוואָס זאָגן זיי ניט וואוהין? זיי וואָלטן דאָך פראָסט־פּשוט געזאָגט: יידן, מ'פירט אייך קיין קראָקאָוו, קיין לאָדזש, צי לובלין . . גיט אַ קוק אויף די מענטשן, — אָט דאָס זיינען עס די אַרבעטער, וואָס דער דייטש האָט אויסגעקליבן פאַר זיינע בויאונ־גען ?... גייט, לייגט זיך ניט קיין פייגעלעך אין בוזעם . . .

מאָטל, וואָס האָט צוגעלייגט אָן אויער אומעטום, וואו דערוואַקסענע האָבן גערעדט, האָט געהאַלטן מיט די צווייפלער. שלמה מיט מלכהן האָבן זיך געוואָרפן פון האָפענונג צו פאַרצווייפלונג. אָט האָט מען געגלויבט אין אַ נס און אָט האָט מען שוין עפּעס געפונען אַ סימן, אַז אַלץ איז שוין פאַר־פאַלן. דערווייל האָט דער פראָסט אומברחמנותדיק געמאַטערט די מענטשן. דאָ און דאָרט האָבן מענטשן ניט אויסגעהאַלטן, געפאַלן אין אָנמאַכט און די נאָענטע זייערע האָבן זיי ערגעץ געטראָגן, דורך דער געדיכטעניש פון עולם נענטער צו דעם וואָקזאַל און קיינער האָט ניט געוואוסט צי זיי זיינען געפאַלן אין חלשות, צי זיי זיינען אויסגעגאַנגען. פון צייט צו צייט האָבן זיך דערטראָגן איבער די קעפּ פון דער מאַסע געשרייען. פריער האָט געשריען איין קול און נאָכדעם — שוין עטלעכע. דערשראָקענע געשרייען. אַרום די קולות האָט זיך פאַרמירט אַ צוזאַמענלויף פון מענטשן, קאָפּ אויף קאָפּ, און די, וואָס זיינען געווען ווייטער האָבן ניט געקענט וויסן וואָס ס'האָט געטראָפן. אָבער באַלד נאָכדעם האָט מען שוין געזען, ווי עטלע־כע זעלנער מיט ביקסן אין די הענט זיינען געלאָפן אויף דער מאַסע, דורכ־שניידנדיק דעם מענטשן־געדרענג ווי מיט אַ מעסער. און אַ ווייל שפּעטער האָט מען געהערט שאָסן, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אין דער פראָסטיקער לופט ווייסע, קיילעכדיקע רויך־קוילן, וועלכע האָבן ניט געוואָלט פאַר־שווינדן.

די שיסעריי האָט אויפגערודערט אַ פּאַניק. מענטשן האָבן זיך גע־יאָגט אין טויט־שרעק צו אַנטלויפן, און האָבן ניט געקענט צוליב דער מוראדיקער ענגשאַפט, מ'האָט זיך געוואָרפן מענטש אויף מענטש, ווי ווילד

געוואָרענע.

ביסלעכווייז איז די נייס אָנגעקומען צו די ווייטערע רייען: אַ פרוי איז אַראָפּ פון זינען לעבן איר קינד, האָט מען זי דערשאָסן. אַ קראַנקער ייד איז אומגעפאַלן צו דער ערד, האָט מען אים דערשאָסן. מאָטל, וואָס האָט געהאַלטן זיין אויער נאָענט צו די רייד פון אויפגערעגטע מענטשן, האָט שטענדיק געהאַט נייס פאַר טאַטע־מאַמע:

— זיי פירן אונדז אין אַ קאָנצענטראַציע לאַגער ערגעץ אַרום לובלין. די מענער און די ייִנגערע פרויען וועט מען שיקן אויף אַרבעט.

אָדער:

— כ׳האָב געהערט איינעם זאָגן, אַז מ׳וועט אונדז שיקן קיין מזרח־פּרייסן בויען פעסטונגען קעגן דער רויטער אַרמיי פלאַסטערן וועגן.

אָדער:

— מ׳פירט אונדז קיין טרעבלינקע . . . יעדן טאָג גייען אָפּ באַנען אָנגעפילט מיט יידן קיין טרעבלינקע . . .

דערווייל זיינען אָנגעקומען נאָך יידן. דימאַסע האָט זיך שוין געצויגן אַראָפּ פון דער פלאַטפאָרמע אין דער לענג פון די רעלסן, ווייט הינטערן וואָקזאַל, אַזש אין די פאַרשנייטע פעלדער.

ערשט שפּעט נאָך מיטאָג איז אָנגעקומען די באַן. זי האָט זיך לאַנגזאַם צוגערוקט מיט אירע צוואַנציק פראַכט־וואַגאַנען. פון דעם לאָקאָמאָטיוו האָט זיך מיט אַ הילכיקן פיף־פאַף געהויבן אַ געדיכטער ווייסער רויך, וואָס איז געבליבן הענגען אין דער פראָסטיקער לופט, ווי אַ ריזיקער וואָלקן, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט רירן. די ברייט־געעפנטע טירן פון די וואַגאָנען האָבן, ווי אָפענע מיילער, באַלד אָנגעהויבן איינשלינגען די מאַסע, דאָס געפּעק, דערוואַקסענע און קינדער. אַזאַ איילעניש איז געווען ביי אַלעמען. מענטשן האָבן זיך געשטויסן, געקראַכן איינער איבערן אַנדערן, געיאָגטע פון אַ מאָדנעם פאַרלאַנג וואָס שנעלער אַריין אינווייניק, ווי דאָרטן, אינווייניק, וואַלט פאַר זיי געוואַרט ווער־ווייס, וואָס פאַר אַ גליק. זעלנער, וואָס זיינען פלוצלונג אויסגעוואַקסן אין גרויסע צאָלן, האָבן מיט די פּריקלאַדן פון די ביקסן, מיט די באַיאָנעטן אונטערגעאיילט די לאַנגזאַמערע, די אָפּגעשטאַנענע, געזידלט זיי מיט גראָבע ווערטער און געוואָרפן קללות, אָנגעכאַפּט די וויינענדיקע קינדער און זיי געשליידערט אין וואַגאָן, ווי מ׳שליידערט זעק מיט זאַכן. אין אַ פערטל שעה זיינען שוין אַלע וואַגאָנען געווען איבערגעפּאַקט, קאָפּ אויף קאָפּ. ס׳איז ניט געווען וואו צו זיצן, און וואו צו שטיין. אָבער די שווערע טירן האָבן זיך פאַררוקט, איבערלאָזנדיק די צוזאַמענגעדריקטע מענטשן אין פינצטערניש, אָן לופט און אָן וואַרעמקייט. דער קראַנקער אָטעם פון אויסגעמאַטערטע מענטשן האָט אָנגעפילט דעם קליינעם פרייען שטח צווישן די קעפּ פון די מענטשן און דעם דינעם ברעטענעם באַלקן איבערן קאָפּ. די ענגשאַפט איז געוואָרן נאָך ענגער. דערפאַר איז אָבער דאָ געווען וואַרעמער ווי אינעם אָפענעם

פּראַסטיקן דרויסן. די אָפּגעקילטע קערפּערס האָבן נאָך ערגעץ געפונען אין זיך אַ ביסל וואַרעמקייט צו באַשענקען דעם צוגעדריקטן מענטשן און אַ טייל אַפילו אָוועקגעבן צוריק.

שלמה מיט מלכהן איז געלונגען צו זיין נאָענט איינע פון די אַנ־דערע. זיי איז אַפילו געלונגען אַוועקצוזעצן זיך אויף די אייגענע פּעקלעך, האַרט לעבן דער קאַלטער וואַנט, אָבער מאָטל איז אין דעם ערשטן גע־דרענג פאַרשטופּט געוואָרן אין אַ ווייטן ווינקל, פון וועלכן ער האָט שוין ניט געקענט קומען נאָענט צו די עלטערן. ער האָט זיך עטלעכע מאָל פּרו־בירט אויפהייבן אַביסל העכער, צו לאָזן וויסן טאַטע־מאַמע, אַז זיי זאָלן זיך וועגן אים ניט זאָרגן, אַז ער איז דאָ. אָבער, מער ווי זיינע דאַרע הענט, וואָס האָבן זיך אַ שטרעק געטאָן אַרויף און זיין קול האָבן זיי ניט גע־זען און ניט געהערט. און ס׳האָט געדויערט זייער לאַנג ביז ער האָט זיך דורכגעשטופּט צו זיי דורכן געבייזער פון מענטשן, וואָס האָבן ניט געוואָלט ליידן זיין פאַרעקשנטן באַגער צו קומען צו די עלטערן, זיין קריכן צווישן די פיס פון מענטשן, וואָס האָבן קוים געהאַט אַן אָנהאַלט אונטער זיך. אָבער ער איז דאָך ענדלעך אָנגעקומען מיט זיין קליינעם קלומעקל.

די באַן איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען, ווי אַ צוגעפּראַוועטע צו די רעלסן. מענטשן האָבן שוין קיין כח ניט געהאַט צו שטיין אויף די פיס, און די באַן איז נאָך געשטאַנען. אַז די באַן וואָלט זיך גערירט, וואָלט כאָטש געווען די האָפענונג, אַז ווען עס איז וועט מען אין ערגעץ אָנקומען, באַפרייען זיך פון דער ענגשאַפט און אפשר אויך דערוויסן זיך וועגן דעם אייגענעם גורל און אַזוי איז מען געווען ווי געפאַנגענע אין אַן ענגער, קאַלטער שטייג. האָבן מענטשן זיך באַקלאָגט:

— האָבן אונדז פאַרשפּאַרט אין די וואַגאָנעס און גאָר ניט . . .

— וואָס אַרט דעם דייטשן? — אַבי ער האָט אונדז פאַרפּאַקט . . .

— ער האָט ניט קיין רחמנות, דער דייטש . . . אַ ייד וואָלט אפילו אויף חיות רחמנות געהאַט . . . וואָס הייסט, מ׳נעמט אָט אַזוי לעבעדיקע נפשות און מ׳האַלט זיי איינגעשפּאַרט?

— כמ . . . אַ ייד אַ חכם,ביים דייטש זוכט ער רחמנות : .

— וואָס דען האָט איר געוואָלט, איך זאָל אַזוי אויסגיין דאָ און שווייגן?

— ביים דייטש וויל ער רחמנות . . . און גאָט האָט אויף אייך רחמנות?

— אַלע האָבן אונדז פאַרלאָזן, דער מענטש און גאָט . . .

אַ פרוי פון אַ ווייטן ווינקל האָט מיט אַ וויינענדיקן קול גע־זאָגט:

— גאָט דערבאַרימדיקער, פאַרוואָס האָסטו פאַרלאָזן דיינע קינדער.. פאַרוואָס פלאָגסטו דיין פאָלק ישראל . . : .

אַ יונגער מאַן האָט מיט אַ ציטערדיקן קול געזאָגט:

— ווײנט ניט און קלאָגט ניט. מאַכט ניט קײן פּאַניק . . . נאָך דאָס האָט אונדז געפעלט, מיר זאָלן אַרײנפאַלן אין אַ פּאַניק . . .

אַן עלטערער ייִד, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געמורמלט אַ תּפילה אין זיך אַלײן, האָט פּלוצלונג געזאָגט:

— און מנחה האָט איר געדאַוונט? און מעריב האָט איר געדאַוונט? פֿאַרוואָס זאָל אויף אײַך גאָט רחמנות האָבן. אין אַן עת צרה פֿאַרגעסט איר אַפילו זײַן נאָמען צו ברענגען אויף די ליפּן . . .

אַ צווײטער ייִד האָט זיך אָפּגערופֿן:

— גערעכט, ווי איך בין אַ ייִד! . . . ייִדן, לאָמיר דאַוונען מנחה.

עטלעכע האָבן אויפֿן קול אָנגעהויבן דאַוונען מנחה. נאָך עטלעכע זײַנען צו זײ צוגעשטאַנען.

ערשט שפּעט בײַנאַכט, ווען מענטשן זײַנען צוגעפּאַלענע אײנער צו די אַנדערע, געשלאָפֿן אָדער געדרעמלט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, ניט האָבנדיק מער קײן כּח צו רײדן, אָדער אויסצודריקן אַ לעבעדיקן געפֿיל, האָט זיך די באַן אַ שטאַרקן שטויס געטאָן, אײן מאָל און אַ צווײטן מאָל, אויפֿטרײסלענדיק אַלעמען פֿון דער פֿײַנלעכער פֿאַרגעסונג, און גענומען באַוועגן זיך פֿאָרויס! . . . די באַן איז אַזוי געלאָפֿן אפשר ניט מער ווי אַ שעה. און האָט זיך, צוליב עפּעס, אָפּגעשטעלט. און ווידער איז אַזוי די באַן געשטאַנען ערגעץ זײער לאַנג און ווידער האָט זי זיך אָפּגעריסן מיט אַ שטאַרקן שטויס פֿון אָרט און גענומען באַוועגן זיך פֿאָרויס. אַזוי האָט פּאַסירט עטלעכע מאָל דורך דער נאַכט, און קײנער האָט ניט געוווּסט פֿאַר וואָס זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און פֿאַרוואָס זי איז געשטאַנען אַ לאַנגע צײַט אָן באַוועגונג. און די נאַכט איז געווען זײער אַ לאַנגע, אַ פּײַנלעכע. די וואָס האָבן ניט געקענט באַרואיקן זײער געמיט און אײַנדרימלען, האָבן געטראַכט וועגן די שלאָפֿנדיקע, אַז זײ איז גוט, זײער גוט. און אַז ס׳איז נאָך בעסער יענע, וואָס וועלן זיך אפשר קײן מאָל ניט אויפֿכאַפּן צום לעבן.

פּײַנלעכער פֿון אַלץ איז געווען דאָס געיאָמער פֿון די קלײנע קינדער, וואָס פֿלעגן זיך אויפֿכאַפּן מיט אַ ביטערן געוויין און ניט וועלן אויפֿהערן. ווי אײנער פֿלעגט נאָר אויפֿרײסן די לופֿט, אַזוי פֿלעגן זיך די אַנדערע אויפֿכאַפּן, און זײער געוויין פֿלעגט אויפֿרײסן די וואונדן פֿון די קראַנקע געמיטער. מאַמעס האָבן אַרויסגעריסן פֿון זײער האַרצן די צערטלעכסטע ווערטער צו באַרואיקן זײער שרעק אין דער פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט. מאַמעס האָבן מיט טרערן געדריקט צו זיך די פֿאַרטערטע קאַלטע פּנימלעך און צוגעזאָגט זײערע קינדער דאָס טעלערל פֿון הימל, נאָר זײ זאָלן אײַנשלאָפֿן. אָבער די קינדער האָבן געצויגן זײער געוויין אָן אויפֿהער, און האָבן אויפֿגערעגט די פֿאַרוויײטיקטע הערצער צו ביטערניש, צו ברוטאַלע פּראָטעסטן:

— פֿאַרשטאָפּט אים ס׳מויל מיט דער ברוסט! . . . אַ מאַמע קען גאָר

ניט איינגעמען אַ קינד ! . . . האָט איר געזען אַ מאַמען ? . . . — איך וואָלט אַזאַ קינד שוין פאַרשטאָפּט ס׳מויל ! . . . גיט אים אַ פּאָר גוטע פּעטש, וועט עס אָנטשוויגן ווערן ! . . . — און וואו נעמט עס אַזוי פיל עקשנות אָט אַזוי צו יאָמערן, ווי אַ געקוילעטער אַ גאַנצע נאַכט ? . . . — מ׳קאָן דאָך פון זינען אַראָפּ, מיט אַזעלכע קינדער ! . . אַ מזל האָבן מיר, קינדער גאָר אין אַזאַ אומגליק . . . — אין אַזאַ צייט — קינדער גאָר ! . . . ווער אָנטשוויגן ממזר ! . . — אָט וועל איך צוגיין און וועל אים דער־ווערגן, דעם אומגליק ! . . . — אוי, כ׳וועל עס ניט אויסהאַלטן, ניט אויס־האַלטן ! . . . גאָטס שטראָף, קינדער דאַרפן מיר דאָ האָבן אין אַזאַ נאַכט ! . . .

די מאַמעס האָבן זיך אויסגעשלאָגן פון די כחות און האָבן טאַקע בי־טער געשלאָגן זייערע קינדער, געשטילט זייער ביטערניש אויף דעם פּיין פון זייער בלוט און פלייש, איינגעקניפּט זיך אין זייערע צאַרטע לייבער מיט קנאָכיקע פינגער און פאַרביטן די צערטלעכע רייד אויף ביטערע קללות, די טיפע ליבשאַפט אויף האַס, די רחמנות־טרערן אויף טרערן פון שנאה און פאַרצווייפלונג. דערצו האָבן זיך די קינדער געגעצט און איינ־געריכט. פון דעם איז אין וואַגאָן געשטאַנען אַ געשטאַנק, וואָס האָט זיך ניט געקענט אויסווערפן דורך די קליינע שפּעלטעלעך אין די וואַגאָן־ווענטלעך.

מאָטל האָט די גאַנצע צייט ניט געקענט איינשלאָפן. ער איז געזעסן צוגעטוליעט צו טאַטע־מאַמע און זיך אַליין געפילט, ווי אַ קליין דערשראָקן קינד. ער האָט געהאַט דאָס געפיל ווי ער וואָלט דורך דער גאַנצער נאַכט באַדאַרפט וואַכן איבער דעם לעבן פון זיינע טאַטע־מאַמע. זיי זיינען גע־שלאָפן מיט געפאַלענע קעפּ. מאָטל האָט זיי ניט געקענט זען, אָבער ער האָט געפילט זייער אָטעם. זיי זיינען געווען לעבן אים.

דורך דער לאַנגער נאַכט האָט זיך די מאַמע אַ סך מאָל אויפגעכאַפּט מיט אַ טיפן זיפץ, אויפגעזוכט מיט די הענט מאָטלען, געוואָלט וויסן צי ער שלאָפט, און מאָטל פלעגט שוין קומען מיט אַ באַרואיקנדיקן וואָרט:

— זאָרג ניט מאַמע. שלאָף . . .

דער טאַטע פלעגט זאָגן:

— מאָטל, לייג אַוועק דעם קאָפּ צו מיר אויף די קני . . וועסטו אפשר איינשלאָפן.

— ז —

דער פרימאָרגן האָט די באַן געטראָפן שטייענדיק אויף אַן אָפענעם פעלד, אויף אַ זייטיקער ליניע. דורך די שפּאַלטן אין די ווענט האָבן די וואַנדערער געזען פאַר זיך שמאָלע פאַסן שניי, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז די האָריזאָנטן. פון ווייטן האָט זיך געהערט אַ געבראָזג פון קייטן, אַ גע־

קלאַפּ פון געעפנטע וואַגאָנען. באַלד האָט מען אויך דעם וואַגאָן געעפנט. באַוואָפנטע דייטשן האָבן דערלויבט אַראָפּצוציִען אויפן שניי פּאָר די נאַ־טירלעכע באַדערפענישן. מענער און פרויען האָבן זיך מיט שוועריקייט אָנגעהויבן אַרונטערלאָזן פון די וואַגאָנעס, זיינען געקראָכן טיף אין שניי און האָבן, אָן אַ וועלכער עס איז שאַנד, דורכגעפירט זייערע באַדערפענישן, ווי זיי וואָלטן שוין ווער ווייס ווי לאַנג געלעבט אין אָט דעם צושטאַנד פון הפקרדיקייט. אויף אַ שטרעקע ווייטער זיינען געשטאַנען באַוואָפנטע זעל־נער און אָפּגעהיט, ס'זאָלן ניט זיין אַזעלכע, וואָס ווילן וואָגן צו אַנטלויפן. כאָטש ס'איז כמעט אוממעגלעך געווען פאַר אַ מענטשן אַוועקצולאָזן זיך איבערן טיפן שניי, וואָס האָט דערגרייכט ביז איבער די לענדן. מענטשן מיט פאַרגליווערטע גלידער האָבן זיך באַוועגט הין און צוריק לעבן די וואַגאָנען, פּרובירנדיק דערוואַרעמען די אייגענע בלוט. די דאַרשטיקע האָבן געשטופּט אין די מיילער דעם פּראָסטיקן שניי צו שטילן דעם דאָרשט. מענטשן האָבן פאַרבונדן געשפּרעכן, געוואָלט דערגיין עפּעס פון אייגע־נעם אומבאַקאַנטן גורל. יעדן איינעם האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער צוויי־טער, דער דריטער, ווייס עפּעס. אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט, וואוהין ס'האָט געפירט און נאָך וואָס.

דריי געסטאַפּאָ לייט זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די וואַגאָנען און פון יעדן וואַגאָן אַרויסגעשליידערט אויפן שניי די קערפּערס פון טויטע און פאַרחלשטע יידן. די קערפּערס זיינען געלעגן אין שניי מיט צעוואָרפענע הענט, אָדער איינגאַנצן צונויפגעדרייט אין אַ קנויל. קיינער איז צו זיי ניט צוגעגאַנגען. קיינער האָט זיי ניט געזוכט צו דערקענען, דאָס לעבן איז גע־ווען הפקר און דער טויט איז געווען הפקר.

מלכה האָט געקוקט אויף איר מאַן, אויף מאַטלען אין דעם גרויען פרימאָרגן האָבן זייערע פּנימער פאַרלאָרן זייער באַקאַנטן אָנבליק. איין מעת לעת, האָט זיי פאַרענדערט ניט צו דערקענען. זי האָט אָנגעכאַפּט דעם מאַן פּאַר די קליידער און האָט ניט אויפגעהערט צו טענהן:

— שלמה, ס'איז עק וועלט . . . שלמה, טו אַ קוק, וואָס דאָ טוט זיך, שלמה ! . . . איך וועל ניט אויסהאַלטן, שלמה ! . . .

שלמה האָט געשוויגן. אַזאַ שווייגעניש האָט אַרומגעכאַפּט זיין לעבן, אַז זאָגן אַ וואָרט, אויסדריקן אַ געדאַנק, אָדער אַ מיינונג איז געווען אַ מורא, וואָס ס'איז שווער געווען ביייצוקומען.

אָבער מלכה, וואָס האָט איין מאָל פרייגעלאָזן אירע געפילן, האָט ניט געקענט שווייגן. זי איז צוגעפאַלן צו מאַטלען, אים אַריינגעכאַפּט אין אירע אָרעמס און ניט אויפגעהערט צו יאָמערן:

— קינד מיינס, אומגליקלעך קינד מיינס, אַז פאַרשאָלטן זאָל ווערן דיין מאַמעס טראַכט, וואָס האָט דיך געבאָרן, אַז פאַרשאָלטן זאָל ווערן דער טאָג, ווען איך האָב דיך געבראַכט אויף דער וויסטער, פינצטערער וועלט...

אוי, פאַרוואָס ביסטו מיר ניט געשטאָרבן אין דער מאַמעס בויך, רבונו של עולם ! . . .

מאָטל איז געשטאַנענען און געקוקט אין דעם שנייאיקן דרויסן אים איז געווען קאַלט. ס'האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אויף אַ צאָן פון קעלט און איינגעהאַלטענעם געוויין. אויפן זין זיינען געקומען געווינלעכע מענטשלעכע ווערטער, וואָס איין מענטש זאָגט אַ צווייטן, ווען יענער ווייגט, ווען ער טענהט זיך אויס מיט גאָט. אָבער דער מענטש איז געווען זיין אייגענע מאַמע. ער האָט איר באַדאַרפט זאָגן:

— מאַמעשי, וויין ניט . . . שטאַרק זיך מאַמעשי ! . . . וועסט זען, היינט אָדער מאָרגן וועלן מיר ערגעץ אָנקומען. דער טאַטעשי וועט קריגן אַרבעט . . . דער טאַטשי האָט אַ גוטע מלאכה אין האַנט . . . מ'וועט אונדז געבן אַ הויז . . מיר וועלן איבערקומען די ביטערע צייט . . . אייביק וועט דאָס דאָך ניט אָנהאַלטן . . . מ'דאַרף זיך שטאַרקן, מאַמעשי, מ'דאַרף האָפן, מאַמעשי . . .

אָבער די אַלע ווערטער זיינען איצט געווען אַ ליגן. זיי האָבן ווי געטאָן. זיי זיינען געווען אַ חוזק פאַר זיך און פאַר דער מאַמען. ס'איז געווען אָפּנאַרעריי און חוזק. אמת האָט געקענט זיין נאָר נקמה און טויט. אמת איז געווען דער האַנט־גראַנאַט, וואָס איז געלעגן צווישן דעם של־ראש און דעם של־יד אינם קליינעם תפילין־זעקל, וואָס איז געווען פאַררוקט טיף אין זיין קלומיקל. און דער מאַמעס געוויין האָט מען געקענט אויסקויפן נאָר מיטן בלוט פונעם שונא. און אויך דעם טאַטנס מוראדיקן שווייגן . . .

האָט ער אָפּגעשוויגן. געדולדיק געוואָרט ביז די מאַמע וועט אויפהערן איר געוויין. און אַז זי האָט סוף כל סוף אויסגעשעפּט אירע טענות האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין, ווי איינער זאָגט אַרויס אַ הייליקע שבועה:

—עס וועט זיי ניט געשאָנקען ווערן. איך שווער פאַר הימל און ערד, דאָס וועט זיי ניט געשאָנקן ווערן !

און ס'איז געווען דער אויסדרוק פון אַ קינד און אַ דערוואָקסענעם, אינאיינעם. ניין, דער האַנט־גראַנאַט איז שוין ניט געווען קיין ווייטער חלום, און יענע נאַכט ווען ער האָט דורך בלוט און פייער געטראָגן אים דורך דער שטורעמדיקער נאַכט אין די פאַרפראָרענע פינגער, איז אויך ניט געווען קיין חלום. אָ, וואָס פאַר אַ גרויסע פרייד עס וועט איצט זיין, ווען ער וועט זיך מיט די צייגער איינקלאַמערן אין דער "סטאָפּקע", אַרויסבייסן זיי פון דעם אינגעווייט, פון דעם גראַנאַט און מיט דער רעכטער האַנט שליידערן דעם פייערדיקן גראַנאַט דעם שונא אין פנים אַריין! פריער האָט עס געקענט זיין אַ חלום, אַ ברענענדיקער פאַרלאַנג, אָבער איצט איז עס שוין געווען אַ רעאַלע זאַך, וואָס וועט זיכער קומען היינט, אָדער מאָרגן. און נאָר צוליב דעם האָט איצט געהאַט אַ זין זיין קליין ביסל לעבן, וואָס האָט זיך נאָך קוים געהאַלטן ביים סאַמע ראַנד פון טויט. פריער איז

דאָס געווען פון אַ קראַנקער קינדערשער פאַנטאַזיע, וואָס האָט געזוכט אויס־דרוק און איצט האָט עס באַדאַרפט ווערן די טאַט פון דערוואַקסענעם, פון מאַטלען וואָס איז דאָ צווישן וואַנדערער אַ גלייכער, אַ מענטש אָנגעזע־טיקט מיט יאָרן און דערפאַרונגען, וואָס איז דורכגעגאַנגען דעם גרויל פון ווער ווייס וויפיל טויטן און איז שוין אַליין געשטאַנען פּנים אל פּנים מיטן טויט. דאָס לעבן איז געווען ווי אַן איבערגעצויגענע סטרונע, — נאָך איין צי, און זי וועט פּלאַצן.

לאַנג האָט ער ניט געקענט טראַכטן. באַלד האָט מען זיי גענומען אין גרויס איילעניש אַריינטרייבן אין די וואַגאָנעס, אַזאַ איילעניש איז פּלוצלונג באַפאַלן די זעלנער מיט די ביקסן. זיי זיינען געשפּרונגען איבערן שנייִ, ווי האָזן, מיט די באַיאָנעטן פאָרויס, געשטויסן און געשטאָכן, ווי זיי וואָלטן אומיסטן געוואָלט אַרויסרופן אַ פּאַניק, אַ צעטומלעניש, אין וועלכער מענטשן וועלן פאַלן צו דער ערד געטראָטענע פון אַנדערע, פון שטאַרקערע. די אַריינגאַנגען זיינען געווען הויך איבער דער ערד. ניט פאַר אַלעמען איז לייכט געווען אַרויפצוקלעטערן אויף דער פּלאַטפאָרמע. עס איז געווען אַ מאַטערניש. די שווערע ווינטערדיקע קליידער האָבן גע־פּענטעט. די מורא פאַרן באַיאָנעט האָט אָנגעקנוילט אַן אומגעדולדיקע מענ־גע ביי יעדן אַריינגאַנג. שלמה און מלכה וועמען עס איז געלונגען צו זיין צווישן די ערשטע אינווייניק, האָבן צוגעזען דעם ווילדן געראַנגל פון מענטשן, געזען די אַנגסטיקע פּנימער, געזען מענטשן, וואָס זייערע הענט האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער אייזיקער פּלאַטפאָרמע איין מאָל און צען מאָל, און האָבן ניט געקענט אַרויפקלעטערן, אָפּגעפאַלן און געבליבן אויף דער ערד, געטראָטענע פון אַנדערע. וואָס זיינען שוין איבער זיי געקראָכן, ווי איבער טרעפּ צום אַריינגאַנג, ווי צו אַ לעצטער רעטונג.

ווען די טירן האָבן זיך פאַרמאַכט האָט קיינער אין די וואַגאָנען ניט געקענט אָפּשאַצן באַלד וויפיל יידן ס'האָבן געפעלט. אָבער דאָס ביטערע געוויין פון די נאָענטע, וואָס האָבן, הויך אויפן קול אויסגעיאָמערט זייערע נעמען, די גראַמקייט אין וואַגאָן, האָט דערציילט, אַז אָט דאָ אַרום די וואַ־גאָנען, אויף דעם פאַרשנייטן פעלד, זיינען געלעגן די ערשטע קרבנות פון דער רייזע אין דער אומבאַשטימטקייט אַריין.

די באַן האָט זיך אַ לאַנגע צייט ניט גערירט פון אָרט. אייניקע פון די פּרימערע, האָבן אָנגעהויבן דאַוונען. שלמה האָט אַפילו אַרויסגענומען זיין טלית און אים אַריבערגעוואָרפן איבער זיינע קליידער. אַנדערע האָבן געזאָגט תהילים. און נאָך אַנדערע, וואָס זיינען ערשט געוואָרן אבלים, האָבן געוויינט און געטענהט, צונויפגעקנוילטע אין די ווינקלען פון וואַגאָן. אָבער די מערסטע האָבן געהויערט איבער זייער ביסל געפּעק און געשוויגן. ווייל אָט דאָ אַרום זיינען געפאַלן די ערשטע קרבנות, ווי נאָך אַן ערשטער שלאַכט, אימיצער האָט נערוועז אָנגעהויבן קלאַפּן מיט די פאַרפראָרענע

פּיס איבער דער פֿאַדלאָגע צו דערוואָרעמען זיך, און באַלד האָבן אים אַנ־דערע נאָכגעטאָן — ניט אַזוי צוליב דער דערוואָרעמונג, ווי צוליב געבן אַן אויסדרוק דער גרויסער אומרואיקייט, וואָס האָט געוואָרגן ביים גאָרגל.

פּלוצלונג האָט אָנגעהויבן וויינען אַ קינד, און אַלע האָבן זיך פֿאַר־וואונדערט. אַ קליין קינד איז נאָך דאָ געווען. אַ מאַמע האָט נאָך געהאַט כּוח אַרויסצוראַטעווען אַ קינד פֿון טויט. אַ ווײַלע פֿריער האָט מען קיין פּיפּס ניט געהערט פֿון אַ קינד, און איצט האָט זיך עס פּלוצלונג פֿאַנאַנדערגע־וויינט און געצויגן זיין ביטערן יאָמער מיט אַ הייזעריקן קול. אַלע האָבן אויפגענומען דעם געוויין מיט יעדן קראַנקן נערוו, ווי דאָס קליינע קינד וואָלט געוואָרן דער שליח ציבור פֿון אַלעמען, אַלעמען.

די מוטער האָט פּרובירט מיט אַלערליי מאַמישע רייד צו באַ־רואיקן דאָס קינד. פֿריער מיט גוטע רייד, מיט גרויסער ליבשאַפֿט און צער, מיט געבעט און מיט גוטע צוזאָגן. נאָכדעם האָבן זיך די רייד פֿאַרביטן מיט ווערטער פֿון פֿאַרצווייפֿלונג און קללות.

— נו, שאַ, נו, שאַ ! . . . קינד מיינס, מיר פֿאַר דיר . . . אַ ווייטיק דער מאַמען דיינער מיין קינד . . . אַ ווייטיק און אַ קלאָג . . . אַז אויסגעקאָ־רעניעט זאָל ווערן דיין מאַמעס לעבן, וואָס האָט דיך געבראַכט צו אַזאַ לעבן . . . אומגליק מיינער, פֿאַרוואָס האָט מיך אַ דייטשישע קויל ניט געטראָפֿן ? . . .

איצט איז שוין אויך די מאַמע געוואָרן דער אויסדרוק פֿון אַלעמענס געמיטער. און מענטשן האָבן זיך מיט אַ ביטערער הנאה צוגעהערט צו אי־רע רייד.

ענדלעך האָט זיך די באַן אַ שטאַרקן ריר געטאָן און גענומען, פֿריער לאַנגזאַם און נאָכדעם שנעלער, לויפֿן. אָבער דאָס האָט שוין קיינעם ניט דערפֿרייט און ניט דערשראָקן. ס'איז געווען אַלץ איינס. ווייל ס'איז סיווי שווער געווען זיך פֿאַרצושטעלן, אַז מ'וועט ווען עס אין ערגעץ אָנקומען.

דאָס קינד האָט אויפגעהערט צו וויינען. און מענטשן האָבן איצט גע־האַט אַ פֿאַרלאַנג צו שווייגן. מ'האָט זיך צוגעטוליעט צו די נאָענטע, אָדער צו די אייגענע פּעקלעך און איינגעהאַלטן דעם אָטעם, ווי מ'וואָלט מורא געהאַט נאָך אַמאָל אויפֿצואוועקן דאָס באַרואיקטע קינד. ס'איז געווען אַ מורא אַז עפּעס וועט זיך אַ ריס טאָן פֿון דער שטילקייט און אַלעמען איבער־שרעקן.

מאָטל האָט געקוקט אויף די מענטשן, און אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס זיינען גאָר ניט מענטשן אַרום אים, נאָר עפּעס מאָדנע חיות, וואָס מ'האָט זיי צונויפֿגעטריבן אין אַ פֿינצטערער הייל, און ער איז אויך אַ חיה, עפּעס וועט פּאַסירן, און זיי וועלן זיך אַ ריס טאָן פֿון זייער פֿאַרגליי־ווערטקייט, וועלן אָנהייבן קריכן איינער איבערן אַנדערן, ווי פֿריער, בעת מ'האָט זיי געטריבן אין די וואַגאָנעס, צעפּלאָשעטע ווי עקדישן אין אַ הייל,

וועלן קריכן, לייב אויף לייב, קאָפּ אויף קאָפּ, פּיס אויף פּיס, אין אַ מוראַ־דיקן געפּלעכט פון גלידער, און ס׳וועט זיין שרעקלעך, ווייל אויך דער טאַטע און די מאַמע און ער אַליין וועלן זיין אין דעם אַלעמען, ווידער־אַמאָל דערשראָקענע פאַרן ביסל איבערגעבליבענעם לעבן.

אין וואַגאָן איז געשטאַנען אַ געשטאַנק, ס׳האָט געשמעקט מיט השׂ־תנה, מענטשלעכן אָפּפאַל און מיט מענטשלעכע לייבער, וואָס זיינען געווען אומרייך פון אַנגסטיקן שוויס, מיט טוכלעקייט פון אַלטער לאַנג־געטראָגענע קליידער מיטן לאַנג ניט־געביטענעם אונטערוועש, מיט פוילן אָטעם פון קראַנק־געוואָרענע מיילער, מיט פוילע ציין, מיט אייטערקייט פון פאַרקיל־טע העלדזער מיט פאַרשטאָפּטע נאָזלעכער. אַלע, אַלע זיינען איצט געווען קראַנק. און קראַנקער פון אַלעמען — די פרויען. אַלע פאַרגעסענע קראַנ־קייטן זיינען צוריקגעקומען און האָבן אָנגעהויבן פייניקן די אויסגעמאַטער־טע קערפּערס מיט טויזנטער פיינען.

דערפאַר האָבן טאַקע די פרויען זיך ניט אויפגעהערט צו באַקלאָגן, צו טענהן און קרעכצן, אַלע פיינען פון זייער לעבן האָבן זיי אַהער גע־בראַכט מיט זיך און האָבן זיך מיט זיי געוואָלט טיילן מיט די אומגליקלעכע מיטמענטשן ,ניט געקאָנט פאַרבאָרגן קיין איינציקן סוד, ווי די רייד וואָלט געווען די רייד פון אַ מענטשן, וואָס איז זיך, צום לעצטן, מאָל מתוודה פאַר מענטשן און פאַר גאָט.

אין אָוונט האָט די באַן פאַרלאַנגזאַמט איר גאַנג, זיך עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט און ווידער, נאָך לאַנגזאַמער, זיך גענומען רוקן פאַרויס. ס׳איז געווען קלאָר, אַז מ׳האָט די באַן אַרויפגעפירט אויף אַ זייטיקער קאָליי, פון דעם האָט מען פאַרשטאַנען, אַז מ׳האָט זיך דערנענטערט צו אַ לעצ־טער סטאַנציע.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ווייל באַלד האָט זיך פון אַ הינטער די וואַנט דערהערט אַ ווייטע קאָמאַנדע און באַלד נאָכדעם, ריטמישע טריט פון מאַרשירנדיקע זעלנער. יעדע רגע האָבן זיך דערטראָגן נייע קלאַנגען, ווי מ׳וואָלט איבער דער פּראָסטיקער ערד אַרום די וואַגאָנעס געשלעפּט שטאָלענע קייטן. עפּעס האָט זיך דאָרטן גערודערט .און אָט האָבן זיך שוין דערטראָגן מענטשלעכע רייד. שטימען האָבן זיך איבערגערופן. דער גע־רודער איז געוואָרן אַלץ נעענטער.

אימיצער האָט געזאָגט:

— נו, דאַכט זיך, אַז מיר זיינען אָנגעקומען . . .

קיינער האָט ניט געענטפערט. און דער מענטש האָט נאָך אַמאָל איי־בערגעחזרט.

— איך זאָג: מיר זיינען אָנגעקומען. דאָ וועט מען אונדז אַרויסלאָזן. ס׳איז אַפּנים די לעצטע סטאַנציע . . .

ערשט איצט האָט זיך אַ אימיצער פונעם ווייטערן ווינקל אָפּגערופן:

— אַ גליק האָט אייך געטראָפן ! . . "מ׳איז אָנגעקומען ! . . . . "וואוהין איז מען אָנגעקומען? נאָך וואָס איז מען אָנגעקומען? קענט איר מיר אפשר זאָגן, רב ייד?

דער ערשטער האָט ניט געענטפערט, ווי ער וואָלט זיך דערשראָקן פאַר די פראַגעס. דערפאַר האָט אַ צווייטער געענטפערט, אויך מיט עט־לעכע פראַגעס:

— נו, און אַזוי איז בעסער? ווי לאַנג קענען מיר אַזוי אויסהאַלטן אויף אַזאַ יאַזדע? צי אייך ווילט זיך בעסער אויסגיין אין אַט דעם פריר־קאַסטן?

ס׳איז שוין פאַר אַלעמען געווען קלאָר: די וואַגאָנעס האָבן זיך גע־עפנט און מענטשן זיינען אַרויסגעלאָזט געוואָרן. און באַלד האָט זיך פאַ־נאַנדערגערוקט מיט אַ געפרוירענעם גרילץ די טיר. אַ קאַלטער שטראָם לופט האָט אַ זעץ געטאָן אין פּנים מיט פראָסט און ווינט, ווי מיט בייטשן. עטלעכע זעלנער האָבן, מיט אַמאָל, אויסגעשריען אַן אייליקן באַפעל אַרויס־צוגיין. ס׳איז געווען ווי מ׳וואָלט מיט אַמאָל אויפגערודערט אַ באַרואיקט מוראַשקע בערגל. מענטשן האָבן געכאַפּט די פּעקלעך און געשטויסן זיך צום אַרויסגאַנג. ווי צו אַ רעטונג. אין האַרצן האָט נאָך געטליעט די צאַנקב־דיקע וואַרעמקייט פון האָפענונג. אפשר איז דאָס געווען דער סוף פון אַ בייזן חלום. אפשר וועט דאָ געשען דער נס ווייל ס׳האָט דאָך געמוזט געשען אַ נס!

ס׳איז נאָך ניט געווען אינגאַנצן נאַכט, אָבער די עלעקטרישע לעמפּ־לעך האָבן שטאַר אַראָפּגעקוקט פון איינצעלנע סלופּעס און פון די גרויע געביידעס, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די באַן. פון אַ הויכן געשטעל האָט זיך געטראָגן דורך אַ מעגאַפאָן די קאָמאַנדע. די קאָמאַנדע איז ווידערהאָלט געוואָרן פון די נעענטערע אוניפאָרמירטע בעאַמטע, וואָס זיינען געווען באַ־וואָפנט מיט ביקסן און רעוואָלווערן, ווי אַן עכאָ. די מאַסע האָט זיך אַ ריר געטאָן ווי אַ גרויער טייך און גענומען שטראָמען נעענטער צו די געביידעס. קינדער האָבן זיך געטוליעט צו עלטערן. די פּעק האָבן באַשווערט. ס׳איז שוין געבליבן ווייניק כוח. אָבער אויפן האַרצן איז דאָך געווען לייכטער. מ׳איז אין ערגעץ אָנגעקומען.

און פּלוצלונג האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז מ׳איז אַרומגערינגלט מיט שטעכיקן דראָט. אַפּצאַמונג נאָך אָפּצאַמונג — אַלץ שטעכיקער דראָט, ווי מוואָלט זיך ביסלעכווייז אַריינגעפּלאָנטערט אין אַ ריזיקער אומזעבאַ־רער נעץ. און מאָדנע איז נאָר געווען, וואָס אַט די נעץ האָט ניט געשראָקן. אפשר דעפאַר, וואָס אַרום און אַרום זיינען געשטאַנען טונקל־גרויע גע־ביידעס, נידעריקע און שווערע, ווי זיי וואָלטן מיט זייער שווערקייט אַריינ־געוואַקסן אין דער ערד.

ענדלעך איז מען אַריין אין אַ געביידע. ס׳איז געווען אַ ברייי־

טער, א לאנגער קארידאר. ארום די ווענט, אויפן צעמענטענעם דיל, זיינען געשטאנען ריזיקע קאסטנס, אפגעפארבטע אין א טונקעלן קאליר. דא האט מען די מענטשן דורכגעלאזט איינציקווייז און יעדן איינעם באפוילן אריינ־ווארפן זיין געפעק אין די קאסטנס. מ׳האט עס באדארפט טאן שנעל און־טער די אויגן פון די עס־עס באאמטע. באלד האט באדארפט אנקומען מאטלס ריי ארייצוווארפן זיין פעקל. ער האט שוין געזען ווי דער טאטע האט זיך געגרייט ארייצושליידערן זיין פאק און נאך אים — די מאמע, א באקאנטע עקשנות האט א קלעם געטאן אין איינעם מיט שרעק זיין הארץ און שוין אין דער לעצטער רגע האט ער, כמעט פאר די אויגן פון א באאמטן, ארויסגעכאפט דעם גראנאט פונעם תפילין־זעקל און עס פארשטעקט אין דעם קעשענע פון זיין פאלטעכל. ס׳איז געווען א קורצע רגע אזא, א מוראדיקער מאמענט אזא אויף דער סאמע גרענעץ פון משו־געת, ווי דאן, ווען ער האט אין דער נאכטיקער זאווערוכע ארויסגעריסן דעם האנט־גראנאט ביים ברענענדיקן זעלנער. ווי דאן האבן פון דעם אויפ־געציטערט אלע אברים, די פיס האבן זיך אונטערגעבראכן, אפגעחלשטע, ווי זיי וואלטן זיך פלוצלונג אפגעזאגט אויף זיך צו טראגן מאטלס קליינעם קערפער. אנגעכאפט אנעם טאטעס קליידער און איז ווי עס איז פארבייגע־טינקטיוו אנגעכאפט אנעם טאטנס קליידער און איז ווי עס איז פארבייגע־גאנגען די געפאר.

דער טאטע האט זיך צו אים א קער געטאן און געפרעגט:

— וואס איז, מאטל?

מאטל האט ניט געענטפערט. ער האט פארלארן דאס לשון. בלויז נאכגעשלעפט נאך זיך די פיס, ווי א געפענטעטער, און זייער שטארק געוואלט אנידערפאלן אויף דער ערד און חלשן. אבער דער שטראם מענטשן הינטער אים איז געוואקסן. און איידער מ׳האט זיך גוט ארומגעקוקט, איז מען שוין געווען אין עפעס א פוסטער געביידע אן פענצטער, ווי א ריזיקע קאזארמע. דא זיינען ביי די ווענט געשטאנען די זעלביקע גרויסע טונקעלע קאסטנס. אין געציילטע מינוטן האט זיך שוין די געביידע אנגעפילט מיט מענטשן. די אפגעשוואכטע און עלטערע האבן זיך פרובירט אוועקזעצן אויף דער ערד, אבער מ׳האט ניט געלאזט. ארום די ווענט זיינען געשטאנען באוואפנטע עס־עס און האבן אפגעהיט יעדן ריר. מ׳איז געווען ווי דערשראק־קענע שעפסן, ארומגערינגלט פון וועלף. מ׳האט געקוקט איינער אויפן אנדערן און ארויסגעלייענט פון די פרעמדע אויגן דעם שטומען צער, וואס האט געשטראמט פון מענטש צו מענטש, ווי א פארצערנדיקע לאווע.

א ייד וואס איז געשטאנען נאענט, פנים צו פנים מיט שלמהן האט, ווי דורך א חלום, א פרעג געטאן:

— וואו זיינען מיר דא.... אפשר ווייסט איר? וואו זיינען מיר? הא? . . . .

שלמה האָט אַ לאַנגע רגע אַפּגעוואַרט און נאָכדעם אַפּגעקערט דעם בליק:

— וואָס איז דער חילוק רב ייר. וואָסי איר זעט ניט אין וועמענס הענט מיר זיינען אַריינגעפאַלן?

און מאַטל האָט געזען, אַז דער טאַטע האָט דערביי, דאַכט זיך, ווי אַ שמייכל געטאָן. אַזאַ מאָדנעם שמייכל האָט ער געטאָן. און באַלד נאָכדעם איז ער, דאַכט זיך, בלייכער געוואָרן. אויך די מאַמע האָט באַמערקט דעם מאָדנעם שמייכל, אָבער זי האָט זיך פּלוצלונג פאַנאַנדערגעוויינט. געווישט די טרערן מיטן אַרבל פון איר אָפּגעטראָגענעם מאַנטל און געכליפּעט.

טירן האָבן זיך געעפנט ברייט: איינע רעכטס און איינע — גלייך אין פאָרנט און באַלד האָט זיך שוין צעטראָגן אַ קאָמאַנדע:

— פרויען און קליינע קינדער פאַרנעמען זיך רעכטס. און אַנדערע שטימען האָבן אונטערגעכאַפּט:

— פרויען — רעכטס!... רעכטס!

סאיז אַנטשטאַנען אַ גערודער. אַ באַוועגונג. פרויען האָבן זיך גענומען אַרויסרוקן פון צווישן עולם. ס'האָט זיך דערהערט אַ כליפּעריי. אַ געוויין פון קינדער, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט אָפּרייסן פון טאַטעס, וואָס האָבן זיי נאָך געהאַלטן אויף די הענט. מלכה איז צוגעפאַלן צו מאַטלען, געקושט אים פיבעריש אין קאָפּ, אויפן שטערן אין נאַקן .טרערן האָבן געשטראָמט איבער די בלייכע באַקן. און צו שלמה האָט זי געזאָגט:

— גאָט זאָל העלפן, שלמה . . . גאָט זאָל אונדז העלפן . . .

און זי האָט זיך אָפּגעטיילט, נאָכגעגאַנגען די פרויען. מאַטל האָט געזען ווי זי האָט איין מאָל און נאָך אַמאָל זיך אַ קער געטאָן צו זיי. זי האָט שוין ניט געוויינט, נאָר אין אירע אויגן איז געווען געפאַלנקייט און שרעק. מער קיין זאַך ניט. מענער האָבן נאָכגעקוקט ווי זייערע פרויען פאַרשווינדן הינטער דער אָפענער טיר. באַלד האָט זיך די טיר פאַרמאַכט. און מאַטלען האָט זיך געוואָלט שטאַרק וויינען.

איצט איז שוין געווען אַ צווייטע קאָמאַנדע:

— אַלע דאַרפן זיך אויסטאָן נאַקעט. מאַכן פון די קליידער אַ פּעקל. האַלטן דאָס פּעקל אין דער רעכטער האַנט. די שיך אין דער לינקער האַנט. צווישן עולם איז דורכגעלאָפן אַ געמורמל. מענטשן האָבן געוואָלט וויסן פאַרוואָס מ'הייסט זיך אויסטאָן נאַקעט. ס'האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דאָס פירט מען זיי אין באָד. דער דייטש זאָרגט זיך פאַר זייער ריינקייט. וויל זיי אָפּהיטן פון קראַנקייטן, פון אַ מגפה. און מענטשן האָבן זיך גענומען אויסטאָן. יעדער פאַר זיך אַליין. די פינגער האָבן זיך שוואַך ספּראַוועט מיט די קנעפּלעך. אָבער אַלע האָבן זיך אויסגעטאָן. אייניקע האָבן זיך אַפילו, צוליב עפּעס, געאיילט.

שלמה האָט זיך גענומען אויסטאָן. געזאָגט צו מאַטלען:

— גו, זון מײַנער, טו זיך אויס . . . אַלע טוען זיך אויס . . . וואָס מאַכט עס אויס . . .

און האָט אַ קוק געטאָן אויף מאַטלען מיט אַזעלכע מאָדנע אויגן. אַזוי מאָדנע האָט ער אַ קוק געטאָן. אַזוי האָט באַדאַרפט קוקן אברהם אויף זײַן זון יצחקן, ווען ער האָט אים געבונדן צו דער עקדה. נאָכדעם האָט ער זיך אײַנגעבויגן און אָנגעהויבן אײַנוויקלען די קליידער אײַנעמאויבער־ראָק. און אַזוי אײַנגעבויגענערהייט, ניט אויפגעהערט צו זאָגן תהילים, און אויך צו מאַטלען האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— וואָלסט באַדאַרפט זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים, מײַן זון.

מאַטלען האָט אַ קלעם געטאָן דאָס האַרץ מיט אַ פֿײַנלעכער עקשנות:

— כ׳וועל ניט זאָגן ! . . . איך וויל ניט זאָגן !

און זײַן אַקסל האָט זיך טראַציק אָפּגעקערט פֿונעם טאַטן.

דער טאַטע האָט אָפּגעשוויגן. מורא געהאַט, אַז דאָס ייִנגל זאָל דאָ ניט אָפּשפּילן אײנעם פֿון זײַנע היסטערישע געוויינען, ווי ס׳איז אַלע מאָל געווען זײַן שטייגער.

דערווײַל האָבן זיך שוין אַלע אויסגעטאָן, די בינטלעך קליידער האָט יעדער באַדאַרפט אַוועקטראָגן צו די קאַסטנס און זיי אַהין אַרײַנוואַרפֿן. די קליידער אין איין קאַסטן. די שיך — אין אַ צווייטן. נאָר מאַטל האָט זיך לענגער פֿון אַלעמען געפּאָרעט אַרום זײַן פּעקל. אַן אַנגסטיקער שווייס איז אַרויסגעטראָטן אויף זײַן לײַב. איצט־זײַנען די נאַקעטע מענטשן געשטאַנען אין צענטער פֿון דער געביידע. מענטשן האָבן זיך צוזאַמענגעהורדעט נאָענט אײנע צו די אַנדערע, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן באַהאַלטן אײנעם אַנדערנס נאַקעטקייט, פֿאַרלאָרן גיין פֿון פֿרעמדע בליקן. מ׳איז געשטאַנען אַזוי נאַקעט און פֿאַרשעמט. פֿאַרשעמטע פֿאַר אַנדערע און פֿאַר זיך אַליין.

זיי האָבן אַלעמען אויסגעטאָן נאַקעט, כּדי צו פֿאַרשעמען אַן עדה מענטשן פֿאַר זיך און פֿאַר גאָט. עס זײַנען אַנטבלויזט געוואָרן לײַבער — אומגעוואָשענע. אַלטע לײַט מיט געבויגענע פּלייצעס, מיט דאַרע, ביי־נערדיקע פּלייצעס, באַוואַקסענע מיט גרויע קופּקעלעך האָר אויף די אײַנ־געפֿאַלענע ברוסט־קאַסטנס, ייִדן מיט גרויע בערד, זקנים מיט אַנטבלויז־טע קעפּ, ייִנגערע ייִדן און יונגע לײַט, און ייִנגלעך — אַלע זײַנען איצט גע־שטאַנען אין גרויסער געפֿאַלנקייט פֿאַר די אוניפֿאָרמירטע, באַוואָפֿנטע שונאים. אָט דאָ זײַנען זיי אַלע געשטאַנען, געפֿאַלענע געשטאַלטן, פֿון וועל־כע מ׳האָט צוגענומען דעם צלם אלהים. לײַבער האָבן זיך געוואָלט אײַנ־שרומפּן, קלענער ווערן. ס׳איז געווען אַ שאַנד פֿאַר שוואַכקייט אַנטקעגן דער אָנגעטאָנענקייט פֿון שונא.

וואָס זײַנען קליידער? טויזנטער יאָרן האָט דער מענטש זיי גע־טראָגן אויף זיך, ווי אַ שוץ פֿון קעלט און פֿון פֿײַנען, און מענטשלעכן אויג. קליידער זײַנען געווען ווי אַ נײַע הויט אויפֿן מענטשלעכן לײַב. האָט

מען אָט די הויט אַראָפּגעריסן און געלאָזן דאָס לייב, ווי אַן אָפּענע וואָנד. אַ נאַקעטער מענטש איז געווען נאָך שוואַכער פון אַ קינד. ער האָט שוין ניט געהאַט קיין כוח צו ראַנגלען זיך פאַר זון, פאַר לעבן, פאַר די הימלען.

און דאַן האָט עס פּאַסירט.

אַ יונגערמאַן האָט זיך אַרויסגערוקט פון צווישן עולם. ער איז געווען זייער בלייך און זיין קערפּער האָט געציטערט. ער איז געגאַנגען פאַרויס און האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן מיטן וועג צווישן די יידן און די באַוואָפנטע עס־עס. געזאָגט:

— מיר ווילן וויסן נאָך וואָס האָט מען אונדז אַהער געבראַכט . . . מיר ווילן וויסן און מיר פאָדערן אַן ענטפער ! . . .

אַלע האָבן אים מיט אַמאָל דערזען, ווי ער איז געשטאַנען, דער יונגערמאַן, מיט די שוואַרצע געקרייזלטע האָר, מיטן פּנים, וואָס איז געווען בלייך און טונקל פון דעם שפּראָצנדיקן בערדל, וואָס איז דורך די טעג אָנגעוואַקסן. זיין קול איז געווען הייזעריקלעך, אָבער זיינע ווערטער האָבן אַלע קלאָר געהערט. און אין איין רגע, ווי ס'וואָלט דורכגעשטראָמט אַן עלעקטרישער שטראָם איבער די הערצער פון אַלעמען, האָבן אַלע זיך אַ רוק געטאָן פאָרויס און אַ סך שטימען האָבן זיך אָפּגערופן ווי אַן עכאָ:

— מיר ווילן וויסן ! . . . איר האָט אונדז אַהער געבראַכט אין קאַלטע וואַגאָנעס, ווי בהמות . . . און איצט מאַכט איר חוזק פון אונדז . . . מיר ווילן וויסן ! . . .

דער עס־עס, פּונקט אַנטקעגן דעם יונגן מאַן, האָט געמאַכט עטלעכע טריט פאָרויס מיטן רעוואָלווער אין האַנט. און באַלד נאָך אים האָבן זיך אַ רוק געטאָן צענדליקע אַנדערע מיט וואָפן אין די הענט. און איידער מ'האָט צייט געהאַט אַרומצוזען זיך, האָט שוין אָפּגעהילכט אַ שאָס פון אַ רעוואָלווער. דער יונגערמאַן האָט זיך אַ וואַקל געטאָן פאָרויס און צוריק און איז אומגעפאַלן אויפן אַספאַלט פון דיל. און באַלד נאָכדעם האָבן אָפּגעהילכט עטלעכע שאָסן אין הינטערשטן טייל פון דער פּאַלאַטע. די יידן זיינען געבליבן שטיין פאַרגליווערטע. אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז איין רגע. ווייל פון הינטן איז מיט אַמאָל אָנגעלאָפן, אין אַ ווילדער רציחה, אַ נייע מחנה עס־עסן, באַוואָפנטע מיט אויטאָמאַטישע ביקסן און אפילו מיט לאַנגע שטעקנס און האָבן מיט אַ שיסעריי און הוקעריי גענומען טרייבן די יידן פאָרויס צו דער אָפענער טיר. די צעטומלטע מענטשן האָבן זיך אַ ריס געטאָן צו אָט דער אָפענער טיר. געלאָפן, געלאָפן און געפאַלן אין אַן אַנפאַל פון נאַקעטן משוגעת. די, וואָס זיינען געווען פון הינטן און האָבן שוין דערפילט אויף זיך די ברוטאַלע קלעפּ, האָבן זיך געריסן פאָרויס, געקראָכן איבער די לייבער פון די געפאַלענע.

מאַטלען האָט מען מיט זיין פּעקל אומגעוואָרפן און אָפּגעשליידערט אַן אַזייט.. ווען ער איז געקומען צו זיך איז שוין דער טאַטע ניט געווען.

ער איז פאַרטראָגן געוואָרן פונם ווירבלנדיקן שטראָם מענטשלעכע קער־פערס. אינסטינקטיוו האָט ער אַ געשריי געטאָן גלייך אין דעם טומל אַריין, אין דעם גערודער אַריין:

—טאַטע ! . . . טאַטע . . .

אָבער ער האָט שוין געזען, אַז דאָס איז אומזיסט. געזען נאָר ווי די וואַנט פון די פאַרטיליקער האָט זיך אָנגערוקט. אין אַ רגע וועט זי שוין טרעטן איבער אים. און דערפילט אַ מאָדנע לייכטקייט אין די גלידער. אַלע שווערקייט האָבן פאַרלאָזן. ס'איז ניט געווען קיין שרעק און קיין מורא. אַלע גרוילן האָבן זיך מיט אַמאָל אויסגעלאָשן. דער קאָפּ איז געווען קלאָר און די האַנט — פלינק. זיין לעבן האָט זיך מיט אַמאָל אָנגעצונדן און געוואָרן ליכטיק ווי אַ ראַקעט, וואָר דאַרף זיך באַלד אויסלעשן. ניט געוואוסט ווען ער האָט דעם פאַרשליסער אַרויסגעצויגן און ווען זיין האַנט האָט אַ שליידער געטאָן אויף די עס־עסן דעם גראנאט.

הימל און ערד האָט אַ ציטער געטאָן. די לעבעדיקע וואַנט האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אין פלאַמען און רויך און גענומען פאַלן, און נאָכדעם איז אַלץ מיט אַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן אין איינעם מיט זיין האַרץ.

*
**

## זעליק העללער

# שמעון האלקין

(סאָנעטן־רינג)

### א

פריינטשאַפט איז פיל מער ווי וואָרט אין ווערטערבוך,
מערער ווי מאַנטען, עמערסאָן, טהאָרא,
ווען אין אַ לויטערדיקער שפּע שעה
האָבן מייסטערהאַפט געגעבען אַ פאַרזוך.

און מיין ליד צו דיר איז מערער ווי אַ וואָרט
ניט אַלעמאָל האָט וואָרט זיין גרויסן ווערט —
אַפילו ווען ס'איז שאַרפער פון אַ שווערד,
אַפילו ווען עס גיט אַ בליץ דאָ און דאָרט.

מיין ליד צו דיר שטראָמט פון טיפן פון מיין זעל:
תפילה'דיק, געהיים ווי שטילסטער סוד.
שמעון האַלקין! איך קום איצטער צו דיין שוועל

גלויביק און עקשנות'דיק ווי אַ זעלאָט;
ס'טרעפט אַמאָל, חלום גיט אויף וואָר — אַ העל,
געבענטשט איז דער מיט דעם זוניקן גענאָד.

### ב

געבענטשט איז דער מיט דעם זוניקן גענאָד,
פלאַם פון אָנגעזאַמלטן רעזערוואָאַר,
בענקשאַפט צו אַ גלויבן — אייביק וואונדערבאַר,
אייביקער באַהעפטיגונג פון מענטש מיט גאָט!

איביק געטליכע התגלות צו דעם מענטש:
זריחה־בלוי און די שעה פון שקיעה־גאָלד.
איביק כוואַליענדיקער ווערן — ווידערהאָלט
יום־טוב׳דיקער — שהחינו־בענטש!

מאַנכעס מאָל יוירט אין מיר זינד פון שלעכטן טאָג
ווי כופר לויף איך דאַן אַוועק פון גאָט — — —
קנויל זיך אינם שאַנד פון אייגענעם פאַראַט.

אָ, וואויל איז דעם, וועלכער מוט און כח האָט
אויפמישן אין לעבן זיינס אַ נייע בלאַט —
לויטערדיקע פריידן זיכערן זיין טראָט.

ג

לויטערדיקע פריידן זיכערן זיין טראָט,
ס׳איז מיר געשען ווערנדיק מיט דיר באַקאַנט:
האָסט חבריש געגעבן מיר דיין האַנט,
געלערנט גיין אויף אייגענעם באַראָט.

האָט מיין לעבן דאַן זיך פרילינגנדיק צעבליט,
צעזונענדיקער שפע־תוך און פרייד
וויזיאָנען פון אַ לויטערן באַשייד,
ניגון נייער האָט גע׳חדוה׳עט מיינע טריט!

האָסט מיזערנעם מיך באַפרייט פון ספקות־קלעם,
באַ דעם תהום, ערב פון נשמה ברוך, —
ביזט געוואָרן פון מיין גורל—דער בעל־שם.

כ׳קיניג איצט אויף טראָגנען צוויי — דו און בוך,
לוחות — פון בטחונ׳דיקן בונד פאַרנעם,
זיי באַפרייען פון געהיימען פלאָנטער־פלוך.

ד

זיי באַפרייען פון געהיימען פלאָנטער־פלוך,
האָרץ פאַרזייט מיט ברכות, ליפּן פול מיט לויב.

ס׳גיט אַזוי נשמה פונם תהום אַ הויב,
הילט זיך איין אין קדושה׳דיקן תכלת־טוך.

כ׳בין פאַרכשופט פון דיין וואָרט — עיקר׳דיק ביזאַר,
מייסטערשאַפט פון ״הערוויל און פערמאַנענט״*) מהות.
כ׳שטיי פאַר׳חדושט אויפן שוועל פון דיין רשות,
כורעים׳דיק — פאַר דיין ליכטיקן אַלטאַר.

ס׳וויינט אַ בענקשאַפט אויס דיין סגנון אין סאָנעט,
נוסח׳דיק מיט תפילה און אור־אייביקדיק, —
אַ, נשמה׳דיקער, דו, עלעגישער פּאָעט!

כ׳וואַרף צו יענער וואונדערלעכער שעה — אַ בליק.
פּנים דיינער — אַ מישל מאָנטען פּאָרטרעט,
הייליק איז מיר אונדזער ערשטער האַנט־געדריק.

ה

הייליק איז מיר אונדזער ערשטער האַנט־געדריק,
ס׳האָט צע׳יובל׳ט זיך מיין האַרץ — פריידיק, שטיל:
פלאַטערדיקע שטילקייט, לויטערער געפיל,
שפּראָץ פון אַ באַגינען, זעטיקדיקער גליק!

ערשטער שטראַל נאָך שווייגנדיקן דויער־לאַנג,
ערשטער ברויז פון אומגעצוימטן כח־שטראָם;
ווידערהאַלענער — ״נס גדול היה שם״,
אייביק האָפערדיקער טראָט — דיכטער־גאַנג.

האָסט מיך חבריש צו זיך דערנענטערט דאַן
און צעעפנט אַלע דיינע טירן — ברייט.
כ׳האָב צו דיר געמאַכט דעם זווג׳דיקן שפּאַן.

האָסט יצירה־זוימען אין מיין האַרץ פאַרזייט,
גואל וואונדערליכער פון מיין וועלק און וויאַן —
טראָג איך דיין באַגריסונג זינגנדיקערהייט!

---

*) ״עראי וקבע״ אַ זאַמלונג פילאָזאָפישע און קריטישע עסייען.

ו

טראָג איך דײַן באַגריסונג זינגנדיקערהייט
דײַן גענאַד איז מיר געוואָרן — עליקסיר.
ס׳האָט זיך יידיש־ליד מיט לשון־קודש־שיר
אײַנגעשמידט אין זעלבן פּאַטומדיקן קייט.

כ׳האָב דײַן וואָרט געטרונקען, הייליקער געטראַנק,
איך — צעבלאָזענער פון ווינטיקדיקן בלאָז:
דערום מײַן מזמור׳דיקער אַפּאַטעאָז,
האָרץ מײַנס זינגט דיר אויס אין ליד — דעם דאַנק.

כ׳זינג דיר אויס מײַן דאַנק פון האַרצן אין אַ ליד,
ביסט מיר נאָנט געוואָרן ווען דו האָסט פּאַרזייט
איז טונקל מײַנעם — חלום פון אַ וויזיע־בליט.

קיינער האָט אַזוי אינטים, מיט טיפער פרייד
לעבן מײַנס רײַך באַהויכט מיט טרוימען צווײַט, —
האָסט גראַנדיעזן עתיד פאַר מיר אויסגעשפּרייט.

ז

האָסט גראַנדיעזן עתיד פאַר מיר אויסגעשפּרייט,
צייט — זי כפל׳ט יענע ברכה׳דיקע שעה;
דײַן געשאַנק — אויראָרן אויף מײַן וועג, אָט דאָ,
ניין ,מיר וועלן קיינמאָל מערער זײַן צעשיידט.

אונדזער פריינדשאַפט איז פאַרחתמ׳עט מיט אַ ליד,
וועקסל פון אַ גורל׳דיקן קלעם־פּאַטאָל
ס׳איז דײַן צויבערדיקער פּאַסטאָראַל,
ס׳באַרוט דעם ספקות׳דיקן גרוי־געמיט.

ביסט פאַר יעדן פריינט און רבי און נאָך מער,
פאַר אַנדערע געבויט צום רום — אַ בריק,
אַליין פאַרבליבן אין דעם עפּעמער.

עפּיגאָנען קוקן קיינמאָל ניט צוריק,
קיינער קומט ניט אַפּווישן אַמאָל אַ טרער —
איז וואו כ׳גיי, באַגלייט ווי שומר מיך דײַן בליק.

ח

איז וואו כ׳גיי, באגלייט ווי שומר מיך, דיין בליק,
אָ, ווי לאַנג נאָך ראנגלען זיך מיט צער און וויי?
הפקר לאָזן אַזא ליכטיקן פּאַרזיי?
— כוואַליענדיקע שפע דיינס, עשירות׳דיק!

ווי אַדלער־פלי — פליגלדיקער יאָג און פאָך
גיט מעטעאָריש שפע דיינס אַ שטראָם,
אָ, בעל־חלום פון "יחיאל אַגראַנאָם*"),
טיף, ווי ראַינער רילקע, מיט זיין תוך.

ליד דיינס — דויערדיק און דורות׳דיקן כאָר,
ס׳וועבן זיך חלומות אויס פון אָט דעם געזאַנג —
מיר אַ חלום אין מיין וואַכנדיקער וואָר.

אייביקדיקער ניגון פון די דורות־לאַנג,
דיינס און מיינס — גלייך געראָטן, גלייך — אַ פּאָר,
כ׳האָב מיין גורל לאַנג פאַר׳קנס׳ט שוין מיט דיין גאַנג.

ט

כ׳האָב מיין גורל לאַנג פאַר׳קנס׳ט שוין מיט דיין גאַנג,
ניט פאַרגעסן וועל איך יענע וואונדער־שעה:
דו ביסט עלנט דאָן געוועזן, ווי אַ פאַו, —
ליד "תרשישה" דיינס ווי זיין "ראָב" געזאַנג.

ליד "תרשישה׳׳ — דיין יצירה׳דיקע קרוין.
צעטריפטער גאָלד פון דעמער, דיין געבעט:
אַזוי ברויזן קען זיך ים און אַ פּאָעט,
אַזאַ תחנון — פידעלע אין לירישן געוויין.

האָסט אין ליד צפירה׳ס באָמען איינגעוועבט, —
איינס געמאַכט זי מיט דיין גורל׳דיקן גזר.
האָסט פיל אַרויסגעזאָגט און אין פערז באַלעבט

---

*) "יחיאל ההגרי" זיין ערשטע נאָוועלע

גליוועדיקן שטומען דיינעם — הוין, ביזאר:
אויף דיין איינזאַם וועג — איינציקער רעצעפּט,
אומעטיקער וואַגלער אויפן שליאך פון צער.

י

אומעטיקער וואַגלער אויפן שליאך פון צער:
עכא'ס פון די דיינע מיזערערע רייד
סוד'ן חלל איין מיט טרויער שטילערהייט, —
וואָלקנס שווארצע ערב שטורעם און געפאר.

כ'זע דיך אָפט אַזוי אין חלום, צי אין טראַנס,
אַמאָל, כהרף עין — אויף דער וואָר,
ווי אַהאַספער, אין זיין וואָגל, דור צו דור,
פון אַלע גורל־גאַנגען —דער באַלאַנס.

פאַרגייט אַזוי דאָס לעבן, אַזוי — די צייט:
וועג אַ זייער לאַנגער און אַ לאַסט — דער גאַנג,
צו אַ ברעג אַ נאָנטן איז נאָך ווייט און ווייט — — —

וועלט איז פול מיט חומר, ס'הערט ניט דאָס געזאַנג,
ליד — ווי שטויב, טראָגט אַ ווינט אין אייביקייט,
זעלן־פּלאָנטער, אומבאַפרידיקטער פאַרלאַנג — — —

י"א

זעלן־פּלאָנטער, אומבאַפרידיקטער פאַרלאַנג
ריזלט, ברויזט דורך מיינע אָדערן, מאַביל.
כשופדע כימערן, אַ סירענע־שפּיל,
ראַנגלדיקע שטראַלן ערב אונטערגאַנג.

ס'וועט אַזוי די לעצטע מאָנונג באַלד פאַרגיין,
שטיל וועט ווערן פון אַ דיכטער — לעצטער רוף;
האַרץ אין קלעם, לעצטער צאַפּל פון אַ גוף:
"ס'האָט אַמאָל געלעבט אַ מענטש, אַליין, אַליין" — — —

שמעון האַלקין, שווייגנדיקער ים, ביסטו.

פון כמאַרנעם פיין פאַראומערט, קאַלט און שטאַר,
גסיסה־שטילקייט — ערב קבר־רו.

שווער אַמאָל צו ווערן איבער זיך — דער האַר,
שווער, גרויזאַמער באַלאַסט: שקר און טאַבו, —
ווערט מען אונטעריאָכט צום עצבות׳דיקן גזר.

י״ב

ווערט מען אונטעריאָכט צום עצבותדיקן גזר,
טעג פון זעטיקדיקן יאוש, אָן אַ צאָל :
״תרשישה״ — אַ מקום־מקלט־אָרעאָל, —
זעקס און פערציק יאָר געלעבטע אין קאַשמאַר.

זעקס און פערציק יאָר געלעבטע, ניט אומזיסט !
״יחיאל״; ״עד־משבר״;*) ליד וואָס באַרוט;
גילדערנע מנורות; וואויל פאַרדינט, — סאַלוט !
ביי־געזאַנג, זיי הלל׳דיק באַגריסט !

איך אָן אין דיין געשליפענעם סאָנעט
רמז פון דיין גאנצן גורל׳דיקן גאַנג,
שטומע שוויגענישן — שפע׳דיק צערעדט.

עכאָ׳ס פון דיין פרי פאַרקלונגענעם געקלאַנג
צעקלינגען אַ רעפרעין: ״ס׳איז נאָך ניט שפעט״,
בענקשאַפט יוירט פון נישט געזונגענעם געזאַנג.

י״ג

בענקשאַפט יורט פון נישט געזונגענעם געזאַנג,
אין דיר אַליין ליגט פון שוויגעניש — דער חטא.
עושר דו, פון צאַפּלדיקן יש — פּאָעט,
עיקר׳דיקער טיף, רייך געדאנקן גאַנג.

אָן אבן־טוב, אָנגעלאָדענער מיט וואָרט,
ס׳שוימט מיט אַל־יצירה ביזן ראנד דיין כוס;!

---

*) ״עד משבר״ טרילאָגיע פון אַמעריקאַנעם יידיש לעבן.

לאָד אויס דיין וואַרטיק תוך ביזן לעצטן אות,
וואו עס פינצטערט זאָלסטו ליכטיקן אַט דאָרט!

"זאָלן מתים זיין מקברים פון אַ מת",
ביסט אין היכל פון געזאַנג — פרינץ און האַר,
קייטעלע אין רינג פון דורות — ביט פאַרגעס!

המשך פון אַ דוד, פון זיין ליד־אַלטאַר,
האָסט זיך אונטעריאָכט צום סודות׳דיקן נס —
פון דיין שחרית־ליד ביז דיין הינט־ווירוואַר.

י"ד

פון דיין שחרית־ליד ביז דיין היינט־ווירוואַר
וועל איך דיין באַגלייטער און אַ שומר־זיין.
שטראַל פון שעפערישן עתיד שיינט אַריין,
יאָגט די שאָטנס פון פאַטאַלן יאָך פון צער.

מיין ליד צו דיר איז מערער ווי אַ וואָרט
ניט אַלעמאָל האָט וואָרט זיין גרויסן ווערט:
אפילו ווען ס׳איז שאַרפער פון אַ שווערד,
אַפילו ווען עס גיט אַ בליץ דאָ און דאָרט.

מיין ליד צו דיר — הייסער לאַוואַ־שטראָם פון זעל;
פרוטה׳דיקן מעשר פון אַ גרויס זאַפּאַס
לייג איך איצטער דאָ אַנידער, אויף דיין שוועל.

שמעון האַלקין, חבר, דיכטער און בר־דעת,
מיין האַרץ זינגט אויס אַ הימנע, לויטער, העל, —
נאָר לויט געפיל, איז ליד מיינס אָרים, בלאַס.

ט"ו

פריינטשאַפט איז פיל מער ווי ווי וואָרט אין ווערטערבוך,
געבענטשט איז דער מיט דעם זוניקן געגאַד:
לויטערדיקע פרייד אין האַרצן זיכערן זיין טראַט,
זיי באַפרייען פון געהיימען פלאָנטערדיקן פלוך.

הײליק איז מיר אונדזער ערשטער האַנט־געדריק,
טראָג איך דײַן באַגריסונג זינגענדיקערהײט.
האָסט גראַנדיעזן עתיד פֿאַר מיר אױסגעשפּרײט —
איז װאו כ׳גײ, באַגלײט װי שומר מיך, דײַן בליק.

כ׳האָב מײַן גורל לאַנג פֿאַר׳קנסט שױן מיט דײַן גאַנג,
אומעטיקער װאָגלער אױפֿן שליאַך פֿון צער;
זעלן־פּלאָנטער, אומבאַפּרידיקטער פֿאַרלאַנג.

װערט מען אונטעריאָכט צום עצבֿות׳דיקן גזר,
בענקשאַפֿט יוירט פֿון נישט אױסגעזונגענעם געזאַנג —
פֿון דײַן שחרית־ליד ביז דײַן הײַנט־װירװאַר.

**
*

ברוך גאָלדהאַרט

# פון אייגענעם שורש

מיין טאַטע און מיין זיידע: ביידע — מיינע ליכטיקע געשטאַלטן.
איך טראָג זיי לאַנגע יאָרן טיף אין האַרץ ביי מיר באַהאַלטן —
מיט זייער שורשדיקן גלויבן אין  א ח ד
מיט זייער דורותדיקן יידיש־קיום און יסוד;
מיט זייער גורלדיק־באַשערטן גוטס און שלעכץ
מיט זייער פרייד־עקסטאַז; מיט זייער טרער און קרעכץ . . .
מיין טאַטע און מיין זיידע: ביידע — מיינע אוצרות קוואַלן
זכרון דמיון. ריר זיי אָן — זיי וועלן דיר אַנטקעגנקומען. זיך צעשטראַלן־:
מיין טאַטע און מיין זיידע ביידע . . . נאָר לעת עתה
אַט־דאָ זאָל אויפשיינען פאַר מיר מיין טאַטע,

**
*

מיין טאַטע איז געווען אַ איד מיט אַ הייס־קאָכיקן געמיט,
וואָס האָט געמאַכט זיין שטריינגלעך פנים דורכזיכטיק בלייך;
נאָר ס'האָט מיין טאַטע תמיד זיך געהיט —
און ער איז שוין געווען געניט —
ניט לאָזן זיין געמיט זאָל איבערלויפן אין אַ כעס;
ווייל כעס איז דאָך עבודה זרה . . .
מיין טאַטע האָט זיין יצר הרע
אין קייטן איינגעשמידט —
כדי אַליין צו קאָנען אומגיין רואיק, ווייך;
מיין טאַטע האָט געריסן פונם שטן שטיקער גראָבע קאָרע:
דאָס ניט־פאַרגינעריי, די פוסטע גאוה, און דעם האָס; —
מיין טאַטע האָט דערפאַר געפילט זיך גוט בשעת

ער האָט געקילט זיין בלוט אין בלעטער פונם ש״ס . . .
ניט אַנדערש ווי מיין טאַטע וואָלט געוואָלט דער וואָלף זאָל אויך
זיין זאט — האָט ער פאַרצוקט אַ בלאַט גמרא . . .

מיין טאַטע, אין דעם שטעטעלע פּיאַטער, אוקראַינע —
איך געדיינק אים אין די יונגע יאָרן זיינע,
דהיינו:
אין די דרייסיקער;
מיין טאַטע איז געווען אַ בלאָנדער; בלויע אויגן; וואוקס —
ניט־נידעריק, ניט־הויך.
געהאַט האָט ער אַ קמץ־בערדל, און אַ קנאָפּ אין גאָרגל;
אַ גוף אַ דאַרן, קנאַכיקן, מיט פייער, ליידנשאַפט אין די רמ״ח;
(מיין טאַטע איז געווען כסדר אין זיין פרומקייט — אויף דער וואָך:
דאָס פייער זאָל זיך אויסלאָזן צו הויכן רויך . . . )

מיין טאַטע — יאָ, געדיינק איך אים נאָך גאָר אַיונגן; אין די דרייסיקער.
געווען איז ער אַ דאַוונער און אַ לערנער גאָר אַ פלייסיקער;
און אויסער וואָס געלערנט און געדאַוונט,
אין דקדוק איז ער אויך געווען באַהאַוונט;
די ווערטער אין זיין מויל — פון תפילה, צי פון גמרא,
זיי האָבן זיך געקייקלט ווי אַ קוואַלכל לויטערע און קלאָרע;
מיין טאַטע האָט געדאַוונט און געלערנט מיט אַ ניגון
אַזאַ וואָס האָט געקענט אַ קינד פאַרוויגן;
אַ ניגון זיס און כישופדיק ווי טענער פון אַ אָרגל . . .

מיין טאַטע איז געווען אַ מלמד — איינער פון די בעסטע אינם שטעטל,
געלערנט האָט ער: חומש, רש״י, און גמרא — אַ כזית;
די קינדער — די תלמידים זיינע . פּירות איינס און איינס. אַ ציכטיק צעטל.
ס׳איז פול געווען דאָס הויז מיט פרייליעכקייט, אַיעדער תלמיד אַ בן בית.

נאָר פרייליעכקייט איז לאַנג מיין טאַטן ניט געווען באַשערט:
דער טאַטע איז געוואָרן יונג פאַר׳אַלמנ׳ט פון דער מאַמען;
דאָס אומגליק איז געקומען אומגעריכט, און האָט דעם טאַטנ׳ס
אָרים גליק צעשטערט,
אין בלויז געציילטע טעג איז מאַמע׳ס לעבן אויסגערונען,
און האָט אויפגעהערט;
אַ שטאַרקער בלוט־פאַרלוסט האָט אויסגעלאָשן אירע יונגע יאָרן; —
קיין דאָקטאָר איז אין שטעטל ניט געווען . . . איז זי געווען פאַרלאָרן.

— געלאָזט האָט זי דעם טאַטן: פיר יתומים קליינע, און אַ גרויסן טרויער;
אַט־פונקט ווי אים וואָלט זי געהייסן שטיין ביים ברייטן לעבנס־טויער,
און זי אַליין: אַריבער אַלע צאַמען, יעדן פּלויט,
וואָלט זיך אַוועקגעשאַרט שפּאַצירן מיטן טויט,
און זיך מיט אים אויף אייביק שוין פאַרזאַמען . . .

דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען ביי אונדז אין שטוב, באַוויינען
יאַנקל'ס יונגע ווייב,
און צווישן אַלעמען: די אַלטע טאַטע־מאַמע, און די שווער־און־שוויגער
פון דער מאַמען; — — —
צי קען דער גורל זיין נאָך שווערער פאַר אַ פרומען אידן, פאַר אַ מאמין?
ס'האָט יאַנקל מיטאַמאָל דערפילט: פון ברכה איז געבליבן — בראָך.
אַזאַ מין,
ווי עמיצער וואָלט אים אַליין אַן אבר אָפּגעשניטן פונם לייב . .
און אין דער וואונד אַריינגעטריפט אַ גיפט, כדי זיין לעבן צו פאַר'סמ'ען . . .

**
*

די מאַמע — מיין זכרון האָט ניט קיין שום בילד פון איר געשטאַלט:
צו קליין בין איך געווען — נאָך פאַר די זיבן,
ווען כ'בין דאָס עלצטע קינד, אַן איר געבליבן: —
מיין דמיון בלויז דערציילט מיר, אַז די מאַמע האָט געשטראַלט
מיט וואונדערלעכע מידות פון איר איידעלער זעל:
אַז שטענדיק האָט זי זיך געהאַלטן ווי אין שאָטן,
כדי דאָס ליכט זאָל פאַלן אויפן טאַטן מערער;
אַז שיחת חולין פונם טאַטן, איז פאַר איר געווען געבאָטן:
אַז פאַר דעם טאַטנ'ס יעדן טראָט איז זי געווען אַ שוועל,
דעם עול פון הויזגעזינד האָט זי געטראָגן שווערער . . .

**
*

דער טאַטע האָט זיך אומגעענדערט אומגעהויער.
צו מאָלן עס דאַ בולט'ער, גענויער:
זיין גוף איז נאָך געוואָרן דינער, דאַרער;
די הימל בלויע אויגן אַנגעשעפּטע; אַנגעטרונקען
מיט ביטער־האַרבער שיין
פון טיפע קוואַלן פּיין.
און אָפּטמאָל ווי מרחקים־וויט פאַרזונקען
אין אַן אַנדער זיין.

פון עפּעס גאָר אַ וועלט אַ פרעמדער, אַ ניט־היגער . . .
אַמאָל האָט זיך געדאַכט :עס ברילט אין טאַטן ווי אַ טיגער,
דער בליק אַ ווילד־פאַרהאַרטעוועטער ,שטייפער ,שטאַרער . . .

**
*

ס'איז שבת אין מיין שטעטעלע פּיאַטער, ווי איבער גאָרער וועלט.
דער מלאך שלום מיט זיין שוועסטער שלוה וואכן איבער יעדן יידנס הויז;
און יידן גייען שוין אַהיים, פון שול, פון בית המדרש, און פון קלויז —
ס'איז ווינטער: ברענענדיקער פראָסט. נאָר שבת־וואַרימקייט פאַרהילט
פון קעלט
אויף זייער גאַנג — די אידן,
וואָס גייען זיך אַזוי געלאַסן. און צופרידן
וואָס־שטאַמען שטאַמט מען, לויב זיין ליבן נאָמען,
אַפילו ניט פון שיינעם י פ ת ׳ זאָמען;
אַודאי ניט פון גראָבן חם —
חלילה ניט פון זיינס אַ זאָם . . .
נאָר דוקא בלויז פון שם,
דעם ערשטן זון אָט־דעם
פון נח'ן, וואָס איז געווען אַ צדיקסאַן אין זיינע דורות,
און וואָס דערפאַר האָט ער געפונען גנאָד אין אויגן בוראַ'ס,
אַז ער זאָל שפּאָרן אים מיט אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט — פון מבול
וואָס האָט דורך פערציק טעג און נעכט פאַרפלייצט דעם גאַנצן מיזעראַבעלן
באַשאַף דעם לייביקן, וואָס האָט אין זינד צעשטערט זיין געטלעך־רייכן
פורעם
און אָנגעטראָגן אויף דער ערד אַזאַ פאַרוויסטנדיקן וואַסער־שטורעם.

ס'איז פרייטיק אויפדערנאַכט. צוויי באָבעס ביי די אייניקלעך יתומים,
וואַרטן שוין פון לאַנג
אויף זייערע דריי מאַנסבילן; שוין צייט צו הערן קידוש;
און ס'איז דאָך טאַקע שוין אַזאַ מין גרויסער חידוש
וואָס ניט מע זעט, און ניט מע הערט זיי קומען;
די באָבעס זיינען שוין געוואָרן אומרואיק, און זאָרגן זיך גענומען:
וואָס קען דאָס זיין? וואָס האָט זיי אָפּגעהאַלטן דען אויף זייער גאַנג?
אַ, הייליקער באַשעפער, האַר פון אַלע וועלטן!
צי האָסטו אונדז נאָך קאַרג געטאָן פאַרשעלטן?
האָסט צוגענומען אונדזער קינד — פאַר וועלכע זינד?
איז וואָסזשע ווילסטו נאָך פון אונדז אַצינד?

באַשיץ די מאַנסבילן אונדזערע פון אַלעם שלעכטן,
און ברענג זיי היינט אַהיים — ווי נעכטן.

**
*

צי דאַרפן זיידעס צוויי דען אַפּהיטן אַ גרויסן איידעם — זון.
ווי ער וואָלט נאָך אַ קינד געווען?
דער זיידע מאיר און דער זיידע אַהרון האָבן טאַקע ניט געטראַכט דערפון —
אָט האָבן זיי דאָך יאַנקלען דאָ געזען:
ער גייט אַ שווייגנדיקער — ווי אַ שאָטן דאָ מיט זיי,
פאַרוויקלט אין זיין אַבלדיקייט, אין זיין וויי; —
נאָר יאַנקל פילט ביי זיך אין אינגעווייד אַן אומרו הויבט אָן גליען,
ער קוקט זיך אום אַהין, אַהער, און עפּעס טוט אים ערגעץ ציען . . .
סע שרייט אין אים אַ קול פון ווייט און רופט אים אָן ביים נאָמען:
דאָס קול ווערט שוואַך און זינקט אַרונטער אין די טיפסטע תהום׳ען . . .
און יאַנקל האָט דערפילט אַ ברי אין אַלע זיינע אברים מיט אַמאָל;
און האָט גענומען יאָגן זיך און טראָגן זיך צום זינקענדיקן קול . .

דער יונגער זיידע אהרון האָט אָוועקגעשיקט דעם זקן,
זיין מחותן מאירן אַהיים.
און ער, דער זיידע אהרון, האָט מיט שרעק אין טונקעלן געהיים,
געלאָזט זיך זוכן יאַנקלען: — יאַנקל איז זיין זון דער בכור,
און יאַנקל איז געווען נאָך קינדווייז אַ פאַרחלומטער ביז גאָר . . .
און איצטער אַז דאָס גרויסע אומגליק האָט זיין לעבן שטאַרק צעריסן,
איז וואָס מיט אים, מיט יאַנקלען טוט זיך — ווער קאָן וויסן? . . .
נאָר ווי האָט ער געקאָנט אַוועק אין אין כהרף עין? —
אַ פּחד האָט דעם זיידן אָנגעכאַפּט! — ער האָט זיך איינגעהאַלטן
ניט צו שרייען . . .
ער קריכט אין טיפן שניי און פילט די אויגן ביי אים טרערן:
הפּנים ווען אַ מלאך קומט זיך באַרען, קאָן זיך יעקב
קעגן אים ניט ווערן . . .

דער זיידע האָט אַ טראַכט געטאָן . . . האָט אָנגעקלאַפּט ביים שמש
אין דער טיר,
דער שמש, שלום איצי, האָט גענומען שטאַמלען: "ר׳ אהרן . . .
ר׳ אהרן . . . "
— "נו ,שלום איצי, מאַך קיין טומל ניט . . . נאָר קום מיט מיר!

מיר דאַרפֿן ערגעץ צוגיין . . . פֿרעג ניט איצט . . . און זאָל דיך
גאָרניט אַרן ! ״ . . .
און שלום איצי האָט געכאַפּט דעם פּעלץ, אים אָנגעטאָן אויף גיך; —
די שלום איציכע האָט אַלצדינג צוגעזעען און ניט אויסגערעדט
קיין וואָרט . . .
אינדרויסן מאַכט דער זיידע: ״שלום איצי, האַלט דעם סוד ביי זיך
און איצטער קום! מיר גייען אָט אַהינצו . . . אויפֿן הייליק אָרט . . . ״

עס איז געטריי געווען דעם זיידנ׳ס חוש — אין אָרט, אין צייט
דער זיידע אהרון איז געווען אַ וואַלד־מענטש אַלע זיינע יאָרן;
ס׳האָט וואַלד געלערנט אים צו קאָנען שפּירן פֿון דער ווייט,
און וואַלד האָט אויך געלערנט אים אין שרעק ניט זיין פֿאַרלאָרן . . . —

דער זיידע מיט דער הילף פֿון שלום איצין האָט געבראַכט צוטראָגן
דעם טאַטן קוים אַ לעבעדיקן, האַלב־פֿאַרפֿרוירן אין זיין יעדן אבר; —
נאָר שפּעטער האָט דער טאַטע ניט געוואָוסט פֿון וואָס צו זאָגן,
ער האָט געמיינט: אין חלום בלויז איז ער געווען ביי מאַמעס קבר . . .
דער טאַטע האָט געוואָוסט אַז חילול שבת איז ער דאָך באַגאַנגען,
בשוגג ווי במזיד; ער אַליין מוז אויסגלייכן זיין קרומען טראָט;
האָט ער געפֿאַסט תעניתים; איז אין מקוה טובל׳ען זיך געגאַנגען,
אין תפֿילה און אין תשובה ריינגעוואַשן זיך פֿאַר גאָט.

נאָר אויפֿן טאַטנ׳ס פּנים האָט באַוויזן זיך אַ נייער צייכן,
אַ שאלה־צייכן: ווי דער טאַטע וואָלט געהאַלטן אין איין פֿרעגן :
״פֿאַרוואָס, אַ גאָט פֿאַרוואָס?״ — און ניט געקאָנט קיין ענטפֿער גרייכן,
ווייל גאָט וועט ניט אַנטפּלעקן זיינע סודות בלויז פֿון טאַטנ׳ס וועגן . . .
דער טאַטע האָט גענומען שרעקן זיך פֿאַר זיך אַליין: וואָס וויל ער?
ער קאָן חלילה ווי אַמאָל אלישע בן אבויה — א ח ר ווערן . . .
ביי דעם געדאַנק, האָט ער אויס פּחד אָנגעהויבן טראַכטן שטילער,
ווי אימיצער וואָלט הינטער אים געשטאַנען — זיין מחשבה הערן . . .

אַ איד פֿון תּפֿילה און פֿון תּורה טאָר דעם ס״ם קיין פּתחון פּה ניט געבן.
דער טויט איז אייביק גאָט׳ס אַ סוד און אויך אַזוי דאָס לעבן;
יאָ וואָרהאַפֿטיק, ס׳איז טויט און לעבן — אין רשות פֿון גאָט; —
דעם מענטשנ׳ס קלערן
האָט ביז אַצינד נאָך ניט געפֿונען קיין באַשייד צו דער מיסטעריע;
ס׳איז גאָט דער הערשער פֿון דער וועלט, פֿון זיין און ווערן.
דער מענטש מיט אַלע זיינע וויזהייטן איז ניט קיין גרויסער בריה . . .

"ס'האָט גאָט געגעבן און ס'האָט גאָט גענומען". — האָט דען איוב
ניט אומזיסט געצאַרנט?
השגחה האַלט דעם לוח: זי האָט איטלעכן זיין טאָג —
מיט פּלאָג באַוואָרנט.

דער טאַטע טראַכט: אַ מענטשנ'ס יאָרן זיינען ווי אַ פליהענדיקער חלום,
איז דאַרף מען מיטן בייזן גורל דעם באַשערטן, מאַכן שלום.
דעם טאַטנ'ס קינדער — די תלמידים, האָבן מיטגעלעבט מיט אים זיין וויי,
די יונגע רבי'צין האָט גרינג זיך ליב געמאַכט ביי יעדערן פון זיי;
דער טאַטע האָט ווי פריער אָנגעפירט זיין חדר — זיין פּת במלח,
נאָר ס'איז קיין חדוה אינם קנעלן ניט געווען; דער ניגון —

אומעטיק פּאַמעלעך;
דער טרויער האָט זיך טיף באַזעצט אין טאַטנ'ס האַרץ, אין רעיון,
ער האָט דעם טאַטן אויך ניט אָפּגעלאָזט ביי רבא'ן מיט אביי'ן . . .
דעם טאַטנ'ס טאַטע־מאַמע האָבן זייער זון באַטראַכט מיט גרויסן צער
און ניט געוואוסט, ווי מאַכט מען אים דאָס האַרץ אַביסל גרינגער;
די אַלטע שווער־און־שוויגער זיינען ווי געוואָרן איינגעשרומפּן

— פון דעם גזר
און האָבן יעדע רגע איבער זיך אַליין געפילט גאָט'ס רופנדיקן פינגער . . .
די יונגע באָבע האָט די אייניקלעך יתומים צוגעזען.
געפירט דעם טאַטנס שטוב.
און זיך מיט טרערן בלוטיקע באַוואַשן, וואָס די מאַמע ליגט אין גרוב.

דער טאַטע האָט אַליין געזוכט אַ תרופה צו זיין טרויער,
און ער האָט אָנגעהויבן שבת זיך אַריינטאָן אינם זוהר;
דער טאַטע קומט אַריין און זאָגט "גוט־שבת" מיט פאַרגלייזטע
בלויע בליקן,
ער גאַרטלט זיך אַרום מיט רו און הייליקייט, ער פאַנצערט זיך מיט תיקון

תא חזי ביומא דשבתא. — — —
מיט אַ ניגון אַן אצילות'דיקן זינגט דער טאַטע.

דער זוהר איז אַ פּרדס, פול מיט סודות שטעגן וואונדער־וועגן פון יצירה.
דער געניוס פונם פאָלק האָט איינגעהילט אי פרייד, אי צער
אין קלייד פון שירה;
דער זוהר איז אַ גאָרטן, וואו עס וואַקסן דופטיקע תפוחין פון בטחון
פאַר יענע זעלן וואָס ווי קוואַלן קוועלן זיי, פון אונטער שווערסטע יאָכן;

דער זוהר — אַ גן־עדן פאַר די אויסדערוויילטע, וואָס דערשפּירן אויך
אין נגלה — טמירין;
אַז וואויל צו זיי: זיי קאָנען זייער וואָר די וואונדיקסטע מיט וואונדער־טרויס
באַצירן . . .
נאָר דורכצוגיין דעם טויער, איז מען ראוי בלויז מיט לויטער־דינעם
טרויער,
געזאַמלט און געפּעסטיקט מיטן פאָלק, פון דורות׳דיקן דויער . . .

דער זוהר־הימל — אויסגעשטערנט מיט רב׳ שמעון בן יוחאי
יוסף קארו; דער אַרי הקדוש,
און איטלעכער פון זיי איז פונם פאָלק׳ס רעזערוואואַר — אַ מלא וגדוש
מיט ליכט פון חכמה און מיט שיין פון טרייסט, ביז אַחרית׳דיקע צייטן,
ווען ס׳וועט משיח קומען; — עני על חמור וועט רייטן;
און קומען וועט דער יום שכולו שבת און די וועלט באַפרייען,
דער יום שכולו שבת, ווען דעם יחיד׳ס לעבן וועט זיך אויך באַנייען . . .

— ״תא חזי בשתא יומי דשבתא״ — —
אין פרדס ציט זיך תאוה׳דיק אַריין דער טאַטע . . .
די דינע פינגער זיינע קלאַמערן זיך צווישן גאַרטל און קאַפּאָטע,
ער מאַכט נענועים אימפּולסיווע, קאָנוואולסיווע — מעלה מטה;
נשמה, גוף: זיי לויפן נאָכן רוף פון ערדיש־הימלישע באַגערן
דער חומר מיטן רוח ווערן איינס — אין ספירה׳לאָזע ספערן . . .
און טענער גיסן זיך פון טאַטנ׳ס האַלדז, אַזוינע געטליך־זיסע —
דער טאַטע איז זיך הייס מתדבק מיט דער שבתדיקער מטרוניתא . . .

**
*

צוויי חלות ליגן מאַט־פאַר׳חלש׳טע: זיי וואַרטן אויפן עונג־שנים
פון מעסער. —
דעם טאַטנ׳ס עונש גייט ערשט אויף; צעוואַקסט זיך גרויס און גרעסער . . .
פון פלעשל ווייז בליצט דער רויטער פיין. געטרייסט זיין
דורכן ״קידוש״ —
אַ, זייער ביטער איז דעם טאַטן: שטיקנדיק אין זיך זיין בראָך
— יחידיש . . .
אַ שטילקייט איינגעהאַלטענע פאַרקלייבט זיך אינם האַלדז
ווי בייזע פּגע,
דער גאַרגל וואַרגט זיך, ווי ער וואָלט געפילט אַ חלף איבער זיך, אַ רגע . . .
נאָר מיט אַמאָל צעהילכט זיך טאַטנ׳ס קול, צעציקלט זיך אַלץ העכער.

דער טאַטע נעמט בדחילודיק אין רעכטער האַנט אַריין דעם בעכער,
און מיט דער לינקער בויגט ער אויס דאָס פּלעשל ווײַן ביים העלדזל אָפּן —
דער טאַטע האַלט אין זיינע ציטערדיקע הענט פיר יתומדיקע שטראָפן...
ער פּילט סכנותדיק, אַט ווי ער וואַלט געגאַנגען ביי די ראַנדן פון תהומ'ען —
אויף די ליפּן זיינע שטאַרבט בלחש אָפּ דער בורא פּרי הגפן — —
און דאַכט זיך אַז די מאַמע ענטפערט אָפּ פון ערגעץ: אמן...

***

דאָרא טייטלבוים

# לידער

## אומרו

קומט אַ שטורם אָפּט צום וואַלד
און זיין טרוים זיין גרינעם שפּאַלט,
צעמישט די בלעטער און פאַרשווינדט,
און ווידער וואַלד זיין רו געפינט.

נאָר מיך לאָזט שטורעם גאָרניט אָפּ,
סיי באַרג אַרויף, סיי באַרג אַראָפּ.
סיי מיין אומעט, סיי מיין פרייד
איז מיט שטורעם, מיט אייביקן באַגלייט.

פאָרט אַ באַן אויף די רעלסן אין געאייל.
שטעלט זיך אָפּ אין סטאַנציעס אויף אַ וויל,
און איך פאָר נאָך גיכער פון דער באַן,
נאָר קיין סטאַנציע איז אין מיין האַרצן ניט פאַראַן.

די צייט, ווי די באַן, די איילנדיקע פאָרט,
נאָר זי האָט קיין סטאַנציע און קיין פאָרט,

און ניט קיין פענצטער און ניט קיין טירן
פאַר די מידע פאַסאַזשירן.

טראָגט מיך שטורמישער געברויז,
עס לויפט די באַן און איך פאַרויס
איבער דערפער איבער שטעט
און הערט ניט מיין צעווייטיקטן געבעט:

שטורעם, שטורעם, לאָז מיך לאָז,
זיין אַ קווייט, אַ בוים, אַ גראָז
און חלומ׳ען אינמיטן פעלד
און פאַרגעסן אויף אַ רגע כאָטש די וועלט.

שטורעם, שטורעם לאָז צורו,
כאָטש ביינאַכט ווען כ׳מאַך די אויגן מיינע צו.
שטורעם, שטורעם לאז מיך אָפּ,
ווען כ׳ליג געבונדן, ווי אַ סנאָפּ

נאָר ס׳טראָגט מיך שטורעם נאָך פון וויגל,
ניט אויף רעדער און ניט אויפ פליגל,
נאָר אויף די אַקסלען פון די יאָרן.
אויפן וועג פון זומפּ און דאָרן.

## כ׳האָב אַזויפיל לידער נאָך ניט אָנגעשריבן

כ׳האָב אַזויפיל לידער נאָך ניט אָנגעשריבן
פון דעם היינט און פון אַמאָל.
כ׳האָב אַזויפיל פערל נאָך ניט אויפגעקליבן
אין די גערטנער פון מיין פאָלק.

ס׳איז לויטער ליד פאַר מיר די וועלט.
אַ ווערטער־וואַלד מיין מוטער שפּראַך,
נאָר צו יעדער וואָך אַ טאָג מיר פעלט
און צו יעדן טאָג — אַ נאַכט.

לידער, לידער — רייפע בינטלעך טרויבן
קוקן פון יאַרן־סאַד אויף מיר
עס רופן לידער, ווי פייגל אין די שויבן.
עס קלאַפן לידער ווי בעטלער אין מיין טיר.

עס וועקט אַ ליד מיך אויף יעדן באַגינען.
עס וועקט אַ ליד מיך אויף אינמיטן נאַכט:
און רינגלען מיך אַרום ווי אַ בלום די בינען
און מאַנען אַ היים, און מאַנען אַ דאַך.

דער טאָג פאַרגייט, די לידער בלייבן,
איך זאָג זיי צו און שווער:
איך וועל שרייבן, איך וועל שרייבן
ביז ס׳וועט מיין האַרץ ניט קלאַפן מער.

## כ׳שטיי אויף יעדן אינדערפרי

כ׳שטיי אויף יעדן אינדערפרי
און איך צי זיך און איך צי,
ווי צו דער זון אַ בלימל,
ווי העלער טאָג צום הימל.

כ׳זוך און זוך דיך אומעטום,
ווי אַ בין אין פעלד די בלום ,
ווי פאַרבלאָנדזשעטע דעם וועג,
ווי אַ שיף ביינאַכט דעם ברעג.

כ׳שטיי אויף יעדן אינדערפרי
אין פריש פרילינגדיק געבלי
און וויל אויף דיר פאַרפלעכטען
מיין בענקשאַפט נאָך פון נעכטן.

איך וויל אויף דיר פאַרקריצן
די ניט געבליצטע בליצן,
וואָס רייסן זיך און ווילן
זאָלסט זייער שרפה שטילן.

כ׳שטײ אױף יעדן אינדערפרי
און איך צי זיך און איך צי
צו די ברעגן פון באַגינען
און קען דיך ניט געפינען.

ס׳קלאַפּט אין שויב אַ שוואַרצע קראָ
און זאָגט מיר אַז דו ביסט ניטאָ.
און קראַקעט אויס דרײַ מאָל קרא
און ווידער שטיל און ווידער שאַ.

איך וואָלט די קראָ דערוואָרגן
בײַנאַכט מיטן פרימאָרגן
און אײַנשלאָפן אויף טויזנט יאָר,
ביז דו וועסט ווידער ווערן וואר.

## ליג אַזוי און ליג

ליג אַזוי און ליג
אין מײַן ליבשאַפט וויג.
דײַן אָטעם — שטאַרקער ווײַן.
איך זאַפּ, איך זאַפּ אים אײַן.

בויג דײַן קאָפּ צו מײַנעם צו
איך וויל אין דיר געפינען רו:
איך וויל אין דיר ווערן אויס
שטורמישער געברויז

גרינע אַגרעסן — דײַן בליק,
איך — — אַ גרינע לאַנקע־וויג.
כ׳וועל דיך וויגן און פאַרוויגן
מיט מײַן שענסטן ניגון.

הערסט אַ ווילד געוואוי?
דאָס וויינט מײַן האַרץ אַזוי.
ס׳וויינט דאָרט אינדערשטיל,
ווער ווייסט וואָס עס וויל.

ליג דיין קאָפּ אויף מיר אַוועק,
שטילערהייד מיין מיין האַרץ זיך פרעג,
אפשר וועט ער פּאָרט דיר זאָגן,
ווען ס׳וועט מער ניט קלאָגן.

ליג אַזוי און ליג,
אין מיין ליבשאַפט־וויג.
דיין אָטעם — שטאַרקער ווין.
איך זאַפּ, איך זאַפּ אים איין.

## אַ טאָג איז געשטאָרבן

אַ טאָג איז געשטאָרבן, אַ טאָג איז אַוועק.
דער הימל ווערט גרויער און גרויער.
איך ליג און טראַכט ביים טייכיקן ברעג.
אַ ניגון אַן אַלטער ציטערט אין אויער.

דער הימל האָט זיין מאַנטל, זיין בלאָען צעריסן
און צו דער ערד זיך אַלץ נענטער גערוקט.
אַ באַרג־קייט מיט ציין, מיט שאַרפע ווי שפּיזן
האָט די זון, די העלע געכאַפּט און פאַרצוקט.

קלאָגט זיך דאָס טייכל צו פאַרנאַכטיקער וויט.
לאַכן די בערג — פאַרבלוטיקטע חיות:
פול איז מיט זונען די מאַמע צייט,
זי וועט מאָרגן אַ זון אונדז געבערן אַ נייע.

אַ טאָג איז געשטאָרבן, אַ טאָג איז אַוועק.
וויינט דער הימל מיט גאָלדענע טרערן,
וויינט און באַוויינט די געשטאָרבענע טעג,
מיינען אַלע, אַז דאָס זיינען שטערן.

עס סוד׳ן זיך גראָזן, געהיימניספול שטיל.
אַ ליענטע, אַ שוואַרצע — דער זאַמדיקער וועג .
דאָס האַרץ אַ פרעג טאָן ביי עמעצן וויל:
וועמעס טאָג איז געשטאָרבן? וועמעס טאָג איז אַוועק.

די צייט איז מיט טעג, מיט צייללאָזע רייך,
ווי מיט זאַמדן, מיליאָסיקע דער ברעג,
ווי מיט טראָפּנס, מיט קרישטאָלענע, דער טייך,
קליין איז נאָר מיין לעבן פאַרמעג.

כ׳ווייס וויפל נעכטנס, וויפל טויטע איך פאַרמאָג,
נאָר ניט וויפל מאָרגנס עס וואַרטן אויף מיר,
ס׳קאָן זיין אַז טויזנט, ס׳קאָן זיין אַ שאָק.
ס׳קאָן זיין אַז בלויז אַ צוויי דריי פיר.

אַ טאָג איז געשטאָרבן, אַ טאָג איז אַוועק.
און איך האָב אָן אוצר פאַרלאָרן.
קלענער איז היינט מיין טעג־פאַרמעג,
כ׳בין אָרעמער היינט פון נעכטן געוואָרן.

# אַ חלום

איך בין געגאַנגען און געגאַנגען אין פאַרנעפּלטן היפּנאָז
איבער בערג, איבער טאָלן, איבער פּוכיקן גראָז.
ס׳האָבן פיס מיך, ווי באַנען אַלץ ווייטער געטראָגן,
די נאַכט איז פאַרשוואונדן, דערזען כ׳האָב דאָס טאָגן.

אין נעסטן זיינען פייגל פון שלאָף אויפגעשטאַנען.
פויערטעס האָבן מילך געטראָגן אין קאַנען.
אויפן הימל איז די זון, ווי אַפּאָן, ווי אַ קופּערנע געהאַנגען
און איך בין אַלץ ווייטער און ווייטער געגאַנגען.

אויף צווייגן האָט אַ וועווערקע, אַ פלינקע געקלעטערט
און ווי אַ בוך דעם בוים, דעם גרינעם געבלעטערט.
ס׳האָבן זיך פייגל פון ווייטן איבער אַ וואָרעם געקריגט
און דער ווינט האָט צום טאַקט די לאָנקע, די גרינע געוויגט.

ס׳האָט זיך מיר צום פעלד אַ פאַל טאָן פאַרגלוסט
און די גראָזן, די גרינע אַ דריקטאָן צום ברוסט,
דעם טוי, דעם פרישן אויף מיין פּנים דערפילן,
נאָר ס׳טראָגן די פיס מיך קעגן מיין ווילן.

עס ציט זיך דער וועג — אַ גאָלדענע קייט,
מיט בלומען מיט העלע, אַ בייט נאָך אַ בייט.
איך וויל זיי די קווייטן, איך וויל כאָטש אַ פּאָר
פאַרפלעכטן, ווי סטענגעס אין מיינע צעזוניקטע האָר.

איך צי זיך און צי זיך צום בלומיגן גאָלד.
איך האָב כאָטש איין בלימל אַ פליק טאָן געוואָלט,
נאָר כ׳קאָן ניט קיין צוויג קיין איינע דערלאַנגען,
איך פאַל צו צום בוים, ווי אַ בין צו בולם.

באָלד איז אַ בוים מיר געקומען אַנטקעגן,
די הענט צום בוים זיך שטרעקן און שטרעקן,
נאָר כ׳קאָן ניט ניט קיין צוויג, קיין איינע דערלאַנגען,
די צווייגן וואָס זיינען מיט פלוימען באַהאַנגען.

איך פאַל צו צום בוים ווי אַ בין צו אַ בלום.
איך נעגל זיך איין און נעם אים אַרום.
נאָר איך קאָן ניט דערלאַנגען קיין איינציקע פלוים
עס טראָגן די פיס מיך בייגאַנד מיטן בוים.

שווער איז דער בוים און די הענט טוען וויי,
די פלוימען, די פלוימען, עס ציט מיך צו זיי.
איך קאָן ניט דערלאַנגען קיין איינציקע פלוים
צענעם איך די אָרעמס און לאָז אָפּ דעם בוים

געיאָגט האָבן פיס זיך אין אַ ווילדן געיעג
ביז אַ טייך האָט אויף צווייען צעשניטן דעם וועג.
עס ציט מיך צום טייך, עס ציט מיך צו אים,
איך וויל זיך אַ וואַרף טאָן און כאַפּן אַ שווים.

אויפן טייך שווימען לילִיעס, ווייסע אין צווייט.
עס בלייבן די פיס צום ברעג צום גרינעם געשמידט.
שטיל איז אַרום. איך הער ניט קיין ריר.
די שטאָט און דער דאָרף איז ווייט הינטער מיר.

פלוצים אַ שרויף, אַ סקריפּ און אַ דריי
פון קאָפּ און פון גוף געוואָרן איז "צוויי".

דער קאָפּ פאַלט צום גראָז צום גרינעם אַראָפּ
און דער גוף צום טייכל גיט זיך אַ לאָז.

איך הער, ווי ער לייגט אויף די כוואַליעס אַ קלאַפּטער.
איך הער און איך זע און איך קוק אַ פאַרגאַפטע.
איך קוק און איך זע און איך פיל און איך הער.
איך בין נאָר אַ קאָפּ , אַ קאָפּ און ניט מער,

איך הער און איך זע, איך שריי און איך רוף
ביז ס'ענטפערט אויף יענער זייט טייך מיר דער גוף:
גיי זיך קאָפּ צו אַלע שוואַרציאָרן,
דו ביסט מיר אַ שטיין אויף די אַקסלען געוואָרן.

איך וויל דיך ניט מער, איך פּאָלג דיך ניט מער.
האָסט שטענדיק מיט מוסער מיין הונגער גענערט.
גיי דיר קאָפּ מיט דיין חכמה פאַרמעג
און איך וועל זיך גיין מיין אייגענעם וועג.

דער גוף איז אַוועק, נאָר איך בין געבליבן.
אַ דורשט האָט צום טייכל צום קלאָרן געטריבן
איך גיב זיך אַצי, איך גיב זיך אַ ריס,
נאָר איך האָב ניט קיין הענט און האָב ניט קיין פיס.

איך קוק און איך זע, איך פיל און איך הער,
איך בין נאָר אַ קאָפּ, אַ קאָפּ און ניט מער.
וואָס טייכל, ווען טייכל, איך גיב זיך קיין ריר.
איך הער, ווי עס לאַכן די כוואַליעס פון מיר.

אַ פליג האָט געשטעלט זיך אויף סאַמע שפּיץ נאָז,
איך וויל זי פאַרטרייבן און האָב ניט מיט וואָס.
אַ שטויב איז אַריין און געבליבן אין אויג,
עס ברענט און עס בריט, ווי זודיקער לויג.

אַ בין קומט אַנטקעגן איך פיל שוין דעם ביס.
איך קאָן ניט אַנטלויפן, איך האָב ניט קיין פיס.
איך קאָן זיך ניט רירן, איך קאָן זיך ניט ווערן,
איך ליג אויפן ברעג און באַגיס זיך מיט טרערן . . .

וואָס טויגן די טרערן אַז ס׳זעט זיי ניט קיינער.
זיי פֿאַלן אויף גראָזן, אויף זאַמדן, אויף שטיינער.
זיי פֿאַלן און פֿאַלן, ווי האַרבסטיקער רעגן
און קאָנען אַפֿילו די פֿליג ניט דערשרעקן.

ס׳זיינען שעה׳ן געקומען, ס׳זיינען שעה׳ן אַוועק
און איך בין געלעגן ביים טייכיקן ברעג.
איך בין געלעגן און מיט טרערן געגאָסן
און געוואָשן די ערד און געוואָשן די גראָזן.

פֿון טרערן איז אַ שטראָם, אַ שטילער געוואָרן
און טראָגט מיך צום טייכל, צום טייכל דעם קלאָרן.
איך שווים מיטן שטראָם. איך שווים און איך שווים
עס טראָגט זיך אויף כוואַליעס מיין ביטערע שטים.

עס שווייגן די כוואַליעס, כאָטש ס׳דאַכט זיך, זיי הערן
מיין וויינען, מיין קלאָגן, מיין טרויער מיין שווערן.
איך רעד צו די בלעטער וואָס שווימען פֿאַרביי.
איך רעד אין דער שטיל. איך ליאַרעם. איך שריי.

איך רעד צו די ווערבעס, וואָס שטייען געבויגן.
איך רעד צו די פֿייגל, וואָס זיינען אין מחנות געפֿלויגן.
איך רעד צו אַ פֿיש, צו אַ גראָז, צו אַ בלימל,
איך רעד צו דער זון, צו דער העלער אין הימל.

אַלץ האָט געשוויגן אין פֿאַרכשופֿטן דרימל,
נאָר די זון האָט געענטפֿערט, די זון אויפֿן הימל:
״וויין ניט מיין קינד, אַ שאָד דיינע טרערן,
ס׳וועט קיינער דיך סיי־ווי ניט זען און ניט הערן.

הויב אויף די אויגן און ווישׁ אָפּ דיין טרער.
איך בין אויך אַ קאָפּ, אַ קאָפּ און ניט מער
איך ברענג טאָג אויף דער וועלט מיט מיין ליכטיקן בליק
און אַליין אין פֿייער אין אַ פֿלאַמיקן ליג.

איך זוך מיין גוף שוין טויזנטער יאָרן,
איך האָב אים ווי דו אויף אַ קרייץ־וועג פֿאַרלאָרן.

איך זוך אים און זוך אים אין יעדער מדינה,
איך קאָן ניט מיין גוף אין ערגעץ געפינען.

איך בין ניט אַליין אין הימלישן שליאַך.
קעפּ זיינען דאָ פאַראַנען אַסך.
אַ קאָפּ איז די לבנה און קעפּ זיינען שטערן,
די טייכן, די ים'ן — זייערע טרערן.

געטריי האָט די לבנה איר קערפּער געדינט.
געפירט אים צו תאווה, געפירט אים צו זינד,
ביז זי איז דער רודער צום ים לוסט געוואָרן
און דעם גוף אין אַ זומפּ, אין אַ טיפן פאַרלאָרן.

אַזוי האָט די זון פאַר מיר זיך געקלאָגט
ביז ס'איז פאַרשוואונדן דער ליכטיקער טאָג.
ס'איז פינצטער געוואָרן. די נאַכט איז געקומען
און איך בין אַלץ ווייטער און ווייטער געשוואומען.

דער טייך האָט צום ים מיך, צום גרויסן געבראַכט.
אויף אים מיך געלאָזן אינמיטן דער נאַכט.
עס גיט מיך דער ים, ווי אַן אָקס אויף די הערנער אַ הויב
איך טראָג זיך אויף כוואַליעס, ווי אין שטורעם אַ שטויב.

באַלד קומט אַ וואַלפיש אַנטקעגן אַ ריז.
איך פיל שוין די ציין, איך פיל שוין דעם ביס.
אַ שיף מיט מענטשן גליטשט זיך פאַרביי
און הערט ניט ווי כ'רוף, און הערט ניט ווי כ'שריי.

ווי האָט מיך די שיף דאָ לאָזן געקאָנט?
דער וואַלפיש, דער וואַלפיש ער איז אַזוי נאָנט,
און איך בין געלעגן און געוואַרט אויפן סוף
ביז ס'האָט מיין זייגער צעריסן דעם שלאָף.

מלך ראוויטש

# מחשבות וועגן קריטיק בכלל און וועגן ליטעראטור קריטיק בפרט

מיט ליבשאַפט און אַכטונג פאַר קאַלטס און פאַר וואַרמס
צו שמואל ניגערן.

— 1 —

זינט די וועלט איז אַ וועלט און אַ ווערק — צי פון דער נאַטור, צי פון גאָט, צי פון וואָס פאַראַ כוח עס זאָל נישט זיין — דרייט זיך אין דער וועלט אַרום דאָס געשפענסט מיטן נאָמען "קריטיק". אַוודאי האָט קריטיק נישט אייביק געהייסן קריטיק, און דאָס איז נישט וויכטיק, וויכטיק איז, אַז זי איז געווען קריטיק. אויך די זון ווייסט נישט, אַז זי הייסט זון, זי ווייסט אפשר אַפילו נישט, אַז זי איז אַ זון — דאָך איז זי עס.

נישט איך וויל און נישט איך קען מסתמא אריינגיין טיף אין די וואָרצלען פון דעם וואָרט קריטיק. אויבנאויפיק איז קלאָר, אַז דאָס וואָרט האָט אַ שייכות צום וואָרט קריטעריאָן, אָדער קריטעריום, וואָס דאָס מיינט אַ מין מאָס צו מעסטן מיט איר כדי ריכטיק און גערעכט אָפּצושאַצן דעם ווערט פון זאַכן און געשעענישן.

אָבער צו וואָס דאַרף מען דאָס? הפנים, אַז עס באַלאַנגט צו דער מענטשליכער און אפילו צו דער געטליכער נאַטור צו קריטיקירן זאַכן און געשעענישן, וואָס קומען איינעם אַנטקעגן. צו וועלן הערן קריטיק וועגן אייגענע זאַכן, וואָס מען מאַכט און געשעענישן, וואָס מען פאַראורזאַכט.

איר וואונדערט זיך זיכער למאי איך האָב געזאָגט, אַז קריטיקירן און קריטיקירט צו ווערן געהערט אויך צו דער געטליכער נאַטור. דאָס איז זייער לייכט צו באַווייזן. איר דאַרפט בלויז אויפמאַכן די סאַמע ערשטע

פּסוקים פון חומש. אָנהויבנדיק מיטן זונטיקדיקן טאָג. דעם ערשטן מאָנטאָג פון וועלט באַשאַפונג, קוקט זיך כביכול כסדר אַרום נאָך אַ קרי־טיקער . . . אָבער קיין קריטיקער איז נישטאָ. האָט כביכול קיין ברירה נישט און ווערט זיין אייגענער קריטיקער. ער לייגט צו צו זיין אייגן ווערק עפּעס אַ, פאַר אונז אומקלאָרן, קריטעריום, און דער רעזולטאַט איז "כי טוב". נאָכן זעקסטן טאָג פּירט כביכול דורך אַ גרינטלעכערע קריטיק — משמעות — ווארום דער רעזולטאַט איז "והנה טוב מאד" — גוט־שבגוט.

קריטיק האָט אַ שייכות צו דער טיפער איינזאַמקייט פון דעם שאַ־פער, וואָס זוכט זיך צו באַפרייען פון דער איינזאַמקייט דורך דעם באַ־וואוסטזיין, אַז אַן אַנדער אויג, חוץ זיינעם, האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין ווערק.

און אפשר האָט עס גאָר אַ שייכות צו דעם, אַז פאַר זיך שאַפט מען נישט גאָרנישט, אין זיך איז דער יחיד, דער אינדיווידועל קאָמפּלעט און פאַר זיך אַליין דאַרף ער גאָר נישט. אויב ער שאַפט איז עס אַלעמאָל פאַר אַנ־דערע .און אויב פאַר אַנדערע — מוז מען הערן די מיינונג פון אָט די אַנ־דערע. קריטיק ווערט אויף אַזאַ אופן דער סטימול צו וויטער־שאַפונג. קרי־טיק האָט, הייסט עס, אַ טיפן זין, אַ מיסיע אין דער וועלט.

און נישט נאָר צו וויטער־שאַפונג דאַרף קריטיק סטימולירן, נאָר אַמאָל אויך צו אַנדערש שאַפן. לאָמיר דאָ געבן אַ לייכטן און פּשוט'ן משל: פאַרהאַנען אַ מאַלער, וואָס מאָלט פיגורן .ער איז אַ קינסטלער, אָבער ער האָט זיך אַזוי צוגעוואוינט צום מאָלן מיט אַ פּענזל, אַז ער האָט אַליין נישט געהאַט קיין צייט צו באַמערקן, אַז אין דער אמתן איז ער אייגנטליך אַ סקולפּטאָר מחמת זיין אויג איז אַזוי באַשאַפן, אַז עס זעט בולטקייטן. קומט דער קריטיקער און ער קריטיקירט און ער מאַכט דערויף אויפמערקזאַם און דער מאַלער ווערט אַ סקולפּטאָר. דער קריטיקער האָט נישט נאָר צו וויטער־שאַפונ סטימולירט, נאָר אויך צו אַנדערש־שאַפונג און ער האָט דערמיט גוט געטון. קריטיק האָט אַ גרויסע שליחות אין דער וועלט. נישט אומזיסט איז זי דאָ אין דער וועלט נאָך איידער דער ערשטער קרי־טיקער, וואָס דאָס איז דאָך דער מענש, איז באַשאַפן געוואָרן.

— 2 —

און לאָמיר וויטער שפּינען אונזער געדאַנק מיטן חומשל אין האַנט.

גאָט האָט באַשפן דאָס וואָס ער האָט באַשאַפן אין די זעקס טעג פון דער באַשאַפונג. מאָנטיק איז אים, ווייזט אויס די שאַפונג זיינע נישט גע־פעלן געוואָרן, אָדער ער איז געוועזן צו מיד נאָכן פונאַנדערשאַרן אַזויפיל הימלען און אַזויפיל וואַסערן און ער האָט זיך נישט אַרוממגעקוקט נאָך קריטיק. אָבער אין די אַנדערע פינף טעג האָט ער עס יאָ געטון. און אַזוי

ווי קיין איבערגעאַט איז נישט געווען און אפילו קיין אונטערגעאַט — נישט, האָט ער אַליין ארויסגעזאָגט זיין קריטישע מיינונג.

פרעגט זיך אַ פראגע: צי וואָלט אַן אונטערגעאַט געהאַט אַ רעכט אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג וועגן דעם ווערק פון גאָט. איבערגעאַט — געוויס. אַ גאָט־חבר — אויך. מחמת זיי ביידע, אויב זיי וואָלטן וועלן, וואָלטן אויך געקענט אַ וועלט באַשאַפן. אָבער מיט וועלכן רעכט מעג אַן אונטערגעאַט אָדער גאָר בלויז דער מענש אַרויסזאָגן קריטיק וועגן דער שאַפונג פון אַ גאָט, אַ שאַפונג וואָס ער קען ניט נאָכמאַכן?

די פראגע איז טאַקע אַ פראַגע, אָבער זי איז זייער לייכט צו פאַר־ענטפערן לויט אונזער מיינונג. און אָט פאַר וואָס? אַז דער שאַפער שאַפט — פאַר וועמען שאַפט ער? אויב ער שאַפט נאָר פאַר געטער פון זיין ס׳גאַל — האָט טאַקע קיין אונטערגעאַט און קיין מענש נישט קיין רעכט זיך אַריינצומישן. טאָמער שאַפט ער אָבער פאַר קלענערע פון אים — האָט שוין דער דאָזיקער קלענערער, אָדער ריכטיקער, אַליין נישט שעפערי־שער אַ רעכט צו קריטיקירן.

און לאָמיר דאָס ווידער קלאָר מאַכן מיט זייער אַ פשוטן משל: אַז עמיצער נייט פאַר מיר אַ מלבוש און ער טוט עס הערליך און שיין און אַן אייגן נוץ —איז אַוודאי גוט. און אויב ער טוט עס אפילו נישט בעמענ־דיק אַ מאָס אויף מיר — איז נאָך אויך שיין פון זיין זייט. אָבער אַז ער קומט מיט דעם מלבוש צו מיר, דערלאַנגט עס מיר מיט אַ קעניגליכער מינע און ער צווינגט מיך עס צו טראָגן הגם עס איז פון איין זייט צו ענג און פון דער אַנדערער זייט צו ברייט פאַר מיר — איז שוין זייער נישט גוט און נישט שיין און איך האָב אַ רעכט צו קריטיקירן און צו שרייען און דאָס גאַנצע מלבוש אים צוריקוואַרפן אין פנים אַריין, און דאָס — נישט געקוקט דערויף — וואָס איך קען נישט נאָר נישט אַליין אויפנייען אַ מל־בוש, נאָר אַפילו נישט אַריינציען אַ פאָדעם אין אַ נאָדל. און אַבי איך טו עס נאָר מיט שכל און מיט באַדאַכט און דער שאַפער איז נישט קיין איינ־געשפּאַרטער באק — קענען פון דעם נאָך גוטע זאַכן אַרויסקומען. ערשטנס קען דאָס ווערק גופא פאַריכט ווערן און צווייטנס וועלן די ווייטערדיקע שוין זיין פאַר מיין מאָס און מיין נוץ.

הכל שוחטין — אַלע מעגן זיין קריטיקער, נאָר זיי מוזן וויסן ווי אַזוי זיך צו באַנוצן מיט דעם דאָזיקן געפערליכן אינסטרומענט — קריטיק. און זיי טאָרן נישט סתם שניידן העלזער. זיי מוזן אין זינען האָבן ביידע. אי דעם שאַפער און אי דעם פאַר וועמען דער שאַפער שאַפט.

— 3 —

אין די דאָזיקע מחשבות גייט אונז בעיקר אָן די ליטעראַטור־קרי־טיק, אָדער די קונסט־קריטיק אין אַלגעמיין.

און כאָטש מיר זענען געקומען צו עטליכע מסקנא'עס, אַז קריטיק איז אַ טיפער ענין, וואָס גייט צוריק ממש צו די ששת ימי בראשית און מיר זיינען ווייטער געקומען צו דער מסקנא, אַז צו קריטיק האָבן אַלע יענע אַ רעכט פאַר וועלכע די געגעבענע ווערק זיינען געשאַפן געוואָרן — לאָזט זיך אָבער דער דאָזיקער קריטעריום נישט אַזוי לייכט אָנווענדן בנוגע ליי־טעראַטור קריטיק בפרט און קונסט־קריטיק בכלל. די נוצלעכקייט פון אַ מלבוש קען טאָקע יעדער מענש באַנעמען, עס איז אַ ריין גשמיותדיקע זאַך, עס איז אויסגעשפּראָכן פאַרן גוף, דערפאַר האָבן מיר געבראַכט לדוגמא דאָס דאָזיקע מגושמדיקע משל.

אָבער קונסט און ליטעראַטור זיינען פאַר דער נשמה בעיקר. און אַ נשמה איז שוין נישט אַזוי לייכט צו מעסטן מיט אַ פּראָסטן אַרשין. די זאַך איז שוין קאָמפּליצירטער, די זאַך איז זייער קאָמפּליצירט.

פאַראַנען קינסטלער, וואָס שאַפן זייערע ווערק מיטן אויסשליסלעכן צוועק צו ווירקן מיט זיי ממש פיזיש און מאַטעריעל, זען באַלד די רע־זולטאַטן. למשל די ערשטע יידישע שרייבער, אַ ישראל אקסענפעלד, אַן אברהם בער גאָטלאָבער. אָבער שוין שלמה עטינגער האָט אַ מאָסע ווערק, וואָס זיינען נישט ווי אַ מלבוש בלויז. (איך רעד נאַטירלעך נישט וועגן די שרייבער וואָס שרייבן צוליב דערפאָלג, צוליב פּרנסה — זיי נעם איך לחלוטין נישט אין באַטראַכט.) אָט די דאָזיקע שרייבער שרייבן אויך צו־ליב אַלטרואיסטישע, אידעאַליסטישע צילן לרוב. אָבער זיי פילן שוין, אַז נישט יעדער וועט זיי קענען פאַרשטיין. פאַראַנען אין דער וועלט אַזאַ זאַך ווי געשמאַק. אינערלעכע אָדער אויסערלעכע צוגרייטונג אויף צו קענען אויפנעמען אַ קונסט־ווערק אין וואָרט אָדער אין בילד.

פאַראַנען אָפילו — ווייזט אויס — אַן אַבסאָלוט קונסט־קריטעריום אין דער וועלט. באַווייז: אויך היינט קענען מיר אונטערשיידן אַ גוט ליד פון אַ שמירעריי — מעגן זיי טויזנטער יאָרן אַלט זיין. אויך היינט נאָך אונטערשיידן מיר אַ גוטע סקולפּטור פון ביליקן קיטש צווישן די עלטסטע אויסגראָבונגען אפילו.

הייסט עס, אַז וואָס שייך קונסט־און־ליטעראַטור־קריטיק קען יע־דער אַרויסזאָגן אַ מיינונג צי ער פּערזענליך פאַרשטייט עס יאָ, אָדער נישט, אָבער נישט יעדער מעג אַ קונסטווערק משפּטן לויט זיין געשמאַק, אויב ער באַזיצט נישט די געטליכע גאָב פון קונסט־קריטעריום אין זיין נשמה.

מוזעס זיינען דאָ ניין לויט אַמאָליקע גריכישע באַגריפן, אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז ליטעראַטור באַלאַנגט צו איין מוזע, האָט אָבער ליטעראַטור אַ סך אונטעראָפּטיילונגען אַזוי־צו־זאָגן. שלום עליכם האָט געמיינט, אַז מאַרק וואַרשאַווסקי איז אַ דיכטערישער געניוס, אָבער מיר איז גאָרנישט באַוואוסט, אַז ער זאָל האָבן געהאַט אַ גרויסע מיינונג וועגן וועלכן נישט איז פון די "יונגע". י. י. זינגער האָט

מיר אַפּט געזאָגט, אַז ער איז ממש טויב צו פּאָעזיע. שרייבט מען קלאָר און דייטלעך אַזוי ווי צוויי־מאָל־צוויי איז מילא, אָבער אַז מען הויבט אָן צו קריכן אין די הימלען, פאַרמאַכט ער באַלד דאָס ביכל. פאַרהאַנען ווי־דער אַנדערע שרייבער — פּאָעטן, וואָס האָבן קיין שום געפילן נישט צו דער מעלפּאָמענע און צו דער טאַליא, די מוזעס פון דער טראַגעדיע און דער קאָמעדיע, צו די טעאַטער מוזעס.

הייסט עס, אַז פון דעם ליטעראַטור־קריטיקער פאָדערט זיך אַסך, גאָר אַסך. סאַידן ער באַגרעניצט זיך צו בלויז איין געביט פון דער ליטע־ראַטור־קריטיק.

אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. אויך די אונטער־אָפּטיילונגען לאָזן זיך נאָך ווייטער ברעקלען. איינער, וואָס קען זייער גרינטלעך פאַרשטיין אַ נאַטוראַליסטישן ראָמאַן, קען זיך נישט קענען אַריינפילן אין אַ פּסיכאָ־לאָגישן ראָמאַן, און איינער וואָס קען זיך זייער גוט אַריינלעבן אין מיסטי־שע לידער איז טויב צו שפּילעוודיקע פאָלקסטימלעכע לידער, מעגן זיי זיין הויך קינסטלעריש.

און דאָס איז נישט געענדיקט — מען קען נאָך ווייטער גיין און ווייטער גיין און ווייטער אַטאָמיזירן. אַ מענטש איז נישט מער ווי אַ מענטש. און אַ קריטיקער אויך. דעם יונגען קריטיקער קען גריילעך געפעלן פענסטער־ברעכערישע ליריק, אָבער אין זיינע עלטערע יאָרן וועט ער די ווערק אָראָפּרייסן. זיי זיינען נישט מער לויט זיין געמיט.

יאָ, דער ענין פון קריטיק אויף ליטעראַרישע ווערק, אויף קונסט־ווערק בכלל, איז קאָמפּליצירט ביז גאָר און גאָר.

אָבער —

די וועלט איז אַ סטאַנדאַרדיזירטע וועלט. זיגזאַגיש איז איר גאַנג און זיגזאַגיש איז איר גערעכטיקייט. און אָבי נאָר עס זעט זיך אָן אַלגע־מיינע ליניע אין אַ געוויסער ריכטונג, אין אַ געוויסער טענדענץ איז שוין גוט.

זיגזאַגיש משפּטן די ריכטער מ מ ש — כאָטש זיי האָבן דאָך אַ קריטעריום פאַר די אויגן, אַ געזעץ בוך מיט פּאַראַגראַפן ממש.

זיגזאַגיש פירן די מלוכה־מענער די מלוכות — כאָטש אויך זיי האָבן אַ קריטעריום פאַר זיך, די קאָנסטיטוציעס פון זייערע לענדער, אויב עס רעדט זיך וועגן לענדער מיט קאָנסטיטוציעס.

ווילט איר, אַז גראַד די קונסט־און ליטעראַטור־קריטיקער זאָלן גיין גלייך פאַר זיך ווי עס פלעגן גיין אַמאָל די טראַמוויי־פערד אויף די שי־נעס?

אָבי עס איז דאָ אַן אַלגעמיינע טענדענץ און זי איז אַ גוטע, אָבי עס איז דאָ אַ ליניע און זי פירט אַרויף — איז גוט. מוז מען אָננעמען פאַר־ליב.

און אויב אַ קריטיקער האָט כאָטש איינמאָל באַוויזן צו אַנאַליזירן און צו קריטיקירן אַ קונסטווערק לויט אַ געוויסן אַלגעמיין אָנגענומענעם קריטעריום און טון עס גרינטלעך — האָט ער זיך דערמיט אויסגעשטעלט אַן אַטעסטאַט אין דער ליטעראַטור־קריטיק. אַוודאי איז גוט אויב ער גיט אָפּ דעם עקזאַמען אין עטליכע ליטעראַטור־געביטן.

— 4 —

און פּונקט ווי אין יעדן ליטעראַטור־געביט זיינען פאַרהאַנען אונ־טער־אָפּטיילונגען, אַזוי זיינען אויך אין דעם ליטעראַטור־געביט ק ר י ־ ט י ק, וואָס איז אין פּרינציפּ נ י ש ט ק י י ן ק י נ ס ט ל ע ר י ש געביט, און עס איז בעסער אַזוי ווייל קונסט איז קאַפּריזנע און קריטיק טאָר עס נישט זיין, פאַרהאַנען אונטעראָפּטיילונגען.

און אָט דאָס זיינען זיי:

א. אינפאָרמירנדיקע קריטיק. זי איז זייער גוט און וויכטיק פאַר די לעזער.

ב. אַנאַליטישע און סינטעטישע קריטיק. עס קען זיין קריטיק, וואָס איז בעיקר אַנאַליטיש און אַן אַנדערע, וואָס איז בעיקר סינטעטיש. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז ביידע באַלאַנגען צו איין אונטעראָפּטיילונג אין דעם גע־ביט פון דער קריטיק. די סינטעטישע קריטיק גייט אָפּילו אָביסל אַריבער די גרעניצן פון דער דריטער אונטער־אָפּטיילונג. די אַנאַליטיש־סינטעטי־שע קריטיק איז גוט סאַי פאַר די לעזער און סאַי פאַר די שאַפער פון דער ליטעראַטור. דאָס איז אייגנטליך די סאַמע בעסטע אונטער־אָפּטיילונג אויף דעם קריטיק־געביט. און איך מוז דאָ שוין זאָגן — ווארום נאָך אַלע זאכן גייט דאָך מיר בעיקר אָן די יידישע ליטעראַטור — אַז אונזער ליטעראַ־טור, אונזער הערליכע שלים־מזלדיקע ליטעראַטור, האָט געהאַט מזל אויפן געביט פון דער קריטיק, מחמת דער גרעסטער קריטיקער אירער, סאַי לגיט קוואַנטום און סאַי לויט קוואַליטעט, איז אַן אַנאַליטיקער־סינטעטיקער.

ג. סטימולירנדיקע קריטיק. דאָס זיינען אימפּרעסיעס — אַמאָל נע־גאַטיווע און אַמאָל פּאָזיטיווע. דאָס זיינען אויבנאויפיקע אויסדרוקן פון שטימונגען פון די קריטיקער. אָבער שטימונגען, וואָס ווילן בלייבן גע־טריי צו די ווערק, וועלכע זיי קריטיקירן. די דאָזיקע קריטיק איז ביי אונז זייער פאַרשפּרייט — די פאַרשפּרייטסטע. און אויף וויפיל די אָפּשאַצונ־גען זיינען ריכטיקע — זיינען זיי זייער גוט פאַר די שרייבער. זיי זעצן אַרויף אויפן פערדל — אַזוי־צו־זאָגן. דער עיקר איז דאָס גוט פאַר שריי־בער, וואָס פילן זיך אַליין נישט גאַנץ זיכער און זיי דאַרפן דעם סאָרט פון סטימול. און אויב עס מאַכט זיך אַמאָל אַ נעגאַטיווע קריטיק אויף אַ שרייבער, אָדער אויף אַ ווערק און זי איז אַ דורכאויס געטראָפענע און גע־

רעכטע — איז דאָס אויך גוט, מחמת עס נעמט ווידער דעם שרייבער אַראָפּ פונעם פערדל אויף וועלכן ער האָט זיך אָן באַרעכטיקונג אַרויפגעזעצט. דער אַנטיפּאָד פון דער סטימול־קריטיק איז ריין אינפאָרמאַטיווע קריטיק. די ערשטע אין דער רשימה פון דער דאָזיקער האָבן מיר — ליידער — זייער ווייניק מחמת דער גרעסטער טייל פון אונזערע שרייבער און ליטע־ראַטור קריטיקער זיצט אַליין צו הויך אויפן פערדל. אָבער נישקשה, מיר האָבן אויך אַ פּאָר אינפאָרמירנדיקע קריטיקער. צום גרויסן באַדויער זיי־נען אייניקע צווישן זיי צו פּאַרטייאיש־רעכטס, אַנדערע — לינקס. דאָס נעמ־ליכע אויך ביי די סטימול־קריטיקער.

ד. אויטאָקרעאַטיווע קריטיק. איר לעזט איבער נאָך אַמאָל דאָס וואָרט און איר זאָגט, אַז איר ווייסט נישט וואָס דאָס איז. איך מוז מודה זיין, אַז אויך איך ווייס נישט גענוי וואָס דאָס איז און כאָטש איך האָב אַליין דאָס וואָרט דאָ צונויפגעשטוקעוועט — ווייס איך אויך נישט אויף געוויס וואָס עס באַטייט. אָבער איך וועל מיך דאָך באַמיען עס צו אַנאַליזירן און צו סינטעטיזירן. אויטאָקרעאַטיווע אָדער אַליין־שאַפערישע קריטיק איז אַזאַ מין קריטיק ביי וועלכער דער קריטיקער זאָגט אָפן, אַז דאָס ווערק פון דעם דיכטער־דראַמאַטורג־פּראָזאַאיקער איז ביי אים נאָר אַ קאַנווע רחמנא לצלן אויף וועלכער ער — דער קריטיש־שאַפערישער זשעני — שאַפט זיינע איי־גענע קונסט־געוועבן. אָבער די דאָזיקע קריטיק איז גוט נאָר פאַר איר שאַ־פער אַליין. דאָס הייסט, אַז זי איז גוט נאָר פאַרן קריטיקער גופא. ער גיט עס אָפּט אָפּן צו. זי איז נישט גוט פאַרן מחבר פון דעם "קריטיקירטן" ווערק און איז אויך נישט גוט פאַרן לעזער. פאַר דעם לעצטן לחלוטין נישט. די דאָזיקע קריטיק איז די שעדלעכסטע. און וואָס שייך יידישער ליטעראַ־טור האָבן מיר פון דעם דאָזיקן געביט נישט קיין סך. און עס ברייטערט זיך נישט אויס. עס שטאַרבט גאָר אָפּ. און עס איז גוט אַזוי. די דאָזיקע קריטיק האָט געבליט ביי אונז בעיקר אין דער צייט פון אויפקום פון די נעסטשאַסטנע ליטעראַרישע שולעס אונזערע, וואָס האָבן, צוזאַמען מיט זיי, קיין אַריכת ימים נישט געהאַט.

— 5 —

על כן.

פאַר דער עקזיסטענץ פון יעדער ליטעראַטור און אוודאי און אַוודאי פאַר אַזאַ ליטעראַטור, ווי אונזערע, וואָס איז צושפּרייט אויף שבעה ימים פון צייט און שטח, איז ליטעראַטור־קריטיק פון דער סאַמע ערשטער וויכ־טיקייט.

גוטע ליטעראַטור־קריטיקער, אַנאַליטיש־סינטעטישע און דער־צו מיט אַ קינסטלערישן חוש אויף די וויכטיקסטע הויפּט־געביטן פון דער

ליטעראַטור — זיינען פּאָר איר פּונקט אַזוי וויכטיק ווי גוטע שעפער גופא. איך וואָלט אַפילו געוואַגט צו זאָגן, אַז זי קען זיך לייכטער באַגיין אָן אַ פּאָר גוטע שעפער איידער אָן אַ פּאָר גוטע קריטיקער.

קריטיקער אין אַ ליטעראַטור זיינען ווידער גיפּס אין אַ בנין, וואָס האַלט די ציגל צוזאַמען. איך וואָלט אויך געוואַגט צו זאָגן, אַז קריטיקער זיינען אין יעדער ליטעראַטור ערשט די, וואָס מאַכן פון אַ ליטעראַטור — אַ ליטעראַטור. נישט נאָר דערמיט וואָס זיי פאַרבינדן די אינדיווידועלע שאַפער, און די יחידים אין אַ כלל, אין אַ גאַנצקייט ,נאָר זיי פאַרבינדן אויך די דאָזיקע גאַנצקייט מיט דער גאַנצקייט פון די לעזער — פאַר וועלכע יעדע ליטעראַטור איז אין איר לעצטן ענד באַשטימט.

איך האָב אַמאָל, אויף אַ פראַנצויזישער שיף פאָרנדיק, וואַכנלאַנג אָבסערווירט ווי די שיפס־בעקערײַ באַקט יעדן טאָג כך וכך לאַנגע, פראַנצויזישע ברויטן און מען וואַרפט אַ העלפט פון זיי יעדן טאָג דירעקט פון דער בעקערײַ אין ים אַריין. און איך האַלט נישט פון אַזאַ ליטעראַטור, וואָס אייניקט זיך דירעקט מיט דער אייביקייט פון ים בשעת אַזויפיל הונגעריקע מענטשלעכע נשמות זיינען דאָ אויף גאָטס וועלט.

איך האָב דאָ אויבן, אין 4־טן קאַפּיטל, פּאַראַגראַף ב. געזאָגט, אַז אונזער ליטעראַטור איז מזלדיק אויפן געביט פון אַנאַליטיש־סינטעטישער קריטיק. איך האָב קיין נעמען ניט אָנגערופן און וויל ווייטער נישט אָנרופן .ווער עס ווייסט — ווייסט, און נאָר אַזעלכע וועלן האָבן די גע( דולד צו דערלעזן די באַמערקונגען אַזוי ווייט. איך וואָלט אָבער בשום אופן נישט געזאָגט, אַז מיר זיינען בכלל מזלדיק אויפן געביט פון דער ליטעראַטור־קריטיק. מיר האָבן פון דעם פשוט צו ווייניק. און דערצו איז ביי אונז אַזוי, אַז מיר האָבן געשאַפן אַ מין ליטעראריש־קריטישן זעלבסטשוץ . . . אונזערע דיכטער, און אויך אַני הקטן בתוכם, האָבן אַרומזעענדיק זיך, אַז עס איז נישטאָ גענוג קריטיק — אַליין זיך אָנגעגאַרטלט, אַליין די אַרבעט פאַרקאַטשעט און עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ גרויס קוואַנטום יידישע ליטעראַטור־קריטיק. אָבער מער נישט ווי קוואַנטום.

אָט דאָס איז אַלץ — אָן ערך — וואָס עס וואָלט זיך וועלן אין דער רגע זאָגן מכוח קריטיק בכלל, ליטעראַטור־קריטיק בפרט און אונזער יידישע ליטעראַטור־קריטיק — ווידער בכלל.

ז. ווײַנפּער

# אברהם-רייזען

— א. —

אברהם רייזען איז געקומען אין אונדזער ליטעראַטור אַריין, ווי עס קומט אַריין אַ היימישער ייד צו אַ מסיבה פון יידן, וואָס האַלט אינמיטן זינגען אַ האַרציקן ניגון, אָדער זיך דערציילן היימישע געשמאַקע מעשות און ער זעצט זיך אַוועק מיטזינגען, אָדער אויך דערציילן אַ מעשה.

אָבער אַזוי ווי אברהם רייזען האָט ביים סאַמע ערשטן אַריינקום זיינעם זיך אַרויסגעוויזן מיט אַ גאָר באַזונדערער מתיקות אין זיין זינגען און מיט גאָר אַ באַזונדער אייגנאַרטיקייט אין זיין דערציילן, איז ער זייער גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן פון איינעם מ י ט אַ ל ע מ ע ן אין איינעם פ אַ ר אַ ל ע מ ע ן.

אָבער כאָטש דאָס פאָלק האָט באַלד דערפילט אין אים איר זינגער און איר דערציילער איז ער ביז היינט פאַר אַ סך פון אונזערע ליטעראַטור־קריטיקער אַזאַ, מיט וועלכן זיי קאָנען זיך קיין עצה ניט געבן.

פאַר יענע קריטיקער איז אברהם רייזען געוועזן און געבליבן ביז היינט דאָס וואָכעדיקע, קאָרטענע כאַלאַטל ,איבער וועלכן עס פעלט דער גלאַנץ פון אַ שבת־יום־טובדיקער סאַטנדעליאָנער קאַפּאָטע אין וועלכער זיי זאָלן קענען אָפּשפּיגלען זייערע אייגענע פנים׳ער.

און וואָס טוט מען טאַקע מיט אַ קינסטלער דורך וועלכן מען קאָן נישט אַרויסווייזן די אייגענע שעפערישקייט?

אַ ברכה איבער אברהם רייזענס שאַפן האָבן אַפילו אויך יענע קריטיקער געמאַכט. אָבער אַזוי ווי מען האָט אַפילו אין דער ברכה נישט געקאָנט אַרויסווייזן קיין באַזונדערקייט אינעם אייגענעם קול, האָט מען די ברכה געמאַכט אין איילעניש אָן שום באַטאָנונג און אַרויסגעקומען איז זי, ווי אַ וואָכעדיקער "המוציא לחם מן הארץ" איבער אַ מאָנטיקדיקן ברויטל ביים איבערבייסן.

דאָס פאָלק אָבער האָט אין דעם פאַל נישט געוואָרט אויף דער ברכה פון די קריטיקער, כדי נאָכצוזאָגן אמן. עס האָט אַליין אַ הויכקלינ־גענדיקע ברכה געמאַכט. און נישט נאָר אַ ברכה, נאָר עס האָט אויך אָנ־געהויבן צו בענטשן אַ דערהויבענעם און דאַנקבאַרן מזומן, אויף זײַנע לי־דער און דערציילונגען, מיט וועלכע מען האָט זיך געזעטיגט אין די גרויע טעג פונעם אייגענעם וואָכעדיקן לעבן ,און ממילא האָט די וואָכעדיקייט אָנגעהויבן צו האָבן אין זיך דעם טעם פון שבת־יום־טוב׳דיקייט.

אברהם רייזען איז דאָך בײַ אונדז דער ערשטער, וואָס האָט מיט זײַ־נע געבענטשטע לידער און דערציילונגען דערהויבן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן, — דער געוויינלעכקייט אַ קינסטלערישן תיקון געגעבן, און דערפאַר:

— פאָלקס־דיכטער! פאָלקס־דערציילער!

— ב. —

עס איז ביז גאָר מאָדנע, וואָס ער האָט נישט ליב די טיטולן, מיט וועלכע מען האָט אים אין אונדזער ליטעראַטור באַטיטולט.

— פאָלקס דיכטער! פאָלקס־דערציילער! — האָט ער אַ טבע זיך צו בײַ־זערן און בשעת מעשה צעפלאַקערן זיך זײַנע טונקעלע אויגן מיט אויפריכ־טיקן כעס.

— ווערטער! גלאַט ווערטער! וואָס מיינען זיי?

נישט איינמאָל האָב איך בײַגעוואוינט אַזאַ אויפרעגונג אין אים בײַ אַ טישל פון ליטעראַרישן קאַפע־הויז.

געוווען אַזעלכע אַרום זײַן טישל, וואָס האָבן אויסגעדריקט מיטגעפיל צו זײַן אויפרעגונג. עס האָט געהייסן, אַז אַזעלכע טיטולן זײַנען אַ מינימי־זירונג פון אברהם רייזענ׳ס גרויסע אויפטואונגען און דערגרייכונגען. עס האָט געהייסן, אַז אַזעלכע טיטולן פאַרקלענערן דעם ווערט פון אַ גרויסן שרײַפטשטעלער, כאָטש איך פערזענלעך האָב דאָס נישט געקאָנט זען. פאַר מיר זײַנען אָט די טוטולן געווען אדרבה ואדרבה.

אַ קליינ־קייט אַ פאָלקס דיכטער! אַ קליינ־קייט אַ פאָלקס־דערציילער! איך האָב זיך געפרעגט צי אַ טאָלסטאָי וואָלט זיך געפילט באַליידיקט פון אַזעלכע טיטולן?

ערשט שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן צו באַגרייפן דעם תוך פון אבר־רהם רייזענס אויפרעגונג. עס זײַנען נישט די טיטולן, נאָר ווי די יידישע ליטעראַרישע סביבה האָט זיך אין יענער צײַט באַצויגן צום באַ־גריף פון אַ שרײַפטשטעלער פונעם פאָלק, פאַרן פאָלק.

די קריטיק האָט מיט אָט די טיטולן אָפּגעצאָלט אַ מין מס צו דער פאַרליבטקייט פונעם פאָלק אין אברהם רייזענען, אָבער אָפּגעגעבן די אויפמערקזאַמקייט האָט זי צו אַנדערע, וואָס האָבן געגעבן מאַטעריאַל

פאַר אייגענער געדאַנקען־גימנאַסטיק. בשעת מען האָט וועגן אַנדערע ניי־דערשינענע ביכער געשריבן ברייטע און אָפטמאָל פאַרטיפטע אַרבעטן, איז מען אָפּגעקומען זיינס אַ ניי בוך מיט אַ קורצער רעצענזיע. אמת די קורצע רעצענזיעס וועגן זיינע ביכער זיינען געווען פּאָזיטיווע, אָבער די פּאָזיטיווקייט האָט פון אַלע אַרויסגעשריגן דעם זעלבן שאַבלאָן:

— פאָלקס־דיכטער! פאָלקס־דערציילער!

עס איז געווען ווי די קריטיק האָט מיט דעם געוואָלט לאָזן צו הערן, אַז רייזענס וועג אין דער ליטעראַטור איז אַן אויסגעטראָטענער איבער וועלכן דעם פאָלק איז אַ מחיה צו טרעטן, בשעת זי, די קריטיק, הייסט עס, וואָס איז נישט גלאַט אַזוי קיין טרעטנדיקע, נאָר אַ זוכנדיקע און אַ טאַפּנדיקע, האָט נישט אין אברהם רייזענס לידער און דערציילונגען פאַר זיך יענעם פייערדיקן לייטער פון יעקב׳ס חלום, כדי איבער אים צו קענען קלעטערן אַרויף צו די הימלען.

און נישט נאָר די קריטיק, נאָר אויך די פּלעיאַדע ״יונגע״, וואָס איז אויפגעקומען נאָך רייזענען, האָט זיך געהאַלטן בא דער דערדאָזיקער מיי־נונג

פאַר אַט דער פּלעיאַדע איז אברהם רייזען געווען צו געוויינלעך, בש־עת זי האָט זיך געריסן צו רייטן אויפן רוקן פון דער אויסטערלישקייט.

— ג. —

נו טאַקע, וואָס פאַר אַ אויסטערלישקייט איז דאָ אין די לידער און אין די דערציילונגען פון אברהם רייזען?

״און דאָס לעבן איז געגליכן
צו אַ לאָמפּ מיט ווייניק נאַפט,
ווערן ווערט דאָס נישט פאַרלאָשן,
ברענען האָט דאָס נישט קיין קראַפט״

אַ פיינער זאַג, אַן אמת׳ער זאַג, אָבער ווער ווייסט דאָס נישט? עס איז דאָך אַזוי געוויינלעך!

״אַ העמערל העמערל קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער אַ טשוועק נאָך אַ טשוועק!
קיין ברויט איז אין שטוב שוין נישטאָ!
נאָר צרות און לייד אָן אַן עק!״

אַ ליד וועגן אַזאַ פּראָסטער, וואָכעדיקער זאַך, — וועגן ברויט, וואָס איז נישטאָ, ווי געוויינלעך דאָס איז!

אָדער נעמט אַזאַ ליד, ווי ״דער הענדלער״, וואָס דערציילט און באַ־קלאָגט זיך:

״כ׳וואוין דאָרט אויף דער סמאַטשע גאַס
אין אַ קעלער פייכט און נאַס
מיט אַ גרויס געזינט!
זומער קומט דאָרט נישט אַריין
פון דער ליבער זון קיין שיין
ווינטער בלאָזט דער ווינט.״

וואָס איז דאָס פאַר אַ פּאָעט, וואָס האָט אַ וואַכיקן אויער פאַר עפּעס אַ הענדלער פון סמאַטשע גאַס, וואָס האַנדלט מיט אַלטוואַרג.

אמת, אַז מען האָט פאַרבראַכט אין הויז פון דר. קלינג, און בערטאַ קלינג האָט מיט איר ביז גאָר פיינעם זינגען און יידישלעכער באַטאָנונג צווישן אַ סך אַנדערע לידער אויך געזונגען אברהם רייזענס: ״ווי אַ בלום אַן טוי פאַרדאַר איך, אַן אַ קוש, אַן אַ גלעט״ זיינען די זעלבע יונגע, מאָ־דערניסטישע פּאָעטן געזעסן פאַרגאַפטע נישט נאָר פון איר זינגען, נאָר אויך פון די פשוטע, רירנדיקע ווערטער. דאָסזעלבע איז געווען, ווען זי האָט געזונגען: ״אומעטיק, קינד מיינס, צו לעבן אַליין, קאָנסט אפשר קומען צוגיין״ האָט מען דערפילט דעם אייגענעם אומעט און ביי די באַרימ־טע און שטאַרק באַליבטע לידער פון אברהם רייזען ״דער גמרא ניגון״ און ״מאי קא משמע לן״ האָט מען אַפילו מיטגעברומט מיט גרויס התלהבות. אָבער דאָס איז געווען באַם זינגען. באַלד האָט מען זיך געכאַפּט, אַז מען האָט געזינדיקט קעגן דעם מאָדערניזם, און מען האָט זיך, ווי פאַרענטפערט איינער פאַרן אַנדערן:

— נו יאָ, דער פאָלקס־טאָן!

— ד. —

אַזוי וועגן זיינע לידער און גאָר נישט קיין בעסערע פאַרשטענדעניש האָט מען אַרויסגעוויזן אין די ליטעראַרישע קרייזן פון די נייע, די יונגע צו זיינע בעסטע דערציילונגען.

אַט טויכט אויף אין מיין זכרון אַ סצענע, וואָס איך האָב אַמאָל בייגע־וואוינט אין דעם ביליקן מילכיקן רעסטאָראַנדל אויף איסט־בראָדוויי, וואָס איז אין יענער צייט געווען דער מקום־מקלט פאַר די יונגע.

איך געדענק נאָך ביז היינט דעם טיפן עגמת נפש, וואָס איך, דער יינגסטער צווישן יענע, האָב דעמאָלט געהאַט פון דעם אופן, ווי מען האָט באַהאַנדלט די לידער און דערציילונגען פון אברהם רייזען.

עס איז געווען אַ ווינטער אָוונט באַם אָנהייב פון דער ערשטער

וועלט־מלחמה. צוזאַמען מיט שלום אַש׳ן און אַנדערע יידישע שריפטשטע־לער איז אויך אַריבער געקומען פון דער שרפה׳דיקער אייראָפּע אברהם רייזען. נו, האָט זיך אַביסל אַ רודער געטאָן אין ניו יאָרק, און אין עטלעכע אַנדערע שטעט פונעם לאַנד אַרום דעם באַליבטן פאָלקס־דיכטער און דער־ציילער. מען האָט געפייערט קבלת־פּנים׳ס און גלאָט ליטעראַרישע אָוונטן מיט אברהם רייזענען, אויף וועלכן ער האָט מיט גרויס דערפאָלג פאַרגע־לייענט זיינע זאַכן און ער האָט אויסגעהערט וועגן זיך גוטע, וואַרעמע רע־דעס פון פאַרשידענע פאָלקס־מענטשן. איך אַליין האָב בייגעוואוינט אַ צאָל פון אָט די אָוונטן און נישט איינמאָל מיטגעזונגען מיטן עולם "הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן" און "אַ וואָס שרעקט איך קירכן גלאָקן", אַריינוואַרפנ־דיק אויך מיינע פאַר הענט אין דעם אַלגעמיינעם וואַרעמען אַפּלאָז פאַר זיין כבוד ווענן און פאַרן כבוד פון זיין וויכטיקן שאַפן. און דאָ זיץ איך צווישן די "שטערן" פון די יונגע אינעם מילכיקן רעסטאָראַנדל און איך הער עפּעס אַזוינס, וואָס שפּריצט מיט וואַסער איבער דעם גליעקן זשאַר אין מיין געמיט.

האָט מען פאַרלייקנט אברהם רייזענס טאַלאַנט? ניין. דאָס נישט. דאָס צו טאָן איז מען געווען צו אָרנטלעך. אָבער גערעדט האָט מען ווענן דעם געוואַלטיקן מהלך צווישן דעם רייזעניזם און אייגענער הויכער קינסטלע־רישקייט און דערביי האָט מען באַטאָנט מיט פרומער רעזיגנאַציע:

—נו מילא, אַז אונדזער לייענער־עולם האַלט נאָך אַלץ ביי רייזענען איז דאָך נישט שייך צו דערוואַרטן אַז מען זאָל באַנעמען דעם אופן, ווי מיר, שרייבן.

איך געדענק די צערודערונג וואָס איך האָב דורכגעלעבט יענעם אָוונט פון אָט די רייד. אין מיין יוגנטלעכן ענטוזיאַזם פאַר די יונגע, האָב איך דאָך נישט געקענט איינזען דעם געוואַלדיקן מהלך ווענן וועלכן זיי האָבן גערעדט. אמת זיי האָבן געשריבן אין אַ מער געשליפענער פאָרם און די מאָטיוון זיינען ביי זיי געווען וועלטלעכער. אָבער אין דער ליריש־קייט און מוזיקאַלישקייט זיינען זיי נישט געווען אַזאַ וויטן מהלך פון אב־רהם רייזענען.—היינט פאַרוואָס זשע אַזאַ צוגאַנג? מילא אין יהואשן האָבן זיי נישט געקאָנט פאַרטראָגן זיין געדאַנקלעכקייט, זיין אינטעלעקטואַליזם און דערצו איז יהואש׳עס לשון געווען אַביסל צו האַרטלעך פאַר זיי, אָבער אברהם רייזען? איז ער דאָך דורך און דורך עמאָציע. אַזאַ ווייכער ליריזם ווייעט דאָך פון זיינע שורות. היינט זיין לשון? ווי ווייט זיינען עס סוף־כל־סוף די יונגע אַוועק פון אברהם רייזענס לשון? ווייטער יאָ, אָבער בשום אופן נישט אַזאַ מהלך ווי זיי האָבן פאַר זיך צוגעמאָסטן.

אָט אַזוי האָב איך שטילערהייט געטראַכט פאַר זיך. זאָגן דאָס האָב איך דעמאָלט נישט געוואַגט. ווייל צופיל דרך־ארץ האָב איך אין זיך געהאַט פאַר די עלטערע קאָלעגן — אָבער געטראַכט האָב איך אָט אַזוי בּאַ דעם

שמועס אין יענעם ווינטערדיקן אָונט.

נאָך שטאַרקער בין איך אויפגערודערט געוואָרן, ווען דער שמועס איז אַריבערגעגאַנגען פון אברהם רייזענס לידער צו זיינע דערציילונגען און זישע לאַנדוי האָט אַ וואָרף געטאָן די פראַזע:

— דראַמע פון פינף קאַרטאָפליעס!

חברה האָט זיך צעלאַכט אין הסכמה צו זישא לאַנדוי'ס איראָנישער באַמערקונג און משה לייב האַלפּערין האָט אַרויסלאָזנדיק דעם רויך פון זיין ציגאַרעט אַ בלאָז געטאָן דורך זיינע פולע ליפּן:

— נו יא, אָט דאָס איז רייזען!

איך געדענק, אַז איך האָב נאָך יענעם שמועס אַ סך נאָכגעטראַכט וועגן משה לייב האַלפּערינס באַמערקונג. אַז זי איז געווען אין הסכם מיט זישע לאַנדוי'ס זאָג בין איך געווען זיכער, וואָרים אויב נישט, פאַרוואָס זשע האָט ער דאָס נישט קלאָר געמאַכט? איז מיר טאַקע געווען אַ גרויס וואונדער אויף משה לייבן פאַר אַזאַ צוגאַנג צו רייזענס אופן פון שרייבן. ווער, ווער, אָבער נישט ער, — האָב איך זיך געטראַכט, וואָרום כאָטש זיין סטיל און טעמפּעראַמענט איז באמת געווען אַזוי אַנדערש און אַזוי ווייט פון יענעמס האָט ער אָבער אין הינזיכט פון אַקטועלקייט געהאַט אַ שטיקל שייכות מיט אים, און איז דען משה לייב'ס אַקטועלקייט נישט געווען די אָפטע ציל־ברעט פאַר שאַרפע פיילן מצד זיינע חברים?

— ער שרייבט טעמפּעראַמענטפולע לייט־אַרטיקלען אין גראַמען!

— האָט נישט איינער פון זיינע קאָלעגן געשאָסן אויף אים.

אָבער אין אַ קורצער צייט נאָך יענעם אָונט בין איך שטאַרק געטרייסט געוואָרן פון משה לייב האַלפּערינס באַציאונג צו אברהם רייזענען.

די "יונגע", וואָס האָבן אין יענער צייט געפירט מלחמה קעגן די "אַלטע" אויף דעם גאַנצן פראָנט, האָבן אין איינעם אָן אָוונט אָנגעשטעלט זייער שטאַרקסטן קאַנאָן אויף אברהם רייזענען.

דער שטאַרקסטער קאַנאָן איז אין יענער צייט צווישן די יונגע גע־ווען דווקא נישט קיין פּאָעט און נישט קיין דערציילער, נאָר דער פעליעטאָ־ניסט קאַליא טעפּער, אָדער הערצאָג ד'אַברוצי, ווי ער האָט זיך אונטער־געשריבן איבער זיינע וועכנטלעכע פעליעטאָנען אין דער "פרייער אַר־בעטער שטימע".

אָט דער קאַליא טעפּער —הערצאָג ד'אַברוצי איז געווען אַ קליינ־געוויקסיקער טונקלהויטיקער יונגערמאַן מיט אַ גרויסן קאָפּ און נאָך גרע־סערער אַנטוישונג אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון נייַנצן פינף, אין וועלכער ער האָט אין זיין פריער יוגנט געשפּילט אַ גע־וויסע ראָלע. די אַנטוישונג אין אים האָט זיך געזוכט צו ראַטעווען אין מיסטישע גאַטזוכענישן, וואָס האָבן אים ביסלעכווייז דערפירט צו דער קריסטלעכער הכנעה און רעזיגנאַציע. ווי אַזוי איז ער אַריינגעפאַלן אין

דער סביבה פון די דאַמאָלטיקע "יונגע" איז מיר נישט אינגאַנצן באַקאַנט, אָבער אַז זיין השפעה איז געווען ביז גאָר שטאַרק אויף אַ צאָל וויכטיקע פאָרשטייער פון אָט דער גרופּע געדענק איך זייער גוט. דער עיקרשט איז געווען זייער שטאַרק אונטער זיין השפעה זישאַ לאַנדוי, וואָס האָט נישט נאָר געשריבן זיינע לידער אונטער אָט דעם איינפלוס, נאָר האָט ממש גע־רעדט מיט זיינע ווערטער.

וואָלט קאַליאַ טעפּער געבליבן ביי זיין קריסטלעכער הכנעה וואָלט געווען אַ האַלבע צרה. איז ער אָבער ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קריסטלעכן יעזואיט, וואָס האָט אַנגעהויבן וואַרפן פון זיך מיט פלאַם און פייער. די מלחמה, וואָס די "יונגע" האָבן געפירט קעגן די "אַלטע" האָט זיך זייער גוט אַריינגעפּאַסט אין זיין געמיט אַריין, ווארים זיינען דען נישט די מערסטע עלטערע שרייבער אונדזערע געווען סאָציאַל אין זייערע ווערק? אָט די סאָציאַלקייט איז געווען פאַר דעם קריסטן־אַפּאָסטאָל, ווי אַ מזוזה פאַר אַ שד און נישט נאָר האָט ער אַליין געשאָטן פריסיק, נאָר היבש סטי־מולירט די חברה אים נאָכצוטאָן.

איז ער געווען אַ וויכטיקער שרייבער?

ווען איך נעם היינט אין האַנט אַריין זיין איינציק ליטעראַריש פאַר־מעגן, — די זאַמלונג פון די פערצן פעליעטאָנען מיט וועלכע די "יונגע" האָבן זיך אין יענער צייט שטאַרק געדעשט האָב איך דעם איינדרוק, אַז ער איז בכלל קיין שרייבער נישט געווען.

אייגנאַרטיק יאָ, אָבער שרייבער נישט.

עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז אייגנאַרטיקייט אַליין איז גענוג צו ווערן אַ שרייבער. פאַראַנען אַ סך גראַפאָמאַנען, וואָס זיינען דווקא שטאַרק אייגנאַרטיק, אָבער צו ווערן אַ שרייבער קומט דאָס נישט. איך מיין נישט צו זאָגן, אַז קאַליאַ טעפּער־הערצאָג ד'אברוצי איז געווען אַ גראַפאָמאַן. ניין. דאָס נישט, קודם כל האָט ער אויסער די עטלעכע פעליעטאָנען מער גאָרנישט געשריבן, אַז ער זאָל בכלל פאַרדינען אַ טיטול. צווייטנס, ווען ער וואָלט געשריבן מער, וואָלט ער אויך צו גראַפאָמאַניע נישט געווען דער־גאַנגען, ווארום עס איז פאַראַן אַ מין שרייבן, וואָס האָט בכלל קיין פרעֿ־טענזיע אויף קיין שרייבעריי נישט.

אין דעם פאַל פון די ד'אברוצי־זיגזאַגן איז דאָס אַ קאָלעקציע פון חכמה'לעך, שפּיזעלעך, שיינזאָגעכצלעך, —אָפּטמאָל גאַנץ געלונגענע און מערסטנס האָבן זיי אַ שייכות צו די מענטשן צו וועלכע זיי זיינען געצילט געוואָרן, ווי פעטש צו אַ גוט־שבת.

ד'אברוצי'ס אייגנאַרטיקייט דערמאָנט מיך אָן אַ שטרודל, אין וועלכן עס זיינען דאָ אַלערליי געשמאַקע געווירצן, אָבער פאַרקנאָטן איז ער שלעכט און אויסגעבאַקן נאָך ערגער.

פון זיין מויל האָבן געשפּראַצט אַלערליי אייגנאַרטיקייטן, אָבער אין

אײגנאַרטיקײט האָט זיך נישט געבונדן מיט דער צװײטער.

װען ער האָט אין נאָמען פון די "יונגע" אָנגעשטעלט דעם קאַנאָן קעגן אַברהם רײזענען האָט פון זײַן מױל זיך אַ שאָט געטאָן מיט אײגנאַרטי־קײטן װעגן אמת׳ער קונסט, אַז דער קלײנער עולם אינעם צימערל פון דער איסט־בראָדװײער ביבליאָטעק איז אַרױס אַזאַ פּאַרטשאַדעטער, אַז אַ היבשע צאָל פון זײ איז אױף מאָרגן אָנשטאָט אין די שעפּער מסתמא אַװעק אינעם אַסטאָר גערטנדל זיך אַביסל אױסלופטערן.

פאַרװאָס האָט ער זײַן קאַנאָן אױף אַברהם רײזענען גענוצט דווקא אין דער פאָרם פון אַ לעקציע און נישט געמאַכט דאָס שטיקל אַרבעט דורך אַ פעליעטאָן?

דעם ענטפער קען מען געפינען אין דער הקדמה צו זײַנע זיגזאַגן. ש. יאַנאָװסקי, דער דעמאָלטיקער רעדאַקטאָר פון דער "פרײַער אַרבעטער שטימע", דערצײלט ער, איז מיד געװאָרן פון זײַנע פעליעטאָנען.

און אױב ניט קײן פעליעטאָן אין דער "פרײַער אַרבעטער שטימע", איז כאָטש אַ לעקציע אין קעלער, אין דער איסט בראָדװײער ביבליאָטעק.

איז דאָס שױן אײנמאָל געװען אַ שטיקל אַרבעט אױף דעם באַליב־טן פאָלקס־שרײַבער.

אָבער אַ שטיקל טרײסט האָב איך יענעם אָװנט געהאַט.

איך בין געזעסן בײַם זײַט פון משה לײב האַלפּערינען, און געזען, װי זײַן פּנים כמורעט זיך.

— שװײנערײַ! — האָט ער אַפילו אַ ברום געטאָן אױפן חשבון פון דעם בעל דרשן.

נאָך יענער לעקציע איז געשען עפּעס אַזױנס, װאָס איז כדאי עס זאָל פאַרצײכנט װערן פאַר דער געשיכטע.

די "יונגע", װאָס האָבן געהאַט זײער פעסטונג אינעם ביליקן מילכיקן רעסטאָראַנדל אױף איסט־בראָדװײ, האָבן געשאָסן זײערע פײַלן אױף שלום׳ס קאַפע, װאָס האָט זיך געפונען אױף דיװיזשאַן גאַס, װאָס איז געװען די "פעסטונג" פון די "אַלטע". אָבער נאָך יענער לעקציע האָבן די "יונגע", צוזאַמען מיט קאַליא טעפּער־הערצאָג ד׳אַברוצי, זיך אַרײַנגעלאָזט אין שלום׳ס קאַפע. מען האָט זיך אַפּנים דערפילט אַזױ דערהױבן פון דער צעשמעטערונגס־אַטאַקע דורך ד׳אַברוציס לעקציע אױף אַברהם רײזענען, אַז מען האָט באַשלאָסן איבערצונעמען די "פּאָזיציע" אױב נישט ערגעץ אַנ־דערש, איז כאָטש אינעם קאַפע־הױז.

אָבער דאָרטן איז מײַן טרײסט, װאָס משה לײב האַלפּערין האָט זיך רעאַבעליטירט אין זײַן באַציאונג צו אַברהם רײזענען אַביסל צעשטערט געװאָרן.

אַפּנים אַז די אַרגומענטאַציע אינעם קעלער פון דער איסט־בראָד־װײער ביבליאָטעק האָט זיך נאָך נישט געהאַט אײנגאַנצן אױסגעשעפּט און

זי איז פֿאַרטגעזעצט געוואָרן מיט אַזאַ היציקייט אַרום די טישלעך פֿון שלום׳ס קאַפֿע־הויז, אַז געענדיקט האָט זי זיך מיט משה לייב האַלפּערין׳ס געזונטער האַנט איבערן פּנים פֿונעם הערצאָג.

איך האָב זייער ליב געהאַט משה לייב׳ן און אוודאי אים געוואָלט זען אויף דער געדעכטער זייט, אָבער פֿונעם פּאַטש האָב איך קיין הנאה נישט געהאַט.

— סטייטש משה לייב? — האָב איך אים געפֿרעגט אויפֿן וועג אַהיים דורך דער בריק קיין וויליאַמסבורג, וואו מיר האָבן ביידע דעמאָלט גע־וואוינט אין שכנות.

— הלוואי פֿאַרנעמען מיר אַלע דאָס פּלאַץ, וואָס אברהם רייזען פֿאַר־נעמט אין אונדזער ליטעראַטור! — האָט ער אַ ברום געטאָן צווישן די פֿאַרקריצטע ציין זיינע, און מער קיין וואָרט נישט אַרויסגעלאָזט פֿון מויל דעם גאַנצן וועג אַהיים.

— ז. —

איצט פֿייערט מען אברהם רייזענס זיבעציק־יאָריקן יובּיליי!

מען פֿייערט אין אַ צייט, ווען אַ גרויסער טייל פֿונעם פֿאָלק, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק דורך זיינע אומצייליקע לידער און דערציילונגען, ליגט צעאַשט, צעשטויבט און צעביינערט אונטער די וויסטע חורבות און מאַסן־קברים פֿון אייראָפּע. די פֿייערונג אַליין איז, ווי אַ גרויס אָנגעצונדן, וואַקסניאַרצייט־ליכט אַרום וועלכן, מיר די איבערגעבליבענע, זיצן אויף דער ערד מיט אויסגעטאָגענע שיך פֿון די פֿיס און אַש אויף די קעפּ.

עס איז אַ יובּיליי אין קלעם פֿון גרעסטן צער אונדזערן, און דאָך איז דאָ אַ פֿייערלעכע יום־טובֿ׳דיקייט אין אָט דעם יובּיליי. עס איז די פֿייערלעכע יום־טובֿ׳דיקייט פֿאַר אונדז, איבערגעבליבענע, וואָס קענען זיך באַגעגענען מיט יענער אומגעקומענער וועלט אין די ווערק פֿון אַב־רהם רייזענען. ער האָט אַ גרויסן טייל פֿון איר איינגעזאַמלט אין דער שטימונג און אין דער בילדערישקייט פֿון זיינע לידער און דערציילונגען.

„די סקעלעטן זיינען שטאַרקער
פֿאַר די לעבעדיקע ריזן:
יעדער בליק פֿון אויגן־לעכער
לעכערט אייער האַרץ ווי שפּיזן

זעט איר איינעם, — איך דערקען אים
יענעם אכזר פֿון די רוימער
שענסטע טעמפּלען צינדט ער אונטער
און שניידט אָפּ די יונגסטע בוימער.

צווײשן זײ דער אינקוויזיטאָר —
אַך ווי לײכט איז אים דערקענען !
שטילער קינדער ! הערט אויף צו לערנען ! —
ער וועט הײסן אײַך פאַרברענען !

מורמלט נישט בסוד אפילו
ווי אַמאָליקע מאַראַנען :
דען דער מסור הינטער פאַרקאַן
איז פון גרוב אויך אויפגעשטאַנען.״

קלינגען נישט אָט די שורות, ווי ער וואָלט זײ אויפגעשריבן אין אונדזערע לעצטע מורא׳דיקע יאָרן?

אברהם רייזען האָט געשריבן אָט דאָס ליד אינעם פּעריאָד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

און דאָס איז נישט דאָס אײנציקע. איך בלעטער זײן בוך, ״דורך די פינצטערע טויערן״, וואָס איז דערשינען אין סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און איך האָב דאָס געפיל, ווי אָט די לידער זײנען ערשט איצט געשריבן געוואָרן.

דאָ און דאָרט אַ ליד, וואָס איז ווי אַ נביא׳עשע וואָרנונג צו דער גלײכגילטיקער אַרומיקײט.

עס הערט זיך אַ רופן: זײַן גרייט !
עס קומט אויף דער וועלט עפּעס אָן.
עס פלאַטערט אויף אונדזערע קעפּ
פון זעלטענע פאַרבן אַ פאָן.

עס קריכט ווער פון טונקעלע טרעפּ
עס טראָגט זיך פון אָפּגרונט אַ ווינט,
און טירן פון תפיסות און ווענט
זײ עפענען זיך ברייט און געשווינד.

עס הערן זיך דומפּיקע טריט
און עמעצער רײסט זיך פון קײט !
עס צאָרנט אַ האַנט אויף דער וואַנט,
עס הערט זיך אַ רופן ! ״זײט גרייט!״

האָבן מיר די וואָרנונג געהערט? יאָ, געהערט האָבן מיר זי זיכער, אָבער צוגעהערט האָבן מיר זיך נישט.

דאָס איז שוין דער גורל פון דיכטער. גערן הערט מען זיי. מען הערט זיי זינגט די נביאים אונדזערע ביז היינט, אָבער צוהערן זיך, הערט מען זיך צו צו די פּאָליטיקער און ניט צו די דיכטער.

איז דערפאַר נישט קיין חידוש, וואָס אַפילו יענע אמת וואונדערלעכע פאָלקס דיכטער, וואָס זיינען אַזוי טיף פאַרבונדן מיטן לעבן, ווי עס איז אונדזער וואונדערלעכער אברהם רייזען, פאַלן אַריין אין רעזיגנאַציע און הייבן אָן צו גלאָריפיצירן דאָס האַרטע באַנק־בעטל פון דער אייגענער איינזאַמקייט.

"איינזאַמע אָוונטן! איינער אַליין,
קאָנסטו די סודות די טיפסטע דערגיין:
קאָנסטו די צייט, וואָס געווען און וועט זיין
ברענגן צו דיר אין דיין צימער אַריין.
גאָרנישט פאַרבאָרגן איז דעמאָלט פאַר דיר,
און צו דער אייביקייט אָפן די טיר.

און אַפילו אָט די רעזיגנאַציע און דאָס גלאָריפיצירן די אייגענע איינזאַמקייט זיינען ביי אים נישט זיין פּערזענלעך אייגנטום, נאָר די שטימונגען פון גרויסע מאַסן פילנדיקע פאָלקס־מענטשן, און דערפאַר זיינען אַפילו אָט די לידער ביי אים, ווי ביי יעדן אַנדערן אמת׳ן דיכטער, דאָס אייגנטום פון פאָלק.

דאָס האַרץ פון פאָלק איז שטענדיק אַ זינגענדיקס. עס איז זינגענדיק אין דער פרייד און זינגענדיק אין דעם טרויער. נישט מער, דאָס האַרץ פון פאָלק איז נישט געענוג געאיבט צו כאַפּן דעם ריכטיקן טאָן און עס גיסט דערפאַר זיך איבער אינעם האַרץ אַריין פון דעם דיכטער:

זינג נשמה זינג!
פריילעך, אָדער באַנג —
לעבן איז אַ ליד,
לעבן איז געזאַנג.

זינג נשמה, זינג,
זינג אין לעבנסגאַנג —
בלומען, אָדער שטויב —
לעבן איז געזאַנג.

זינג נשמה, זינג!
קורץ דער וועג, צי לאַנג —

עס ענדיקט סיזוי סיי
ווי אַ ווייט געזאַנג.

זינג נשמה, זינג !
לעבן הייסט — געזאַנג,
און דער טויט וועט זיין
בלויז דער ווידער־קלאַנג.

ווי גוט, וואָס עס איז נאָך אַ היבשער מהלך צו אברהם רייזענס ווי־דערקלאַנג. זיין געזאַנג איז צו זיין זיבעציק־יאָריקן יובילײ נאָך פריש, און קלינגענדיק און גיט אונדז די גלעטנדיקע טרייסט, אַז מיר וועלן זיך נאָך זעטיקן מיט זיין געזאַנג אויף לאַנגע, לאַנגע יאָר.

— ז. —

נישט לאַנג צוריק בין איך געגאַנגען פון דער פינפטער עוועניו צו דער צווייטער דורך דער צוועלפטער גאַס.

עס איז געווען אַ כמורנער אַנהויב־פרילינג נאָכמיטיק, און כמור־נעדיק איז געווען אויפן געמיט פון די גרויסע אומגליקן אין אונדזער לעבן אין דער איצטיקער צייט.

ביים ראָג פון דער דריטער עוועניו האָב איך דערזען אברהם ריי־זענען מיט אהרן קאָרלינען ביי זיין זייט.

איך האָב אים שוין אַ לאַנגע צייט נישט געהאַט געזען און וויסנדיק, אַז מען קלייבט זיך פייערן זיין זיבעציק יאָריקן יובילײ איז פאַר מיר גע־ווען אַן אַנגענעמע איבעראַשונג צו זען, ווי זיין פיגור איז נאָך ביז גאָר דראַטיק און באַוועגלעך. איך בין געווען ביז גאָר צופרידן וואָס ער האָט מיך נישט באַמערקט, ווארים וואָלט ער מיך יאָ באַמערקט, וואָלט מען מען זיך אַוואדאי געווען אָפּגעשטעלט, אָפּוועגדענדיק די שטימונג אין וועל־כער איך בין געווען אַריינגעפאַלן ביים באַמערקען אים. איך שעם זיך נישט אויסצוזאָגן, אַז דאָס איז געווען אַ ביז־גאָר זיסלעך סענטימענטאַלע שטימונג. אַזוי זיסלעך סענטימענטאַל, אַז אַנשטאָט גיין אַרונטער מיין וועג דורך דער צוועלפטער גאַס צו דער צווייטער עוועניו, האָב איך אָנגעהויבן אים נאָכצו־גיין לענגאויס דער דריטער עוועניו צו און אפילו נישט געפילט, אַז איך טו דאָס.

אַזוי גייט מען נאָך עפּעס, וואָס האָט אַ טיפע שייכות מיט דיר, — וואָס איז דיר ביז גאָר נאָענט און אייגן.

איך בין אים נאָכגעגאַנגען פון הינטן אָפּגעטיילט דורך אַ שטיקל שטח און זיך צוגעקוקט צו אים און צו אהרן קאָרלינען דורכלעבנדיק

דערבײַ אַ היפּשע שטיק פֿון מײַן אײגענעם לעבן אין ניו־יאָרק.
אברהם רייזען און אהרן קאַרלין!

עס איז דאָ עפּעס רירנדיקס אין דער באַציאונג, דער גרויסער שריפֿטשטעלער פֿון דער יידישער אָרעמקייט און דער אַרויסבערענגער פֿון אַ היפּשער צאָל נאָמענלאָזע מענטשן אין דער עפּענלעכקייט פֿון דער יידישער ליטעראַטור.

עס גייען אויף אין זכרון די יאָרן פֿון אברהם רייזענס באַהעמישקייט אין ניו יאָרק.

די שרייבער פֿון זײַן דור זיינען אַלע באַוויבטע מיט היימען און קינדער און זיינע היימען זיינען די פּאָר ליטעראַרישע קאַפע־הייזער מיט אַ צוגאָב פֿון מאָשקאָוויטשעס ווײַן קעלער.

אינעם מילכיקן רעסטאָראַנדל, — דאָס מקום־מקלט פֿון די "יונגע" פֿלעגט ער קומען זעלטענער. פֿאַר אים זיינען די "יונגע" געווען צו זיכער מיט זיך און זייער אַנגעבלאָזנקייט איז אים געווען דערווידער, כאָטש געהאַלטן פֿון זיי האָט ער דווקא גאָר אַ סך. נעענטער זיינען אים געווען יענע, וואָס זיינען געווען אַרום די "יונגע" און דאָך אינעם קרייז פֿון די "יונגע" נישט אַריינגענומען געוואָרן, און ביז גאָר זיינען אים נאָענט געווען יענע, וואָס זיינען געקומען נאָך די "יונגע" און האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט ביי די טירן פֿונעם ליטעראַרישן היכל, נישט וואַגנדיק אַן עפֿען צו טאָן אַ טיר.

אַזעלכע איז ער געווען דער ערשטער צו באַמערקן און דער ערשטער אַנצעוואָרעמען.

— איך זאָג אייך דעם אמת, איר הערט? נעכטן האָב איך געלייענט אַ פֿאַבל פֿון נחום יוד'ן, איר הערט? קרילאָוו! האָב איך אַזאַ יאָר, ווי קרילאָוו!

— האָט איר געלייענט משה יונה כאַימאָוויטשעס דערציילונג? וואָס איר האָט נישט געלייענט? אַן עולה! איר הערט? אַן עולה! אַ בריליאַנטענע דערציילונג! האָב איך אַזאַ יאָר! ער איז דאָך אונדזער פֿראַנס! אַנאַטאָל פֿראַנס!

— א. לוצקי, זאָגט איר, האָט טאַלאַנט? בלויז טאַלאַנט? גייט שוין גייט! א. לוצקי איז געניאַל! איר הערט? געניאַל! האָב איך אַזאַ יאָר, ווי געניאַל!

אַט אַזוי האָט מען אים געקאָנט הערן רעדן ביי די טישלעך פֿון דעם, אָדער יענעם קאַפֿע־הויז, און אַז ער איז גאָר אַריין אין התלהבות פֿון עמעצנס אַ ניי ליד, אָדער אַ דערציילונג, פֿלעגט ער זיך אַ ווענדט טאָן צו אהרן קאַרלינען וואָס האָט זיך שטענדיק געפֿונען ביי זײַן זייט און אַ ציטערנדיק ליידנשאַפֿטלעך דעם רויך פֿון זײַן ציגאַרעטל אויסרופֿן:

— וואָס שווייגט איר קאַרלין, הא. אַזאַ געשעעניש מוז דאָך געפּייערט ווערן! האָב איך אַזאַ יאָר, ווי . . .

אהרן קאַרלינס אויגן פֿלעגן זיך צעפֿינטלען, — אַ סימן, אַז ער איז אויפֿגערודערט און אויף זיין בלאַנד, קײלעכדיק, קלײנדיקן פּנים פֿלעגט זיך באַווייזן אַ גרויסער נחת־רוח. ערשטנס פֿונעם ניי־אַנטדעקטן געניע און צווייטנס וואָס זיין באַליבטער אברהם רייזען האָט אים אַנטדעקט

— איז וואָס־זשע גייען מיר צו מאַשקאָוויטש׳ן? — פֿלעגט אהרן קאַרלין אַ פֿרעג טאָן, און דאָס פֿרעגן האָט שוין געמיינט, אַז ער האָט גע־מאַכט אַן אונטערזוכונג אין זיינע קעשענעס און דאַרטן, דאַנקן גאָט, גע־פֿונען גענוג קלינגעלט אויף אַ פֿלעשעלע ווײַן.

און גיין צו מאַשקאָוויטשן האָט נישט געמיינט צו גיין חלילה שיכור׳ן. קיין שיכור איז קיינער נישט געווען.. איין פֿלעשעלע ווײַן, אָדער גאָר אַ קריגעלע איז גענוג געווען פֿאַר אַ טישל מיט זעקס, זיבן חברה אַרום דעם, און אפֿילו די ביסלעך, וואָס מען האָט געטרונקען זײַנען נישט געווען צוליב דעם טרינקען אַליין, נאָר צוליב דער פֿייערונג פֿון אַ ניי־ענטדעקטן געניע. אמת, נישט איינמאָל האָט זיך געטראָפֿן אין אַזעלכע נעכט באַ מאַש־קאָוויטש׳ן אינעם ווינקעלער, אַז דער געפֿייערטער געניע איז פֿאַרביטן גע־וואָרן מיט אַ נייעם געניע, וואָס איז אַנטדעקט געוואָרן טאָקע אויפֿן זעלבן פּלאַץ. ווארים זופֿנדיק דאָס ביסל ווײַן האָט אַמאָל געטראָפֿן, אַז איינעם פֿון דער חברה האָט זיך פֿאַרגלוסט איבערלייענען זיינס אַ ניי ליד, וואָס ער האָט געטראָגן ביי זיך אין קעשענע:

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָט דער גרויסער שריפֿטשטעלער זיך צעשריגן און זיינע צוויי טונקעלע אויגן האָבן זיך צעגליט מיט אויפֿריכ־טיגן עקסטאַז.

— וואָס זאָגט איר? איר שמייכלט? האַ, פֿאַרוואָס שמייכלט איר? אין אייער שמייכל דערקאָן איך, אַז איר זענט נישט באַגייסטערט. אָן עולה! אָן עולה! ווארים באַגייסטערט זייט איר דאָך זיכער, נאָר וואָס זשע דען? איר ווילט נישט צוגעבן. אָן עולה! מען קאָן אַליין זיין אַ גוטער דיכטער און צו דערזעלבער צייט צוגעבן, אַז יענער איז געניאַל.

עד, יאָרן פֿאַרגאַנגענע אויף קיינמאָל, קיינמאָל זיך מער שוין נישט אומצוקערן צוריק!

איך בין נאָכגעגאַנגען יענעם כמורנעם נאָכמיטיק זיינע טריט פֿון הינטן אַ היפּשע שטיק וועג און געהאַט דאָס געפֿיל, ווי איך וואָלט זיך אומ־געקערט צו אַ שטיק פֿון מיין אייגענעם אַוועקגעגאַנגענעם לעבן. מיר איז געווען גוט זיך אומצוקערן און נאָך בעסער איז מיר געוואָרן קוקנדיק, ווי דער זיבעציק יאָריקער אברהם רייזען איז נאָך גרינג אויף זיינע פֿיס. איך האָב זיך געפֿרייט צו זען, ווי זיין דינע שלאַנקע פֿיגור האָט זיך נאָך אַזוי דראַטיק באַוועגט. איך האָב זיך געפֿרייט מיט דעם טונקעלן מאַנטל, וואָס האָט אים געפּאַסט, מיט דעם ברייט־ראַנדיקן קאַפּעליוש, וואָס איז געווען

אזוי פיין און אַרטיסטיש פאַרבויגן אויף אַ זייט און אויך מיט אהרן קאַר־לינען, וואָס וויגט זיין קליינגעוויקסיקייט לעבן אים פונקט, ווי אַמאָל, אַמאָל.

— ח. —

יענעם נאָכמיטיק און אויך אין דעם אָוונט, וואָס איז געקומען נאָך אים, בין איך שוין געווען אינגאַנצן מט דעם געשטאַלט פון אברהם רייזע־נען, און מיר איז געווען גוט מיט אים.

מיר איז נישט ערגער געוואָרן אפילו אין יענע מאָמענטן, ווען מיר איז געקומען אויפן זינען די פאַרשידנקייט פון די פאָזיציעס אויף וועלכע מיר שטייען איצט אין דעם עפנטלעכן יידישן לעבן

נישט נאָר האָט ער קיינמאָל ניט געוואָרפן קיין שטיינער אַהינטער זיך ביים אַוועקגיין פון ערגעץ, אָדער פון עמיצן, נאָר ער האָט שטענדיק געקוקט און קוקט אויף יעדן שטיינער־וואַרפער מיט דעם טיפסטן טרויער.

אָפילו אויף די שטיינער, וואָס ווערן אַמאָל געוואָרפן אויף אים דיר־רעקט, געדענקט זיך מיר נישט, אַז ער זאָל ווען עס נישט איז צוריק וואַרפן.

בלויז פּריוואַט אַמאָל, באַ אַ טישל אין דער מסיבה פון נאָנטע פריינט, קאָן ער זיך ווען נישט ווען אַ ווענדט טאָן מיט דער פראַגע :

— איך בעט אייך, אפשר קאָנט איר מיר דערקלערן, ווי אַזוי איז אַ מענטש אַזאַ רשע?

דאָס וואָרט "רשע" איז דאָס שטאַרקסטע פּראָטעסט־וואָרט אינעם לשון פון אברהם רייזענען אויפן חשבון פון אַ מענטשן, וואָס באַגייט אַן עולה קעגן דעם אָדער יענעם און אפילו קעגן אים. און עס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר אים, וואָס אַפילו אָט דאָס שטאַרקסטע פּראָטעסט־וואָרט זיינס באַנוצט ער נאָר אין זיינע פּריוואַטע שמועסן און נישט אין שרייבן.

פאַראַנען מענטשן אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס זיינען אומצופרידן מיט אברהם רייזענס איבערבליקן וועגן ביכער און שרייבער און אהרן קאַרלינס "פעדער".

— אַלץ איז ווערטפול !

— יעדער איינער אַ טאַלאַנט!

— עס שווינבלט און גריבלט ביי אים מיט גענייעס !

אָט אַזוי רעדן אונדזערע ליטעראַרישע פיינשמעקער וועגן אברהם רייזענס "איבערבליקן", אָדער "רעצוויוס", ווי ער אַליין רופט זיי אָן, וואָס זיינען שוין געוואָרן אַ מין אינסטיטוציע אין דער "פעדער". פאַרשטיי איך דווקא די טענות־האָבער. עס איז זיי אוודאי אומאַנגענעם צו זען זייערע נעמען, וואָס קלינגען שוין בכל תפוצות ישראל זינט יאָרן צוזאַמען מיט נעמען וואָס זיי ווערן אָפטמאָל צו ערשטן מאָל דערמאָנט. פאַרשטייען, פאַר־

שטיי איך זיי, אָבער גערעכט זיינען זיי פונדעסטוועגן נישט.

און נישט גערעכט צו אים זיינען זיי, פּונקט, ווי עס זיינען נישט גע־רעכט געווען די "יונגע", וועלכע האָבן מיט אַזעלכע גרינגע הערצער אָוועקגעמאַכט זיין "דראַמע איבער פינף קאַרטאָפליעס".

דווקא מיט זיין "דראַמע איבער פינף קאַרטאָפליעס" איז ער גע־וואָרן דאָס, וואָס ער איז אין אונדזער ליטעראַטור.

ער איז דער גרעסטער בעל־רחמים אין אונדזער ליטעראַטור אויף דער אָרעמקייט, וואָס האָט געהערשט אין זיין צייט אין דעם יידישן לעבן פון די טויזנטער ישובים אין אייראָפּע.

דאָס טיפע רחמנות געפיל איז דער סאַמע תוך פון אברהם רייזענס גאַנצן שאַפן. עס איז דער תוך פון אַלע זיינע לידער און אַלע זיינע דערציי־לונגען. און עס איז דאָס זעלבע רחמנות געפיל, וואָס פירט אים אַרויסצו־ברענגען אַלע פאַרזעענע, פאַרשוויגענע אין אונדזער ליטעראַטור.

עס איז די געוויינלעכקייט, זאָגט איר?

יאָ, עס איז אמת, אַז אברהם רייזען האָט אָפּטמאָל אויסערגעוויינלעכע ווערטער וועגן געוויינלעכע שרייבער, ער איז דער גרויסער בעל רחמים און דער גרויסער אַנטדעקער פון אויסערגעוויינלעכקייט אין די געוויינלע־כע מענטשן וועגן וועלכע ער דערציילט און ווי די מענטשן פון זיינע דער־ציילונגען, איז אויך מיט די שרייבער וועגן וועלכע ער שרייבט.

— ט. —

— וואָס איז גרונם דער מלמד? אַ געוויינלעכער דרדקי מלמד, ווי אַלע געוויינלעכע דרדקי מלמדים באַ יידן.

אַ שטילער, אַ הכנעהדיקער און אַ ווינקלענדיקער, נישטאָ דאַכט זיך קיין טראָפּן דערהייבנקייט אין אַזאַ מענטשעלע ווי גרונם דער מלמד. נישט קיין חסיד און נישט קיין מתנגד, נאָר גלאַט אַזוי אַ ייד, אַ דרדקי מלמד, וואָס קנעלט מיט קינדער, כדי צו האָבן אויף שבת.

אָבער אַז דאָס רחמנות־געפיל פון דעם גרויסן קינסטלער אברהם רייזען דערזעט אָט דעם נישט־דערזעענעם, דערזעט ער שוין אין אים דאָס אויסערגעוויינלעכע אין זיין געוויינלעכקייט.

— וואו לערנט ר' יעקב'ס איניקל ר' גרונם?

— וואָט הייסט וואו? איר ווייסט גאָר נישט? אַ שיינע מעשה? ער לערנט באַ מיר טאַקע! וואָס דען האָט איר געמיינט, ער וועט אים צו אַן אַנדערן אָוועקגעבן? מער וואָלט אים נישט פעלן!

אָט די מחשבות, וואָס אברהם רייזען דעקט פאַר אונדז אויף אין דעם שטילן הכנעהדיקן גרונם דעם מלמד, דעקן אויף אויטאָמאַטיש אויך פאַר אונדז דאָס אויסערגעוויינלעכע אין אים אויף וואָס מיר האָבן זיך ניט גע־

ריכט. מיר דערזען פּלוצלונג אַ טיפן באַגער און אַ בענקעניש נאָך זעלבסט־חשיבות, ביי וועלכן מיר האָבן דאָס גאָרניט דערוואַרטעט. עס איז נישט דאָס ניסן פון גרונמ'ן אויף דעם גביר ר' יעקב'ס זיידענער שבת'דיקער קאַפּאָטע איבער דעם שמעק־טאַבאַק, וואָס מאַכט די דערציילונג פאַר אַזאַ וויכטיקער, נאָר די אַנטדעקונג אינעם דערזעהענעם גרונמ'ען, אַז אויך ער בענקט דערזען צו ווערן.

"דער זילבערנער רובל" איז דאַכט זיך מער אַנעקדאָט, ווי דערציילונג, און דאָך וואַקסן פאַר אייך אַרויס מיט אַזאַ אויסערגעוויינלעכקייט די צוויי געוויינלעכע מענטשן זעלווין און פרידמאַן.

זעלווינס בזיון הלמאי ער האָט פאַרלייקנט פאַר זיין חבר, אַז ער פאַרמאָגט אַזאַ אוצר, ווי אַ רובל, און פרידמאַנס פיינע פאַרשטענדעניש פאַר זיין חבר'ס לאַגע, זענען באַלויכטן נישט נאָר מיט דעם טיפן רחמנות־געפיל פון דעם מייסטער צו מענטשן, נאָר זיי זיינען אויך דער נס פון דער אויסערגעוויינלעכקייט אין די געמיטער פון געוויינלעכע מענטשן.

אפילו דער רובל אַליין, וואָס האָט זיך אַרויסגעקייקלט פון זעלווינ'ס שוך און איז געבליבן ליגן אויפן דיל, ווי אַ שטראָף פאַר זעלווינ'ס פאַרלייקענונג, ווערט אונטער אברהם רייזענס פען לעבעדיק און כמעט מענטשלעך.

— אַלץ איבער מיר! אַלץ איבער מיר! — קלאָגט זיך דער רובל און פאַרוואַנדלט אַ פשוטן אַנעקדאָט אין אַ טיפן סאָציאַלן מאָטיוו.

עס איז נישט קיין נייעס, אַז דער דומם זאָל זיך אונטער זיין אויג פאַרוואַנדלען אין אַ לעבעדיקן וועזן.

ער, וואָס האָט ממש מרעיש עולם געווען מיט א. לוצקיס פאַרלעבעדיקן דעם דומם, האָט די זעלבע קונסט נאָך פריהער באַוויזן. לייענט זיין פּרעכטיקע דערציילונג: "דער פאַרשעמטער בית המדרש", און איר וועט ממש דערהערן דאָס געוויין פונעם שטעטלדיקן בית המדרש הלמאי די באַלעבאַטים האָבן אינמיטן פונעם יאָר פאַרהולטייעוועט דאָס ביסל מזומן אויף אַ חזן און זיי מוזן דערפאַר ימים־נוראים גיין אין נאָענטן דאָרף אַריין, ווייל דאָרטן איז דאָ אַ בעל־תפילה און פאַרן בית מדרש איז נישט געבליבן מיט וואָס צו באַצאָלן.

און וואָס איז מכוח דעם ריטמישן: טריק־טראַק! טריק־טראַק! פון יענעמס באַזוילטע און באַקנאָפּלטע שיך, בשעת די אייגענע זיינען "שטיילע־טריט" ווייל זוילן זיינען נישטאָ?

— דער גאַנצער כח איז נישט אינעם מענטשן, נאָר אין זיינע שיך.

— פילאָזאָפירט שוואַכמאַן און ווערט דערביי אַ דאַנק אברהם רייזענס טיפער פאָלקס חכמה דערהויבן צו גרויסער שטאַרקייט.

די געוויינלעכע טונקל־הויטיקע ליזע פאַרוואַנדלט זיך אויף אַ באַל, אַ דאַנק אַ קאָסטיום, אין אַ ציגיינערין און די אויסערגעוויינלעכקייט שטראַלט

אויף פון דער טאָג־טעגלעכער געוויינלעכקייט.

אין "פאַרמשכונט זיך אַליין" איז נישט אַזוי דער קאָמיזם פון דעם לערער קליגער, וואָס איז אַן אַרעסטירטער אַ גאַנצן טאָג אינעם רעסטאָראַנדל, ווייל ער האָט נישט צו באַצאָלן פאַר דעם ביסל עסן, ווי דער אויסערגעוויינלעכער סוף.

— פאַרלאָרן אַ ליכטיקן טאָג! — זיפצט קליגער אַרויס פונעם האַרצן, ווען ער ווערט ענדלעך אויסגעלייזט ווען עס איז שוין אָוונט, און רעגנדיק.

איך וואָלט זיך געקאָנט אָפּשטעלן אויף גאָר אַ גרויסער צאָל דערציילונגען און אָנווייזן אויף דער אויסערגעוויינלעכקייט, וואָס אברהם רייזען אַנטדעקט אין די געוויינלעכע מענטשן און אויך אויף דער טיפער רחמימ׳דיקייט מצד דעם גרויסן בעל־רחמים אברהם רייזען צו דורכשניטלעכע מענטשן, וואָס זיינען פאַרזשעען אין לעבן.

ווי רירנדיק עס איז זיין מיטגעפיל צום פויער, וואָס האָט פאַרשפּעטיקט מיט זיין "סכך אויף סוכות". מען פילט דאָך ממש, ווי ער, דער גרויסער קינסטלער און ליטעראַרער מענטש, טראַגט צוזאַמען מיט די יידן פון שטעטל דעם פויער זיינע מתנות.

אָדער אַזעלכע טיף־מענטשלעכע דערציילונגען, ווי "אייזן", "די נאָ־שערין", "ווען עסט חיים מלמד אַ בייגל" און נאָך און נאָך.

איך וואָלט זיך אויך געקאָנט אָפּשטעלן אויף פיל, פיל מער פון זיינע פּרעכטיקע לידער, וואָס שלאָגן מיט אַזאַ טיף מענטשלעכן רחמנות־געפיל צו זיך, צו יידן און צו דער וועלט.

אַזאַ וואַלד פון לידער און דערציילונגען ביי אים, כאָטש נעם און שרייב אַ בוך!

וואָלט אפשר גאָרנישט געווען קיין שלעכטע זאַך זיך אָנוועקזעצן און אָנשרייבן אַ בוך וועגן אים. אַזאַ, ווי אברהם רייזען, פאַרדינט זיכער אַ בוך וועגן זיך און אפשר טאַקע אַפילו גאַנצע ביכער. אָבער דערווייל וועל איך זיך אָפּשטעלן כאָטש נאָך אויף איינער פון זיינע דערציילונגען. זי איז "די דראַמע איבער פינף קאַרטאָפליעס", איבער וועלכער איך האָב מיט יאָרן צוריק געהאַט אַזוי פיל עגמת נפש.

וויפיל מאָל האָב איך שוין אין מיין לעבן געלייענט אָט די דערציילונג? איך מיין, אַז אומצייליקע מאָל! פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל אין אָט דער דערציילונג איז דאָ דער שטאַרקסטער פּראָטעסט קעגן דער אָרעמקייט און דחקות אין וועלכע מענטשן זיינען פאַר׳משפּט צו לעבן.

דער ציטער אין שלמה שניידערס האַרץ, ווען אין דער שיסל ווערט ווייניקער מיט אַ קאַרטאָפליע, די הונגעריקע בליקן פון דער שכנה כיענען, וואָס קומט צופעליק אַריין און דערשמעקט דעם ריח פון די נאָר־וואָס אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל.

—דו האָסט היינט גאַר געקאָכט אויף אָנבייסן קאַרטאָפל? — האָט כיענע געפרעגט, קוקנדיק מיט הונגעריקע אויגן צום טיש.

— יאָ קאַרטאָפל, — האָט פריידע געענטפערט, ווי מיט אַ זיפץ.

דאָס סצענקעלע, ווען שלמה שניידער צעהוסט זיך און די צווי פּו־עלים זיינע ווערן בלייך הלמאי די הונגעריקע כיענע נעמט פון דער שיסל אַ קאַרטאָפליע, איז דער שטאַרקסטער פּראָטעסט קעגן דער וויסטער סאָ־ציאַלער אָרדענונג אויף דער וועלט.

עס איז אַ מעכטיקע דערציילונג, — אַזאַ איז זעלטן צו געפינען אין דער וועלט ליטעראַטור.

— י. —

אַ וואונדערלעכער שרייבער אברהם רייזען!

ווער האָט דאָס מיר אַמאָל געזאָגט? דאָס איז געווען י. ח. ברענער, וואָס האָט צו מיר אָט די ווערטער געזאָגט.

איך דערמאָן זיך, ווי איך בין אינעם יאָר ניינצן־ניינצן אַריינגע־פאַלן צו י. ח. ברענערן אין זיין שטוב אַריין אין תל־אביב מיט די נייעס, וואָס איך האָב נאָרוואָס דערהאַלטן פון ניו יאָרק.

— אברהם רייזען האָט חתונה געהאַט!

— אַזוי? — האָט י. ח. ברענער געפרעגט אַ שמייכלענדיקער, און גלעטנדיק די בלאָנד־געלבלעכע באָרד געזאָגט מיט אַ סך וואַרעמקייט אין קול:

— זאָל אים זיין מיט מזל, אַזוי... אַזוי... הייסט עס, אַז ער האָט חתו־נה געהאַט און וועט ווערן אַ באַלעבעסל, אַזוי, אַזוי.

די גאַנצע צייט האָט י. ח. ברענער, אויף יענעם וויזיט מיינעם ביי אים, נישט אויפגעהערט צו רעדן מיט ליבשאַפט און דערביי איבערגעחזרט עט־לעכע מאָל:

— אַ וואונדערלעכער שרייבער אברהם רייזען!

דאָס איז געווען אין דער צייט פון זיין חתונה האָבן און איצט צו זיין זיבעציק יאָריקן געבורטסטאָג שליס איך זיך אָן אָן י. ח. ברענער'ס ווערטער:

— אַ וואונדערלעכער שרייבער אברהם רייזען!

* *
*

י. י. טרונק

# מהר"ם פון רוטנבערג

— 1 —

וועגן ה. לייוויקן איז לייכטער צו שרייבן אַ בוך ווי אַן אַרטיקל. אַ שריפטשטעלער קאָן מען צום בעסטן שילדערן נאָר לויט דעם קאָנסטרוק־טיוון בילד ווי ער אַליין, דער דיכטער, געשטאַלטיקט זיך אין זיין שעפע־רישן וועג. אין דעם אופן, ווי עס קאָנסטרואירט זיך אַ קינסטלערישע פּער־זענליכקייט, קאָן מען אָפּט גיכער אַרויסגעפינען די וועזנטליכקייטן פון זיין מהות, איידער ווי אין אַ געוויסן סכום פון אָפּגעדרוקטע בלעטער.

עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז אין איין בוך פון ה. לייוויק קאָן מען שוין וויסן זיין וועג. איטלעכעס ווערק פון ה. לייוויק איז בלויז אַ פראַג־מענט פון אַ גרויסן געבוי פון פּראָבלעמען און געשטאַלטן. אַ גע־בוי ביי וועלכן לייוויק אַרבעט זיין גאַנצן לעבן. נאָר אין דער דאָזיקער גאַנצ־קייט — וועלכע ה. לייוויק האָט נאָך נישט פאַרטיק און ער בויט נאָך ביי איר — מוז מען זוכן לייוויקס אייגנשאַפטן סיי אין זייער ליכט און סיי אין זייער שאָטן. די פראַגמענטן געראָטן לייוויקן אַ מאָל מער און אַ מאָל ווייניקער — און עס איז דערפאַר ווייל ה. לייוויק אַרבעט ביי זיין גייסטיקן בנין מיט אַ סך נישט־אָפּגעהובלטע שטיינער.

אַרכיטעקטאָניש צו רעדן — און וועגן לייוויקן איז זייער פּאַסיק צו רעדן מיט אַרכיטעקטאָנישע טערמינען — אין דער יידישער ליטעראַטור בויט לייוויק אויף עפּעס ווי אַ גאָטישע פּיראַמידע. ער בויט זי אויס רויען פעלז און פעלז־שטיין. ער בויט מיזאָם, האַרעפּאַשנע, פּאַמעלעך און אין טיפער שטייגנדיקער עקשנות. ער שטעלט שטיין צו שטיין, פאָרם צו פאָרם, שווער־קראַפט צו לייכט־קראַפט. פיגורן און פיגורלעך פון הייליקע, טייוולאָנים, אַסקעטן, משיח־געשטאַלטן, איובס און אַנטוישטע — זיי שטיי־

---

(*) ה. לייוויק מהר"ם מרוטנבערג. דראַמאַטישע פּאָעמע אין זיבן בילדער זאַמלביכער 6.)

ען אַלע אין מיטן דעם שווערן געשפּיל פון באַצוואונגענער און נישט־
באַצוואונגענער מאַטעריע, אויף וועלכערס צענויפזאַמלען האָט לייוויק מקריב
געווען זיין גאַנץ קינסטלעריש לעבן. טיילמאָל הייבט ער אויף דעם קאָפּ,
קוקט אָן דעם אומהיימלעכן רויען בנין וואָס הייבט זיך איבער אים אין
דער לופטן ווי דער שאָטן פון זיין אייגענעם איך. לייוויק דערשרעקט זיך
דאַן פאַר דעם דאָזיקן שאָטן זיינעם. זיין געבוי שטייט אין מיטן אַ גרויסער
אומהיימלעכער איינזאַמקייט. און ער וויל צומאַכן די אויגן און צוריק לויפן
צו דערווירקלעכקייט. צו די טאָג־טעגלעכע געשעענישן פון לעבן. איך
בין מסופק צי די דאָזיקע ג אָ ט י ש ע ראַנגלענישן מיט דער מאַטעריע
פון שפּראַך, געשטאַלטונג און פּראָבלעמען גיבן ה. לייוויקן באַפרייאונג און
סאַטיספאַקציע. ער שטייט אין כסדרדיקן געראַנגל מיט די ווידערשטאַנדן פון
זיין שאַפונג. ער וואַקסט אויס צוזאַמען מיט דעם אויסוואַקסן פון זיין שווערן
קאַמף מיט דער מאַטעריע, מיט דעם אויסוואַקסן פון זיין אינערלעכן שאָטן,
ער רופט דעם דערלייזער — ווארים אין לייוויקן איז געפּענטעט אַ גרויסער
דיכטער וואָס קעמפט פאַר זיין תיקון. אין דעם ריטם פון זיין שפּראַך קלינ־
גען די קייטן פון אַן אינערליכער געבונדנקייט.

— 2 —

עס איז מערקווירדיק: יעדע באַדייטענדיקע טאַט אין דער יידישער
ליטעראַטור, אַ טאַט וואָס פּרווּט צו דערגרייכן צו די טיפענישן פון יידישן
וועלט־דאַזיין — מוז זיך, ווילנדיק צי נישט ווילנדיק, אָנטרעפן אויף דער
גרויסער ט אַ ט וואָס הייסט שלום עליכם. שלום עליכם האָט אויסגעבויט
דעם גאַנצן הינטערגרונט אויף וועלכן די יידישע ליטעראַטור האָט זיך
ערשט געקאָנט פאַנאַנדערבויען אין די יסודותדיקייטן פון אירע גע־
שטאַלטן, זעאונגען, פּראָבלעמען, נעמליך: די געשיכטלעכע וועזנהאַפטיקייט
פון יידישן מענטש. די טראַגישע אַ נ ד ע ר ש ק י י ט וואָס ליגט — אַלס
וועלט־סובסטאַנץ — אין דעם גאַנצן קיום־בילד פון יידישן מענטש. ערשט
אין דער געשטאַלט פון מנחם מענדלן האָבן מיר באַנומען פון וואַנען עס
נעמען זיך — אין תוך זייערן — די משיחישע געשטאַלטן אין דער יידישער
געשיכטע. אין דער פיגור פון טביה'ן איז די טראַגעדיע פון דער יידישער
געשיכטע געוואָרן אַ פּלאַסטיש וועלט־בילד. אין שלום עליכמס שאַפונגען
האָבן מיר זיך אַליין אָנגעקוקט ווי אין שפּיגל. די טיפקייטן פון דעם דאַ־
זיקן שפּיגל האָבן אונדז געוויזן דעם אַדורכגעגאַנגענעם וועג פון י י ד ן
א י ן ד ע ר מ ע נ ש ה י י ט . אַ וועג וואָס ציט זיך פון אונזערע
ערשטע אָנהויבן אין תנ״ך. נאָך שלום עליכמען האָבן מיר זיך ערשט דער־
ווּוסט וואָסער באַטייט די יידישע ליטעראַטור האָט פאַרן יידישן זעלבסט־
דערקענטעניש. קיין ערנסטער יידישער דיכטער האָט נאָך גאָרנישט דער־

גרייכט מחוץ דעם דאָזיקן היסטאָריש־פּסיכישן באָדן פון שלום עליכמען. וואָס גרעסער אַ יידישער שריפטשטעלער איז, אַלץ העלער שטייט ער אין שלום עליכמס ליכט. אויך דעם גייסטיקן ריז י. ל. פּרץ זעען מיר ערשט אין זיין גאַנצער מאָנומענטאַליטעט, ווען מיר קוקן אויף אים אין די אָפּשיי־נען פון שלום עליכמס יידן. אויך לייוויקן איז בעסער צו באַטראַכטן אין אָט דעם אָפּגלאַנץ. ער ווערט אונז דאַן קלאָרער און באַגרייפלעכער. זיין קאַמף מיט דער מאַטעריע פון זיינע פּראָבלעמען און געשטאַלטן באַקומט דאַן די אידעע פון אַ היסטאָרישער לאָגיק און אַ טיפערן דיאַלעקטישן זין. צווישן אים און שלום עליכמס דערגרייכונגען ליגט די פעלזיקע מאַסע פון שטור־מער יידישער טראַגעדיע וועלכע ער לייוויק שפּאַנט שווער אַדורך ווי אי־בער אומהיימלעך־שווייגנדיקע שטיקער וועלט. אין דער דאָזיקער אומהיימ־לעכקייט רופט ער דעם נאָמען און די געשטאַלט פון דערלייזער. דער יידי־שער משיח, וואָלט לייוויקן ענדלעך באַפרידיקט. וואו און ווער איז דער יידישער משיח? די געשטאַלטן וואָס הייבן זיך אַרויס ווי משיח וויזיעס פון צווישן אָט דער רויער אומהיימלעכקייט — זיי קומען פון לייוויקס אייגע־נער איינזאַמקייט. ווען ער גרייפט נאָך זיי, צעשווימען זיי אים ווי שאָטנס און ווי געשפּענסטען. לייוויק פאַרגרעסערט זיי אומישנע אין זייער הערא־איזם כדי ענדליך פעסט צו האַלטן זייער געשטאַלט. אָבער לייוויקס דער־לייזער אַנטלויפן פונדאַסניי אין דער טונקלעניש פון אַן איינזאַמקייט. אפילו ווען ער פּרובירט צוריק גיין צום לעבן און געפינען דאָס משיחישע אין אַ יידישן שוסטער הירש לעקערט — איז עס ווידער אַ יחיד וואָס צעשווימט אין דער אַטמאָספערע פון דער וויזיע. אַ הערא‌ס. און ער נאַרט אים פונ־דאָס ביי אָפּ ווי די אַלע העראָאישע געשטאַלטן וואָס ווייזן זיך לייוויקן פון די פעלזן אין וועלכע אינווייניק — ווי אין פינצטערע היילן — עס באַהאַלטן זיך די יידישע וועלט־עקזיסטענצן. שלום עליכם האָט די וועלט־דערלייזע־רישע יידישע סובסטאַנץ, וואָס איז אימאַנענט אין דער סובסטאַנץ פון דער יידישער געשיכטע, מיט דער נאַאיווסטער פּשוטקייט געפונען אין קליינעם יידישן מענטש. שלום עליכם איז אפשר אַרויסגעגאַנגען נישט מער ווי זוכן אייזלען. און ער האָט געפונען דעם קעניג. לייוויק זוכט אַפּריאָרי דעם קעניג און דעם הערא‌ס. אין דער דאָזיקער געשטאַלט זעט ער דאָס יידיש וועלט־דערלייזערישע. אַ הערא‌ס זוכט מען אין די איינזאַמקייטן. ליי־וויק מיינט אַז אין זיינע אייגענע איינזאַמקייטן — מיט וועלכע ער איז פול און פול — וועט ער געפינען דעם באַשייד וואָס באַאומרואיקט אים. אין זיין טיפן יידישן אינסטינקט אָנט ער: אין לעבעדיקן היסטאָרישן עצם פון יידן, אין דעם געשיכטלעכן געשטאַלט פון דער יידישער מאַסע, מוז ער־געץ ליגן דער שיקזאַל. דאָס משיחישע איז בלויז די געלייטערטע פאָרם פון שקזאַל. דער בליק אויף דעם אויסוועג. דאָס זאָגן אונדז דייטלעך לייוויקס אָפטע אָפּווייכענישן צו דער יידישער רעאַליסטישער דראַמע. דערווייל אָבער

האָט ער נאָך ניט באַוויזן צו אידענטיפיצירן די ווירקלעכקייט מיט דער ו ו י ז י ע ווי עס האָט געטאָן שלום עליכם. לייוויק בלאָנדזשעט נאָך צווישן וועלטן און זעט נישט, אַז גראד ביי יידן זענען באַשייגפערלעך די דאָזיקע צוויי געשטאַלטונגען — ווירקלעכקייט און וויזיע — נישט מער נאָר ווי צוויי שוישפּילן פון א י י ן עקזיסטענץ. צוויי אַט־ריבוטן פון א י י ן וועלט־דאזיין. ווען ה. לייוויק וועט צוקומען צו דעם פּונקט ווו דיביידע געשטאַלטונגען לויפן זיך צוזאַמען אין איין גאַנצקייט — וועט ער געפינען דעם באַשייד אין דער גרויסער טראַגעדיע פון זיינע ווידעראַנאַנדען צווישן וויזיע און ווירקלעכקייט. ער וועט געפינען זיין שלמות. ער וועט זיין באַרואיקט און באַפרידיקט.

די טונקלקייטן פון זיין ג אָ ט י ש געבוי אין דער יידישער ליטע־ראַטור וועלן ליכטיקער ווערן אין שטילער יידישער פשטות. די אומהיימ־לעכע הערצן אין די נישן דאָרט וועלן אָנהויבן צו רעדן ווי פשוטע יידן.

— 3 —

אין דעם דאָזיקן פרט — נעמליך אין דער ענדגילטיקער סינטעזע צווישן ווירקלעכקייט און וויזיע צו וועלכער עס ציט זיך מיזאַם לייוויקס וועג — באַטראַכט איך די דראַמע ״מהר״ם פון רוטנבערג״ פאַר אַ גרויסן שריט פאָרויס. עס איז די שווערע טראַגיק פון דער צייט וואָס האָט לייוויקן בגוואַלט געשטעלט אויפן וועג צו זיין שלמות. ה. לייוויק איז איינער פון די סענסיבילסטע יידישע דיכטער. ער ציטערט מיט מיט שוועבונגען פון דער צייט. ער ווייסט, אַז קעגנוואַרטיקייט און געשיכטע זיינען נאָר אַטרי־בוטן פון איין מהות וואָס וויקלט זיך פאַנאַנדער אויף די פליינען פון דער צייט. זיינע היסטאָרישע מאָטיוון זענען תמיד באַהויכט מיט דעם אָטעם פון דער קעגנוואַרט און זיינע קעגנוואַרט־מאָטיוון — מיט דעם אָטעם פון דער געשיכטע. די צייט אין וועלכער מיר לעבן איצט, די קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן אין וועלכע די יידישע געשיכטע איז מיט אַמאָל אריינגעלאָפן ווי אין אַן אויסוועגלאָזן אָפּגרונט, אין אַ תהום פון סוף און פאַרלענדונג — זיי זענען פאַר לייוויקן געווען די גרעסטע און טראַגישסטע זעאונגען אויף זיין וועג. עס האָט אים דערשיטערט אַלס קינסטלער ביז אין זיינע טיפסטע יסודות. איבער זיין גאָטישן בנין האָט עס זיך אויסגעלאָדנט ווי אַ שוואַרץ געוויטער. סיי איבער לייוויקס וויזיעס און סיי איבער לייוויקס ווירקלעכקייטן איז געשטעלט געוואָרן דער פרעג־צייכן פון ביטערער אָנ־טוישונג.

זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גרעסטע יידישע ליידן אין דער גע־שיכטע, האָבן אַלע איינזאַמקייטן אַרום ה. לייוויקן זיך אויפגעטון מיט אַ ווּיסט געלעכטער. דער הערצס טראָגט דאָס ליכט פון דער צוקונפט. וואָסער

פנים האָט דער אידישער הערצס ווען יידן האָבן אפשר מער ניט קיין צו־קונפט? אַלע לייוויקס דערלייזער און משיחים האָבן זיך פונאַנדערגעוואקלט ווי אוממעכטיקע גולמס, ווי מאַנעקינען. ס'איז לייוויקן אַליין אויסגעקומען לעבערלעך אַז די דאָזיקע געבורטן פון זיינע וויזיעס קאָנען ווירקלעך עפּעס ממשותדיק פונאַנדערלייכטן דעם טראַגישן סוד פון דער יידישער צייט. אַלע לידער און דיכטונגען וואָס לייוויק האָט געשריבן במשך אָט־אָ־דער צייט זענען די פאַרצווייפלטע און אַנטוישטע רופן וואָס אַ דערשיטערטער ייד שרייט פון זיך אַרויס ווען ער שטייט פאַר דער לעצטער אויסוועגלאָזי־קייט.

מיר קאָנען אָט די לידער פון לייוויקן נישט מעסטן מיט דער מאָס פון מער אָדער וויניקער — ליטעראַריש־געראָטענע דיכטונגען. לייוויקן—דאָס איז זיין מאַכט און זיין אונמאַכט — אים איז אויך אומהיימלעך אין דער ליטעראַטור. ער פּרוווט אַ סך מאָל צו מאַכן אַ שריט אַריבער איבער די גרעניצן פון דער ליטעראַטור. מחוץ דער ליטעראַטור — גלויבט ער — איז גיכער דאָ דאָס אומבאַקאַנטע. דאָס אומבאַקאַנטע פונדרויסן פון אַלע פאָר־מען און געשטאַלטן. אפשר איז גראָד אין דעם כאאָטישן אומבאַקאַנטן פאַראַן די געשטאַלט פון אַ דערלייזער.

— 4 —

עס איז אַ קאַרדינאַלער חילוק, אויב מיר באַטראַכטן די מוראדיקע צייט פון דער היינטיקער יידישער געשיכטע ווי אַ גרויסע אומקום־קאַ־טאַסטראָפע וועלכע האָט זיך אויסגעלאָדן איבער אונדזער יידיש לעבן. דאָס איז נומער איינס. נומער צוויי; צי — ביי אַלע גרויזאַמע דימענסיעס אירע — באַטראַכטן מיר זי ווי אַ בלוטיקן אָפּשניט פון אונדזער היסטאָרישן שיקזאַל, ווי אַ קאָנסעקווענץ פון אונדזער טראַגישן וועג אין דער מענטש־הייט.

אויב קאַטאַסטראָפע — האָט זי גאָרנישט צו טאָן מיט דעם געשטאַלט פון אונדזער כאַראַקטער. מיר האָבן פשוט אַריינגעטראָפן אין אַ מבול. ווייל מיר זיינען די שוואַכערע, האָט עס אונדז שווערער און בלוטיקער געטראָפן. דער באַשייד וועגן אונדזער טראַגעדיע האָבן מיר נישט צו זוכן אין אונדזער שיקזאַל, ד. ה. אין אונדזער היסטאָרישן און נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, ביי־ערט ביי די אָביעקטיווע כאאָטישע עלעמענטן אין דער געשיכטע וואָס זיי־נען פונקט אַזוי גרויזאַם און קאַטאַסטראָפאַל ווי די עלעמענטן פון דער נאַ־טור. אַ סך פעלקער זיינען אומגעקומען פלוצים במשך היסטאָרישע קאַ־טאַקליזמען, און מיר זיינען נישט מער ווי איין אומגליקלעך פאָלק צווישן אַנדערע אומגליקלעכע פעלקער. מיר קאָנען זיך נאָר באַוויינען ווי אַנדערע וואָס זיינען פאַרשאָטן געוואָרן אין ערדציטערנישן. מיר האָבן נישט ביי קיי־

נעם צו פרעגן און ביי זיך אליין אודאי נישט. אויב אָבער אונדזער נאַציאָ־נאַלע טראַגעדיע איז נישט קיין קאַטאַסטראָפע, נאָר זי ליגט אימאַנענט אין דער סובסטאַנץ, ווי די סובסטאַנץ פון שיקזאַל און געהערט צום כאַראַקטער פון אונדזער געשיכטע, — דאַן מוזן מיר זוכן איר באַשייד נישט נאָר אין די קאַטאַסטראָפאַלע דערשיינונגען וואָס ברעכן־אויס אויף אונדזער וועג. ניין, מיר מוזן זוכן דעם באַשייד טיפער אין דער ליגיע פון שיקזאַל. מיר מוזן אים זוכן אינעם היסטאָרישן כאַראַקטער. טביה דער מילכיקער האָט אַ סך באַנומען און אַ סך געזאָגט וועגן דעם באַשייד.

אויך ה. לייוויק באַמיט זיך ענדליך צו געפינען דעם באַשייד נישט אינעם העראָאישן ייד, נייערט אין דעם פשוטן יידישן מענטש, אין דער **א ו מ מ י ט ל ב א ר ע ר ס ו ב ס ט א נ ץ** פון דער יידישער גע־שיכטע.

— 5 —

דניאל ליגט ביינאַכט אין אומקום־לאַגער פון דאַכאַו. ער איז דער יידישער מענטש אין מיטן דער גרעסטער יידישער קאַטאַסטראָפע. עס איז נאַכט. ביי נאַכט רוט אויך די פיין. עס רוען אויך אפשר די דייטשע גאַז־אויוונס. דניאל האָט צייט זיך צו באַטראַכטן. ער זעט אויסגעמאַטערטע שלאָפנדיקע יידן אַרום זיך. פון צווישן די פאַרפייניקטע געשטאַלטן טרעט פאַר אים אַרויס אַחאַספער, דער אייביקער ייד. לייוויק האָט גוט געטאָן וואָס ער האָט דעם **א י י ב י ק ן  י י ד** אָנגערופן מיט דעם מיטישן נאָמען ווי אַזוי די גויאישע וועלט קוקט אויף דעם אייביקן ייד. גראַד איז אָט אַ דער אומהיימלעך־סימבאָלישער פיגור האָט לייוויק געוואָלט אונ־טערשטרייכן איר אָביעקטיוון באַטייט אין דעם אַל־מענטשלעכער פאַר־שטעלונג: ווי אַזוי די מענטשהייט בכלל שטעלט זיך פאָר דעם פעניקס, דעם יידישן מענטש אין דער געשיכטע, וואָס גייט אַדורך אַלע פייערן, דער־הויבט זיך תמיד אַרויס פון זיין אַש און שפּאַנט איבער די דורות ווי דער מיסטעריעזער פרעמדלעכער שאָטן פון אַ לעבן אין דער אייביקייט. אַהאַספער — הייסט אַ ייד אינעם שפיגל־בילד פון דער טיפסטער אָנונג פון דער מענטשהייט. אַהאַספער, דער **א י י ב י ק ע ר  י י ד**, געפינט זיך אומעטום און תמיד אַלס דער וועלט שאָטן פון יידישן מענטש. "וואו יידן זיינען דאָרט בין איך". ער רופט דניאלן מיטצוקומען מיט אים דעם **י י ד י ש ן  ו ו ע ל ט ־ ש א ט ן**, אין די פליינען פון זיין אייגנט־לעכער עקזיסטענץ, ד. ה. אין דער **א י ב ע ר צ י י ט ל ע כ ע ר** די־מענסיע פון דער יידישער **צ י י ט ה א פ ט י ק י י ט**. דאָרט וועט ער אים וויזן דעם באַשייד אין דעם שפיגל פון אַן אייביקן וועג.

שאָטנס פלעכטן זיך צעגויף מיט שאָטנס,
און דורות שליסן זיך איין אין דורות.

נאָר ווען אין יידישער דור איז דער שיקזאַל פאַרן צווייטן יידישן דור, ווען אין יידישער דור איז פאַרן צווייטן יידישן דור אי אַ וויזיע, אי אַ ווירק־לעכקייט און אי טייל פון אַ געמיינזאַמען וועג פון דעם גאַנג פון יידן אין דער געשיכטע — נאָר דאַן עפנט זיך דער באַשייד.

'אין מהר"ם פון רוטנבערג' פּרואווט לייוויק צו גיין אויף דעם דאַזיקן וועג פונם באַשייד.

— 6 —

די יידן פון דעם אומקום־לאַגער אין דאכאו געהערן צו דעם יידישן דור וואָס איבער זייער קאָפּ האָט זיך אויסגעלאַדנט די בלוטיקסטע קאַטאַסט־ראָפע. ווייל די קאַטאַסטראָפע איז אַזוי אומגעהייערלעך־פינצטער אין אי־רע דימענסיעס, דערפאַר קענען מיר ווען איר תוך אַם ווייניקסטן וויסן, אויב מיר נעמען נישט צו הילף דאָס שיקזאַל־בילד פון די פריערדיקע יידישע דורות און זייער היסטאָרישן צושטאַנד. קאַטאַסטראָפעס צעטומ־לען אונדז און פאַרווישן מיט זייער ביטערער אויסטערלישקייט אַלע פונקטן פון באַנעם און באַטראַכטונג. כ'קאָן קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס וואונדערלעך־קלוגע וואָרט וואָס פלוטאַרך זאָגט אין דעם אַריינפיר צו זיין ביאָגראַפיע וועגן אַלעקסאַנדער דעם גרויסן. "איך וועל נאָר דערציילן" — איך ציטיר אומגעפער פלוטאַרכס ווערטער לויט ווי זיי ליגן מיר אין זכרון — "איך וועל נאָר דערציילן פון אַלעקסאַנדערס קליינע טאָג־טעגלעכע מעשים. בלויז אין זיינע קליינע מעשים דערקענען מיר דאָס וואַרהאַפטיקע וועזן פון אַ מענטש. גרויסע העלדישע מעשים געהערן גיכער צו דער שטי־מונג און צו דעם זשעסט פון דער אַמביציע. זיי דערציילן אונדז ווייניקער פון דער אמתדיקייט פונם מהות" .אַזוי ווייט פלוטאַרך. אויך אַלע באַדיי־טנדיקע קינסטלער באַמיען זיך אין די טאָג־טעגלעכע טאַטן פון זייערע העלדן צו אַנטפּלעקן דעם דיאַלעקטישן עפּאָס פון דער מענטשלעכער פּסי־כיק. דער גרויסער זשעסט באַלאַנגט ניט אַלע מאָל צו דער פּסיכישער טיפ־קייט. ער האָט גאָר אָפט אַ שייכות צו דעם טעאַטראַלישן עלעמענט וואָס איז פאַראַן אין יעדן מענטש, און מיר קאָנען זיך אויף אים ווייניקער פאַר־לאָזן. אויך שלום עליכמס פאַרדינסט ליגט דערין וואָס ער האָט אין קליינעם אומוויכטיקעלבאָרן יידישן מענטש אַנטדעקט די פּרימיערע ס ו ב ס ט אַ נ ץ פון יידישן כאַראַקטער, ד. ה. די פּסיכישע דינאַמיק פון דער יידישער גע־שיכטע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. נאָר אינם אַספּעקט פון דער מענטשהייטס־געשיכטע קאָנען מיר ריכטיק פאַרשטיין די געשיכטע פון יידישן פאָלק.

אַהאַספער פירט אַוועק דעם דאכאוער ייד אויף אַן אָפּשניט אויף צוריק אין יאָר 1286 אין דער מאַינצער געטאָ. דער ערשטער אַנטרעף מיט וועלכן דער היינטיקער דאַכאוער ייד באַגעגנט זיך אין מאַינץ איז אים

גאַר באַקאַנט און איז אַ זאַך פון יידישער טאָג־טעגלעכקייט, נעמליך אַ פּאַגראָם, אמת נישט פון די פּאָגראָמען וואָס דער דאכאוער ייד האָט געזעהן, נאָר אַ פּאָגראָם אין די קלענערע דימענסיעס פון יידישן פאַרצייטנס. צעהוליעטער גויאישער פעבל האָט שויבן, צערייסט קישנס, רויבט יידיש האָב און גוטס און דערביי שרייט ער ״אַ טויט די יידן״! די דאָזיקע קולות זענען דעם דאַכאוער ייד נישט פרעמד. דער מאַינצער הערצאָג, ווי אַלע דאַמאָלסטדיקע מושלים, האָט געהאַלטן אַז אויף יידן דאַרף מען פון צייט צו צייט מאַכן אַ פּאָגראָם אָבער לחלוטין טאָר מען זיי נישט פאַרטיליקן. אויב יידן וועלן נישט זיין, אויף וועמען וועט זיך אויסגיסן דאָס בייזע בלוט פון דער מענטשלעכער חיה? די גויים וויסן ״אַז ביי גאָט זיינען פאַרראַן נאָך פריילעכערע טעג ווען מען מעג שלאָגן יידן״ און

״די יידן וועלן נישט אַנטלויפן,
מיר וועלן קומען מאָרגן,
מיר וועלן קומען איבערמאָרגן.
מיר וועלן קומען, קומען.״

— 8 —

דער מאַינצער רב ר׳ מאיר—הגם אין דער יידישער געשיכטע ווערט ער געצייכנט מיט אַלע שטריכן פון הערצאָגישקייט — באַמיט זיך אָבער ה. לייוויק אים אונדז צו ווייזן נישט מער ווי איינעם פון דעם פשוטן כלל פון יידן. ״איך בין אַ פשוטער פאַרפאַלגטער ייד, נישט מער״ — זאָגט וועגן זיך דער מהר״ם. עס שטימט פולשטענדיק מיט דער געשטאַלט וואָס ער רעפּרעזענטירט אין דער דראַמע. זיין מסירת־נפש און זיין יידישע עקשנות האַלטן זיך כסדר אויף דער מדרגה פון דער עקשנות פון דער עקזיסטענץ פון יידישן לעבן. ר׳ מאיר האָט אין לייוויקס אינטערפּרעטאַציע נישט די מינדסטע שטריכן פון אַ הערצאָג צי פון אַן איבער־ייד. ער שטייט אין מיטן דער פולער טעטיקייט פון יידישן לעבן. אין דער טאָג־טעגלעכער יידישער טעטיקייט. זיין מסירת־נפש איז מער נישט סיידן ווי אַן אַחריות־אַקט פון דער דאָזיקער טעטיקייט. אין די שטאַרקסטע מאָמענטן ווו לייוויק וויל אונדז ווייזן דעם מהר״ם, ווערט דאָרט אַבסאָלוט און — בכוונה — פון לייוויקן אונטערשטראָכן אָט אַ די טאָט־האַפטיקע פליכט. סיי ווען ער גייט ס׳ערשטע מאָל צום הערצאָג, סיי אויף דער אכסניה פון די פליטים, סיי אין תפיסה און סיי אין דער לעצטער סצענע פון זיין טויט — אומעטום זעען מיר דעם מהר״ם נישט אין קיין שום אויסערגעוויינלעכן ליכט, נייערט אין זיין פולער פשוטער יידישער פליכט.

די גאַנצע טראַגעדיע ״מהר״ם פון רוטנבערג״ — וועלכע לייוויק

שטעלט אויס אַלס באַשייד־וויזיע פאַרן דאַכאוער ייד — איז געבויט פון די קליינע טאַטן פון דער יידישער געשיכטע און פון די גרויסע פליכטן פונם יידישן מענטש לגבי איר. אויך דער דראַמאַטישער מאָטיוו פון דעם שוישפּיל, — נעמליך די פופציק טויזנט מאַרק וואָס דער הערצאָג פאַרלאַנגט פון יידן און אויף וועלכן עס איז קאָנסטרואירט די פולע באַוועגונג פון דער דראַמע — שטימט מיט דער אויבנדערמאָנטער טענדענץ פון לייוויקן. דער קעגנער פון יידן אין דער קעגנוואַרט האָט זיך פאַרנומען אומברחמנותדיק אויסצוראָטן די יידישע סובסטאַנץ פון דער מענטשלעכער געשיכטע. דאַכאו איז דער שוי־פּלאַץ פון דער אויסראָטונג. דניאל איז דער קרבן פון דעם דאָזיקן פאַרמעסט. עס איז אַלצדינג אין די מוראדיקסטע דימענסיעס. סיי דער אויסראָטער, סיי דער אויסראָטונג־פּלאַץ און סיי דער געפּייניקטער ייד — אַלץ איז אין די מאסן פון העראאישער מאָנומענטאַליטעט. אַפילו דער נאַצי האָט דערגרייכט די גרויסע העראָאישקייט פון טייוול. אָט אָ די אַלע מאָנומענטאַלע מאָטיוון פטרט לייוויק אָפּ מיט עטליכע רעפּליקן אין אַריינפיר־בילד. און ער טוט עס מיט פיל קינסטלערישער קלוגשאַפט. ער וויל דאָ צוריק גיין צו דער סובסטאַנץ פון דער געשיכטע. דוקא אין ק ל י י נ ע ם טרעפן מיר זי אַם נאַטירלעכסטן. דער דייטש האָט דאָ נישט אויפגעעפנט קיין מויל ווי אַ פינצטער שאול תחתית. אין זיין קליינלעכערטאָג־טעגלעכער גייציקייט וויקלט ער פאַנאַנדער דעם דראַמאַטישן קאָנפליקט מיט דער יידישער סובסטאַנץ. ער וויל נישט מער פון יידן ווי פופציק טויזנט מאַרק. אויף דעם דאָזיקן ווינציקן פאַן הויבט ער אָן דאָס גרויסע און אייביקע שפּיל וואָס ציט זיך אָן אויפהער איבער דורות. דווקא אויף אָט דעם פונקט שטעלט אים דער מהר"ם פון רוטנבערג דעם האַרטנעקיגן ווידערשטאַנד.ביידע, סיי דער הערצאָג, סיי דער רב זענען די פשוטע פאָרשטעהער פון אַ היסטאָרישן צד און צווישן זיי גייט דאָס ווידערשפּיל. די וועלט־מאַכט און די וועלט־מאַכטלאָזיקייט ראַנגלען זיך אויף דעם ווינציקסטן שטח פון דער היסטאָרישער בינע. און ביידע ווילן נישט נאָכגעבן. און הינטער ביידע שטייט דאָס גרויסע שיקזאַל. גראַד ווו עס פלאַקערט דער קאַמף אַרום דער קלענסטער טאַט, אַהינצו גייט אַהאָספּער מיטן ייד פון דאַכאַו. דער אייביקער ייד זאָגט צו דניאלן: זע די סובסטאַנצן פון די כאַראַקטערן, און דו וועסט באַנעמען דאָס שיקזאַל.

— 9 —

די איבעריקע פערסאָנאַזשן אין דער דראַמע, סיי די גוייִשע און סיי די יידישע זיינען נישט מער ווי מיטשפּילער און אינטערפּרעטירער פון די הויפּט פיגורן. דער קאָנפליקט גייט אָן בלויז צווישן די צ ו ו י י קעגנזעצלעכע ספערעס, אין דער ס פ ע ר ע גופא זיינען די פערזאָנען

די פונקטען און ליכטער פון דעם הויפט פלאם. זיי עקזיסטירן נאר אויף אזוי פיל, אויף וויפיל עס איז זייער אויפגאבע ארויס צו אנטוויקלען דעם כאראקטער און מהות פון דער הויפט־פיגור. אין מיטן פון דער ספערע זיי־נישט פאראן קיינע קאנפליקטן. אלע באוועגן זיך אויף דער א י י ג ע נ ע ר ליניע. ווען עס קומט אויס א רעפליק צווישן מהר״ם און זיינע תלמידים צי גאר מיט די ראשי הקהל, געהערט עס אבסאלוט נישט צום דראַ־מאטישן קאנפליקט. די רעפליקן שטרייכן נאר בולטער אונטער דאס, וואס ליגט ג ע מ י י נ ז א ם אינם כאראקטער פון אלע יידישע העלדן אין דער דראמע. זיי דערקענען אלע סוף כל סוף, אז דער מהר״ם זאגט נ א ר און טוט נ א ר דאס וואס איז פאראן ביי זיי אלעמען אויפן יידישן גע־וויסן. אלע זיינען זיי אין תוך זוי דער מהר״ם פון רוטענבערג. דאס נעמ־לעכע געשעעט אין דער גוישער ספערע פונם הערצאג. אפילו אין דעם תפיסה־וועכטער דערקענען מיר אבסאלוט דעם הערצאג. עס איז איין בלוט און איין גייסט. נאר איין פערזאן האט ה. לייוויק מיט פיל פארשטענדע־ניש קאנסטרואירט אלס צווישן־פיגור וואס פארבינדט א י ן ז י ך־צע־נויף דיביידע קעמפנדיקע ספערעס. עס איז די איינציקע פערזאן אין דער דראמע וואס אין איר גופא רעקאפיטולירט זיך דער דראמאטישער קאנ־פליקט פון דעם שוישפיל. אלצדינג וואס געשעעט אין ווידעראנאנד פון די ספערעס חזרט זיך איבער אין איר פערזענלעכער פסיכיק. זי איז די איינ־ציקע קאנפליקטפולע פערזענלעכקייט. אלע איבעריקע פערזאנען — הגם זיי שטייען כסדר אין קאנפליקט — שטייען זיי נאר אין קאמף מיט דער קעגנאיבעדיקער ספערע. זיי אליין זיינען הארמאנישע, גאנצע און אבסאלוט קאנפליקטלאזע פערזענלעכקייטן.

כ׳מיין דעם משומד קנופ. אין קנופן גופא קעמפט דאס גוישקייט און דאס יידישקייט. ער איז א געמיש פוןביידע סובסטאנצן. כדי אונדז נענ־טער צו באקאנען מיט דער דאזיקער דראמאטישער פיגור אינם שוישפיל, דערציילט לייוויק איר פארגעשיכטע. קנופ איז א ממזר. זיין מאמע איז א יידישע. דער פאטער — ווייסט מען נישט ווער ער איז. לייוויק לאזט דא אדורכבליקן די וואַרשיינלעכע מעגלעכקייט, אז קנופס טאטע איז א גוי, ד .ה. פון דער קעגנזעצלעכער סובסטאנץ. אזוי ארום גראט לייוויקן דעם וועלט־קאנפליקט צווישן יידן און גוים אריבערצוטראגן אין די גרעניצן פון איין אינדיווידום און דערמיט צענויפבינדן די קעגנזעצלעכע ספע־רעס.

דעם שארפן ווידעראנאנדפולן קאנפליקט אין קנופן גיט אונדז לייוויק מיט זייער פיל פארשטענדניש און מיט זייער פיל מאס. צו דער פאר־געשיכטע פון קנופן געהער אויך וואס ער האט זיך געליבט אין מהרמ״ם׳ס א טאכטער און דער מהר״ם האט אים זי ניט געוואלט געבן. מיט דער דא־זיקער טאט — וואס איז געטראפן געווארן אין קנופס טריבהאפטיקע איינ־

סטינקטן — האָט זיך ביז גאָר דערצונדן דער קאָנפליקט אין קנופס נשמה, און אין דער דראַמע שפּילט ער דאָס אויס מיט אַלע ניואַנסן. ער איז איננער־לעך צעריסן צווישן טיפער ליבשאַפט צו יידן און טיפער פיינטשאַפט צו זיי. דאָס איז דער מאָטאָר פון אַלע זיינע מעשים. מיר טרעפן אים אין שפּיץ פון צעהוליעטן גוישן פּעבל בעתן פּאָגראָם אין דער געטאָ. ער גיט דעם הערצאָג אַלע עצות ווי אַזוי אויסצופּרעסן פון יידן געלט. דערביי טוט ער אַלצדינג כדי יידן צו באַשיצן. ער וואַרפט זיך ווי אַ צעבלוטיקטער צווישן ביידע ספערעס און קאָן נישט קומען צו קיין רו. ער וויל פאַרזוכן דעם טעם פון גוישער מאַכט און פון יידישער אָנמעכטיקייט. ער וויל ביידע זיין "אי אַ ייד און אי אַ גוי". ער וויל זיין "אי דאָ אי דאָרטן". דאָס איז זיין גרעסטע טראַגיק. אין דער דאָזיקער טראַגיק פאַרבינדט ער דעם ד אָ און דעם ד אָ ר ט ן.

קנופּ וואַקסט אויס אין דער דראַמע צום גרעסטן שלעכטס פון דער מאַכט. אויסוואַקסנדיק אין דער מאַכט צוברעכט אים, צום סוף, דער טייל פון זיין אינערלעך יידישקייט. אין זיין יחידישקייט קאָן ער נישט ביי־שטיין דעם קאָנפליקט פון דער געשיכטע. אין קנופּ'ס גופישער געברעכלעכ־קייט וויל לייוויק אונטערשטרייכן דעם זיג פון דעם יידישן עלעמענט אין אַט דער צווייפגעמישטער פיגור. צום סוף אַקט זעען מיר קנופּן צוזאַמען מיטן מהר"ם אין דער תפיסה. פּאַמעלעכל, פּאַמעלעכל אין זיין גופישער מאַכטלאָזיקייט — זיין געליימטער גוף איז אויפגעשטאַנען פלוצלונג תחית המתים" — ווערט אויך קנופּ אַ שטיק פון דער יידישער סובסטאַנץ אין מהר"ם פון רוטנבערג.

* *
*

### ד״ר. ח. לובין

# וויליאם שוואַרץ

פאַראַן קינסטלער וואָס שאַפן צוליב דעם בילד אַליין. דאָס בילד אַן און פאַר זיך ציהט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון דעם קינסטלער, און דער פּראָצעס פון שאַפונג אַליין איז ביי אים די הויפּט פּראָבלעם, ער איז פאַרשלונגען לגמרי מיט דער אַרויסברענגונג פון טעכנישער פּערפעקציע און ער זאָרגט זיך ווייניק וועגן דער טעמע אָדער אידייע פון בילד. זיין אייגענע עמאָציאָנעלע פּערסעפּציע איז דער הויפּט סטימול, וואָס טרייבט אים צו זוכן אָדער צו פאַרענטפערן אין דעם געשאַפענעם בילד די פראגן פון פאָרם און קאָנסטרוקציע. עס זיינען אָבער פאַראַן קינסטלער וואָס האַלטן, אַז חוץ די עסטעטישע און טעכנישע פּראָבלעמען מוז דער קינסטלער אויך עפּעס זאָגן, דערציילן אָדער אַרויסברייגען אַן אידייע אין זיין בילד.

וויליאם שוואַרץ איז אַ קינסטלער, וואָס לאָזט זיך ניט שטרענג קלאַסיפיצירען. ער איז דער קינסטלער מיט זיין אייגענער אינדיווידואַליטעט וואָס כאַראַקטעריזירט און טיילט אים אויס פון אַנדערע קינסטלער. אין אַנדערע ווערטער, — שוואַרץ איז אין זיין אייגענער מהות אָריגינעל אויף אַ לעבעדיקן שטייגער. זיין טאַלאַנט איז אַ לעבנדיק פּולסירנדיקער, וואָס בייט זיך און מינעט זיך פון צייט צו צייט און גייט דאָך ניט אַוועק פון יענער אָריגינאַליטעט מיט וועלכער ער האָט זיך באַוויזן אין דער קינסטלערישער ספערע מיט איבער צוואַנציק יאָר צוריק.

אָפּשטעלענדיק זיך צום ערשטן אויף שוואַרצ׳ס ליטאָגראַפיעס, מוז מען גלייך באַמערקען זיין טיפן געפיל פאַר ליכט, און שאָטן, וואָס זיינען שאַרף און קלאָר ווי ליכט און שאָטן אין אַ לבנה־נאַכט. די טעקסטור איז ווי פון אַ ווייכן סאמעט, וואָס בעט זיך ממש געגלעט צו ווערן. און אין אַלגעמיין שפּירט זיך אין שוואַרצעס אַרבעטן אַ שטאַרקער געפיל פאַר טעקסטור. אין פילע פריערדיקע אַרבעטן זיינע האָט ער אויף דער טעקסטור פון בילד געשענקט אַ סאך אויפמערקזאַמקייט אום בולט׳ער אַרויסצוברענגען די פאָרם פון די אָביעקטן; און דאָס דאָזיקע שטאַרקע געפיל פאַר סטרוקטור האָט אַ לאַנגע צייט באַהערשט זיינע ווערק.

פילע ווערק זיינע פון פריערדיקן פעריאָד טראָגן כמעט אַסקולפּטור־

רישן כאַראַקטער אין זייער אויסאַרבעטונג און קאָנסטרוקציע. ווייל זיין צו־גאַנג צו אַ בילד בכלל איז אַרכיטעקטאָניש און דאָס איז אפשר אַ דאַנק דעם פאַקט, וואָס שווארץ האָט זיך פאַר אַ שטיק צייט פאַרנומען מיט סקולפּ־טור און האָט געשאַפן אייניקע בעדייטענדע ווערק אין דעם געביט. שווארץ איז אָבער הויפּטזעכלעך אַ מאַלער, וואָס איז אַזוי צוגעפּאַסט און איז ווי אַ טייל פון זיין פערזענלעכקייט.

שווארץ באַזיצט אַ אויסערגעוויינלעכן חוש און אפילו אַ ווירטואָזי־טעט פאַר קאָליר, ווייל אין קאָליר ליגט די שטאַרקע פּאָטענץ פון סימפאָ־נישער קאָמפּאָזיציע און סימפאָנישן אויסדרוק. יעדער קנייטש, יעדע שטי־מונג געפינט דעם אויסדרוק אין זיינע קאָלירן, יעדע עמאָציע — איר איי־גענעם קלאַנג און אָפּקלאַנג. זיין קאָליר־גאַמע, קען מען זאָגן, איז אָפּט אין דער קאָמפּאָזיציע פון רויט, גרין און געל. זייער כאַראַקטער, איז אָבער שטענדיק קלאָר, ציכטיק און לויכטענד. שווארצעס בילדער בכלל צייכע־נען זיך אויס מיט זייער ציכטיקייט .ער איז דער קינסטלער, וואָס ווייסט דייטלעך וואָס ער וויל און גייט גלייך צום ציל. יעדע אַרבעט זיינע איז פאַרענדיקט פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט. אין זיין שאַפנדן־עמאָציאָנעלן אויסלעבן זיך איז שווארץ ווערסאַטיל אימפּולסיוו און מיסטיש־סימבאָליש, סיי אין אינהאַלט, סיי אין סטיל.

אָט מאָלט ער אַן אַלטע הויז, וואָס שטייט פאַרלוירן און איינזאַם אין דער ברייטער פּריירי — אַ שטיק אפּגעריסן לעבן אין אָפּגעריסענעם קאָס־מאָס. און אָט מאָלט ער אַ לאַנדשאַפט פון די סמאָקיס וואָס פאַרכאַפּט מיט זיין פרישער, פרילינג גרינקייט און אין וועלכן די פאַרבן ווייזט זיך אויס קלינגען מיטן געזאַנג פון פייגל און יונגן פרימאָרגן. און אָט ווערט ער פאַרכאַפּט פון אַ מערקווירדיקן טיפ און שאַפט אַן אינטערעסאַנטן פּאָרטרעט. אָדער ער פאַרטראַכט זיך גאָר וועגן מענטשנס גורל און שאַפט אַ בילד פול מיט טרויער פון פאַטאַליזם: אַ פרוי זיצט באַ די פיס פון דעם געקרייציקטן און זאָגט: ״ס׳וועט אייביק זיין אַזוי״ . . .

בכלל איז שווארץ אַ ראָמאַנטיקער, אַ וויזיאָנער און בעל־חלומות אין זיין קונסט. און אויף וויפיל דראַמע שפּילט אַ ראָל אין זיין שאַפן, איז ער דאָך ליריש־עלעגיש אין זיין אויסדרוק. זיין ליריזם איז אָבער ניט קיין אַבסטראַקטער. עס איז אַ דבר התולה בחיים. דערפאַר איז ער טאָקע קיינמאָל ניט פאַרגליווערט געוואָרן אין איין ווענדונג.

געווען אַ צייט, ווען שווארץ איז שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון קוביזם און קאָנסטרוקטיוויזם .אויך מאָדיליאַני האָט געהאַט אויף אים אַ ווירקונג. ער האָט זיך אָבער באַ דעם ניט אָפּגעשטעלט. ער איז געגאַנגען פאַראויס פאַרפעסטיקנדיק די סטרוקטור פון זיינע בילדער און מערקוויר־דיק שנעל איינגעוואָרצלט זיך אין אייגענעם אָריגינעלן סטיל. עס איז אויך געווען אַ צייט, ווען שווארץ האָט ממש אויסגעקלעפט די פלאַכן

אין פּעטע מאַסן פון קאָליר, וואָס ער האָט אַרויפגעלעגט מיט קליינע פּינזל־שטריכן. יענע לייוונטן באַזיצן אַ רייכע טעקסטור, וואָס שפּילט מיט ליכט און שאָטן, וואו דער קאָליר איז סובלימירט צו אונטערשטרייכן דעם באַגריף פון פאָרם אין איר גאַנצער מאַסיווקייט און וואָגיקייט.

שפּעטער נעמט שוואַרץ מאָלן אין ברייטע פלאַכן פון ריינעם קאָליר וואו קאָנסטרוקציע שפּילט די הויפּט ראָל. אין די דאָזיקע בילדער זוכט דער קינסטלער צו לייזן די פּראָבלעם פון אַרכיטעקטאָניק אין טערמינען פון פּיינעם קאָליר, קאָליר מאָדעלירט אויף אַן אופן, וואָס ברענגט אַרויס דעם כאַראַקטער פון פאָרם. דערביי מאָלט ער אַ סאַך שטאָט לאַנדשאַפטן, וואָס פאַסן זיך אַריין אין אַזאַ אופן פון באַהאַנדלונג.

שוואַרץ גייט דורך אַט די אַלע מדרגות צו באַפרידיקן זיין חוש פאַר רוים. דערפאַר מאָלט ער לעצטנס פיל בילדער, וואָס זיינען מער פערזענלעך און אינטים אין וועלכע רוים איז די הויפּט אויפגאַבע זיינע. אַט זיצט אַ מענטש באַ אַ טיר און קוקט זיך איין אין די מרחקים וואו אַ פּאָר זעגל־שיפן שניידן זיך אין האָריזאָנט אַריין... דער בליק ציט זיך ווייט אַוועק און ווערט פאַרזונקען אין דער ווייטער בענקעניש... דיסטאַנץ אין שטח לאָקן דעם קינסטלערס געמיט, וואָס איז באַהערשט פון אַט דער בענקעניש. אָבער אויף וויפל שוואַרץ איז אַ שטימונגס מענטש, רעאַגירט ער אָבער אויך אויף פאַסירונגען און געשעענישן — אויף זיין אייגענעם קינסטלערישן שטייגער. ער ווייסט, אַז דעם קינסטלער׳ס גאַנצער וועזן מוז איינטעגרירט ווערן אינעם שעפערישן דראַנג. ער מוז זיין אמתדיק צו זיך און צו דער פּערספּעציע וואָס באַהערשט אים און די פּערספּעציע דאַרף קריגן די לאָגישע ראַציאָנאַלע פאַרקערפּערונג, וואָס גיט דעם ווערק כאַראַקטער, וואָגיקייט, באַלאַנסירטע קאָמפּאָזיציע אין שטח. שוואַרץ טרעט זעלטן אָפּ פון אַט די קונסט אני־מאמינ׳ס. אפילו זיינע פּאָרטרעטן זיינען ווערק וואו פאָרמאַלע קאָנסטרוקציע שפּילט די הויפּט־ראָל. און דאָך דערגרייכט ער אין זיי פיינע מייסטערשאַפט, ניט בלויז דורך ענלעכקייט נאָר אויך דורך אייגנאַרטיקייט און כאַראַקטער.

וויליאַם שוואַרץ מאָלט אויך ״שטיל לעבנס״. דאָס איז אַ מעדיום, וואו דער קינסטלער דאַרף אויפלעבן אויף אַ פאָרמעלן אופן טויטע, אומבאַוועגלעכע מאַטעריע. קינסטלער פון דער מאָדערנער שול האָבן אָפּגעגעבן אַ סאַך צייט און מי אויף דעם, ווייל שטיל לעבן פּאַסט זיך שטאַרק צו דער באַהאַנדלונג וואו פאָרם איז די הויפּט פּראָבלעם. די בעסטע ״שטיל לעבנס״ פון שוואַרצן געהערן אפשר צו זיין יונגערן פעריאָד, ווען ער האָט נאָך פאַרזיכטיק געציילט די טריט אויפן וועג צו קינסטלערישער ענטוויקלונג. די שפּעטערע ״שטיל לעבנס״ זיינען אָבער מער דרייסט און באַזיצן מער קינסטלערישן שוואונג. שוואַרץ באַזיצט אַ דינאַמישע ענערגיע און אַרבעטספּיאיקייט און איז אַן אָנערקענטער קינסטלער פון גרויסן מאַסשטאַב.

# מ. ג.

# ביכער (נאָטיצן)

## נ. ב. מינקאָוו

מחבר פון די ביכער: „לידער", „אונדזער פיעראָ", „סיסטעם און רע־לאַטיווקייט אין פּאָעזיע", „מסעות פון לעצטן שאָטן" „אידישע קלאַסיקער פּאָעטן". נייער בוך: „ביים ראנד" — פאַרלאַג „באָדן" 1945 78 זייטן.

נ. ב. מינקאָוו'ס נייער בוך לידער איז פאַרשטענדלעכער, ווי זיינע, ביז איצט אַרויסגעגעבענע ביכער. דאָס איז די ערשטע אימפּרעסיע וואָס דער לייענער קריגט, לייענענדיק זיין נייעם בוך „ביים ראנד". די לידער אין דעם דאָזיקן בוך זיינען אָבער ניט פון די זעלבסטפאַרשטענדלעכע לי־דער וואָס גייען אַריין אין דער ריי פון אָנגענומענעם שאַבלאָן. אויב מינקאָוו איז אין זיינע פריערדיקע פּאָעזיע־ביכער געווען מער אינטעלעקטור־על־פילאָזאָפיש, איז ער אין דעם בוך „ביים ראנד" מער עמאָציאָנעל־מעדי־טירענד. דאָס זיינען שטילע לידער וואָס קומען פון דער טיפקייט מיט שטילע ווערטער; און ווער עס קאָן די ווערטער דערהערן און אויפנעמען, דערפילט דעם אָנריר פון זיין עלעגיש־פּאָעטישן טרויער.

מינקאָוו גייט ניט דירעקט צום געשריי, צום ציל — דערהערט צו ווערן אויפצואוועקן אין עמיצן דעם רחמנות, אָדער דאָס געפיל פון יושר, אָדער דעם פּראָטעסט געגן דער אכזריותדיקער וועלט. עס רעדן אָבער אַרויס פון די לידער די אייביקע סימבאָלן, וועלכע דער מענטש און דער קינסטלער האָבן געשאַפן צו באַצייכענען די אומזעבאַרע פאַרבינדונגען צווישן מענטשן און צווישן לעבן און טויט.

מינקאָוו שעלט אָבער ניט און ער לעסטערט ניט די גאָטהייט—די אַב־סטראַקציע באַ וועלכער מ'זוכט רחמנות, יושר און בטחון. ער געפינט

אָבער דאָס ריכטיקע וואָרט, אויסטערלעשן מעטאָפאָר און באַשאַפט וויזיעס און בילדער, וואָס זיינען אפילו אָפט קאָשמאַריש, אנדערשוועלטיק, סורעאַליסטיש, פול מיט מיסטיציזם אפילו מיט פאַרטראַכטונג פון פּחד, וואָס דער מענטשלעכער מין פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט אָנגעטראָגן מיט זיין בייזן גייסט.

## אברהם טייטלבוים

מחבר פון די ביכער "טעאַטראַליע", "מיינע וואַנדערונגען". נייער בוך: — "וויליאַם שעקספיר" פאַרלאַג "איקוף" 1946 320 זייטן.

אין דעם פאָרוואָרט פון זיין נייעם בוך "וויליאַם שעקספיר", שרייבט אברהם טייטלבוים: "איך האָב זיך ניט געשטעלט קיין אויפגאַבע צו געבן אָן אייגענע, אינדיווידועלע אויפפאַסונג, אָדער אַ "נייעם" צוגאַנג צו דעם לעבן פון וויליאַם שעקספיר. ס'איז ניט שייך דאָס צו טאָן ווען ביי אונדז איז נאָך אפילו קיין סימן נישטאָ פון קיין "אַלטן" צוגאַנג צו שעקספירן". איז ער גערעכט, אברהם טייטלבוים, ווען ער באַמערקט אַז ביי אונדז האָט מען נאָך ניט פאַרפאַסט קיין ביכער וועגן שעקספירן. עס איז אָבער, דאַכט זיך, ניט נייטיק מער, אין וואָס פאַר אַ שפּראַך עס זאָל ניט זיין צוצוגיין צו שעקספירן מיט אַ "נייעם" צוגאַנג. עס איז שוין דאַכט זיך, ניט געבליבן מער קיין נייע סטעזשקעס און ניט קיין פאַרבאָרגענע לאַבירינטישע קאָרידאָרן מיט וועלכע מ'האָט ניט פּרובירט צוצוגיין צום "באַרד פון עוואָן" און אַנטפּלעקן אין אים נייע רעזערוון פון גאַניאַליטעט, ווי עס האָבן עס געטאָן קאַרלייל, סווינבאָרג, וויליאַם האַזליט, וויקטאָר הוגאָ, היפּאָליט טען, שלעגל, לעסינג און צענדליקער אַנדערע באַרימטע דיכטער און שריפטשטעלער, ניט רעדנדיק פון ניטווייניקער באַרימטע דיכטער און שריפטשטעלער, ווי טהאָמאַס ריימער, וואָלטער, טאָלסטאָי און אַ גאַנצע ריי אַנדערע, וואָס האָבן פּרובירט מיט חוזק און מיט שפּאָט אַרונטערצושלעפּן שעקספירן פון זיין הויכן פּעדעסטאַל.

עס גייט שוין ניט מער אין דעם, וואָס נאָך מ'קאָן זאָגן וועגן שעקספירן. אונדז יידישע שריפטשטעלער, גייט אָבער אין דעם: וואָס ווייסן וועגן שעקספירן די יידישע לייענער וואָס האָבן געהערט וועגן אים און וועגן זיינע ווערק און האָבן אָבער ניט געלייענט וועגן אים ניט אין יידיש און ניט אין קיין אַנדער שפּראַך: וואָס ווייסן די יידישע לייענער וועגן שעקספירן, דעם טעאַטער־דיכטער, וועמעס נאָמען איז אין משך פון יאָרהונדערטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לעגענדע?

און אברהם טייטלבויםס פאַרדינסט באַשטייט אין דעם וואָס ער האָט געגעבן דעם יידישן לייענער אַ בוך וועגן שעקספירן דורך וועלכן ער, דער לייענער, וואָס איז שוין אָפילו באַקאַנט מיט הויך־פּונקטן פון שעקס־

פירס לעבן קאָן דאָך גאַניסן פון דער, מיט ערנסט און אחריות אָנגעשריבע־נער ביאָגראַפיע וואָס איז אויסשעפּלעך, אינטערעסאַנט און לייכט צום לייענען.עס אַרט ניט, און ע סאיז נאַטירלעך,און עס איז געווען צו דערוואַרטן, אַז אין פאָרוואָרט זאָל אברהם טייטלבוים לאָזן אונדז וויסן, אַז "וואָס שייך דער אַנאַליזירונג פון שעקספּירס פערזענלעכקייט אָדער זיינע געשאַפענע טראַגישע און קאָמישע העלדן, זיינען פון די אומציילִיקע וואָס האָבן דאָס געטאָן, מיר אַמנאָענטסטן געווען געאָרג בראַנדעס, א ברעדלעי און ה. נ. האָדסאָן, מיט וועמעס אַרבעטן כ'האָב זיך פריי באַנוצט".

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז שרייבנדיק אַ ביאָגראַפיע פון שעקספּירן, ציט מען ניט די אינפאָרמאַציע פון אַרבל אַרויס. עס מוז געזאָגט ווערן צו אברהם טייטלבוים'ס שבח אַז ער האָט ניט נאָר איבערגעגעבן און רעקאָרדירט בלויז די פאָרפיקסירטע שוין פאַזעס פון שעקספּירס לעבן. אברהם טייטלבוים האָט זיך מיט דעם אַליין ניט באַנוגנט — שוין בלויז דערפאַר ווייל מ'קאָן זען, אַז ער איז אַ גרויסער פאַרערער פון שעקספּירן און דערצו איז ער פון דער נאַטור אַ ראָמאַנטיקער אַן עמאָציאָנעלער און אָפּט אַ סענטימענטאַל־קינסטלערישער שריפטשטעלער, וואָס ווערט פאַרכאַפּט פון דער גרויסקייט און טיפקייט פון אַ קינסטלער־פערזענלעכקייט און לאָזט דאָס וואָרט זיינס, וואָס איז ווייך, עלאַסטיש און שיין — לאָזט ער דאָס וואָרט זיינס מאָלן פאַר אונדז דעם גרויסן שעקספּירן מיט אַלע פאַרבן, וואָס עס פאַדערט די עפּאָכע און די סביבה אין וועלכער שעקספּיר האָט געלעבט דורכפירנדיק אים, שעקספּירן דורך אַלע לעבנס עפּיזאָדן שטיצנדיק זיך אויף די פאַרשידענע מיינונגען און אָפּשאַצונגען פון די שעקספּיר פאָרשער פון די לעצטע 300 יאָר. דער רעזולטאַט — אַן אינטערעסאַנט בוך, געשריבן מיט וואַרעמקייט, אַ גוטער ביטראַג צו דער יידישער ליטעראַטור.

## מאיר זימל טקאַטש —

מחבר פון די ביכער "אויף גאַט'ס באַראַט", "דאָס טייכל קאַטשעט זיך אויפן בייכל", "זון איבער אַלץ" "אין שאָטן פון דור", נח'ס קאַסטן".

נייער בוך "בלוט שרייט פון דער ערד" 64 זייטן.

מאיר זימל טקאַטש האָט זיך ביז איצט איבערהויפּט אויסגעצייכנט ווי אַ פאַבל־דיכטער. דער יידישער חורבן האָט אָבער אין אים ווי אין אַנדערע דיכטער אויפגעריסן דאָס האַרץ און די נשמה מיט קוואַלן פון געוויין, טרויער און פּראָטעסט. און ווי אין אַ סך אַנדערע פאַלן פון אומפאַרמיידלעכע דיכטערישע לאַמענטן, איז אויך מ. ז טקאַטש פאַרכאַפּט געוואָרן מער פון דעם יידיש־פאַרפּייניקטן געפיל, ווי פון דעם זייער שווער קאָנטראָלירנדן פּראָצעס פון דיכטערישן שאַפן; און די לידער אין דעם נייעם בוך זיי־

נען טאַקע, ווי ער באַצייכנט זיי: ״בלוט שרייט פון דער ערד״. און ניט נאָר פון דער ערד נאָר אויך פון דער נשמה, פון יעדער שורה פון יעדער וואָרט. דאָ סזיינען לידער, וואָס גייען אַריין אין דער ריי פון די דיכטערישע עקפרעסיעס אין וועלכע די וויטיק פון ייד שטופּט אַפּ באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק די מוזע פון דיכטונג אַן אַ זייט:—ס׳איז ניט די צייט פאַר קרעאַציע, ס׳איז די צייט פון טיפן ווי געשריי . . .

## ז. ווײנפּער —

מחבר פון די ביכער: ״געקליבענע לידער״, ״אונטערוועגס״ ״ביירא בידזשאַן״, ״פּיניע״ ״אידישע שריפטשטעלער״, ״משה לייב האַלפּערן״, ״מיטן יידישן לעגיאָן״. נייער בוך: ״ א ו י ף   ד י   ז א מ ד ן   פ ו ן   י ה ו ד ה ״, פאַרלאַג ״איקוף״ 250 זייטן **1946.**

דער דיכטער ז. ווײנפּער, וואָס האָט באַרייכערט די אידישע ליטעראַטור מיט אַ צאָל ביכער פון ספּעציפיש ווײנפּערישער פּאָעזיע און אויך מיט אַ צאָל ביכער אין פּראָזע — אָריגינעלע און טרעפלעכע פּאָרטרעטן־כאַראַקטעריזאַציעס וועגן יידישע דיכטער און זייערע שאַפונגען, — איז דאָס מאָל געקומען מיט אַ נייעם בוך וואָס דער מחבר אַליין האָט עס ניט קלאַסיפיצירט (דערציילונג צי ראָמאַן).

די האַנדלונג שפּילט זיך אָפּ אין פּאַלעסטינע ״אויף די זאמדן פון יהודה״. ז. ווײנפּער האָט אָבער אויסגעמידן קאָמפּליצירטע סיטואַציעס און ברייטע קאָנוועס, וואָס אַ ראָמאַן פאָדערט און ער האָט וויזט אויס געלאָזט פירן זיך פון אייניקע אויפגעלעבטע, אויפגעשיינטע עפּיזאָדן־זכרונות. מ׳לייענט דאָס בוך און מ׳פילט ווי ליב עס איז אים צו דערמאָנען זיך אָן די מענטשן און אָן דער נאַטור אַרום זיי און אויב עס פעלטדי טיפערע, איינגעוואַקסענע און פאַרוואָרצלטע יידישע סביבה אַרום די געשילדערטע מענטשן אין בוך, פעלט עס זיכער ניט אין דעם באַוואוסטזיין פון ז. ווײנפּער וואָס איז אַ גוטער בעאָבאַכטער און טרעפלעכער שילדערער פון מענטשן און פּאַסירונגען וואָס גייען פאַרביי זיינע דיכטערישע אויגן אין לעבן און אין זיינע ״וואַנדערונגען״ מ׳קאָן זיך פאָרשטעלען, אַז דער בוך ״אויף די זאַמדן פון יהודה״ איז געשריבן געוואָרן אונטערוועגס, אַזוי צו זאָגן, אַז עס האָט אים געפעלט די רואיקייט, די יחידישע אָפּגעזונדערטקייט וואָס איז נייטיק און וואָס גיט אַ מעגלעכקייט צו פאַרטיפן זיך, צו גייען צוריק צו דער געשילדערטער צייט, צו די געשילדערטע מענטשן און ווידער איינלעבן זיך מיט זיי אויף אַזוי פיל, אַז זיי זאָלן אים האַלטן פאַרוואָרצלט אין דער סביבה פאַרצווייגט מיט פּראָבלעמען, וואָס זאָלן זיין רייף מיט וואָרט מיט טאָט און אידייע. יעדנפאַלס קומט דאָס נייע בוך ווײנפּערס, ווי אַ טייל, ווי אַ צוגאָב צו דער ריי פון זיינע קינסטלערישע שאַפונגען און עס

אַנטפּלעקט פאַר דעם לייענער נאָך אַ ווינקל אין די קינסטלערישע שטי־מונגען פון דעם דיכטער.

## אהרן קורץ —

מחבר פון די ביכער: ״כאַאָס״, ״פיגאראָ״, פלאַקאַטן״ די גאָלדענע שטאָט״, ״נאָ פּאַסאַראַן.

נייער בוך — מ אַ ר ק ״ ש אַ ג אַ ל ״ — פאַרלאַג ״מיינע לייענער״ 1946, 96 זייטן.

אהרן קורץ׳עס פּאָעמע ״מאַרק שאַגאַל״, פאַרדינט אויפמערקזאמקייט סיי פון דער פּאָעטישער זייט וואָס איז אַרויסגעבראכט געוואָרן מיט פאָלקסטימלעכער פשטות און סיי פון דער קינסטלערישער קאָמבינאַציע, וואָס פאַראייניקט דעם אינהאַלט פון דער פּאָעזיע מיטן אינהאַלט פון די בילדער, געשאַפן אין פּלאַסטישער קונסט.

עס איז אַ דאנקבאַרע קאָמבינאַציע די שאַגאַלישע אַבזיכטלעכע און קינסטלערישע סימבאָלישקייט מיט אהרן קורץ׳עס באַוואוסטזיניקער, אי־לוסטראַטיווער און טרייער צום בילדער־אינהאַלט פּאָעטישקייט .

אָבער דאָרט וואו רעפּראָדוקציעס מעגן עס זיין די בעסטע, ברענגען ניט אַרויס און פאַרראַטן דעם פּלאַסטישן קינסטלער, איבערהויפּט ווען פון די רעפּראָדוקטירטע בילדער אַנטרינען די פאַרבן, די קאָלירן, וואָס שאַפן אָפּט די שטימונגען און די נשמה פון בילד (ווי עס איז דער פאַל אין דער פּאָעמע אַלבאָם) בלייבט די אימפּרעסיע מערסטנס פון אַהרן קורצ׳עס פּאָעמע אַליין. און די פּאָעמע דערמאָנט ווידער אַמאָל דעם לייענער אָן דעם פּאָעט אַהרן קורץ פון וועלכן אהרן קורץ אַליין האָט אין משך פון יאָרן אויסגעשלאָסן זיך.

זי דערמאָנט ווידער אַמאָל אָן דעם דיכטער, מיט דער טיף איינגע־וואָרצלטער ליבע און אחריות צום פּאָעטישן אויסדרוק, צו דער פּאָעטישער וויזיע, צום פּאָעטישן אמת, וואָס איז קיינעמס באַדינער און איז ליכט און גייסט פאַר זיך אַליין.

## לאַמעד שאַפּיראָ —

מחבר פון די ביכער: ״די יידישע מלוכה״, ״ניו יאָרקיש״ — נייער בוך: ״דער שרייבער גייט אין חדר״.

דער נאָמען פון לאמעד שאפּיראָ׳ס נייעם בוך ״דער שרייבער גייט אין חדר״, איז ניט אינגאנצן צוגעפּאַסט צום אינהאַלט. ווארן, אפילו ווען ער פאַרנעמט זיך מיט אַזעלכע טעמעס ווי ״וועגן ראָמאַן״ ״וועגן עסיי״, ״פּראָלעט ליטעראַטור״ און נעמט אויך אַריין עסייען וועגן איי‌ניקע שריפט־

שטעלער און זייערע ביכער ווי: ״משה נאַדיר״, ״וועגן גלאַטשטיינס קרעדאָס״, ״דילענסי סטריט״ און לאָזט אונדז דורך די דאָזיקע טעמעס זען זײַנע שאַרפע בליקן וועגן ליטעראַטור און קונסט אין אַלגעמיין, — טאָטש דאָס דאָך יעדער עסייעסט, וואָס ״גייט״ אָדער ״גייט ניט״ אין חדר. עס פאַרשטייט זיך, אַז מיט דעם בוך וויל אונדז לאמעד שאַפּירא געבן זײַנע מיינונגען וועגן די וועגן אויף וועלכע ער איז שוין דורכגעגאַנגען צום ליטעראַטור־חדר און מיט דעם אין אַ געווּיסן זין, זײַן דער אָנווייזער פאַר דידאָזיקע וואָס האַלטן ערשט אין גיין אויף דידאָזיקע וועגן .אָבער ווי באַקאַנט די וועגן זאָלן ניט זײַן, פאַר דידאָזיקע וואָס גייען ערשט, אָדער זיינען שוין דורכגעגאַנגען די וועגן צום חדר ווי לאמעד שאַפּיראָ, קאָן אָבער אַ יעדער שריפטשטעלער און לייענער מיט פאַרגעניגן און מיט אינטערעס ווידער אַמאָל אָפּשטעלן זיך אויף די באַקאַנטע טעזיסן און ווידער אַמאָל אויפנעמען זיי אין זיך, רעווידירנדיק די אייגענע בליקן און די אייגענע טריט אויף די ליטעראַרישע וועגן. ווארן לאמעד שאפירא מיט זיין קאָנקרעטקייט, מיט זיין שאַרפזין און איינגעביסענעם וואָרט, פירט גלייך צום פסוק; און דער נאָמען פון דעם בוך איז זיכער ניט אַ צופעליקער. עס איז מסתמא דער כאַראַקטער־שטריך פון זיין שטענדיק רעווידירנדן, אַחריותפולן צוגאַנג צו ליטעראַטור און צו זיך; דער שטריך שטענדיק צו לערנען צו עקספערעמענטירן וואָס, האָטאים, אגב געפירט צום געדאַנק פון אַן אייגענער סטודיאָ״.

## ברכה קודלי

״מדבר און מאַראַנצן״ — לידער (זייטן 100) — 1946

ברכה קודלים בוך לידער איז ניט אָנגעלאָדן מיט פראָבלעמען אָדער אידייען. די לידער, כמעט אַלע, טראָגן מיט זיך צאַרטע סובטעלע שטימונגען. שטימונגען, אָנגעווייעטע פון מדבר, שטימונגען אָנגעווייעטע פון בלומען, פון ביימער, פון פלאַנצן, פון זכרונות און פון דיכטער וואָס זיינען נאָענט צו ברכה קודלים געמיט. איבערהויפט איז די דיכטערין פאַרכאַפט פון דער מדבר׳ס קאָלירפולער מיסטישקייט וואָס פילט זי אָן מיט מעדיטאַטיווען טרויער געמיט, וואָס איז נאָענט צו איר אייגענער נשמה. אויך די האַרבסט־מאָטיוון זיינען באַ איר פלאַטערדיק־צאַרט און מאָמענטענווייז אַפילו עלעגיש. דאָ און דאָרט פאַרענדיקט זי דאָס שטילע גוט־געפורעמטע ליד מיט אַ שורה אין וועלכער עס ליגט אַ פלוצימדיקער געדאַנק, דער סוד פון עפּעס אַ וויסן, אַ סימבאָל כמעט — דער סימבאָל, וואָס פאַרבינדט די שטימונג פון מענטש מיט דער שטימונג פון דער נאַטור. עס איז אָנגענעם צו לייענען אירע לידער.

## דיכטער און שריפטשטעלער אין פערטן באַנד "ליטעראַרישע זאַמלונגען"

**מ. גיציס,**
**שיקאַגע**

אַרויסגעגעבן די ביכער "גלאָקן" (1926), "נאָוועלן" (1932) — "די זון אין מזרח" (1936) "בטחון" (1939) "דער וועג צום באַרג" (1941) — באַטייליגט זיך אין די "ליטעראַרישע בלעטער" — אַפּאַטאָשו־לייוויק "זאַמל־ביכער" "אינזיך" — "צוקונפט" — "יידישע קולטור" — "האַמער" — "אויפקום" — "די פעדער" — "יידישער קעמפער" — "בריקן" — "מעקסיקאַנער שריפטן" — "העפטן" "פרייע אַרבעטער שטימע" — "שיקאַגע" — מאָרגן פרייהייט" — פילאַדעלפיער יידישע וועלט" "דער שפּיגל" — "סיגנאַל" — "קוריער" און אַנדערע צייטשריפטן און זשורנאַלן.

**ז. ווײַנפּער**
**ניו יאָרק**

אַרויסגעגעבן די ביכער: "געקליבענע לידער" — אונטערוועגס" — "בירא בידזשאַן" — "פּיניע" — "יידישע שריפטשטעלער" (צוויי בענד) — "משה לייב האַלפּערן" — "מיטן יידישן לעגיאָן" — "דאָס געזאַנג פון דעם גלוביקן" — "אויף די זאַמדן פון יהודה" — געדרוקט זיך אין די וויכטיקסטע זשורנאַלן און צייטשריפטן — רעדאַקטירט די מאַנאַטשריפט "דער אָנהויב" — "ביים פייער" "אָטעם" — "אויפקום" — מיטרעדאַקטאָר פון זשורנאַל "יידישע קולטור"—און איז דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון "איקוף".

**ל. מילער**
**סאַן פראַנציסקאָ**

אַרויסגעגעבן די ביכער: "אויף גאָטס וועלט" (1919) "דאָ איז מיין היים" (1939), וואָלט וויטמאַנ׳ס "בלעטלעך גראָז"—איבערזעצונג, (1940), "דאָס לעבן וואָס לעבט אייביק", (1941). איצט אין דרוק: "סאַן פראַנציסקאָ און אַנדערע לידער". רעדאַקטירט וואָכנבלאַט: "קולטור" אין שיקאַגאָ (1926).

געווען מיטרעדאַקטאָר פון "סיגנאַל", (1936). געדרוקט אַ ראָמאַן: "אבא" אין זאַמלבוך "שריפטן" 2, (1920). אין ענגליש: "מיסטער מען" דראַמע אין 4 אַקטן געדרוקט אין "פּאָעט לאָר" (1929).

זיך באַטייליגט אין "פרייע אַרבעטער שטימע", פרייע געזעלשאַפט", "צוקונפט", "אויפקום", "פון מענטש צו מענטש", "דאָס נייע לעבן", "די וואָך", "שריפטן", "סיגנאַל", "אינאייגעם", "האַמער", "יידישע קול־טור, "מאָרגן פרייהייט", און אַ צאָל אַנטאָלאָגיעס.

**שלמה שווארץ**

**שיקאַגע**

אַרויסגעגעבן ביכער "בלוי מאַנטיק" (1938) — "אַמעריקע" (1940) — געווען מיטרעדאַקטאָר פון דער "מידוועסט־מעריב אַנטאָלאָגיע" און פון די "בריקן". באַטייליקט זיך אין 'אינזיך' — "יידישער קעמפער", — שפיגל", — "די פעדער", — "אויפקום" "שיקאגער קוריער", 'געצעלטן" און אנד. אין ענגליש אַרויסגעגעבן די ביכער:

*"The Poet in Blue Minor", "Passages of Refuge", "Preface to Maturity", has appeared in various magaziness "Poetry". "Voices" "Chicago Jewish Forum", "Circle" and others.*

**מאָטעס דייטש**

**שיקאַגאָ — לאָס־אַנגעלעס**

אַרויסגעגעבן די ביכער: "אינעם לאַנד פון די יענקים" (1936) "צווישן ימען און פלאַמען" (1941) — "אליהו" ווערסיע צו מענדעלסאָנס אָראַטאָריע, — געווען הויפּט־רעדאַקטאָר פון "מידוועסט מערב אַנטאָלאָגיע" און "בריקן". — באַטייליקט זיך אין די אַפּאַטאַשע־לייוויק "זאַמלביכער" "אינזיך", — צוקונפט", — באָדן", "יידישע קולטור", — ליטעראַרישע בלעטער" — "המשך" — "שפיגל" — "שיקאגע" "קוריער", — "האַמער" — "מאָרגן פרייהייט", — "אויפקום", "יונג שיקאגע", — 'אינאייגעם", — "געצעלטן" — מיטרעדאַקטירט די ערשטע 3 בענד — "ליטעראַרישע זאַמלונגען".

**ל. כאַנוקאָוו**

**ניו־יאָרק**

אַרויסגעגעבן די ביכער: — שווערע הימלען" (1923), — "אין פרומע שעה'ען (1925), — "דער מענטש" (1929), — סובמאָרין זי 1" (1932). דאָס לעצטע בוך איז איבערזעצט געוואָרן אין רוסיש און אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן סאָוועטישן מלוכה־פאַרלאַג. — באַטייליקט זיך אין די פאָלגענדע זשורנאַלן און צייטשריפטן: "דער צווייג" — "אינאייגעם", — "קולטור" — "ליטעראַרישע בלעטער" "אינזיך", — "האַמער" — "היים און דער־

ציאונג״, — ״סיגנאַל״ (אַ געוויסע צייט רעדאַקטירט דעם זשורנאַל), — ״יידישע קולטור״, — איי:יקייט״, — ״צוקונפט״ — ״דאָס נייע לעבן״, — ״דער טאָג״, — ״פרייהייט״, — ״מאָרגן זשורנאַל״, — ״דער קאַמף״ ״קוריער״.

**זעליק העללער**
**שיקאגע**

מחבר פון בוך ״אויף אַלטע וועגן״ (1926). — געדרוקט זיך אין ״צו־קונפט״, — פעדער״ — ״יידישע אַרבעטער וועלט״, — ״רעקאָרד״, — ״פרייע אַרבעטער שטימע״, — ״שיקאַגע״, — ״קוריער״, — ״געצעלטן״ און אַנדערע.

**דאָראָ טייטלבוים**
**ניו־יאָרק**

אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער — ״אינמיטן וועלט״ (1924), — דעביו־טירט אין דער מאָרגן פרייהייט״, — (1941). — באַטייליקט זיך מיט לידער אין ״יידישער קולטור״, — ״ניי לעבן״, — בוענעס איירעסער ״פאָלקס שטימע״, — קאַנאַדער ״יידישער וואָכנבלאַט״ און אנד.

**ברוך גאָלדהאַרט**
**שיקאַגע**

באַטייליקט זיך אין ״פילאַדעלפיער יידישער וועלט״ ״טאָגעבלאַט״ — ״טאָג״ — ״דאָס יידישע פאָלק״, — ״פראָלעטאַרישער גדאַנק״, — ״דער יידישער קעמפער״, — ״צוקונפט״, — קוריער״, — ״יונגשיקאַגע״ — ״אינאיינעם״, — ״בריקן״ — ״שיקאגע״.

**מלך ראוויטש**
**מאָנטרעאל — קאַנאַדע**

אַרויסגעגעבן צען זאַמלונגען פּאָעזיע — צוויי ביכער דראַמאַטישע ווערק — צוויי בענדער ״מיין לעקסיקאָן״ (אינטימע פּאָרטרעטן פון 200 שרייבער און קינסטלער פון פוילן). מיטגעאַרבעט אין אַ גרויסער טייל יידישע צייטונגען און צייטשריפטן און זאַמלביכער פּאַר די לעצטע דרייסיק יאָר. — באַזוכט אַרום 40 לענדער — זינט 1931 געוואוינט אַ לענגערע צייט אין אויסטראַליע, אַרגענטינע מעקסיקע, פּאַראייניקטע שטאַטן און לעצטנס אין קאַנאַדע.

**י. י. טרונק**

**ניו יאָרק —**

מחבר פון ביכער: — ״פון דער נאַטור״ (1914), — ״פייגנביימער און אַנדערע דערציילונגען״, — איבערזעצונג פון ביבלישן עפּאָס: ״גילגאַמעש (1922), ״מידע״ 1923), — ״די וועלט איז אַ חלום״ (עסייען 1922) — ״דאָריאַן גריי״ (1923), — ״פּוילן״, — ״טביה און מנחם מענדל אין יידישן וועלט גורל״, (1945). — באַטייליגט זיך אין אַ ריי צייטשריפטן און זשור־נאַלן איינשליסנדיק א. ל. פּרץ׳עס ״אידישער וואָכנשריפט״, — זאַמלבוך ״יידיש״, — ״ליטעראַרישע בלעטער״, — ״צוקונפט״, — אפּאַטאַשו־ליי־וויק ״זאַמלביכער״.

**דר. ה. לובין**

**שקאַגע**

באַטייליגט זיך אין ״שיקאַגע״, — פרייהייט״ — ״קוריער״, — ״צו־קונפט״, — יידישע קולטור״, — אין ענגליש אין ״סענטינעל״.

**וויליאַם שווארץ**

**שיקאַגע**

פאַר די לעצטע 26 יאָר באַטייליקט זיך אין פאַרשידענע אמעריקאַני־שע אויסשטעלונגען: אין שיקאַגע (3 באַזונדערע איין־מאַן אויסשטעלונגען) — אין מעטראָפּאָליטען מוזעאום), — אין דער קאַנאַדער אינטערנאַציאָנאַ־לער אויסשטעלונג, — אין פענסילווענ־יא אַקאַדעמיע, — וויטני מוזעאום, — ברוקלין מוזעאום, — טאָראָנטאָ מוזעאום, — לאָס־אַנגעלעסער מוזע־אום, — געוואונען 15 פּריזן פון וועלכע פינף זיינען געווען פון שיקאַגער קונסט אינסטיטוט. רעפּרעזענטירט אין 49 קונסט קאָלעקציעס. — אין דעם באַנד ווערן געגעבן 2 רעפּראָדוקציעס פון צוויי פאַרטרעטן געמאָלן פון אים.

## דיכטער, שריפטשטעלער און מאָלער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די פיר בענד "ליטעראַרישע זאַמלונגען"

אלקוויט, — אברהם ביק, — יצחק בערלינער, — דוד בעקער, — ברוך גאָלדהאַרט, מ. גיצים, — יעקב גלאַנץ, — טאדראס געלער, — ב. גראַבאַרד, — מאַטעס דייטש, זעליק העללער, וואלט וויטמאַן, — א. טאַ־באַטשניק, — דאָראַ טייטלבוים, — י. י. טרונק, — ל. כאַנוקאָוו, — דר. ה. לובין, — איציק מאַנגער, — ל. מילער, — נחמן מייזעל, — לייבניידוס, — י. י. סיגאל, — אלטער עסעלין, — פעסי הערשגפעלד פאַמעראַנץ, דר. י. פאַלישוק, — מלך ראַוויטש, — מאָריס ראזענפעלד, — שלמה שוואַרץ, וויליאַם שוואַרץ, —שלום שטערן.

